## ביכער פון דעם זעלבן מחבר

**לידער פון דער נאַכט,** פאַרלאַג א. ב. צעראַטאַ, פּאַריז, 1950

**מיינע וואַרשעווער הייף:**

א הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 1)
א הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 2) פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1959 (אויספאַרקויפט)

ר׳ זלמן (מיט צייכענונגען פון א. קאָלניק) פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1960 (אויספאַרקויפט)

**מיינע וואַרשעווער הייף:**

א הויף אויף מוראַנאָוו (באַנד 1)
א הויף אויף מוראַנאָוו (באַנד 2) פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1962

**אַמאָל...** (דערציילונגען) פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1963

יחיאל האָפּער

# מיט יענעם און מיט זיך

ערשטער באַנד

ליטעראַרישע עסייען

פאַרלאַג
י. ל. פּרץ
ישראל
תשכ"ד–1964

מיינע טייערע פריינד
ווייראַ און חיים האָפּנונג
מיין בוך —
אַ מתנה

# אינהאַלט

## I



## II

# האט די יידישע ליטעראטור איר אייגענעם וועג ?

רעפעראַט געהאַלטן אויפן אַלוועלטלעכן קאָנגרעס פאַר יידישע וויסנשאַפטן, וואָס איז פאָרגעקומען אין ירושלים צווישן דעם 28סטן יולי און 4טן אויגוסט 1957

אונדזער איצטיקע באַטראַכטונג נעמט נאָר אַרום די שיינע ליטעראַטור אין יידיש. דערביי נעמען מיר נישט אַריין די ערשטע, קאָלעקטיוו־אַנאָנימע, ליטעראַרישע שאַפונגען אין יידיש. אויך נישט די, וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן אין דער נישט־יידישער רענעסאַנס־תקופה. דאָס טוען מיר צוליב דער פרעמדקייט פון די מקורות פון וועלכע די דעמאָלטיקע שאַפונגען אין יידיש האָבן געשעפּט. מיר מיינען דאָ נישט די שאַפונגען פון יחידים, וואָס טראָגן אַ בולטן פאָלקס־כאַראַקטער און אויך נישט די שעפער, וועלכע זענען געוועזן „דאָס מויל פון פאָלק" און האָבן זייערע שאַפונגען אַראָפּגענומען פון די ליפּן פון פאָלק. מיר מיינען אָבער, אַחוץ אַלע יחידישע שאַפער, אויך די, וועמענס שאַפונגען זענען שפּעטער געוואָרן דער קנין פון גאַנצן פאָלק. (מען דאַרף אָבער מיט דעם זאָג: „פון גאַנצן פאָלק" נישט מגזם זיין. סוף־כל־סוף זענען די אינדיווידועל־ליטעראַרישע שאַפונגען כמעט אַן ענין פאַר דער אינטעליגענץ פון אַ העכערן צי נידעריקערן גראַד. צוליב ספּעציפישע סיבות האָט דאָס קינסטלעריש־יידישע בוך געהאַט ביי אונדז אַ גאָר שמאָלע לייענער־באַזע).

מיר נעמען, בכן, אַרום מיט אונדזערע באַטראַכטונגען נאָר די יחידישע שאַפונגען, אין וועלכע דעם קינסטלערס פּערזענלעכקייט איז בולט געקומען צום אויסדרוק; נאָר די שאַפונגען, אין וועלכע עס איז די שעפער געגעבן געוואָרן דאָס רעכט פון קינסטלערישער בחירה. אָן קינסטלערישער בחירה זענען נישטא פאַראַן קיין קינסטלערישע פּראָגעס און פּראָבלעמען. ס'איז נאָר פאַראַן איין און פאַראויס באַשטימטער וועג, וועלכער איז אויפן שעפער ניגזר געוואָרן. כאָטש מיר האַלטן, אַז זיי אַליין, די שעפער, זענען אויסדערוויילטע פון אַ העכערן כוח, פון דעסטוועגן, און אפשר טאַקע דערפאַר, איז זיי געגעבן געוואָרן דער רשות צו זיין די בוחרי בשירי זמרתם. דאָס געזאָגטע שליסט אָבער נישט אויס אונדזער גלויבן אין פאַקט פון עקזיסטענץ פון אַ קינסטלערישער באַשערטקייט.

מיט אונדזערע באַטראַכטונגען זענען מיר אויסן די נייציייטיקע, שיינע ליטעראַטור אויף יידיש, וועלכע הייבט זיך אָן מיט אירע דריי קאָריפייען: מענדעלע, פּרץ און שלום־עליכם. (בנוגע דעם לעצטן גיבן מיר אַ קאָנצעסיע

דעם אַלגעמיין אָנגענומענעם נוסח: אויסצורעכענען זיי אַלע דריי בנשימה אחת, כאַטש אַ סך ווייסן שוין היינט, אַז אומפאַרגלייכלעך מער טיילט פונאַנדער שלום־עליכמען פון די ערשטע צוויי, ווי עס פאַראייניקט אים).

מיר באַנוצן נישט לגבי די אויבנדערמאָנטע דריי בכוונה תחילה די אָנגענומענע באַצייכענונג „קלאַסיקער". ס'איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן, צי דאַרף מען באַנוצן די באַצייכענונג „קלאַסיקער" לגבי די שעפער, וואָס האָבן געשאַפן אין דער קלאַסישער פּאָרעם (אַזוי ווי מען איז זיך נוהג אין דער מערב־אייראָפּעישער ליטע־ראַטור עד היום), אָדער מען קאָן מיט דעם טערמין באַצייכענען די שעפער, וועמענס ווערק האָבן מיטן קרייז פון זייער השפעה געגרייכט טיף און ווייט אין זייער פאָלק, און אַפילו אויסער זייער פאָלק (דאָס איז קודם־כל דער נוסח פון דער רוסישער קריטיק). אונדזערע ליטעראַטור־קריטיקער, מיט ניגערן בראש, האָבן אַרויסגעוויזן אַ נטיה צו דעם צווייטן אופן פון אינטער־פּרעטירן דעם טערמין „קלאַסיקער". דאָס איז אַוודאי צוליב דער השפּעה פון דער רוסישער ליטעראַטור, אונטער וועלכער אַ טייל פון זיי האָבן זיך געפונען.

## א

בכדי צו ענטפערן אויף דער פראַגע: צי האָט די שיינע ליטעראַטור אין יידיש איר אייגענעם וועג, אַן אַנדערן ווי די שיינע ליטעראַטור ביי די אומות העולם, דאַרף מען קודם־כל דערמאָנען דעם פאַקט, אַז די יידישע שיינע ליטעראַטור איז געקומען צו אונדז אַ פאַרשפּעטיקטע, לויטן אייראָפּעישן זייגער, מיט אַ גאַנצן יאָרהונדערט.

אין דער וועלט איז שוין דעמאָלט געווען נאָך דער גרויסער ראָמאַנ־טישער תקופה, נאָך דער ערשטער תקופה פון גרויסן רעאַליסטישן ראָמאַן, אַפילו שוין נאָך שאַרל באָדלער, נאָך דער טעאָריע פון ריינער קונסט, אָדער ווי זי האָט אויך געהייסן „קונסט פאַר קונסט". זי איז געקור־מען אין דער סוף־תקופה פון דעם נאַטוראַליזם און פון רעאַליסטישן ראָמאַן אין רוסלאַנד (וועמענס שיינע ליטעראטור, אַפילו די ראָמאַנטישע, איז אַ רעאַליסטישע, און די רעאַליסטישע צום טייל אַ ראָמאַנטישע).

נישט אַריינלאָזנדיק זיך דאָ אין דעם אַנאַליז פון די פֿאַקטאָרן וואָס האָבן געבראַכט צו דער פֿאַרשפּעטיקונג פון אונדזער שיינער ליטעראַטור אין יידיש, ווי למשל, דער קולטור־קאַמף מיט און פון דער השכלה, דער שפּראַכן־קאַמף, סיבות, וואָס האָבן פֿאַרצערט די יידישע ליטעראַרישע שעפֿערישע ענערגיע און אויך די העברעישע השכלה־ליטעראַטור באַרויבט פון איר קינסטלערישן ווערט; אויך די אינערלעכע נישט דעצידירטקייט, דער עיקר פון מענדעלען און פּרצן, זיך צו שטעלן מיט ביידע פיס אין יידיש, און אַ ריי עקאָנאָמיש־פּאָליטישע מאָמענטן, — האַלטן מיר, אַז דאָס וואָס אונדזער ליטעראַטור איז געקומען אַ פֿאַרשפּעטיקטע, אַ רעאַליס־טישע און פּראָזאַישע, האָט ביי אונדז וועלט־השקפֿהדיקע סיבות, וואָס וואָרצלען טיף אין אונדזער כאַראַקטער און נשמה.

קאָן זיין, אַז דאָס וואָס פּרץ האָט אין זיינע שאַפֿונגען אַדורכגעמאַכט, אויף אַ קפיצת־הדרכדיקן אופֿן, אַלע קינסטלערישע פֿאָרמען, וועלכע די אייראָפּעישע ליטעראַטורן זענען געהאַט אַדורכגעגאַנגען, זינט דעם ראָמאַנ־טיזם ביזן סימבאָליזם, איז געווען בכדי מכפּר צו זיין אויף דער פֿאַרשפּע־טיקונג פון אונדזער יידישער ליטעראַטור.

ס'איז אויך מעגלעך, אַז פּרץ האָט געמוזט אַדורכמאַכן די אַלע פֿאַזעס און צעשפּליטערן זיינע קינסטלערישע מעגלעכקייטן, ווייל אין דער קונסט הערשט אַזאַ (ענלעך ווי אין דער ביאָלאָגיע) געזעץ, אַז די אָנטאָגענעזע איז אַן איבערחזרונג פון דער פילאָגענעזע[1].

קאָן אויך זיין, אַז ווייל פּרץ האָט אויפגעלייזט אין זיך, אין זיין שאַפֿונג, אַזוי פֿיל קינסטלערישע פֿאָרמען און לייכטער געמאַכט דעם וועג פֿאַר די אַנדערע שעפֿער אין יידיש, דאַרף זיך דעריבער פון אים, און נישט פון מענדעלען, אָנהייבן רעכענען אונדזער מאָדערנע ליטעראַרישע תקופה אין יידיש[2].

[1] דער יחיד מאַכט אַדורך אין זיין אַנטוויקלונג אַ ריי פֿאַזן, וועלכע ס'האָבן אַדורכגעמאַכט דורות און מינים וואָס זענען געווען פֿאַר אים.

[2] דאָס וואָס די פֿאַרשידענע פֿאָרמען זענען ביי פּרצן נישט געקומען לויטן כראָנאָלאָגישן סדר פון די מערב־אייראָפּעישע ליטע־אַטורן, האָט נישט קיין באַ־דייטונג, ווייל אין דער קונסט איז פֿאָרעם — צייט. שאַפֿן אין אַ באַשטימטער פֿאָרעם, הייסט שאַפֿן אין אַ באַשטימטער צייט, ווען אַפילו די כראָנאָלאָגישע צייט, אין וועלכער די פֿאָרעם איז באַשאַפֿן געוואָרן איז שוין פֿאַרביי. ס'איז פֿאַראַן אַ ריין קינסטלערישע „צייט", וועלכע האָט מיט דער כראָנאָלאָגישער גאָרנישט צו טאָן.

קאָן אויך זײַן, אַז צוליב דער אויסנעמלעכער באַשטימונג זײַנער איז פּרץ ביי אונדז נאָך מער ווי אַ ליטעראַטור־דערשײַנונג אויסגעוואָקסן צו אַ קולטור־דערשײַנונג — און זײַן ליטעראַרישע חשיבות איז אַפּילו איבער־געוואָקסן זײַנע ליטעראַריש־קינסטלערישע מעגלעכקייטן.

כראָנאָלאָגיש איז, בכן, די יידישע שײַנע ליטעראַטור געקומען, ווען אין אייראָפּע האָט מען שוין געהאַלטן ביים סימבאָליזם און נעאָ־ראָמאַנ־טיזם, בערך אין לעצטן צענדליק פון נײַנצנטן יאָרהונדערט. די מערב־אייראָפּעישע ליטעראַטור איז שוין דעמאָלט נישט געגאַנגען אויף קיין וועג, נאָר יעדער באַדייטנדיקער שאַפער האָט זיך געהאַט זײַן גאַנג. ערשט דעמאָלט האָט די יידישע ליטעראַטור אָנגעהויבן גיין אויף איר וועג, אויף דעם, מיט געוויסע אָפּווייכונגען, נאַציאָנאַל־פּאָלקישן וועג[3].

דער חילוק צווישן גאַנג און וועג איז נישט קיין ווערבאַלער, נאָר אַ דורכויס וועזנטלעכער.

נאָך דעם גרויסן ראָמאַנטיזם מיט זײַן שפּעדיקער נישט־געזעטיקט־קייט, מיט זײַן פּילן און רעאַליזירן אומענדלעכקייט, מיט זײַן שטרעבן צום אַבסאָלוטן, האָבן די פּראַקטיקער פון ריינער קונסט, מיט זייער וואָרט־פּינעזיע, מיטן דערפּירן די כלים פון זייער שאַפונג צו שלימות, פאַרמאַכט דעם כישוף־קרייז אַרום דער נייער קינסטלערישער ווירקלעכקייט, וואָס האָט זיך דעמאָלט געשאַפן. נישט קיין וועג האָט מער געפירט אַהין, נאָר די שעפער, וואָס האָבן באַזעסן און באַזיצן דאָס ריין־קינסטלערישע וואָרט, צו וואָס פאַראַ שולעס און ריכטונגען זיי זאָלן נישט פאַררעכנט ווערן, וואָס פאַרמאָגן דעם סוד ווי אַזוי זיך אַריינצוברעכן אין דעם כישוף־קרייז, זענען מיט זייער אייגענעם גאַנג אין דער ליטעראַטור געוואָרן מיטבאַלעבאַטים פון דער קינסטלערישער ווירקלעכקייט. ווי עקסטרעמע ביישפּילן פון דער וועלט־ליטעראַטור קאָנען מיר נעמען מ. ר. רילקע, טאָמאַס מאַן און הערמאַן העססע.

די באַדייטונג פון דער ריינער קונסט איז אפשר בשעתה איבערגע־

[3] מיר באַנוצן נישט בכוונה די פּאָפּולערע באַצייכענונג „פאָלקסטימלעכע ליטע־ראַטור", צי „נאַציאָנאַל־פאָלקסטימלעכע", ווייל אונדזערע קריטיקער (די זשורנאַ־ליסטישע) האָבן געמאַכט פון דעם וואָרט „פאָלקסטימלעך" אַ סינאָנים פאַרן וואָרט „פּרימיטיוו". אַ זאַך וואָס איז אַבסאָלוט פאַלש.

שאַצט געוואָרן. ס׳איז אָבער ווּכטיק זי איצט צו דערמאָנען, ווען די סאָ־ציאָלאָגישע און מאַרקסיסטישע ריכטונגען אין דער ליטעראַטור־קריטיק האָבן געפונען צווישן אונדזער זשורנאַליסטישער קריטיק אַ גרויסע צאָל אומבאַוווּסטזיניקע אַדעפּטן, וועלכע וואַרפן זיך מיט לאָזונגען וועגן די שליחותן און התחייבותן פון דער ליטעראַטור. ווערטער וואָס זאָגן ווייניק און מיינען גאָרנישט.

אָבער לאָמיר צוריקגיין צו אונדזער טעמע.

אַחוץ דעם וואָס אונדזער שיינע ליטעראַטור איז געקומען אַ פּאַר־שפּעטיקטע, איז נאָך פאַראַן אַ וועזנטלעכער חילוק צווישן דעם יידישן וועג אין דער שיינער ליטעראַטור און דעם פון די אומות העולם. אין דער וועלט האָט זיך די גרויסע ליטעראַרישע תקופה, די ראָמאַנטישע, אָנגע־הויבן פון פּאָעזיע; אין דער יידישער — פון פּראָזע (די מאָדערנע העב־רעישע ליטעראַטור האָט זיך אויך אָנגעהויבן מיט פּאָעזיע. אָבער די סיבות דערפון און זייער אויפקלערונג גייען נישט אַריין אין די ראַמען פון אונדזער באַטראַכטונג). די קאָריפייען פון דער יידישער ליטעראַטור זענען פּראָזאַיקער[4]. די פּאָעזיע איז זיך ביי אונדז פונאַנדערגעוואָקסן אַ סך שפּע־טער, ערשט ביים אויפקום פון די „יונגע״ אין אַמעריקע, פון לייוויקן, משה לייב האַלפּערנען און אַנדערע, דערנאָך פון די „פּאַרנאַסיסטן״ מיט זישע לאַנדוי, דערנאָך פון די „אינזיכיסטן״ מיט יעקב גלאַטשטיין, א. לעיעלעס און נ. ב. מינקאָוו בראש.

דעם דעמאָלטיקן צעוווּקס פון אונדזער פּאָעזיע, האָט מען אַפילו געוואָלט זען ווי אַ סימן ירידה.[5] דאָס איז אָבער נאָר געווען אַ קאָמפּענ־

[4] ס׳איז אינטערעסאַנט אָנצוווייזן אויפן פאַל: זלמן שניאור. דער יידישער ליטעראַטור האָט ער געגעבן זיין פּראָזע. דער העברעישער — זיין שירה.

[5] זע: לעאָ קעניג, „פאָלק און ליטעראַטור״, דריטע לעקציע.

ס׳איז אויך נישט ריכטיק די באַהויפּטונג, אַז דערפאַר האָט זיך די נייע יידישע ליטעראַטור אָנגעהויבן מיט פּראָזע, ווייל די יידישע שפּראַך איז נאָך דעמאָלט נישט געווען גענוג פיין, צו ווייניק איידל אויף אויסצודריקן אין איר פּאָעטישע שטימונגען און געפילן.

מיר ווייסן, אַז איין גרויסער פּאָעט קאָן אויפהייבן זיין שפּראַך אויף גאַנצע זיבן הימלען. מען קאָן דאָס זען פון דעם מהלך וואָס די יידישע שפּראַך האָט דורכגע־מאַכט זינט די „סאָציאַלע דיכטער״ ביז די „יונגע״. נאָך בולטער קאָן מען דאָס זען אין דער פּוילישער פּאָעזיע. פאַרגלייך די שפּראַך פון מ. רעי און פון יאַן קאָכאַ־נאָווסקי, פון בראָדזשינסקי און פון זיין מיטצייטלער א. מיצקעוויטש.

סאַציע, וועלכע איז אפשר דערגאַנגען צו אַ היפּער־קאָמפּענסאַציע פון אַ באַוווּלטער ליטעראַטור, וועלכע האָט קיין ריכטיקע פּאָעזיע נאָך נישט געהאַט. סוף כל סוף גאַרט דאָך די ליטעראַטור, ווי יעדעס אָרגאַניש באַשע־פעניש, צו אַ נאָרמאַלע, געזעצלעכע אַנטוויקלונג.

געוויס זענען געווען אַ ריי אינערלעכע און אויסערלעכע פאַקטאָרן, וואָס האָבן געפירט דערצו, אַז אונדזער שיינע ליטעראַטור אין יידיש זאָל זיך אָנהייבן פון פּראָזע און נישט פון פּאָעזיע. ס'איז אָבער קלאָר פאַר אונדז, אַז דאָ האָט דער עיקר געווירקט אַ וועלט־השקפהדיקע סיבה. דאָ האָט געווירקט אונדזער אַטאַוויסטישע איבערגעאיילטקייט פון מקדים זיין נעשה לנשמע. די וועלט פון מעשה שטייט ביי אונדז פאַר דער וועלט פון מחשבה. מצוות — פאַרן טעם המצוות. די ששת ימי המעשה — פאַר שבת. מיט איין וואָרט: פּראָזע פאַר פּאָעזיע.

אַחוץ אַלע אויסערלעכע און אינערלעכע חילוקים צווישן פּאָעזיע און פּראָזע, ליגט דער עצם־חילוק צווישן זיי אין דעם פּאָעטס און אין דעם פּראָזאַיקערס צוגאַנג צו דער וועלט. דעם פּאָעטס הנחה איז, אַז אין בכלל אלא מה שבפרט. און דווקא זיי, די פּאָעטן, האָבן געהאַט דעם כוח אויפ־צוהייבן און אַרויסצוהייבן זייער פּאָעזיע צו נאַציאָנאַלע, אוניווערסאַלע און נאַציאָנאַל־אוניווערסאַלע שאַפונגען. די פּראָזאַיקערס הנחה איז: אין בפרט אלא מה שבכלל, און דווקא זיי, וואָס האָבן זייער יחידישקייט גענו־מען פונעם כלל און דערנאָך צעטיילט און איינגעטיילט צווישן די גאַנצע לעגיאָנען פון זייערע העלדן, האָבן געקאָנט דערגרייכן צו סאַמע יחידיש־סטע דינקייטן, ווי למשל, סטענדאַל, טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי, פּרוסט און אַנדערע — באַרירנדיק נאָר דערוויל בלויז די נישט־יידישע ליטעראַטור־שעפער.

אונדזער פּראָזע, וועלכע איז, להיפוך צו אַנדערע אייראָפּעישע פעל־קער, געקומען אין אונדזער יידישער מאָדערנער ליטעראַטור די ערשטע, האָט אויך, להיפוך אַנדערע אייראָפּעישע ליטעראַטורן, גענומען אויף זיך דעם גורל פון דער פּאָעזיע (פון דער גרויסער פּאָעזיע); זי איז געוואָרן אַ נאַציאָנאַל־פּאָלקישע, אַ כלל־ישראלדיקע.

און ווידער: די יידישע שיינע ליטעראַטור איז להיפוך צו כמעט אַלע אַנדערע ליטעראַטורן געווען אין אָנהייב אַ דורכויס־רעאַליסטישע. ערשט

שפּעטער איז זי טיילווייז געוואָרן אַ ראָמאַנטיש־רעאַליסטישע (י. ל. פּרץ אין זיין „חסידיש", אין די „פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן", ש. אַש אין זיין „שטעטל" און אין „ר' שלמה נגיד"). ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען ביי אַ פֿאָלק, וואָס האָט געלעבט אַ־היסטאָריש און אויך אַ־עקאָנאָמיש, איז דער רעאַליזם נישט נאָר אין הסכם מיט דער יידישער פּסיכיק, נאָר אויך מיטן יידישן וועלט־אויסבליק און מיטן יידיש־רעליגיעזן געדאַנק.

אַלע ליטעראַטורן האָבן געהאַט זייער אויפקלערערישע תקופה. אָבער ביי אונדז, אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט די דאָזיקע תקופה בכלל נישט אויפגעהערט. דער וועג פון אַ גרויסער טייל פון אונדזער יידישער ליטעראַטור איז געווען און איז אַ משכיליש־ אויפקלערערישער. נישט נאָר מענדעלע און פּרץ זענען געווען משכילים, נאָר יוסף אָפּאַטאָשו איז אויך געווען אַ משכיל (און דאָס נישט נאָר אין זיינע „פּוילישע וועלדער"). י. י. זינגער איז געווען אַ משכיל (און דאָס נישט נאָר אין זיין „יאָשע קאַלב"), שלום אַש האָט זיך אַפילו אין „תהילים־ייד" נישט געקאָנט, צי זיך נישט געוואָלט באַפרייען פונעם משכיליזם[6].

דער חילוק צווישן ריין־קינסטלערישן רעאַליזם און דעם משכיליש־קינסטלערישן ליגט דערין, וואָס דער ערשטער ווייזט, דער צווייטער ווייזט אָן; דער ערשטער אַנטפּלעקט, דער צווייטער דעמאַסקירט. קען זיין, אַז דער חילוק איז דאָ אַ דינער, ער ליגט נאָר אין דער כוונה, אָבער אין עבודת הקונסט, ווי אין עבודת־הקודש, איז דער עיקר די כוונה.[7]

[6] שלום אַש, וואָס האָט אַזוי געגלייבט אין אַלע נסים פון דער עוואַנגעליע, האָט אָבער פאַרן טויט פון רייזלען, ר' יחיאל דעם תהילים־יידס ווייב, געפונען אַ ראַציאָנאַליסטישן פּירוש. אַשן איז ווייניק געווען וואָס ר' יחיאל טראַכט, אַז גאָט האָט זי צוגענומען דערפאַר, ווייל ער, יחיאל, האָט זיך גענומען דעם רשות צוצוזאָגן זעליקן, דעם פערד־הענדלער, אַ קינד. אַש שרייבט דאָרט בלשון המשכילים: „דער שטעטלדיקער רופא, וואָס האָט באַהאַנדלט די געפערלעכסטע קראַנקייטן אין שטאָט און אין די דערפער אַרום, האָט מיט זיינע שמוציקע נעגל פאַרגיפטעט דאָס פאַרבלוטיקטע לייב פון דעם ווייבל. דאָס איז פאָרגעקומען אונטער די דעמאָלטיקע באַדי־נגונגען אין דער פּוילישער פּראָווינץ כמעט ביי יעדן צווייטן פאַל פון געבורט, וואָס צוליב דעם האָבן די רבנים אַזוי אָפט די זינד פון שטאָט אונטערגעזוכט איבער ווען מענס שולד שטאַרבן עס יונגע מוטערס אין קימפּעט" (שלום אַש, „דער תהילים־ייד", קאַפּיטל 11 — „יחיאל ווערט אַנטפּלעקט").

[7] כוונה באַציט זיך נישט אויף דעם אינהאַלט, נאָר אויף דער פאָרעם, אויפן נוסח. אַ ייד קאָן איבערחזרן דריי מאָל אַ טאָג די זעלבע תפילה, ד. ה. דעם זעלבן

דאָס דויערן פון דער אויפקלער־תקופה און אירע טענדענצן אין דער יידישער ליטעראַטור, טיילט זי ווידער אָפּ פון אַלע אַנדערע שיינע ליטע־ראַטורן.

ב

נאָכן אָנווייזן אויף געוויסע חילוקים צווישן דער אַנטוויקלונג פון דער שיינער ליטעראַטור ביי יידן און ביי די אומות העולם, וועלן מיר איצט אָנווייזן אויף דעם בשותפותדיקן פאַר זיי.

די קונסט, און בתוכם די געשריבענע, האָט איר מקור אין בענקשאַפט; אין בענקשאַפט צו באַשאַפונג, וואָס דאָס איז גלייך צו דער בענקשאַפט צו נצחיות. בענקשאַפט איז דער מקור פון אַלע געביטן פון קונסט פאַר אַלע צייטן און פאַר אַלע פעלקער, וואָס קולטיווירן קונסט. מען קאָן זאָגן, אַז פאַרן קינסטלער איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן פון דער בענקשאַפט באַשאַפן צו ווערן. דאָס איז די קינסטלערישע הויפּט־הנחה. אין אָנהייב איז געווען די בענקשאַפט צו באַשאַפונג. יעדע באמת קינסטלערישע נשמה האָט איר שורש אין די ששת ימי המעשה.

דער דאָזיקער צוגאַנג און אופן פון באַנעמען קונסט איז אַדעקוואַט צום יידישן רעליגיעזן געדאַנק, אַז הקדוש ברוך הוא מחדש בכל יום תמיד מעשה בראשית. די וועלט האָט לויט דעם געדאַנק נישט נאָר באַדאַרפט באַשאַפן ווערן, נאָר זי ווערט יעדן טאָג באַשאַפן פון דאָס ניי. דאָס איז דער שעפערישער פּאַטאָס, וואָס גייט אַדורך דער וועלט ווי אַן עלאַן. דאָס איז דער שעפערישער פּאַטאָס, וואָס האָט דעם ייד מעגלעך געמאַכט זיך אויפצוהאַלטן און אָנצוהאַלטן עד היום און מיט וועלכן ער דאַרף אָנגיין ביז צו דער גאולה שלימה.

אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז דער הויפּט־יסוד פון קונסט איז בענקשאַפט, זעענדיק אין דער בענקשאַפט צו באַשאַפונג דעם שעפערישן פּאַטאָס (וועלכער איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן יידישן רעליגיעזן גע־

---

אינהאַלט, אָבער דאָס טאָן אויף אַ מעכאַנישן אופן. ערשט ווען ער טוט תפילה מיט כוונה באַקומט עס דורך דער כוונה אַ צורה, אַ צורה און אַ כיוון, אַ ריכטונג, און די תפילה קאָן דערגיין צום כסא־הכבוד.

דאַנק און פאַרן יידישן קיום), דאַרף אויסקומען, אַז דווקא די יידן זענען פּרעדיסטינירט נישט נאָר צו האָבן געווען (אין די צייטן פון תנ״ך) די הויפּט־טרעגער פון קינסטלערישן וואָרט, נאָר זיי דאַרפן עס זיין היינט און אויך אין דער צוקונפט (אויב די פּלאַסטישע קונסט איז פאַר זיי געווען, צוליב רעליגיעזע טעמים, נישט צוגענגלעך. אגב, די היינטיקע אַבסטראַקטע מאָלעריי וויל זען איר שורש אינעם יידישן „לא תעשה לך פסל וכל תמונה״).

אָבער דווקא דער דאָזיקער צוגאַנג האָט געשאַפן אַ ווידעראַנאַנד צווישן יידישן רעליגיעזן מענטש, וועלכער איז ביים אויפקום פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור געווען דער רוב מנין ובנין פונעם יידישן פאָלק (על־כל־פּנים אין מזרח־אייראָפּע) און דער יידישער שיינער ליטעראַטור. אַ ווידעראַנאַנד וואָס איז געקומען פון דעם ווידעראַנאַנד צווישן דער יידיש־רעליגיעזער ליטעראַטור און דער שיינער. דאָס האָט שטאַרק פאַרשמעלערט די לייענער־באַזע פונעם יידישן בוך און במילא אויך באַווירקט די שאַפונגען גופא פון דער ליטעראַטור אין יידיש.

די תקופה פון די גרויסע ליטעראַטורן אין אייראָפּע איז זיך צונויפגעפאַלן מיט דער תקופה פון פּערזענלעכע פרייהייטן, וועלכע דער יחיד האָט באַקומען, אָדער זיך דערוואָרבן, בשעת און נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. דער מענטש האָט זיך אויך דערוווּסט וואָס אַמאָל מער סודות פון דער נאַטור און במילא זיך באַפרייט פון זיי. אָבער וואָס מער פּערזענלעכע פרייהייטן, וואָס אומאָפּהענגיקער דער מענטש האָט זיך געמאַכט, צי פון דער רעליגיע, צי פון דער מלוכה, אַלץ מער האָט ער זיך צוליב זיי פאַרפּלאָנטערט מיט זיך אַליין. אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט, מיט איר סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכן בוי, האָט דער יחיד געהאַט אַ סך שאַנסן זיך אַרויפצושלאָגן, אָבער נאָך מער אַדורכצופאַלן. אין דעם וואָס אַ מאָל מער קאָמפּליצירטן לעבנס־סיסטעם האָט זיך דער מענטש אָנגעהויבן פילן פאַרלוירן, פאַראייניזאַמט. ס׳איז דערגאַנגען, סיי אין דער פילאָזאָפיע און סיי אין דער ליטעראַטור, צו דער עקזיסטענציאַליסטישער פאַרלוירנקייט און יאוש, צום פּחד פאַרן פאַרפאַלן ווערן (ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין דער עקזיסטענציאַליסטישער פילאָזאָפיע פון מאַרטין היידעגער ביז צו זשאַן פּאָל סאַרטר און זיין ליטעראַרישער שולע).

דער מענטש וויל אָבער נישט פאַרלוירן גיין. דער מענטש וויל בלייבן. ער וויל נישט בלויז, אַז זיין פאָלק זאָל בלייבן אין דער געשיכטע; ער וויל נישט נאָר, אַז זיינע רעיונות און שטרעבונגען זאָלן בלייבן, נאָר ער וויל אויך, אַז זיין טאָג־טעגלעך לעבן זאָל בלייבן. דער מענטש פרייט זיך ווען ער זעט אַ מענטשן געשילדערט אין דער ליטעראַטור אַ לעבעדיקן; ער פרייט זיך ווען ער זעט נאָר אַפילו איין צי עטלעכע געלונגענע מענטש־לעכע שטריכן. אַזוי שילדערן קאָן אים נאָר די שיינע ליטעראַטור. דורך דער ליטעראַטור, ווי דורך דער קונסט בכלל, דריקט זיך אַזוי אַרום אויס די בענקשאַפט פונעם מאָדערנעם מענטש צו נצחיות.

זינט דער תקופה פון גרויסן ראָמאַן איז די שיינע ליטעראַטור געוואָרן די געשיכטע פון יעדן פשוטן מענטש, און נישט דווקא פון העלדן מיט אויסערגעוויינלעכע מעשים, ווי דאָס איז געווען אין דער צייט פון ראָמאַנ־טיזם. זי איז די געשיכטע פון יעדן מענטש וואָס שטעלט זיך קעגן זיין גורל, וואָס וויל נישט פאַרפאַלן ווערן, וואָס זוכט אַ באַרעכטיקונג און אַ באַשטעטיקונג פאַר זיך און זיינע מעשים, אַזוי שיינע ווי מיאוסע.

דער מענטש האָט אָנגעהויבן ווערן געשילדערט מיט זיין גאַנצער פּראָבלעמאַטיק, מיט אַלע זיינע מעשים, מחשבות און געפילן, מיט זיין באַוווּסטזיין און אונטערבאַוווּסטזיין, מיט זיין ליכט און שאָטן, מיט זיין שיינקייט און מיאוסקייט. די עסטעטיק האָט זיך באַפרייט פון די אַמאָליקע קאַנאָנען. זי האָט געמאַכט פאַר איר יסוד דעם אמת, ווי נאַקעט ער זאָל נישט זיין. ס׳איז אין דער צייט פון דעקאַדענץ אַפילו דערגאַנגען צו אַ ריס צווישן עטישן און עסטעטישן.

די ליטעראַטור־העלדן האָבן אויפגעהערט צו זיין די טרעגער פון הומאַנע אידעען, פון גוטע מידות, צי פון בלויז גוטע און מענטשלעכע מעשים. מען האָט אָנגעהויבן גרייכן אין אונטערבאַוווּסטזיין, און יעדע שלעכטע מחשבה מצרף געווען למעשה. די שיינע ליטעראַטור האָט אויך אויפגעהערט צו ווערן אַ מקלט פאַר אַנטלאָפענע פון דער ווירקלעכקייט. פאַרקערט, דער מענטש האָט זיך אַ דאַנק איר אָנגעהויבן צו פאַרפעסטיקן אין דער קינסטלערישער ווירקלעכקייט מיט אַלע זיינע שאָטן־זייטן, ער האָט אין דער שיינער ליטעראַטור געפונען אַ תרופה קעגן דער פאַרפאַלנ־קייט זיינער, און זיך אָנגעהויבן זען אַ פאַרבונדענעם מיט דער אייביקייט.

ס'איז דאָ פאַרגעקומען אַן אויסטויש פון ווירקלעכקייטן, אַן איבערגיין פון דער פּשוטער ווירקלעכקייט אין דער קינסטלערישער. דאָס איז דער וועג פון הווה צו נצחיות.

איז אָבער מיט די יידן דער פאַל, וואָס דווקא זיי, די אויסגעוואָרצלטע, האָבן זיך נישט געפילט אָפּגעריסן פון דער ווירקלעכער ווירקלעכקייט (ווי מיר זעען דאָס אויך אין דער ליטעראַטור, פון זייער פּרעדילעקציע צום רעאַליזם). און דער עיקר: די יידן האָבן נישט דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פון פאַרפאַלנקייט.

די יידן האָבן נישט גענאָסן, ווייט נישט גענאָסן, פון דער זעלבער מאָס פּערזענלעכע און בירגערלעכע פרייהייטן, וואָס די נישט־יידן, אַפילו אין די עמאַנציפּאַציע־צייטן. דערפאַר האָט דער סם פון איינזאַמקייט זיי אויף אַזויפיל נישט אָנגעגריפן ווי די נישט־יידן (פאַר אַ משל קאָן דינען דאָס סאָלידאַריטעט־געפיל ביי יידן, וואָס מאַכט פון די יידן אַן אויסערגע־ווינלעך־נאַציאָנאַלן פענאָמען). אָבער דער עיקר פון דער יידישער נישט־פאַרפאַלנקייט ליגט אין דעם, וואָס אין דער צייט ווען די קריסטלעכע אמונה האָט באַרויבט אירע גלויביקע פון דער משיח־אידייע (זייער משיח איז שוין געקומען), איז די יידישע אמונה, די אמונה פון דעם ייד, געקניפּט און געבונדן מיט ביאת־המשיח. דער משיח־חזיון איז לעבעדיק ביזן היינ־טיקן טאָג ביי אַלע יידן, סיי ביי די גלויביקע, סיי ביי די פרייע; סיי ביי די, וואָס האָבן אים פאַרבונדן מיט ציוניזם, און סיי אַפילו ביי די וואָס האָבן אים אויסגעטוישט אויפן סאָציאַליזם.

די יידישע ליטעראַטור איז ביים ייד, אַפילו ביים סאַמע וועלטלעכן, קיין מאָל נישט געווען און נישט געוואָרן קיין אָפּלייטער פון זיין פּחד פאַרן פאַרלוירן ווערן. אַ פּחד, וועלכן די יידן האָבן קיין מאָל נישט געהאַט. אַפילו דער סאַמע פרייער יידישער מענטש האָט נישט אויסגעטוישט זיין פּשוטע ווירקלעכקייט אויף אַ קינסטלערישער.

נאָך מער האָט דער רעליגיעזער ייד, דער ייד — דער הימל־מענטש, מיט אַלע זיינע חושים געשטעקט אין דער הוהדיקער ווירקלעכקייט, אַפילו אין דער סאַמע ערגסטער און שווערסטער. אַפילו די תורה — איז לא בשמים היא (דברים ל׳, י״ב).

דער רעליגיעזער ייד האָט אַזוי געטראַכט און געפילט, ווייל ער האָט

געהאַלטן, אַז נישט נאָר די יידישע נשמה איז אַ „חלק אלוה ממעל", נאָר יעדעס פּיצל יידיש לעבן איז אַ חלק אלוה ממעל. דער יידישער וועג, להיפּוך צום נישט־יידישן, איז דער וועג פון נצחיות צום הווה, וועלכער איז במילא אַ טייל פון נצחיות.

דער דאָזיקער רעליגיעזער ייד האָט אַרויסגעוויזן אַ פאַרביטערטע קעגנערשאַפט צו דער יידישער שיינער ליטעראַטור. דער ייד וואָס האָט נאָך אַ מאָל טאָלערירט די אַמוזירנדיקע שאַפונגען אין יידיש, די יידן, צו וועלכע די השכלה איז אַריינגעדרונגען דורך טיר און טויער און פון וועלכע ס'האָבן זיך רעקרוטירט די לעגיאָנען פון אונדזער וועלטלעכער אינטע־ליגענץ, אַזעלכע יידן זענען געשטאַנען שטאָל און אייזן קעגן דער שיינער ליטעראַטור, סיי אין יידיש און סיי אין העברעיש.

וואָס מער ס'זענען געוואָקסן די קינסטלערישע ווערטן פון דער מאָ־דערנער ליטעראַטור, אַלץ העפטיקער האָבן זי די רעליגיעזע יידן באַקעמפט. ביי קיין שום אומה ולשון איז נישט געווען אַזאַ קעגנערשאַפט פון דער רעליגיעזער שיכט קעגן דער וועלטלעכער שיינער ליטעראַטור, ווי ביי אונדז. שוין נישט רעדנדיק וועגן דער קעגנערשאַפט פון די יידישע גייסט־לעכע. דער ייד, וואָס האָט נאָך אַ מאָל געעפנט אַ בוך מיט אַ השכלה־אינהאַלט, האָט אַזאַ בוך גיך צוגעמאַכט, ווען ער האָט אָנגעטראָפן נישט אויף אַ פּראָבלעם, נאָר אויף אַ שיינער שילדערונג. מענדעלע מיט זיין אויפקלערערישקייט האָט נאָך גיכער אַ מאָל געטראָפן צו אַ רעליגיעזן ייד אין האַנט, ווי שלום אַש מיט זיין אַמאָליקער יידישקייט־ראָמאַנטיק.

ווייל נישט אין אינהאַלטן איז דאָ געגאַנגען, נאָר אין דער פאָרעם. פאַר אינהאַלטן האָבן די רעליגיעזע יידן נישט מורא געהאַט. עס האָבן זיי געשראָקן די קינסטלערישע אייביקייטס־ווערטן, וועלכע די נייע יידישע ליטעראַטור האָט זיך אָנגעהויבן דערוווערבן. זיי האָבן נישט געוואָלט אָנערקענען נישט דעם קינסטלערישן אמת און נישט די קינסטלערישעווירקלעכקייט, און אוודאי נישט ווי אַן עקוויוואַלענט פאַר דער פּשוטער ווירקלעכקייט.

די רעליגיעזע יידן האָבן אָנערקענט נאָר איין ווירקלעכקייט, די, וואָס גאָט האָט באַשאַפן און באַשאַפט זי יעדן טאָג פון דאָס ניי. דאָס איז די

דינאַמיש־קאָנסטאַנטע ווירקלעכקייט, פון וועלכער דער מענטש טאָר גאָר־נישט אַראָפּנעמען, אָבער צו וועלכער ער טאָר אויך גאָרנישט צוגעבן.

זייענדיק אין גאַנצן פריי פון דעם נישט־יידישן פּחד פאַרן פאַרלוירן גיין אין דער וועלט, האָבן זיי נישט באַדאַרפט זוכן אין דער קינסטלערישער וועלט קיין תרופה פאַר זיך. פאַרקערט, זיי האָבן אין איר געזען אַ וועג ככל הגוים, אַן איינצלנעם וועג וואָס פירט נאָר פון הווה צו נצחיות. אַזאַ נצחיות האָבן די רעליגיעזע יידן פאַרניינט.

אין דעם פאַל ליגט דער חילוק אינעם צוגאַנג צו דער יידישער שיינער ליטעראַטור אין דעם, וואָס דער יידישער וועלטלעכער מענטש האָט די יידישע שיינע ליטעראַטור ווי אַ צווייטע (קינסטלערישע) ווירקלעכקייט נישט געדאַרפט, אין דער צייט ווען די רעליגיעזע יידן האָבן פאַר דער שיינער ליטעראַטור, צוליב דעם זעלבן טעם, פּשוט מורא געהאַט.

צום פאַרשטאַרקן די קעגנערשאַפט פון די יידישע רעליגיעזע שיכטן צו דער שיינער יידישער ליטעראַטור האָט נאָך גורם געווען דער פאַקט, וואָס זי, די יידישע ליטעראַטור, איז געוואָרן וואָס מער אַ ליטעראַטור פון שילדערונגען און וואָס ווייניקער פון פּראָבלעמען[8]. ס'איז געקומען שלום אַש מיט זיינע ברייטע לייוונטן, ס'איז געקומען זלמן שניאור מיט זיינע שטאַרקע בילדער, ס'איז געקומען י. מ. וויסענבערג און אַנדערע (דווקא די פּאָעזיע, דער עיקר פון לייוויקן, האָט זיך פאַרנומען מיט פּראָבלעמען). ס'איז געווען ווי דער יידישער וואָרט־קינסטלער וואָלט זיך געוואָלט אָפּנע־מען פאַר די לאַנגע דורות אונטערדריקטן, דורך דער רעליגיע, ווילן זיך אַנטפּלעקן אין דער פּלאַסטישער קונסט. לויט דער קינסטלערישער הייך פון אירע פּלאַסטישע שילדערונגען דאַרף די יידישע ליטעראַטור פאַר־נעמען אַ גאָר בכבודיק אָרט צווישן די וועלט־ליטעראַטורן.

אינעם יידישן רעליגיעזן מענטש האָט דווקא די טענדענץ צו קינסט־לערישע שילדערונגען געוועקט אַ קעגנערשאַפט, ווייל זי האָט פאַרשטאַרקט

[8] דאָס איז אַן אַבסאָלוט באַרעכטיקטע דערשיינונג. צוליב די רדיפות און וואַנדערונגען האָט זיך דער יידישער לעבנס־שטייגער געביטן. נישט נאָר די צייט האָט דעם יידישן לעבנס־אופן געביטן, נאָר די צרות און נגישות וואָס זענען פאַר ז'ער צייט אויף דעם ייד געקומען. ס'איז דעריבער נישט קיין וווּנדער, וואָס די יידישע וואָרט־קינסטלער האָבן זיך באַמיט די פאַרשידענע יידישע לעבנס־אַרטן צו פאַראייביקן.

די צווייטע, די קינסטלערישע ווירקלעכקייט, פאַר וועלכער די רעליגיעזע יידן האָבן אַזוי מורא געהאַט. דער זאָג פון ר׳ שמעונען „המהלך בדרך ושונה, ומפסיק ממשנתו ואומר מה נאה אילן זה, מה נאה ניר זה, מעלה עליו הכתוב כאילו מתחייב בנפשו״ (אבות, פרק ג׳ ז׳), האָט דעמאָלט אָנגענומען אַ דראָענדיקע באַדייטונג.

די רעליגיעזע יידן האָבן דעמאָלט, ביים סוף ניינצנטן און אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, פאַרשטאַרקט דעם קולט פון לערנען. נאָכן אַרויסטרייבן די יידן פון די דערפער, האָבן זיי זיך באַזעצט אין די שטעט, ווו ס׳איז אומעטום געווען אַ מקום תורה. טייל חסידים האָבן אַפילו אויפגעהערט מאַריך צו זיין בתפילה, אין דביקות און התבודדות און זיך מער געווידמעט דאָס לערנען (דער עיקר די גערער, ראַדזינער, סאָנדזער, טשאָרטקאָווער און אַלע חסידים וואָס זענען געפאָרן צו קאָצקער אייניקלעך, שוין נישט רעדנדיק וועגן די חב״דער). די רעליגיעזע יידן האָבן מאַניפעסטירט זייער צוגעבונדנקייט צו דער איין און איינציקער רעאַליטעט דערמיט, וואָס זיי האָבן מיטן זעלבן ברען און אייפער געלערנט דעם סדר „מועד״ און „קדשים״ ווי זיי האָבן געלערנט „נזיקין״.

דאָס איז נישט געווען קיין אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט, פאַרקערט, דאָס איז געווען אַן איינקלאַמערן זיך אין איר, אין דער איין און איינציקער רעאַליטעט, וועלכע איז למעלה מן הזמן. אין דעם אופן האָט זיך אויך אויסגעדריקט דער רעאַליזם ווי אַ יידישע רעליגיעזע וועלטהשקפה. (דער פרייער יידישער שעפער האָט אויף אַ לגמרי אַנדערן אופן, מיט אַנדערע לחלוטין מיטלען פאַרפיקסירט דעם דאָזיקן רעאַליזם אין דער ליטעראַטור, פון וועלכן דער וועלטלעכער לייענער־עולם האָט גענאָסן).

מען האָט דעמאָלט, אין יענער צייט, מיט שטאָלץ גערעדט וועגן דער מסירת־נפשדיקער שווערקייט פון לערנען תורה („אין דברי תורה מתקימין אלא במי שממית עצמו עליה״. ברכות ס״ג), און מיט ביטול וועגן „לייענען אַ ביכל״. מען האָט אַרויסגעגעבן אַ סך ספרים. ס׳איז אַפילו דערגאַנגען דעמאָלט צו אַ ספרים־מאַניע. יעדעס מינדסטע רבילע האָט געמוזט אַרויסגעבן אַ ספר. מען האָט אין זיי אַרויסגעהויבן נאָר מעשים טובים, נאָר מידות.

און אין דער וועלט איז שוין לאַנג געהאַט געקומען, מיט דער דעקאַ־

דענק, צו אַ פּירוד צווישן דעם עטישן און עסטעטישן אין דער ליטעראַטור. אין דער יידישער ליטעראַטור האָט י. ל. פּרץ דורך זיינע „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" און „חסידיש" (ווי שפּעטער לייוויק מיט זיין „מהר"ם פון רוטענ־בערג", ווי „אין די טעג פון איוב" און נאָך פריער אין „גולם") געפּרוּווט פאַרבינדן דאָס עטישע מיטן עסטעטישן. אָבער אויך פּרץ האָט סיי אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" און סיי אין „חסידיש" געזען בלויז אַ נשמה פון וועמענס גוף ער האָט שוין געהאַט רעזיגנירט. דאָ, אין דעם, איז געלעגן זיין מכשול. שפּעטער איז געקומען די דעקאַדענץ ביי אונדז (ה. ד. נאָמבערג א. אַ.), דערנאָך איז געקומען דער רעוואָלט פון די „יונגע" קעגן דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט אין דער ליטעראַטור. דאָס יידישע קינסטלע־רישע בוך האָט אויף שטענדיק פאַרלוירן דעם עם־הספר.

ג

נישט יעדער רעליגיעזער ייד האָט דעם ענין גענומען אַזוי ערנסט. טייל האָבן געהאַלטן, אַז אויב די ביכער באַשרייבן אַזוי שיין וואָס ס'טוט זיך אין לעבן, דאָס הייסט אויף אונדזער שפּראַך: אויב די שיינע ליטע־ראַטור איז, ווי זי דאַרף זיין, אַן אָפּשפּיגלונג פונעם לעבן, וועט ער, דער רעליגיעזער ייד, צוליב איר נישט עובר זיין אויף „לא ילבש". ער וועט אין דעם שפּיגל נישט קוקן. אָבער זיין ווייב און טעכטער מעגן דאָס יאָ טאָן. זיי אַליין, די רעליגיעזע יידן, האָבן געשטילט זייערע קינסטלערישע בענקשאַפטן, די בענקשאַפט פון זייער פאַנטאַזיע מיט די טויזנטער חסי־דישע מעשיות, שוין נישט רעדנדיק וועגן ר' נחמן בראַסלאַווערס „סיפּורי מעשיות", און מיט שילדערונגען פון די מוסר־ספרים וועגן שכר און עונש.

פּאַר אַ משל, ווי אַזוי ס'האָבן זיך אויסגעווירקט די השפּעות פון די חסידישע מעשיות און מוסר־ספרים אויף די שעפערס פון דער יידישער ליטעראַטור, קאָן מען לשם היפּאָטעזע נעמען פּרצן און לייוויקן. מיר וועלן זאָגן, אַז פּרצעס צוגאַנג צום שאַפן איז געווען אַ חסידישער און לייוויקס — אַ מתנגדישער. פּרץ האָט געצויגן זיין שעפערישע יניקה פון חסידישע מעשיות און לייוויק — פון מוסר־ספרים. פּרץ האָט פאַר זיך קודם־כל געזען

שכר, און לייוויק — עונש. פּרץ — דעם גן־העדן, און לייוויק — דעם גהינום. פּרץ איז געלייטערט געוואָרן דורך שמחה, און לייוויק דורך יסורים.

צוריקגייענדיק צו דעם אויבן־געבראַכטן קאָנען מיר זאָגן, אַז ס׳איז געווען אַ טייל רעליגיעזע יידן, וואָס זיי אַליין האָבן זיך געהאַלטן מיילן־ווייט פון דעם ייִדיש־קינסטלערישן בוך, אָבער זייערע פרויען און טעכטער האָבן די ביכער יאָ געלייענט. דאָס יידיש־קינסטלערישע בוך האָט נאָך אַזוי אַרום געהאַט אַ קליינע שיכט לייענער אין די יידיש־רעליגיעזע היימען. איז אָבער געקומען דער רעוואָלט פון די „יונגע" אין אַמעריקע קעגן דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט, וואָס האָט אויך די דינע שיכט לייענער פון זיך דערווייטערט.

כאָטש ס׳איז אָנגענומען (און די רעבעלן אַליין האָבן אַזוי געהאַלטן), אַז דער רעוואָלט קעגן דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט, קעגן דער „באָרד און פּיאות יידישקייט", ווי אָפּאַטאָשו האָט עס אָנגערופן, איז געקומען ווי אַן אָפּווער קעגן די אויסגעבלייכטע קבלה־העלדן פון אונדזער ליטעראַטור, און דורך דעם ווילן אַריינצופירן אויף זייער אָרט פולבלוטיקע העלדן פון דעם פּשוטן מיטוואָך, איז עס אָבער נישט אַזוי. מיר האַלטן, אַז דער רעוואָלט קעגן דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט איז געווען אַ פּראָטעסט פון די יידישע ליטעראַטור־שעפער קעגן דער באַציונג פון אונדזער רעליגיעזער שיכט צו אונדזער שיינער ליטעראַטור. אַנדערש ווי מיט אַזאַ פּראָטעסט, ווי מיט אַזאַ טראָציקייט, קאָן מען נישט פאַרשטיין דעם קולט פון עם־הארצות, וועלכן ס׳האָט אַנטוויקלט אַזאַ קאָמפּליצירטער און גרויסער פּאָעט, ווי ס׳איז געווען משה לייב האַלפּערן.

דאָס „קוילער־געסל", דער „ראָמאַן פון אַ פערד־גנב", שפּעטער „דאָס סטאַוועקע־געסל", „אונטערן בערגל" און אַנדערע פון דעם מין ביכער, מיט זייערע אַמאָראַלישע העלדן, אַפילו מיט זייערע ספּעציפישע שיינקייטן און גוטסקייטן, איז געווען אַ גט, געוואָרפן דורך דער יידישער שיינער ליטעראַטור דער ווידערשפּעניקנדיקער רעליגיעזער אינטעליגענץ אונדזערער.

*

דאָס פאַרשמעלערן די לייענער־באַזע פון אונדזער יידיש־קינסטלעריש

בוך, סיי דורך דעם, וואָס אַ טייל פון אונדזער אינטעליגענץ האָט זיך גע־ווענדט צו העברעיש, אַן אַנדער טייל ווידער איז אַוועק צו פרעמדע שפּראַכן, און דער עיקר, דאָס אַקטיווע אָפּווענדן זיך פון אונדזער רעלי־גיעזער אינטעליגענץ פון דעם יידישן קינסטלערישן בוך, האָט געבראַכט צו אַ מערקווירדיקער דערשיינונג, וואָס מען זעט כמעט נישט ביי קיין שום פאָלק. דאָס איז דאָס אריינדרינגען פון די פשוטי־עם, פון די פאָלקס־מענטשן אין אונדזער שיינער ליטעראַטור.

די שעפער, פאָלקס־מענטשן, האָבן מיט זיך אַריינגעבראַכט אַ שלל קינסטלערישע ווערטן, ווי י. מ. וויסענבערג, א. מ. פוקס, א. קאַגאַנאָווסקי, שפּעטער ש. האָראָנטשיק, ש. בערלינסקי און אַנדערע. טייל פון זיי האָבן דאָס עסטעטיש־פּרימיטיווע דערהויבן צום עסטעטיש־ראַפינירטן. ס'איז אויך ביז גאָר אינטערעסאַנט אָנצוווייזן אויף אַזאַ פּאָעטישן פענאָמען ווי איציק מאַנגער, אויף אַזאַ דיכטער ווי מאַני לייב — אַלץ מענטשן, וואָס האָבן געשטאַמט פון פשוטן פאָלק.

ווי שוין געזאָגט, איז צוליב דעם, וואָס די יידן זענען פריי פונעם „פּאַרפּאָלנקייטס־קאָמפּלעקס״, אונדזער ליטעראַטור אין יידיש, דער עיקר די פּראָזע, נישט קיין יחידיש־פּראָבלעמאַטישע, נאָר אַ שילדערנדיקע, אַ פּלאַסטיש־וויזועלע, אַ רעאַליסטישע און טיפּאָלאָגיש־שטייגערישע. די אַ איי־גנשאַפטן האָבן מעגלעך געמאַכט, אַז יידישע מענטשן פון פשוטן פאָלק זאָלן מיט זייער פריש אויג און געזונטע חושים אַריינקומען מיט זייערע שטאַרקע נאָר רויע טאַלאַנטן אין דער יידישער ליטעראַטור.

דאָס איז פאַר דער יידישער ליטעראַטור זיכער געווען אַ גרויס גע־ווינס. אָבער פון דער צווייטער זייט האָט דאָס געשאַפן, אַז אונדזער ליטע־ראַטור (דער עיקר אין פּראָזע) איז ווייניק אינטעלעקטועל. ס'איז אַפילו דערגאַנגען צו אַ טאַלאַנטיזם קאָנטראַ אינטעלעקטואַליזם. דאָס טיילט אויך אויס אונדזער ליטעראַטור פון אַלע אַנדערע.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געקומען אַ גרויסער אויפשטייג אין דער יידישער ליטעראַטור, דער עיקר אין דער פּאָעזיע. די פּאָעטן (נישט אַלע) זענען אַוועק אויף יחידישע גענג. אָבער שוין אין גיכן איז די פּאָעזיע צוריק אַרויף אויף דעם נאַציאָנאַל־פאָלקישן וועג. די יידישע פּראָזע איז כמעט קיין מאָל פון דעם וועג נישט אַראָפּ.

האָט אָבער סאָוויעט־רוסלאַנד פאַרצערט אַ גרויסע טייל פון אונדזערע שעפערישע כוחות. נישט נאָר דעמאָלט ווען זי האָט זיי ליקווידירט, נאָר שוין דעמאָלט ווען זי האָט זיי דיקטירט. דערנאָך איז געקומען דער חורבן פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום. די יידישע ליטעראַטור האָט נישט נאָר פאַרלוירן דעם עם־הספר, זי האָט פאַרלוירן כמעט דאָס גאַנצע יידישע לייענער־פאָלק (די נאָך־חורבן־ליטעראַטור און אירע לייענער, זענען אַ קאַפּיטל פאַר זיך)[9].

ד

די יידישע רעליגיע איז זיכער צו ווייניק וועלטלעך, אָבער נאָך זיכע־רער איז, אַז אונדזער ליטעראַטור איז צו אויפקלערעריש־אַפּיקורסיש. מיר האָבן אין יידיש אין גאַנצן נישט קיין רעליגיעזע וואָרט־קינסטלער. מיר האָבן שרייבער מיט רעליגיעזיטעט. אָבער רעליגיעזיטעט אָן רעליגיע איז ווי אַ שיינער מלבוש אָנגעטאָן אויף אַ מאַנעקין, צי גאָר אויף אַ בר־מינן.

דער משכיליש־אויפקלערערישער נוסח פון דער יידישער ליטעראַטור און דאָס אויספעלן פון רעליגיעזע וואָרט־קינסטלער אין יידיש, טיילט אויס די יידישע ליטעראַטור פון אַלע אַנדערע וועלט־ליטעראַטורן.

נאָכן רעזומירן דאָס אַלץ אויבן־געבראַכטע, וועלן מיר קלאָר ענטפערן אויף דער פראַגע: צי האָט די יידישע שיינע ליטעראַטור אין יידיש איר אייגענעם וועג, אַן אַנדערן ווי ביי די אומות העולם? מיר מוזן ענטפערן: יאָ.

[9] די יידישע פּאָעטישע שאַפונגען פון די ימי החורבן לאָזן זיך טיילן אויף עטלעכע מינים. מיר וועלן אָנרופן ווי אַ משל די בולטסטע פון צווישן זיי: די צאָרנדקע פון דעם קדוש יצחק קאַצענעלסאָן, די באַוויינענדיקע פון דעם מקונן חיים גראַדע און די צער־שילדערנדיקע פון אברהם סוצקעווער. דערביי דאַרף מען באַמערקן, אַז אברהם סוצקעווער האָט אַחוץ די דריי לידער־ביכער: „די פעסטונג", „די יידישע גאַס" און „געהיימשטאָט", וועלכע זענען אין גאַנצן געווידמעט דער חורבן־תקופה, אויך אין זיינע ווייטערדיקע לידער־בענדער נישט אויסגעמיטן די דאָזיקע טעמע.

די לידער פון איציק מאַנגער וועגן דעם יידישן אומקום, געהערן בדרך־כלל צו די צאָרן־שאַפונגען.

די יידישע פּראָזע פון און וועגן דעם חורבן, איז צו פיל דיפערענצירט, אַז כ'זאָל זי קאָנען אויף דעם אָרט אַפילו בלויז אָנרופן.

דער ייד־שער מענטש האָט נישט געזוכט אין זיין מאָדערנער ליטע־ראַטור, ווי געזאָגט, קיין מקלט ווו צו אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט, אויך נישט קיין תרופה פאַר זיין פאַרפאַלנקייטס־קאָמפּלעקס, וועלכן ער האָט לגמרי נישט געהאַט.

ווען אין דער וועלט זענען שוין די ליטעראַטורן געהאַט זיך צעוואַקסן זיין דער הייך און אין דער ברייט, האָט די ליטעראַטור אין יידיש נישט געהאַט די מינדסטע שאַנסן אויף אַנטוויקלונג, ווייל זי האָט נישט געהאַט דעמאָלט דעם מינדסטן אויסזיכט אויף אַ לייענער־עולם. די דעמאָלטיקע יידישע מענטשן האָבן די שיינע ליטעראַטור אין איר אייראָפּעישן חומר וצורה מלכתחילה נישט באַדאַרפט.

אַזוי ווי אַ צדיק ווערט נתגלה נאָר דורך זיינע חסידים, אַזוי קומט אויף אַ ליטעראַטור נאָר דעמאָלט, ווען זי האָט פּאָטענציעלע לייענער (אַ צדיק הערט אָבער נישט אויף צו זיין אַ צדיק, ווען אַפילו ער פאַרלירט זיינע חסידים, און אַ ליטעראַטור הערט נישט אויף צו זיין קיין ליטעראַטור, ווען זי פאַרלירט אַפילו אירע לייענער). ערשט נאָך דער עמאַנציפּאַציע, אַ יאָרהונדערט נאָך דער השכלה, נאָכן דערשיינען פונעם וועלטלעכן ייד, נאָכן אויפקומען פון די פאַרשידענע מאָדערנע, נאַציאָנאַלע און סאָציאַל־פּאָליטישע שטרעמונגען ביי יידן; ווען דאָס וועלטלעכע יידנטום האָט אָנ־געהויבן פאַרנעמען אַ בכבודיק אָרט אינעם יידישן לעבן, ערשט דעמאָלט איז אויפגעגאַנגען און זיך אַנטוויקלט די יידישע מאָדערנע ליטעראַטור.

די יידישע שיינע ליטעראַטור האָט זיך אָנגעהויבן פון איר אויפקלע־רונגס־תקופה. היות ווי צוליב ספּעציפישע יידישע טעמים, צוליבן אויס־פעלן פון אַ דאָמינירנדיקן צענטער (אין די לענדער פון דער יידישער צעשפּרייטונג) אין דער יידישער ליטעראַטור, שליסן זיך ביי איר קיין מאָל נישט אָפּ קיין תקופות. דעריבער איז נאָך די יידישע ליטעראַטור ביז היינט צו טאָג אַן אויפקלערערישע, אַן אַפּיקורסישע (אַנדערש ווי אין דער גאַנצער וועלט, אַחוץ סאָוויעט־רוסלאַנד); די יידישע שיינע ליטע־ראַטור, אַנדערש ווי אומעטום, האָט זיך אָנגעהויבן נישט מיט פּאָעזיע, נאָר מיט פּראָזע; אַנדערש ווי ביי די אומות־העולם האָט זיך די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור אָנגעהויבן מיטן רעאַליזם און נישט מיטן ראָמאַנטיזם; אַנדערש ווי ביי אַנדערע פעלקער איז די יידישע ליטעראַטור נישט קיין

טייל פון אַ צווייטערווירקלעכקייט (קינסטלערישער ווירקלעכקייט), און דאָס צוליבן אויספּעלן ביי יידן פונעם פּאַרפּאַלנקייטס־קאָמפּלעקס, און צוליב דעם משיח־חזיון, וועלכער איז נאָך לעבעדיק ביי יידן עד־היום, סיי ביים רעליגיעזן יידן און סיי ביים וועלטלעכן.

די יידישע פּראָזע איז, להיפּוך צו אַלע, נישט קיין אינדיווידואַליס־טישע, נאָר אַ נאַציאָנאַל־פּאָלקישע, אַ כלל־ישראלדיקע (מיט געוויסע אויסנאָמען, פאַרשטייט זיך).

נישט געקוקט אויף דעם וואָס די יידישע פּראָזע איז אַ כלל־ישראל־דיקע, איז זי, להיפּוך ווי ביי די אומות־העולם, אַ שילדערנדיקע, אַ פּלאַס־טישע, אַ שטייגערישע און נישט קיין פּראָבלעמאַטישע.

מיר וואָלטן נאָך געקאָנט אָנווייזן אויף אַ סך פּונקטן, וואָס טיילן אָפּ די יידישע ליטעראַטור פון אַלע אַנדערע. אָבער מיר וועלן זיך דערווייל באַגנוגענען מיט די אָנגעוויזענע.

ווי מיר זעען, בכן, איז דער וועג פון דער יידישער שיינער ליטעראַטור אַן אַנדערער ווי ביי די אומות־העולם. דאָס האָט פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע זייטן. פאַרשטייט זיך, אַז מען קאָן נישט און מען טאָר נישט זאָגן, אַז אַ ליטעראַטור פון אַ פּאָלק, צי פון אַ טייל פונעם פּאָלק, דאַרף זיך אַזוי אָדער אַנדערש אַנטוויקלען, דאַרף גיין אויף דעם אָדער אויף אַן אַנדערן וועג. יעדע ליטעראַטור, ווי יעדעס פּאָלק, האָט זיך איר גורל. די יידישע ליטע־ראַטור האָט זיך געהאַט איר וועג. דער דאָזיקער וועג איז געווען נישט ככל־הגויים. דער דאָזיקער וועג, ווי דער וועג פון אונדזער געשיכטע איז געווען פול מיט נסיונות, אָבער נישט אַלע מאָל מיט נצחונות.

איז קלאָר, אַז אונדזער שיינע ליטעראַטור אין יידיש האָט זיך אירע בר־ייטע און גרויסע דערגרייכונגען. ס׳איז אָבער אויך קלאָר, אַז דווקא מיר, דאָס פאָלק פון תנ״ך, זענען געווען און זענען פּרעדיספּאָנירט און פּרעדיסטי־נירט צו זיין די ערשטע, אָדער לכל־הפּחות צווישן די ערשטע, פון די וואָרט־קינסטלער אין דער וועלט.

אויב מיר זענען דאָס נישט געוואָרן, זעט דער מחבר פון דער באַ־טראַכטונג די הויפּט־מניעה אין דעם, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן פאַרן קינסטלערישן יידישן בוך דעם עם־הספר.

די צוקונפט פון אונדזער ליטעראַטור אין יידיש איז לויט אונדזער מיינונג נישט אָפּהענגיק אין דער צאָל קאַטעדרעס פאַר יידיש, וועלכע אַנטשטייען און וועלן אַנטשטיין ביי פרעמדע און פרעמד־שפּראַכיקע אוני־ווערסיטעטן. אַפילו נישט אין דער צאָל יידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס וועלן געשאַפן ווערן אַרום יידיש און אַרום דער יידישער ליטעראַטור. נישט אין דעם אַרום גייט עס, נאָר אין דעם אין גייט עס. ס'איז אַפילו נישט וויכטיק וויפל יידן ס'רעדן, צי וועלן רעדן יידיש, נאָר וויפל קאָן זיך נאָך דער יידישער מענטש אויסלעבן אין יידיש. נאָר פון דאָרט, ווו דאָס יידישע וואָרט איז נאָך לעבעדיק, וועט קומען די ישועה. וועט אונדזער ליטעראַ־טור געפינען אַ וועג צו אונדזער רעליגיעזער אינטעליגענץ[10], ווו דאָס מקורותדיק־יידישע וואָרט לעבט, וועט נאָך אונדזער ליטעראַטור אויפ־געריכט ווערן. וועלן מיר זיך האַלטן אינעם משכיליש־אַפּיקורסישן נוסח מיט זיין דעמאַסקירנדיקן רעאַליזם (מעג ער אַפילו זיין אַ קינסטלערישער), וועט פאַר אונדזער ליטעראַטור אין יידיש חלילה קיין תרופה נישט זיין. מיר טאָרן נישט פאַרגעסן, אַז אַ דאַנק דעם חסידות איז געווען אַ צייט, ווען יידיש איז געווען נענטער צו רעליגיע ווי עברית, און אפשר אַפילו נענטער ווי לשון־קודש.

צום סוף — עטלעכע ווערטער התנצלות: ווען מען רעדט וועגן אַן אַלגעמיינעם וועג אין דער ליטעראַטור, דאַרף מען שטענדיק געדענקען, אַז ס'זענען פאַראַן אויסנאַמען, וואָס לאָזן זיך נישט פאַראַלגעמיינערן, וואָס גייען נישט, אונטער קיין שום תנאים, אויף קיין בשותפותדיקן וועג. בפרט איז ליטעראַטור, ד. ה. קונסט, אַ צו־קאַפּריזנער ענין, אַז מען זאָל קאָנען אָנווענדן לגבי איר אַלגעמיינע כללים.

אָבער דווקא קונסט, וואָס פאַרטראָגט אַזוי נישט קיין שותפות, איז על פּי רוב אויסגעשטעלט מושפּע צו ווערן און משפּיע צו זיין. אַזאַ איז איר גורל. דער גורל פון שותפות. קינסטלער ערבים זה לזה.

(„אידישער קעמפּער", ראש־השנה, תשי"ח)

[10] ווען מיר זאָגן רעליגיעזע אינטעליגענץ, מיינען מיר נישט דעם „מזרחי", אָדער די וואָס באַלאַנגען צו וועלכע עס איז רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס. מיר מיינען די בני־תורה, פאַר וועלכע די תורה איז תורת חיים.

צי פאַרמאָגט די יידישע ליטעראַטור, כ'מיין די שיינע ליטעראַטור אין יידיש, אַזעלכע עיקרים, אַזעלכע ווערטן, אויף וועלכע דער יידישער מענטש, דער אַזוי גערופענער וועלטלעכער, זאָל קאָנען מייסד זיין זיין גייסטיקע עקזיסטענץ און זיין פּילוג ווי אַ ייד?

די דאָזיקע פראַגע דאַרף אין איר גאַנצער שאַרפקייט אַוועקגעשטעלט ווערן גראַד איצט, ווען מ'זוכט אַ תוכן פאַרן יידישן מאָדערנעם מענטש, וואָס האָט זיך אויסגעליידיקט פון „אַמאָליקן" יידישן אינהאַלט, אָדער ער איז גאָר באַלד מיט אים נישט אָנגעפּילט געוואָרן.

די פראַגע וועגן דער שפּראַך, וועגן דער יידישער שפּראַך, קאָן דאָ פאַרפירן. ס'זענען ביי אונדז פאַראַן אַ סך, וואָס ווילן אָנהענגען אַלע דורכפאַלן און מיסדערפאָלגן פון דער יידישער שיינער ליטעראַטור, ווי אַ יסוד פאַר דעם יידס גייסטיקער עקסיסטענץ אין דעם דאַרן האַלדז פון דער יידישער שפּראַך. זיי מיינען, אַז וואָלטן, למשל, די פרישע דורות אין אַמעריקע גערעדט יידיש, אָדער לכל הפחות געלייענט יידיש, וואָלט זיי די יידישע שיינע ליטעראַטור פאַרזאָרגט מיט גייסטיקער שפּייז עד ביאת המשיח.

לאָמיר זיך אָפן מודה זיין, אַז איך האַלט דאָס פאַר אַ טעות און פאַר זעלבסטנאַרעריי.

קיין שום שיינע ליטעראַטור האָט נישט ביי אַלע אירע גרויסקייטן (אויב אַפילו זי פאַרמאָגט זיי פאַקטיש) דעם כוח צו זיין די באַזירערין, צי דער באַזיס גופא פאַר דעם גייסטיקן קיום פון אַ פאָלק.

איך גלייב נישט, אַז די שיינע ליטעראַטור פון וועלכער־עס־איז נאַציע, זאָל קאָנען אַזויפיל באַדייטן פאַר דער עקזיסטענץ פון איר נאַציע.

און אויב איך גלייב נישט דערין בנוגע צו אַנדערע פעלקער, גלייב איך נאָך מער נישט דערין אין שייכות מיט אונדזער פאָלק.

פאַר וואָס?

ווייל די שיינע ליטעראַטור איז כמעט שטענדיק אַ ליטעראַטור וועגן עבר. זעלטענער וועגן היינטיקן טאָג. ווען אַפילו די ליטעראַטור, דאָס הייסט, געוויסע אירע שעפערס, רעדן וועגן עתיד, ווען אַפילו זייערע מחשבות און

פילונגען זענען געווענדט צום עתיד, זענען אָבער אירע העלדן מענטשן פונעם עבר.

אַנדערש קאָן דאָס נישט זיין. דאָס איז דער פּרייז וואָס די שיינע לי־טעראַטור צאָלט פאַר איר קינסטלערישקייט.

וואָס קינסטלערישער אַ ליטעראַטור איז, אַלץ מער איז זי געבונדן מיטן עבר. און פאַרקערט, וואָס מער און שטאַרקער די ליטעראַטור איז געבונדן מיטן עבר, אַלץ קינסטלערישער איז זי.

דאָס איז דער גורל פון קונסט. דאָס איז דער קונסטס שטאַרקייט און שוואַכקייט.

אָבער די ווערט פונעם היינטיקן טאָג איז אָפּהענגיק פון זיין טרוים וועגן מאָרגן און נישט פון די דערגרייכונגען פונעם נעכטן.

המשך איז נישט דער טייטש, אַז דער נעכטן דעטערמינירט דעם היינט, אַז דער נעכטן איז משפיע אויפן היינט, אַז דער היינט איז אַ תולדה פונעם נעכטן. המשך איז דער טייטש, אַז דער חזיון וועגן מאָרגן איז משפיע אויפן היינטיקן טאָג, אַז דער חזיון וועגן מאָרגן איז דאָס ברויט פאַרן היינטיקן טאָג. אייגנטלעך איז גאָר דער היינט אַזוי אַרום אַ תולדה פונעם מאָרגן, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען.

און משפיע זיין פונעם מאָרגן אויפן היינט איז קיין שום קינסטלער און קיין שום קינסטלערישע שאַפונג נישט בכוח.

*

און איצט נאָך עפּעס. זינט ס'האָט אָנגעהויבן געשען, אַז דער קינסטלער און זיין ווערק זאָלן קאָנען זיין ווייט פון זיך כרחוק מזרח ממערב; זינט ס'קאָן געשען, אַז דעם קינסטלערס שאַפונגען און זיין לעבן און זיינע מעשים זאָלן קאָנען זיין ווייט פון זיך, ווי ווייט ס'איז הימל פון דער ערד, איז אויך גע־קומען צו אַ פּירוד צווישן הנאה און השפעה. ס'איז געקומען צו דעם אַז צווישן הנאה און השפעה איז נישט פאַראַן קיין שום פּאָזיטיווער יחס (פאַר־העלטעניש). אַ נעגאַטיווע איז יאָ פאַראַן, אויב ס'איז בכלל מעגלעך אַ נעגאַ־טיווע פאַרהעלטעניש אָן פּאָזיטיווער.

הנאה האָט איר מקור אין תאווה. הנאה ווערט דאָ געמיינט אַפילו גייסטיקע, וואָס האָט איר מקור אין גייסטיקער תאווה, וואָס קאָן פונקט אַזוי

פֿאַרפֿירן אין שאול־תחתית, ווי די פֿיזישע (קינסטלער דאַרפֿן דאָס געדענ־קען).

דעריבער איז: „מצוות לאו ליהנות נתנו" (מצוות זענען נישט געגעבן געוואָרן אויף הנאה צו האָבן פֿון זיי). ווען דו ביסט מקיים אַ מצווה ביסטו נישט נאָר משפּיע אויף דער וועלט פֿון מצוות און מעשים טובים, נאָר דו ווערסט אויך אַליין פֿון דער מצווה מושפּע צום גוטן.

אָבער זינט ס׳איז געקומען צו אַ פּירוד צווישן דעם שעפֿער און זיין קינסטלערישן ווערק, קאָנען מיר פֿון די קינסטלערישע ווערק נאָר הנאה האָבן, אָבער זיי זענען נישט משפּיע אויף קיינעמען.

אַזוי אַרום קאָנען די קונסטווערק במילא נישט זיין דער יסוד פֿאַר עמעצנס גייסטיקער עקזיסטענץ. אַפֿילו נישט פֿאַר דער גייסטיקער עקזיס־טענץ פֿון אַ יחיד. ווער שמועסט נאָך פֿון אַ גאַנץ פֿאָלק.

*

אויב איך זאָג, אַז קינסטלער און קונסט קאָנען שוין נישט משפּיע זיין, הייסט דאָס נישט אַז זיי זענען נישט בכוח אַרויסצורופֿן קיין רושם. פֿאַרקערט. פֿאַראַן קונסטווערק, בילדער צי ביכער, וואָס רופֿן אַרויס אַ שטאַרקן רושם, וואָס האָבן דערשיטערט און דערשיטערן. רושם האָט אָבער נישט אין זיך דעם אויפֿבויענדיקן עלעמענט, וואָס עס האָט השפּעה. כ׳וואָלט אַפֿילו געוועז געזאָגט, אַז וואָס טיפֿער דער רושם, אַלץ שוואַכער די השפּעה, כאָטש דאָס קלינגט אַוודאי פּאַראַדאָקסאַל.

אַ טיפֿער רושם האָט אין זיך עפּעס צעשטערנדיקס. אַ שטאַרקער רושם דערשעפּט, שוואַכט אָפּ פּסיכיש. השפּעה — דערפֿרישט, שטאַרקט פּסיכיש. אַ רושם קאָן זיין אַזוי טיף און גוואַלטזאַם, אַז ער זאָל אַרויסרופֿן אַ פּסיכישן אַפֿעקט, דאָס הייסט, אַז דער מענטש זאָל ווערן בלינד אויף אַלעם אַרום און נאָר זיין באַהערשט פֿון דעם איינעם איינדרוק. השפּעה רופֿט נישט אַרויס קיין פּסיכישע אַפֿעקטן. השפּעה איז נישט געוואַלטזאַם, נאָר מילד. רושם איז ווי דאָס אַקעראייזן, וואָס רייסט־אויף די האַרטע ערד. השפּעה איז ווי דער קערן, וואָס דאַרף אין דער ערד פּאַמעלעך און בהד־רגהדיק אויפֿגיין. רושם איז ווי דאָס אייזן, וואָס רייסט. השפּעה איז נאָך

מער ווי דער קערן, ס׳איז אויך די ערד און דער הימל פּלוס די אַטמאָ־ספּערע און סטראַטאָספּערע, וואָס צווישן הימל און ערד.

רושם ווירקט מאָמענטאַל, השפּעה איז דאָס פּאַמעלעכע, אָבער כּסדר־דיקע אַריינדרינגען אין דיר. רושם טוט זיך אָפּ אונטערן דרוק פון אַ צווייטן רושם. השפּעה טוט זיך מער נישט אָפּ, סיידן מען גראָבט זי אונ־טער און מען פאַרדאַרבט זי. דאָס אָפּטאָן זיך פון אַ רושם מאַכט אָפט צומאָל נישט קיין רושם. אָבער דאָס באַפרייען זיך פון השפּעה פאָדערט גרינט־לעך באַפרייען זיך פון אינהאַלטן און פאָרמען, וואָס זענען אַדאַנק דער השפּעה געוואָרן דיין אייגנס. דאָס אָפּטאָן זיך פון אַ רושם ווערט אָפטמאָל אַפילו נישט באַמערקט. דאָס באַפרייען זיך פון אַ השפּעה איז אַ רעוואָלו־ציע אין לעבן, וואָס טראָגט אין זיך, ווי יעדע רעוואָלוציע, די סכּנה פון שוין אַ שטענדיקער אינערלעכער צעשטערונג. רושם טוט זיך אַליין אָפּ, אָבער השפּעה, אויב דו ווילסט זיך פון איר באַפרייען, מוזסטו זי אויס־רייסן מיט די וואָרצלען. נישט זעלטן ווייזט זיך אַרויס, אַז עפּעס פון די וואָרצלען זענען דאָך ביי דיר פאַרבליבן און וואַרטן אויפן שעת־הכּושר ווי־דער אין דיר זיך פאַנאַנדערצוּוואַקסן.

השפּעה ווערט דאָ נישט געמיינט די, וואָס מען באַקומט פון דער סבי־בה, נאָר די, וואָס קומט פונעם גייסט. גייסט ווערט דאָ נישט געמיינט — אינטעלעקט, און אויך נישט נשמה, דאָס הייסט דער כּוח וואָס באַלעבט די מאַטעריע. גייסט ווערט דאָ געמיינט — דאָס מעטאַפיזישע און פאַנטאַס־טישע, וואָס אויב מען באַזיצט עס, קומט שוין אַלע מאָל אַזוי אויס, אַז דאָס לעבן מיט אַלע זיינע ליידן, נסיונות און אַפילו מיט אַלע שטרויכלונגען, לוינט זיך, לוינט זיך בפירוש (כאָטש דאָס הייסט נישט, אַז עס ווערט באַלוינט).

גייסט איז אַ פאַנטאַסטישער סך־הכּל, וואָס ווערט געמאַכט, ריכטי־קער, וואָס מאַכט זיך אָן אַ חשבון (ולא בחושבניא). דער פאַנטאַסטישער סך־הכּל ליגט שוין אין סאַמע אָנהייב פון דעם לעבנס־גאַנג פון דעם מענטש איבער דער וועלט. ער מאַכט דאָס, אַז דאָס לעבן, נישט געקוקט אויף אַלע שווערקייטן און ביטערע דערפאַרונגען, — איז אַ ווונדערלעך געשאַנק. פאַרשטייט זיך, אַז אַ ווונדערלעך געשאַנק איז דאָס לעבן נאָר פאַר די וואָס זענען באַשאָנקען מיט גייסט. פאַר אַנדערע קאָן עס זיין לעזול ולמשא.

*

גייסט פילט אָן דעם מענטש, וואָס איז מיט אים באַשאַנקען, מיט אומ־ענדלעכקייט. נישט נאָר מיטן געפיל פון אומענדלעכקייט, וואָס קאָן זיין אַ פועל־יוצא פון אַ טיפן רושם, נאָר מיטן אין־סוף גופא. אַזאַ מענטש פילט זיך קיין מאָל נישט איינזאַם און פאַרלוירן. כאָטש אין מענטשלעכן באַוווסטזיין שטעקט ווי אַ דאָרן דאָס וויסן וועגן זיין סופיקייט און פאַר־גענגלעכקייט, איז אָבער גייסט שטאַרקער פון באַוווסטזיין, גייסט איז מער ווי באַוווסטזיין. גייסט איז אויף אַזוי פיל מער ווי באַוווסטזיין, אויף וויפל אייביקייט איז מער פון פאַרגענגלעכקייט.

גייסט באַקומט דער מענטש במתנה, און דאָס נישט דווקא פון גאָט. גייסט קאָן מען אויך באַקומען פון אַ מענטש.

*

דער ראָמאַנטיזם האָט בשעתו געהאַלטן פעסט געבונדן קונסט מיט גייסט. ס'איז אַפילו דעמאָלט דערגאַנגען צו אַ סופּערמאַציע פון גייסט איבערן סאָמאַטישן, איבער אַלעם קערפּערלעכן און ערדישן.

דער טעות פונעם ראָמאַנטיזם איז אָבער באַשטאַנען אין אויסמישן גייסט מיט גייסטער. דאָ האָט זיך אַפּנים נוקם געווען דער פּרימיטיוויזם, צי דאָס פּרימיטיווע, וואָס דער ראָמאַנטיזם האָט געוואָלט דערהייבן עד רום כל המעלות. זעט אויס, אַז דאָס קאָן מען נישט טאָן, אַז דאָס טאָר מען נישט טאָן. (מיט דעם אויסמישן גייסט מיט גייסטער איז אויך ניכשל געוואָרן די קבלה).

די וועלט פון די ראָמאַנטיקער איז אָנגעפילט געוואָרן מיט בייזע גייסטער, מיט נשמות ערטילאות, מיט שלעכטע מלאכים.

קאָן זיין, אַז די ראָמאַנטיקער האָבן זיך געהאַט דערשראָקן פון דעם וואָס קומט פאָר ארום זיי (פראַנצויזישע רעוואָלוציע, נאַפּאָלעאָנס מלחמות) — און דעריבער אָנגעהויבן שרעקן אנדערע.

וויקטאָר הוגאָ, דער גרעסטער רעאַליסט צווישן די גרויסע ראָמאַנ־טיקער, האָט אַפילו געשראָקן מיט פאַרקריפּלטן גוף („דער מענטש וואָס לאַכט", קוואַזימאָדאָ פון „נאָטר דאַם דע פּאַרי").

דערנאָך איז געקומען דער רעאַליזם. באַלזאַק האָט געשראָקן מיט די קאָמפּליצירטע, פול־מיט־געפאַרן לעבנס־תנאים פונעם שטאָטישן מענטש. דאָס זעלבע האָט געטאָן אין זיינע פּאָעזיעס שאַרל באָדלער. ער האָט שוין אין זיינע פּאָעזיעס געגרייכט ווייטער און געוויזן די דעגענעראַציע פונעם שטאָטישן לעבן און שטאָטישן קלאַס (אין זיינע „בלומען פון שלעכטס״).

דערנאָך האָט שוין דער נאטוראליזם נישט נאָר געוויזן דאָס געפּער־לעכע און שלעכטע, נאָר אויך דאָס מיאוסע. ס׳איז געקומען צו אַן ענד־גילטיקן פּירוד צווישן קונסט און גייסט (פּונקט ווי ס׳איז דעמאָלט געקו־מען א פּירוד צווישן עטישן און עסטעטישן).

די יידישע ליטעראַטור האָט זיך אָנגעהויבן מיטן רעאַליזם, און צו טייל מיטן נאַטוראַליזם. גייסט, האָבן די יידישע שרייבער דעמאָלט גע־האלטן, האָבן די יידן באקומען בירושה, גייסט האָט דער יידישער לייע־נער גענוג און איבערגענוג. זיי, די יידישע שרייבער, האָבן געקעמפּט פאר א ביסל בעסערן עולם־הזה פאר דעם ייד. זיי האָבן דעם יידישן לייענער צוגעשארט דעם באַנציע שווייגישן חלום וועגן א בולקע מיט פּוטער.

מען טאָר, חלילה, נישט מזלזל זיין אין דער בולקע מיט פּוטער. מען זאָגט נאָך פארן יוד־הקדוש, אז ער האָט זיך געפרעגט: — ווען קאָן א ייד האָבן אמונה? — און ער האָט זיך אליין געענטפערט: — ווען ער האָט קארטאָפל מיט באָרשטש.

מען קען אויך נישט מאכן פאראנטוואָרטלעך קיין שרייבער, וואָס אים איז אויסגעקומען גראָד צו באשרייבן די נעגאטיווע זייטן פון זיין פאָלק. דאָס איז א זאך פון קינסטלערישער באשערטקייט, און קינסטלערישע באשערטקייט איז א פארהוילענער ענין.

פונקט אַזוי ווי מיר ווייסן נישט, פאַר וואָס איז גראָד די באַשטימטע שבטים באשערט געווען צו שטיין אויפן הר גריזים און די אנדערע אויף דעם הר עיבל, פאַר וואָס זענען גראָד צו די געווען געוואונדט די ברכות און צו אַנדערע די קללות, אַזוי ווייסן מיר נישט פאַר וואָס איז טייל באַ־שערט צו שילדערן די ליכטיקע, און די אַנדערע — די טונקעלע זייטן פון זייער פאָלק, צי פון מענטשן פון זייער פאָלק. איינס איז זיכער, אז סיי

אויף די ברכות און סיי אויף די קללות האָט דאָס גאַנצע פאָלק געענטפערט — אָמן.

(אין ליכט פון דעם אויבן־געזאָגטן איז אַ. קריבס אַרונטעררייסן מענ־דעלען, אויב אפילו אין א געוויסן זין ריכטיק, אָבער לחלוטין נישט גע־רעכטיק).

פאַרשטייט זיך, אַז ווען מיר רעדן וועגן באַשערטקייט, מיינען מיר די ערלעכע שרייבער, כאָטש פּיקחותדיקע נאָר תמימותדיקע. מיר מיינען אָבער נישט די אַלע מינים עקסהיביציאָניסטן, דעמאַסקירערס, וואָס אויפ־דעקנדיק יענעמס מיאוסע זייטן לייזן זיי אויף (אָדער פּרוּוון אויפלייזן) זייערע אייגענע פאַרדרענגונגען און פּסיכישע קאָמפּלעקסן.

אלזאָ, צוריקגייענדיק צום אויבן־געזאָגטן וועגן דעם, אַז די יידישע ליטעראַטור האָט זיך אָנגעהויבן פון רעאַליזם און נאַטוראַליזם, דאַרפן מיר אָבער אין דעם פאַל אָנווייזן אויפן חילוק צווישן אונדז און די אומות־העולם.

די שרייבער ביי די אומות־העולם האָבן געשראָקן מיט די קאָמפּ־ליצירטע, שווערע, תהומיקע לעבנס־תנאים פונעם שטאָטישן מענטש. באַלזאַק טוט דאָס, דער עיקר אין שייכות מיטן רייכן קלאַס, און זאָלאַ — אין שייכות, דער עיקר, מיטן אָרעמען קלאַס. אָבער ווען מענדעלע שיל־דערט ביי אונדז די שווערע, מיאוסע זייטן פון דעם קליינשטעטלדיקן יידי־שן לעבן, טוט ער דאָס, באַנוצנדיק זיך מיט די ווערטער פון אברהם ריי־זענס ליד, „נישט צו שרעקן, נאָר צו וועקן". ביי זיין גאַנצער פּיקחות איז ער פול מיט נאַיוויטעט ווען ער וויל ארויסנעמען דעם ייד פון קליינעם שטעטל און אים אַריינפירן אין דער גרויסער וועלט, וואָס די שרייבער ביי די אומות העולם האסן פון שרעק.

סיי ווען מענדעלע שטרעקט אויס צו זיינע יידן אַ האנט פון א בייזן טאטן, סיי ווען שלום־עליכם דערלאנגט זיינע יידן א גוט־ברודערישע האנט, טוען זיי דאָס מתוך אהבה. די אהבה האָבן זיי גענומען פון דער גרויסער יידישער מאָראלישער ירושה, און זי איז נישט דווקא קיין השׂ־פּעה פון דער רוסישער ליטעראטור, ווי טייל מיינען.

שפּעטער האָט דער סימבאָליזם און דער נעאָ־ראָמאנטיזם זיך אויך געוואָלט פאַרבינדן מיט גייסט, אָבער ס׳איז ארויסגעקומען גייסטיקייט.

גייסט איז נישט גייסטיקייט. גייסטיקייט איז העכסטנס די אטמאָספערע ארום דעם גייסט. דאָס איז א סך, אָבער נאָך נישט אלץ.

*

גייסט באקומט דער מענטש במתנה. פארשטייט זיך, אז נישט יעדער, נאָר דער אויסדערוויילטער דערצו, דער, וואָס אים איז באשערט גייסט צו באקומען. גייסטיקייט קאָן דער מענטש אליין זיך פארשאפן, צי גאָר שאפן.

גייסט קאָן דער, וואָס איז דערמיט באשאָנקען געוואָרן, איבערגעבן צו אַנדערע („ויאצל מן הרוח", במדבר יא, כה). גייסט קאָן אויך פון דעם מענטש צוגענומען ווערן, אויב דער וואָס האָט אים באקומען בארעכטיקט נישט די דאָזיקע גרויסע מתנה דורך געהויבענע מעשים.

אזוי איז אויך מיט קינסטלערישן טאלאנט. טאלאנט איז געווען פריי־ער, פאר דער קונסט, פונקט ווי גייסט איז געווען פריער, פאר דעם מענטש.

דער פּאָטענציעלער קינסטלער באקומט דעם טאלאנט בתורת מתנה. טאַלאַנטיזם, ווי גייסטיקייט, קאָן זיך דער מענטש אַליין פארשאַפן, צי גאָר שאפן. די „טאלאנטיסטן" זענען דאָס די, וואָס שאפן די פעריפעריע ארום דער אמתער קונסט. זיי אַליין שאַפן נישט קיין קונסט. העכסטנס — פּאַראַ־קונסט.

פאראן שרייבער, וואָס זיי האָט מען געגעבן דעם טאלאנט נאָר כדי אויסצופירן איין אויפגאבע. דאָס זענען שרייבער פון איין בוך, צי פון איין טעמע. בדרך־כלל איז יעדער אמתדיקער קינסטלער אן אוזורפּאַטאָר. אַלץ אין דער וועלט און אַרום דער וועלט איז זיינס. ער איז אויך דער אויסשליסלעכער באַלעבאָס פון באַקומענעם טאַלאַנט. נישט נאָר נוצט דער אמתער קינסטלער זיין טאלאנט צו פארשידענע טעמעס, נאָר אויך צו פארשידענע זשאנערן. אלע גרעסטע וואָרט־קונסט־גאונים זענען געווען שעפערישע אין פארשידענע מינים פון דער שרייבערישער קונסט. געטע, שילער, וויקטאָר הוגאָ, פּושקין א"א זענען געווען סיי געניאַלע דיכטער, סיי געניאלע פּראָזאַיקער, גרויסע דראַמאטורגן, קריטיקער און פּובליציסטן. שוין נישט רעדנדיק וועגן אזעלכע קינסטלער פון דער רענעסאנס־עפּאָכע, ווי מיקעל אַנדזשעלאָ, צי לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי, וואָס האָט געגרייכט און דערגרייכט אפילו אין דער וויסנשאפט.

אָבער לאָמיר זיך האלטן ביי דער הויפּט־טעמע. דעם קינסטלערישן טאלאנט גופא קאָן מען נישט איבערגעבן צו אנדערע, ווי מען קאָן דאָס טאָן מיט גייסט. אָבער אזוי לאנג ווי די קונסט האָט משתוקק געווען זיך צו באַהעפטן מיט גייסט, האָט קונסט אויך משפּיע געווען. נאָר זינט ס'איז געשען, ווי שוין אויבן געזאָגט, אַז דער קינסטלער און זיין ווערק זענען ווייט פון זיך, ווי צוויי זיך פרעמדע וועלטן, איז קונסט געוואָרן אין גאַנצן אָן ענין פון הנאה (אָפּילו זעלבסט־פּייניקנדיקע) און אין גאַנצן נישט פון השפּעה.

דעריבער איז די איבערצייגונג, אַז די שיינע ליטעראטור קאָן גילטן ווי א גייסטיקער באזיס פאר א פאָלק, ווען אפילו בלויז פאר זיין אויפ־געקלערטער שיכט, נישט מער ווי אַ זעלבסט־פאַרפירעניש.

*

ביי אונדז, יידן, האָט מען גאָר שטאַרק מגזם געווען מיט דער באַ־דייטונג פון דער שיינער ליטעראטור. האָבנדיק אין בלוט די טראדיציע פון אַן עם־הספר, האָבן די פירער פון דער אזוי־גערופענער וועלטלעכער קולטור ביי אונדז געמיינט, אַז די דאָזיקע טראדיציע איז במילא חל אויף אויפן קינסטלערישן יידישן בוך. דאָס איז געווען א טעות גמור.

וועלטלעכקייט האָט זיך ביי אונדז אָנגעהויבן מיט פּריקת־עול. מען האָט קודם־כל זיך געוואָלט באפרייען פון דער גייסטיקער ירושה.

אין דעם זין האָבן זיך ביי אונדז די וועלטלעכע געפונען אויף אַ ני־דעריקערער מדרגה ווי די אויפגעקלערטע. די לעצטע, די אויפגעקלערטע יוגנט, איז כאָטש געגאַנגען על קידוש ההשכלה. זיי האָבן גענומען אויף זיך אלע שוועריקייטן און קוועלן, ווען זיי זענען ארויס זוכן וויסן און ליכט, ווי די אמאָליקע ישיבה־בחורים, וואָס האָבן פארלאָזט זייערע, כאָטש אָרעמע, אָבער אייגענע היימען, און געגאַנגען זיך וואַלגערן אין דער פרעמד און עסן טעג.

די משכילישע יוגנט האָט כאָטש געהאט אין זיך דעם פאנאטישן ברען, דעם נישט געשטילטן הונגער נאָך וויסן. די וועלטלעכע יוגנט, וואָס איז געקומען נאָך דער „שטורעם און דראַנג־"־צייט פון דער השכלה, האָט זיך ארומגעטראָגן בלויז מיט אומבאשטימטע בענקשאפטן. דער פאָזי־

טיוויסטישער פּעריאָד איז שוין געהאַט פאַרביי. דער חשק צו וויסן האָט זיך שוין געהאַט אויסגעלאָזט, פון ראַציאָנאַליזם האָבן זיי נישט געהאַלטן. זיי האָבן זיך געווייקט אין א לויער ראָמאַנטישקייט און געזוכט באַשייד פאַר דער וועלט אונטער דעם קאַלטן ליכט פון דער לבנה.

מיר האָבן געהאַט די געהויבענע ראָמאַנטישקייט פון י. ל. פּרץ און ש. אש (יעדער לויט זיין מאָס און שטייגער), אָבער די דאָזיקע ראָמאַנטישקייט איז נישט ארויס פונעם גדר פון ליטעראַטור. ס׳איז נישט אריין אין לייב און לעבן פון דעם וועלטלעכן מענטשן, ווי דאָס חסידות איז אריין די חסידים אין בלוט און אין פלייש. פּרץ האָט געפּראַוועט רביסטווע ביי אַ טיש מיט חסידים, וואָס יעדער פון זיי האָט געוואָלט אַליין ווערן רבי. אמתע חסידים ווילן קיין רביס נישט ווערן. אמתע חסידות איז נאָר און רק אצילות, נאָר און אויסשליסלעך השפעה.

י. ל. פּרץ האָט זיכער געבענקט צו אַ קונסט, וואָס זאָל זיין למעלה מן הקונסט. אָבער די דאָזיקע בענקשאַפט איז נאָר פאַרבליבן אין תחום פון בענקשאַפט. צו פיל איז פּרץ געווען פאַרליבט אין קונסט ער זאָל קאָנען פון איר אַרויס, זיך אויפהייבן איבער איר. אגב, קונסט קאָן קיינמאָל און אונטער קיין שום תנאים נישט ארויס פון זיך, ווייל קונסט איז גרענעץ, קונסט איז וואָג און מאָס, און אלץ וואָס וויל אַרויסגיין פון די דאָזיקע גרענעצן פירט אין דער קונסט צו שבירת הכלים, צו דער פאַרניכטונג פון קונסט.

דעריבער איז קונסט במילא באַגרענעצט. קונסט איז דער עיקר הנאה און נישט השפעה. ערשט לעתיד לבוא ווען אַלע מדרגות וועלן אויסגעגליכן ווערן, וועט הנאה אויסגעגליכן ווערן מיט השפעה און „די צדיקים וועלן זיצן מיט קרוינען אויף זייערע קעפּ און הנאה האָבן מזיו השכינה”.

*

פון דעסטוועגן, נישט געקוקט אויף דעם וואָס קונסט איז אַן ענין פון הנאה און נישט פון השפעה, איז אַ שרייבער — אַ קינסטלער, מעג ער מאָלן און שילדערן העלדן פון דער פאַרגאַנגענהייט, דאָך אַ בורא נפשות און אַ שותף צו די מעשי בראשית.

פאַרשטייט זיך, אַז אויב די, וואָס ער שילדערט צי מאָלט, זענען נישט

קיין פאַרזעעענישן, קיין מפלינגעז, וואָס זענען שוין געווען טויט אין דער מוטערס בויך, צי ווי נאָר זיי זענען אַרויס פון דער מאַמעס שויס. יעדע ליטעראַטור דאַרף האָבן איר טעראַטאָלאָגיע (אַ וויסנשאַפט וועגן פאַרזעע־נישן).

דער שרייבער־קינסטלער באַשאַפט נישט נאָר אַזוי פיל נפשות וויפל העלדן ער באַשאַפט, נאָר אַזוי פיל, וויפל לייענער ער דערווערבט זיך פאַר זיינע העלדן.

ווייל דער שרייבער־קינסטלער איז אַ שותף צו די מעשי בראשית, איז אַ מצווה צו לייענען אַ קינסטלעריש בוך, און אַוודאי איז אַ מצווה צו לייענען אַ יידיש קינסטלעריש בוך.

ווי ווייניק מיר זאָלן נישט האַלטן פונעם ביהעיוויעריסטישן יידיש־קייט, טאָר מען אָבער מיט אים נישט מזלזל זיין. ווייל אויף וויפל אַ ייד פאַרהאַלט זיך נאָך, פירט זיך נאָך אויף ווי אַ ייד, אויף אַזוי פיל ווערט ער נישט אויס ייד.

דערפון די גרויסע באַדייטונג פון מצוות־מעשיות.

ווען אַ ייד לייענט אַ יידיש קינסטלעריש בוך, איז ווי ער וואָלט מקיים געווען אַ מצווה. כאָטש זי געפינט זיך נישט צווישן די תרי״ג־מצוות, אָבער אַ מצווה איז עס.

אַזוי ווי מען טאָר אויך נישט מזלזל זיין אין „דער בולקע מיט פוטער״, טאָר מען אויך נישט גרינגשעצן קיין שום ליטעראַרישע פאָרעם.

קדושה ליגט אין דעם חומר און נישט אין דער צורה.

צו גאָט דאַרף מען נישט דווקא זינגען מיט סאָנעטן.

צו גאָט קאָן מען רעדן אויפן סאַמע פשוטסטן אופן, ווייל דער עיקר איז דער שטאָף פון די רייד, און נישט זייער פאָרעם.

פון דעסטוועגן דאַרף מען שרייבן שיין. וואָס שענער. ווייל הידור מצווה איז אויך אַ מצווה, און גאָר אַ גרויסע מצווה.

קונסט איז אפשר בלויז די מצווה פון הידור מצווה.

און די מצווה גופא (ביי אונדז יידן) איז מקיים צו זיין דעם יידישן גייסט.

*

ווי געזאָגט איז המשך דער טייטש, אַז דער חזיון וועגן מאָרגן איז

משפּיע אויפֿן היינטיקן טאָג, אַז דער חזיון וועגן מאָרגן איז דאָס ברויט פֿאַרן היינטיקן טאָג.

און ווי אַזוי קאָן דער קינסטלער טראַכטן וועגן מאָרגן, אַז דער מאָרגן איז פֿול מיט פּחדים, אַז דער מאָרגן פֿילט אָן מיט פּחדים דעם היינטיקן טאָג אַפֿילו, מיט פּחדים פֿאַר פּשוטער, און שוין גאָרנישט פּשוטער, פֿיזישער פֿאַרניכטונג.

איז דען אַ וווּנדער, אַז נאָך דער צווייטער וועלט־שחיטה איז נישט כמעט געווען צו באַמערקן קיין קינסטלערישער אויפֿשוווּנג אין דער וועלט.

העמינגוועי (אין „דער זקן און דער ים") האָט ווידער אָוועקגעשטעלט דאָס אַלט־גריכישע פּראָבלעם פֿון גורל.

ס'זענען געקומען די עקזיסטענציאַליסטן מיט זייער פּאַטוס, מיט פּחד און מיט יאוש. זיי זענען נישט איצט געקומען, זיי זענען שוין געווען אַ שטיק פֿאַר דער גרויסער וועלט־מלחמה.

אגב, איז גורל געווען פֿון שטענדיק אָן די טעמע פֿון יעדער גרויסער ליטעראַטור. ווייל קונסט איז אויך עלעגיע, דאָס איז דאָס באַווייגען דאָס געוועזענע, קונסט איז דער אייביקער פֿאַוסט, וואָס איז גרייט צו פֿאַרקויפֿן דעם טייוול די נשמה פֿאַר צוריקגעווינען די פֿאַרלוירענע יוגנט.

און פֿאַוסט האָט פֿאַרשפּילט, ווייל ער האָט באַלד אין אָנהייב, אַנשטאָט זיך צו ווענדן צום גייסט, זיך גענויבאָנדן צו גייסטער.

שוין די ראָמאַנטיקער, פֿון דער גרויסער ליטעראַרישער תקופֿה, האָבן געשראָקן, אָבער טייל פֿון זיי זענען נאָך געווען יורשים פֿונעם הומאַניזם. ביי זיי האָט פֿאַרט דאָס גוטע, אויב נישט באַזיגט דאָס שלעכטע, האָט זיך עס לכל־הפּחות פֿונעם שלעכטן נישט געלאָזט באַזיגן. דאַקעגן זענען די שפּערעט פֿון היינט דורך און דורך פּעסימיסטן.

און וואָס זאָגט אונדזער ה. לייוויק, דער פֿאַרקוקטער, דער פֿאַעטיש־פֿאַרקוקטער אין משיח־חזיון, צי אין גאולה־חזיון? זעט וואָס ער שרייבט אויף זייט 56 פֿון זיין „אין די טעג פֿון איוב":

אברהם:

איך לייג צו דיינע פֿיס אַוועק מיין טיפֿע זיקנה.
און וויפֿל פּחד פֿון נסיון דו האָסט ניט פֿאַרזוכט שוין,

## מיט יענעם און מיט זיך

באַדאַרף עס זיין ניט מער נאָר ווי אַ צוגרייטונג
פאַר נאָך נסיונות אין די שפּעטערדיקע טעג.

יצחק:

פאַר נאָך עקידות?

אברהם:

יאָ, פאַר נאָך עקידות.
באַדאַרפסט זיין גרייט, מיין זון, אַן אויסדערוויילטער ביסטו.
גאָטס ברכה רוט אויף דיר, זאָלסט וויסן זיין.
און נאָך מער זאָלסטו וויסן, אַז דער חסד פון באַשאַף
איז אויך אין טויט פאַראַן. ווייל טויט אַליין
איז גאָטס יצירה. און אַזוי איז אויך די פּיין,
ניט מינער פון דער פרייד, אַ שיין פון גאָטס אַנטפּלעקונג:
און ווייסטו, ווו עס ליגט דאָס האַרץ פון חסד?
אין אייביקער גערייטקייט צו נסיון. —

דאָס זענען נישט קיין פּשוטע ווערטער, וואָס לייוויק האָט אַריינגעלייגט אברהם אבינו אין מויל, ווי מען לייגט אַריין ווערטער אינעם מויל פון פּערסאָנאַזש וואָס מיט אים וויל דער מחבר שטרייטן, ווערטער, וואָס ער וויל אָפּפרעגן דורך ווערטער פון אַן אַנדערן פּערסאָנאַזש. ניין, דאָס וואָס אברהם זאָגט, זענען לייוויקס ווערטער, דאָס איז לייוויקס קרעדאָ, דער יידישער קרעדאָ. און כאָטש יצחק איז נישט געשאָכטן געוואָרן, כאָטש ער איז צוריק געקומען צו זיין טאַטנס געצעלט, און רבקה איז אים דעמאָלט גראָד אַנטקעגנגעקומען, בלייבט אָבער נסיון נישט אַן אַ שפּור. פאַר יעדער נסיון מוז מען צאָלן. פאַר מיר איז זיכער, אַז צוליב דעם נסיון און נס פון דער עקידה, האָט יצחק געבוירן נישט נאָר יעקבן נאָר אויך עשיון.

צי דריקן דען נישט אויס לייוויקס אויבן געבראַכטע ווערטער די גרייטקייט צו נעמען אויף זיך מלכתחילה דעם גזר־דין פונעם גורל שטענדיק און ווידער?

זאָל מיר דערלויבט זיין אויף אַ דיגרעסיע. ווען כ׳האָב מיט זעקס יאָר צוריק צוגעשיקט דער רעדאַקציע פון „קיום" (וואָס איז דערשינען אין

פּאַריז) מיין עסיי „וועגן זעלבסטפאַרשטענדלעכער יידישקייט״, האָט זיך אין דעם עסיי געפונען אַזאַ זאַץ: „ס׳איז אפשר גלייכער צו זיין, חלילה, אַ מאבד עצמו לדעת, איידער צו לעבן מיטן געדאַנק, אַז אונדזערע קינדער צי אייניקלעך וועלן דאַרפן מקדש השם זיין״. דער דעמאָלטיקער רעדאַק־טאָר, ישראל יעפּרויקין ע״ה, האָט מיך געבעטן דעם זאַץ אויסצושטרייכן. כ׳בין איינגעגאַנגען דערויף. כאָטש מיין נשמה, מיין האַרץ און מיין גוף זענען געווען פול מיט פּראָטעסט קעגן דעם שוידערלעכן נסיון און הסתרת־פּנים פון די ימי־היטלער. דער געדאַנק, אַז מען קאָן גאָר טראַכטן וועגן קידוש־השם, האָט מיך משוגע געמאַכט (און מאַכט מיך ווילד ביזן היינטיקן טאָג). פון דעסטוועגן בין איך איצט צופרידן וואָס כ׳האָב דעם אויבנדערמאָנטן זאַץ אויסגעשטראָכן. נישט דערפאַר ווייל כ׳האַלט היינט אַזאַ נסיון פאַר אוממעגלעך, נישט ווייל כ׳בין זיכער, אַז מיר וועלן פאַר אַזעלכע נסיונות נישט געשטעלט ווערן מער, נאָר פּשוט דערפאַר, ווייל דאָס לעבן האָט זיך צו אונדז דערנענטערט, גענומען אונדז אין זיינע קלאַ־מערן. און לעבן איז אַ מצווה, און ד״י מצווה, ווי יעדע מצווה איז אויף אונדז משפּיע לטובה, און מיטן כוח פון דער השפּעה קאָנען מיר באַשאַנקען ווערן מיט גייסט, און גייסט איז אומשטערבלעך.

טייל מאָל דאַכט זיך מיר אויס, אַז אונדזער כסדר טראַכטן וועגן אונ־דזער יידישן גורל, וועגן אונדזער יידישן קיום, האָט אָנגענומען די פאָר־מען פון אַ נאַציאָנאַלער היפּאָכאָנדריע. אָבער ס׳איז נישט אַזוי. דאָס איז פּשוט אַן אָפּוועך־מיטל, צי אַ נייטראַליזירנדיק מיטל, קעגן פּחד פאַרן גורל. דאָס איז דער טיפער זין, פאַר וואָס ביי אונדזערע דיכטער און פּראָ־זאַאיקער פאַרנעמט דער יידישער גורל אַזאַ גרויס אָרט. דעריבער ווייזן מיר אַרויס גבורה אין דער צייט פון ערגסטן און שווערסטן נסיון, ווייל דעם פּחד האָבן מיר שוין נייטראַליזירט פריער. דאַקעגן ביי די אומות־העולם איז פּחד רויער פּחד, מיט דער גאַנצער שעדלעכער ווירקונג פון אַ נישט־נייטראַליזירטן סם. און דעריבער קאָנען זיי אַזוי זעלטן ביישטיין אין מאָ־מענט פון נסיון.

זינט קונסט איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט גייסט, האָט די קונסט אַליין מיט זיך פאַרגרעסערט דעם פּחד אויף דער וועלט. יעדעס ווערק, צי יעדעס באַשעפעניש וואָס האָט נישט קיין גייסט — וועקט במילא פּחד. שוין

נישט רעדנדיק וועגן דעם, אַז די ווערק פון די היינטיקע שעפער זענען פול מיט יאוש און פחד.

און מ׳האָט הנאה, אַפילו אַ מאַזאָכיסטישע הנאה, אָבער פון השפעה איז קיין שפור נישט פארבליבן.

השפעה האָבן די פּאָליטיקער. ס׳איז די אויפגעצווונגענע השפעה וואָס קומט פון שוואַכער, פון שטאַרקערער און פון טאָטאַלער פאַרשקלאַ־פונג.

ס׳האָבן אויך השפעה אַ קליין הייפל מענטשן פון גייסט. אָבער די זעט מען נישט, די זענען פאַרבאָרגן, די יאָגן זיך נישט נאָך פירסום, אָבער אָן זיי וואָלט די וועלט קיין איין טאָג קיין קיום נישט געהאַט, כאָטש זייער השפעה איז נישט קיין דירעקטע.

אומדירעקטע השפעה איז שטאַרקער, ווי די דירעקטע. די דירעקטע וועקט, אָדער קאָן וועקן, אַ רעאַקציע. די מיטלבאַרע וועקט נאָר אַקציע, מען אָטעמט זי אַריין ווי אָפּפרישנדיקע לופט.

*

ובכן מאי קא משמע לן, יידישע ליטעראַטור? וואָס לאָזט זי מיך פאָרט הערן?

געוויס איז די יידישע ליטעראַטור פאַר די לעצטע זעכציק יאָר זיך צעוואַקסן אין דער לענג און אין דער ברייט. ס׳וואָלט דאָ פאַרנומען צו פיל אָרט אויסצורעכענען אַלע אירע דערגרייכונגען און דערהייבונגען. אָבער ליטעראַטור, ווי קונסט־שאַפונג, שילדערט, ווי אַזוי מענטשן האָבן געלעבט, אין דער צייט ווען די תורה און נביאים מאָלן אונדז בילדער ווי אַזוי דער מענטש דאַרף לעבן.

קונסט באַאיינדרוקט און גייסט באַאיינפלוסט. דעריבער איז די אומ־שטערבלעכקייט פון קונסט (און ס׳איז זיכער, אַז די קונסט איז אומשטערב־לעך) ווי די אומשטערבלעכקייט פון דער מאַטעריע און נישט ווי די אומ־שטערבלעכקייט פון גייסט. און דאָס וואָס איז שייך דער וועלט־קונסט באַ־ציט זיך אויך צו דער יידישער קונסט.

די יידישע ליטעראַטור פאַרמאָגט אַ שלל מיט בילדער, זי פאַרמאָגט אוצרות יידישן געדאַנק, יידיש־געפיל, יחידיש־געפיל און כלל־געפיל. זי

איז נאַציאָנאַל און טייל מאָל אויך אוניווערסאַל. אָבער ווען איר וועט מיך פרעגן אויפריכטיק, צי פארמאָגט די יידישע ליטעראטור א מוסטער לויט וועלכן אַ יידישער מענטש זאָל קאָנען פאַרמירן זיין גייסטיק לעבן, וועל איך אייך מוזן ענטפערן: ניין!

ווייזן אַ מוסטער, ווי אַזוי צו לעבן, געהער גאָרנישט דער קונסט. דאָס טוט דער סאָציאַליסטישער רעאַליזם און דערפאר איז ער אזוי זעלטן קונסט.

אַפילו דער גראַף ניעכלודאָוו פון טאָלסטאָיען האָט נישט געקאָנט דינען ווי אַ מוסטער ווי אַזוי צו לעבן. ווייל דאָס גייסטיקע לעבן זיינס הייבט זיך אָן פונעם מאָמענט ווען ער האָט געטאָן תשובה. און מיט תשובה קאָן מען בלייבן לעבן אָבער נישט אָנהייבן קיין לעבן.

וועלן אפשר טייל זאָגן, אַז דאָס מענטשלעכע לעבן דאַרף גאָרנישט קיין גייסט, אַז דער מענטש קאָן זיך זייער גוט אָן דעם באַגיין.

אויף אַזאַ אופן פון אַוועקשטעלן די פראַגע איז פאַראַן נאָר איין ענטפער. ס׳זענען פאַראַן טייל, וואָס האַלטן, אַז מענטשן קאָנען אָפּלעבן אַ גאַנץ לעבן אין פארשקלאַפונג. דאָס זענען די אָנהענגער און אויפהענגער פון די טאָטאַליסטישע רעזשימען. די וואָס האלטן, אז דער מענטש קאָן לעבן אָן גייסט זענען אויך טאָטאַליסטן, פארשקלאַפער. זיי האלטן פונעם טאָטאַלן גוף, אָדער נאָך ערגער, פון טאָטאַלער גופיקייט.

וועלן טייל זאָגן, אַז ס׳איז גוט אַזוי, אַז ס׳איז גוט וואָס די ליטעראַטור (און די יידישע בתוכם) שילדערט דאָס, וואָס זי שילדערט, גיט דעם מענטש אזוי ווי ער איז, און נישט ווי אזוי ער דאַרף זיין.

מסכים, הונדערט פראָצענט מסכים.

אָבער מיך וווּנדערט נאָר, אויב ס׳איז אַזוי גוט, טאָ פאַר וואָס איז אַזוי שלעכט?

פון וואַנען דער גאַנצער בהלה־טומל, דער פחד־רעש אין די יידישע וועלטלעכע קרייזן וועגן אונטערגאַנג פון דער יידישער ליטעראטור? פאַר וואָס האָבן זיי זיך פּלוצלינג אַזוי דערשראָקן פאַרן גורל פונעם יידישן מאָרגן? פאַר דעם מאָרגן פון דער וועלטלעכער יידישקייט? אויב זיי גלייבן אַזוי אין ליטעראַטור, אויב זיי רעדן וועגן אַ שליחות פון דער ליטעראַ־

טור, אויב זיי ווייסן וואָס פאַר א ליטעראטור דאַרף זיין, אויב זיי האלטן, אַז די יידישע ליטעראַטור איז טאַקע אַזאַ, ווי זי באַדאַרף זיין.

וועט איר זאָגן, אַז די מורא נעמט זיך פון דער אונטערגייענדיקער יידישער שפּראַך?

איז קודם־כל גייט נאָך יידיש נישט אונטער. שנית, דאָס איבערגיין פון איין שפּראַך צו אַ צווייטער (פון העברעיש צו אַראַמעיש, צי שפּעטער צו שפּאַניש און צו יידיש) איז קיין מאָל נישט געווען פאַר אונדז קיין סיבה פון אונטערגאַנג, גיכער פון אויפגאַנג. אויב דאָס וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין דער אונטערגייענדיקער (צייטווייליק, צי אויף שטענדיק) שפּראַך איז געווען געקניפּט און געבונדן מיט גייסט.

ודא עקא, די בהלה וועגן אונטערגאנג נעמט זיך דערפון, וואָס עס איז נישט געשאפן געוואָרן ביי אונדז קיין ליטעראטור, וואָס זאָל זיין געקניפּט און געבונדן מיטן יידישן גייסט, צי מיט גייסט בכלל. מיר האָבן א שיינע וועלטלעכע ליטעראטור, אָבער נישט אזעלכע, וואָס זאָל קאָנען ענטפערן אויף פּראָבלעמען פון דעם היינטיקן יידישן וועלטלעכן מענטש. די בהלה נעמט זיך דערפון, וואָס די וועלטלעכע קרייזן ביי אונדז האָבן בכלל מגזם געווען מיט דער באדייטונג פון דער שיינער ליטעראטור פאר דעם גייס־טיקן לעבן פון אַ פאָלק. די יידישע שיינע ליטעראַטור פאַרמאָגט נישט (ווייל זי קאָן נישט פארמאָגן, ווייל קיין שום ליטעראטור פארמאָגט דאָס נישט בנוגע אנדערע פעלקער), אזעלכע עיקרים, אזעלכע ווערטן, אויף וועלכע דער יידישער מענטש, דער אַזוי־גערופענער וועלטלעכער יידישער מענטש, זאָל קאָנען מייסד זיין זיין עקזיסטענץ און זיין פילונג ווי א ייד.

זינט די וועלטלעכע יידישע ליטעראַטור איז אַריינגעדרונגען אין די מאַסן, זענען צענדליקער און הונדערטער טויזנטער יונגע מענטשן פאַר־פירט געוואָרן פון דער אילוזיע, אַז זיי קאָנען בויען זייער גייסטיקע עק־זיסטענץ אויף ליטעראטור. איצט שטייט דער עלטערער יידישער דור אין א מבוכה.

נחפשה דרכינו ונחקורה...

(„די צוקונפט", 1958, יובל־נומער)

## א

אויב איך שרייב: דער וועג פון דער יידישער ליטעראטור אין ישראל און אין די תפוצות; אויב שרייבנדיק וועגן דעם וועג פון דער יידישער ליטעראטור הייב איך אָן פון ישראל, איז עס נישט דערפאר ווייל איך האַלט, אַז אין ישראל האָט מען אין דעם פּרט עפּעס באַזונדערס אויפצו־טאָן. ניין. כ׳האַלט נישט, אַז אין דעם וויכטיקן פּרט: יידיש און יידישע ליטעראטור, ליגט אויפן יידישן שרייבער אין ישראל עפּעס א באזונדערע אויפגאַבע, אָדער ווי די באַמבאַסטן זאָגן, — אַ שליחות. איך האַלט נישט, אז דער הויפּט־צענטער פון יידיש איז און וועט זיין אין ישראל. און אוודאי בין איך וויט פון אַזאַ סתם־זאָגעריי, צי סתם־שרייבעריי, אַז דווקא מישראל ייצא יידיש.

עד־היום געפינט זיך דער הויפּט־צענטער פון יידיש און יידישער לי־טעראטור אין די תפוצות, דער עיקר אין צפון־אמעריקע. דאָס ווייסן אלע. אָבער נישט נאָר דאָס. נישט נאָר אין דעם גייט עס מיר. איך וויל אונטער־שטרייכן, אז נישט געקוקט אויף דעם וואָס פאר די לעצטע צען, דרייצן יאָר האָבן זיך א שפּאָר ביסל יידישע שרייבער באזעצט אין ישראל, איז אָבער די אידעע פון דער יידישער ליטעראטור געבליבן אין די לענדער פון די תפוצות, דאָס וווּינאָרט פון דער יידישער ליטעראטור־אידעע איז דאָרט פארבליבן. נישט אין ישראל, נייערט אין די לענדער פון דער יידישער צעשפּרייטונג וועט זיך די אידעע שטענדיק געפינען, אויב דער יידישער ליטעראטור איז באַשערט באַשטענדיקייט, נישט וועלנדיק באנוצן דאָס צו־הויכע און דאָס צו־אָפּט־באַנוצטע וואָרט: אייביקייט.

פון דעסטוועגן, אויב שרייבנדיק וועגן דער יידישער ליטעראַטור שטעל איך פאָרט אויפן ערשטן אָרט ישראל, איז עס דערפאַר, ווייל איך גיב אָפּ אויף אַזאַ אופן כבוד אונדזער יונגער יידישער מדינה. אויב ישראל גרייסט זיך נישט מיט יידיש און אירע אויפטוען, גרייסט זיך אָבער יידיש מיט ישראל און אירע דערגרייכונגען. א חוץ דעם, איז היינט א מאָדע אויף יונגס און אויף יוגנט. מען טרעט זיי אָפּ דאָס ערשטע אָרט און מען טיילט זיי צו כיבודים. כ׳וויל אויך אָנווייזן, אַז מיט דער ווידעראַנטשטייונג פון

ד׳ער יידישער מדינה האָט די יידישע געשיכטע, אין א געוויסן זין, זיך באפרייט פון אינערציע. די יידישע ליטעראטור מוז זיך איצט אויך באַ־פרייען פון געוויסע אינערטיווע פּראָצעסן. אין דעם פרט קאָן איר די יידי־שע מדינה זיין פאר א סטימול.

*

ווען איך שרייב: יידישע ליטעראטור, מיין איך יידישע ליטעראטור געשריבענע אין יידיש.

איך בין שולל בתכלית השלילה יעדן פּרווו צו ווען זיך באַנוגענען מיט א יידישער ליטעראטור נישט קיין געשריבענע אין יידיש אָדער העב־רעיש, נאָר אַ געשריבענע אין פרעמדע שפּראַכן ווי ענגליש, פראַנצויזיש, שפּאַניש א״א. מיט דער דאָזיקער יידישער ליטעראַטור אין די נישט־יידישע שפּראכן איז ווי מיט די געמישטע חתונות: אין אָנהייב איז עס אן אטראק־ציע, און דערנאָך ווערט עס א טראגעדיע.

עס איז נישט מעגלעך קיין פאַרבינדונג פון א יידישן אינהאלט מיט א נישט־יידישער שפּראך. כ׳מיין נישט דאָ קיין אבסטראקט־געדאנקלעכן אינהאלט, נאָר א ליטעראריש־קינסטלערישן, וואָס איז א לעבעדיקער אינ־האַלט, געשאַפן פון בלוט און פון פלייש און וואָס אָטעמט מיט אַ לעבעדיקן אָטעם.

מען קאָן שרייבן וועגן אמתער יידישקייט אין ענגליש אָדער פראנ־צויזיש אָדער אין אן אנדער פרעמדער שפּראך. אָבער וועגן דעם אמתן ייד קאָן מען נאָר שרייבן אין איינעם פון דעם יידס צוויי שפּראכן.

אַ פרעמדע שפּראַך איז נישט און קאָן קיין מאָל נישט זיין אַדעקוואַט צום יידישן לעבעדיקן אינהאַלט, אַפילו ווען דער יידישער אינהאַלט אין דער פרעמדער שפּראַך ווערט אונדז געגעבן דורך אַ ייד. עפּעס איז שטענ־דיק אין אַזאַ פאַל פאַראַן נישט־דערזאָגטס, אָדער צו פיל געזאָגט, אָדער אַרונטערגעריסן, אָדער אַפּאָטעאָזירט. איןביידע פאַלן איז עס נישט נאָ־ענט צום אמת.

און אינהאַלט, לעבעדיקער, ליטעראַריש־קינסטלערישער אינהאַלט, איז קודם־כל און אויסשליסלעך: אמת.

דאָ ליגט די טראַגעדיע פון דער יידישער ליטעראַטור: פון איין זייט

קאָן דער לעבעדיקער יידישער אינהאַלט נישט געשריבן ווערן אין קיין פרעמדער שפּראַך, און פאַראַן אַזאַ יידישער אינהאַלט וואָס קאָן נישט איבערגעגעבן ווערן אַפילו אין עברית, און פון דער צווייטער זייט גייט אָן אַ דערוויטערן זיך פון יידיש. מען לייענט וואָס אַ מאָל ווייניקער יידיש. מען הייבט אָן זיך באַגיין אָן יידיש. מען קומט אויס אָן איר. און אויב ס׳פילט זיך אין געוויסע יידישע קרייזן אַ באַדויער צוליב דעם דאָזיקן מצב, זעט מען אָבער נישט אין ערגעץ קיין שום ערנסטן פּרווו זיך אים קעגנ־צושטעלן. מען טוט גאָרנישט. מען לעבט מיטן כוח פון אינערציע. טייל פאַלן גאָר אַריין אין אַ בהלה־שטימונג, כאַפּן דאָס זעקל אויף די פּלייצעס און באַמיען זיך איבערצופּעקלען דאָס בעסטע פון דער יידישער ליטעראַ־טור אין פרעמדע שפּראַכן (און ווער האָט דאָס אונטער דער האַנט די קריטעריע וואָס איז אין ליטעראַטור דאָס בעסטע ?).

טייל באַמיען זיך נישט צו טראַכטן וואָס ס׳וועט זיין מיט דער יידי־שער ליטעראַטור אין אַ צוואַנציק, דרייסיק יאָר אַרום. טייל גלייבן אין ניסים. זיי ווילן גלייבן אין דער אויפלעבונג פון יידיש, ווי דאָס איז געשען מיט עברית, נישט זעענדיק דעם גאַנצן אַבסורד פון אַזאַ מין פאַר־גלייך.

איך אַליין גלייב אויך אין ניסים. יעדעס קינסטלערישע ווערק איז בבחינת נס, און יידיש איז אַוודאי אַ נס, טאָ פאַר וואָס טאַקע נישט גלייבן אין ניסים ? פון דעסטוועגן האַלט איך, אַז מען מוז אַרויסגיין פון איצטיקן פּאַסיוון מצב, בכדי צו פאַרלויפן דאָס שלעכטע, אויב ס׳איז חלילה באַ־שערט, אַז דאָס שלעכטע זאָל אויף יידיש פאָרט קומען.

ב

פון דעם ברייטן באַגריף: ליטעראַטור, נעם איך אַרויס נאָר די שיינע. כ׳וועל רעדן נאָר וועגן פּאָעזיע און פּראָזע. דראַמע איז ביי אונדז כמעט נישט בנמצא, און די קריטיק, וואָס ביי די אומות־העולם פאַרנעמט זי אַ בכבודיק אָרט אין דער שיינער ליטעראַטור, איז ביי אונדז זעלטן אַ טרעפלעכע און נאָך זעלטענער אַ שיינע, אַ געשריבענע מיט עספּרי, וויסן און עלעגאַנץ.

נאָך דער נישט־באַפרידיקטער פאָדערונג פון „קונסט פאַר קונסט", איז מען אין דער גרויסער וועלט איצט ווידער קעגן אָנבינדן, אָדער ריכ־טיקער, קעגן דער פאַרבינדונג פון שיינער ליטעראַטור מיט אַן אידעע, מיט אַן אויפגאַבע, צי אויפגאַבעס. מען זאָגט־אָפּ דער קונסט, און דער שרייבערישער בתוכה, יעדע שייכות מיט אַן אויפגאַבע, אַ חוץ דער, צו זיין נאָן־קאָנפאָרמיסטיש. צו אַזאַ פּאַראַדאָקס איז מען דערגאַנגען.

דער גלויבן, אַז שיינע ליטעראַטור טאָר נישט האָבן קיין אויפגאַבעס, איז פּונקט אַזאַ אָבערגלויבן ווי דאָס וועלן זיי איר אָנוואַרפן. איןביידע פאַלן ווערט דער שרייבער באַרויבט פון פרייהייט. און קונסט און פרייהייט זענען היינו־הך, איינס און דאָס זעלבע. דאָס ווייסן אַלע, אַחוץ די מאַרק־סיסטישע קונסט־קריטיקער, וואָס טאָרן דערפון נישט וויסן.

קאָן זיין, אַז שיינע ליטעראַטור איז טאַקע נישט מער, און נישט ווייני־קער, ווי שיינע ליטעראַטור, און נישט זי קאָן לייזן און נישט זי וועט לייזן די נאַציאָנאַלע און גייסטיקע פּראָבלעמען פון אַ פאָלק. נישט פון איר איז אָפּהענגיק דער גורל פון אַ פאָלק, אַוודאי נישט זיין פיזיש און אויך נישט זיין גייסטיק זיין אָדער נישט־זיין. נישט אויף איר קאָן זיך אָנשפּאַרן די גייסטיקע עקזיסטענץ פון אַ פאָלק.

ווער ס'וויל דעפינירן וואָס עס איז דאָס אַזוינס שיינע ליטעראַטור און וואָס פאַראַ איז איר באַשטימונג, דער איז געגליכן צו איינעם, וואָס האָט זיך איינגעעקשנט, אַז ער מוז געווינען אויף דער לאָטעריע, אַ זאַך וואָס איז בגדר הוילן נס (פאַראַן אַ דערציילונג וועגן אַזאַ מענטש ביי דעם שריי־בער־פּיקח ה. ד. נאָמבערג).

אָבער, צי מען האָט יאָ געוווּסט, צי מען האָט נישט געוווּסט דעם מהות פון דער שיינער ליטעראַטור און איר באַשטימונג, איז מען אַ מאָל פון איר פאָרט שטאַרק מושפּע געוואָרן. די השפּעה פון דער ליטעראַטור אויפן לעבן פונעם יחיד, לכל הפּחות, איז טייל מאָל געווען אַ גאַנץ גרויסע. היינט, אויב מען לייענט אַפילו ביכער פון דער שיינער ליטעראַטור, וויל מען פון זיי עפּעס געוואָר ווערן, אָבער מען וויל נישט מושפּע ווערן פון זיי (נישט זעלטן איז עס פאַרן לייענער לטובה). די לייענער האָבן זיך אויסגעלערנט פון די שרייבער צו זיין נאָן־קאָנפאָרמיסטיש, און די תלמי־דים שטייגן איבער אין דעם פּרט זייערע רבּיס.

נישט אַריינלאָזנדיק זיך אין קיין שום חקירות וועגן עצם מהות פון דער שיינער ליטעראַטור, נאָר אָבסערווירנדיק בלויז אירע פונקציעס, קאָן מען פון דעסטוועגן זאָגן, אַז זי שילדערט דאָס לעבן אין איר פילגעשטאַל־טיקייט, זי מאָלט די וועלט אין איר פילפלעכיקייט. אָן דער שיינער ליטע־ראַטור וואָלט די מענטשהייט געווען אַ פּנימלאָז באַשעפעניש, כ׳וואָלט גע־זאָגט, אַז אָן דער שיינער ליטעראַטור וואָלטן זיך אירע פּראָטאָטיפּן נישט באַפרייט פון זייערע איינגעבוירענע אייגנשאַפטן, פון זייערע אינסטינקטן און אַטאַוויזמען.

די וועלט איז פאַרשקלאַפט צו אירע פּראָטאָטיפּן, נאָר דאָס קונסט־ווערק נעמט צו ביים פּראָטאָטיפּ די בכורה און באַפרייט די וועלט פון אים. ווען נישט די קונסט, און דער עיקר די שרייבערישע, וואָלטן מיר געפילס־און שטייגער־מעסיק נאָך געשטעקט אין דער גאָר אַלטער צייט, און ס׳וואָלט שווער געווען צו מאַכן אַ טריט פאָרויס.

און נאָך עפּעס: די וועלט איז פול מיט נישט־אויסגעלעבטע געפילן, מיט נישט־דערפילטע באַגערן, מיט טרוימען וואָס זענען נישט דערטרוימט געוואָרן ביזן סוף, מיט חלומות וואָס זענען נישט דערחלומט געוואָרן, מיט האָפענונגען וואָס זענען נישט רעאַליזירט געוואָרן.

פון דעם אַלעם גייט איבער דער וועלט אַ גרויסע בענקשאַפט, אַ גע־וואַלטיקער באַדויער, אַן עלעגיע וואָס נעמט אַרום די וועלט מסופה ועד סופה.

נאָר דער שרייבער־קינסטלער, כ׳מיין דעם אמתן קינסטלער, נאָר ער איז בכוח ווידער אויפצולעבן די נישט־אויסגעלעבטע געפילן, דערפילן די נישט־דערפילטע באַגערן, ער הייבט אויף דעם חלום פון זיין אַראָפּגעפאַלנ־קייט אין תהום פון שיכחה, ער אָטעמט איין אין זיינע העלדן זיין אייגענעם לעבעדיקן אָטעם, ער וועבט אויס פון די דינסטע געוועבן דאָס עלעגישע.

אַזאַ איז זי, די שיינע ליטעראַטור, די פּאָעזיע און פּראָזע, אין דער וועלט דער גרויסער. נישט געקוקט דערויף צי זי האָט יאָ אויסצופירן אויפגאַבעס צי נישט, צי זי האָט יאָ געוויסע באַשטימונגען צי נישט.

אַזאַ איז זי, די שיינע ליטעראַטור, אין דער וועלט. און אַ וואָס פאַראַ איז זי ביי אונדז יידן?

## ג

דער יסוד פון דער שיינער ליטעראַטור איז אומעטום, ביי אַלע פעל־קער, ווו נאָר זי איז אַנטשטאַנען, איין און דער זעלבער. אָבער די וועגן, די ריכטונגען, דער לבוש און די סימבאָלן, דער פאַרלויף פון איר אַנט־וויקלונג, איז ביי יעדן פאָלק אַן אַנדערער. יעדע ליטעראַטור האָט זיך אויך איר גורל, איר באַזונדערן גורל, אָדער יידישלעכער געזאָגט, איר באַשערטקייט.

אַ וואָס פאַראַ איז די יידישע ליטעראַטור אין דעם קאָמפּלעקס פון די וועלט־ליטעראַטורן? אַ וואָס פאַראַ איז איר וועג און איר באַשערט־קייט?

צוליב דעם וואָס די יידישע ליטעראַטור איז געקומען אויף דער וועלט אַ סך שפּעטער פון דער אייראָפּעישער, האָט זי געליטן פון דער היפּערטראָפיע, פון דעם איבערוווּקס און אָנוווּקס פון אידעישקייט, וואָס האָט דעמאָלט באַהערשט די יידישע דענקענדיקע געזעלשאַפט, אַט דע־מאָלט ווען אין די מערב־אייראָפּעישע ליטעראַטורן האָט שוין געהערשט די אַנאַרכיע פון אידעענלאָזיקייט.

השכלה, משכיליזם (וואָס דאָס איז ווייט נישט איינס און דאָס זעל־בע), נאַציאָנאַליזם, אוניווערסאליזם, יידישקייט, וועלטלעכקייט, גוישקייט, חסידיזם, עם־הארציזם (אַזאַ באַשעפעניש איז ביי אונדז אויך געווען און איז נאָך עד־היום פאַראַן), ציוניזם, בונדיזם, אויטאָנאָמיזם, טעריטאָריאַ־ליזם, נעאָראָמאַנטיזם, רעאַליזם, נאַטוראליזם, סימבאָליזם און אַ סך אַנ־דערע איזמען און פאָרמאַליזמען, דאָס אַלץ האָט געשפּאַרט אויף דער יידישער ליטעראַטור אין דעם קורצן צייט־אָפּשניט פון אַן ערך אַכציק יאָר. אָט, דאָס אַלץ, צי זייערע עקוויוואַלענטן, וואָס ביי די אומות־העולם האָט עס געדויערט יאָרהונדערטער.

אַ בולט בילד פון פּאָליאידעיזם ביי איין שרייבער זעען מיר אין י. ל. פּרצן. דער פּאָליאידעיזם זיינער האָט אים זיכער געשטערט אין דער אַנטוויקלונג פון זיין ריינעם קינסטלערישן טאַלאַנט, און נאָר זיין גרויסע, באַצויבערנדיקע פּערזענלעכקייט האָט אים, י. ל. פּרצן, דערהויבן נאָך

מער ווי צו דער מדרגה פון אַ גרויסן וואָרט־שאַפער, זי האָט אים דער־הויבן צו דער מדרגה פון אַ קולטור־פענאָמען.

פון דער ענגשאַפט, צוליב דעם קליינעם צייט־אָפשניט, פון דער גע־זיכטעניש, פון דעם איבערוווקס פון אידעען אין דער יידישער ליטעראַ־טור, האָט זיך געשאַפן אַ טענדענץ צו אינטעגרירן, צו סינטעטיזירן. אויך די קריטיק אונדזערע, אויף וויפל זי איז געווען, האָט אונטערגעהאַלטן די דאָזיקע טענדענץ.

מען זוכט ביי אונדז סינטעזן. נאָך איידער מען האָט די טעזע, יאָגט מען זיך שוין נאָך דער סינטעזע. אַ שרייבער וואָס וויל דורכויס אָנגיין פאַר אַן אוניווערסאַליסט, וועט אויף קיין האָר נישט לאָזן פאַרמינערן זיין באַ־דייטונג אויך ווי אַ נאַציאָנאַלער שרייבער. און וויצע ווערסאַ: איינער וואָס האַלט זיך פאַר אַ נאַציאָנאַלן שרייבער, וועט מיט אַלע מיטלען און כוחות וועלן באַווייזן אַז ער איז אויך אַן אוניווערסאַלער שרייבער. אונדזערע בורזשואַזע שרייבער האָבן אַרויסגעוויזן אַ נטיה צו סאָציאַליזם. מען וויל ביי אונדז צונויפפירן מאָדערנעם סאָציאַליזם מיט חסידות, רעליגיעזע יידישקייט מיט וועלטלעכקייט, קדושה מיט טומאה; מען האָט פאַרגעסן דעם איסור פון כלאַים און שעטנז. מען טוט גערן איינשפאַנען אַ חסידישן רבין אין איינעם מיט קאַרל מאַרקסן, אַז ביידע זאָלן שלעפן, מכלומרשט פאָרויס, דעם שווערן וואָגן פון אונדזער געשיכטע.

פאַראַן נאָך ליטעראַטורן מיט ענלעכע טענדענצן. מען געפינט למשל אין פראַנקרייך עקזיסטענציאַליסטישע און נעאָ־קאַטוילישע שרייבער, וואָס האָבן אַ שטאַרקע נטיה צו קאָמוניזם. אָבער פראַנקרייך, אַ חוץ וואָס זי האָט אַ רייכע ליטעראַטור און אַ גביר קאָן זיך פאַרגינען אויף אַ סך עקס־טראַוואַגאַנצן, איז אויך דאָס לאַנד פון פאַרשידענע פערווערסיעס, אויך גייסטיקע, געדאַנקלעכע. דאַקעגן מיר יידן האָבן שטענדיק אָפּגעהיטן נישט נאָר די טהרת־המשפחה, נאָר אויך די טהרת־המחשבה. מיר זענען טאַקע נישט קיין מאָניסטן, אָבער מיר זענען דאָך געווען פון די ערשטע מאָנאָ־טעיסטן, און דאָס מוז באַווירקן דעם גאַנג פון דער יידישער מחשבה אונ־דזערער און אַוודאי דעם אופן פון קינסטלערישער געשטאַלטיקונג.

כ׳קאָן נאָר דריי דיכטער וואָס האָבן זיך אָפּגעהיטן, אָדער זענען אָפּ־געהיטן געוואָרן, פון דער נטיה צו סינטעזירן: ה. לייוויק, וואָס איז אַפילו

אין זיינע אַזוי־גערופענע סימבאָלישע דראַמעס דורך און דורך רעאַליס־טיש און גייט קיין מאָל נישט אַרויס לשם סינטעזע פון די ראַמען פון דער תקופה וואָס ער שילדערט (אַהאַספער פון מהר״ם פון רוטענבערג איז קינסטלעריש און אידעיש די שוואַכסטע געשטאַלט פון אַלע לייוויקס דראַמעס); איציק מאַנגער, וואָס איז אין אַלע אונדזערע אומעטן און טרויערן שטענדיק און אייביק דער זינגער; אורי צבי גרינבערג, וואָס איז אומעטום און שטענדיק נאָר, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אַ נאַציאָנאַלער דיכטער, און אויב איר ווילט, אַ נאַציאָנאַליסטישער דיכטער (כ׳גלייב, אַז א. צ. גרינבערג וועט נישט האָבן קיין טענה פאַר דער באַ־צייכענונג: נאַציאָנאַליסטישער).

די יידישע פּראַזאַיקער זענען, ווי כ׳וועל שפּעטער אויפווייזן, געגאַנגען בדרך־כלל אויף גאָר אַנדערע וועגן.

*

מען קאָן אָננעמען, אַז דער יידישער פילאָזאָפישער געדאַנק זאָל גיין, אָדער זאָל גאָר מוזן גיין, אויפן וועג פון אינטעגראַציע, פון סינטעז. דער יידישער פילאָזאָפישער געדאַנק, וואָס באַמיט זיך צו געבן אַן ענטפער וועגן דעם זין פון יידישן זייך, קאָן נישט זיין ניי, קאָן נישט האָבן היינט געבוירן געוואָרן. ער איז געבוירן געוואָרן צוזאַמען מיטן ערשטן ייד, ווען יענער איז געוואָר געוואָרן אַז ער איז אַ ייד.

אָבער דאָס וואָס איז גוט אין דער פילאָזאָפיע טויג נישט אין דער קונסט.

דאָס אַלץ וואָס מען טוט ביי אונדז, דער עיקר אין די דיכטערישע שאַפונגען, כ׳מיין דאָס סינטעטיזירן, טוט מען אין נאָמען פון סימבאָליזם, און פאַקטיש איז סימבאָליזם אין דער שרייבערישער קונסט גאָר עפּעס אַנדערש.

סימבאָליזם אין דער שרייבערישער קונסט איז דאָס ארויסהייבן דאָס טראַנסצענדענטע, דאָס אומענדלעכע, דאָס נשמהדיקע און דאָס קאָמוני־קירן זיך פון די נשמות נאָר און אויסשליסלעך דורך שיינקייט.

דאָס איז סימבאָליזם, ביי וועלכן שיינקייט איז געוואָרן אַ קולט, אַ

רעליגיע. אַלץ איבעריקע, וואָס איז נישט דאָס, איז נישט סימבאָליזם, נאָר לאָמיר עס אָנרופן: סימבאָליזאַציע.

קאָן זיין אַז די יידישע שיינע ליטעראַטור, דער עיקר איר פּאָעזיע, האָט נישט קיין גרויסע קינסטלערישע אַמביציעס. זי האָט גענומען אויף זיך אַלע נאַציאָנאַלע עולן און זיך אָפּגעזאָגט פון עול פון קונסט. אפשר איז שיינקייט ביי איר נאָר פּרפראות צו ליטעראַטור. אפשר איז אַזאַ איר באַשערטקייט און אין דעם ליגט גאָר איר גרויסקייט.

ס׳קאָן זייער זיין אַזוי. אָבער דאָס דאַרף מען איין מאָל פאַר אַלע מאָל באַשטימען און פעסטשטעלן. ווארעם אויב מען הערט ביי אונדז, אין שייכות מיט אונדזער ליטעראַטור, אויף יעדן טריט און שריט די באַ־צייכענונגען: קונסט און קינסטלעריש; אויב לא־יוצלחדיקע פעדער־ציער ווערן דורך נאָך־מער־לא־יוצלחדיקע קריטיקער אָנגערופן קינסטלער, טאָ פאַר וואָס באַרויבן פון אַזאַ הויכן אַטריבוט אונדזערע גרויסע שרייבער, וואָס זענען באמתע קינסטלער?

*

די טענדענץ צו סינטעטיזירן אין דער שיינער ליטעראַטור, ווי אַ פועל־יוצא פון דעם איבערוווקס פון אידעישקייט און פון אונדזער היפּער־היסטאָרישקייט (די וועלט־געשיכטע שפּילט אויף אונדז, ווי אויף איינער פון אירע ערשטע פידלען), אָט דאָס האָט געפירט צו אַ היפּערטראָפיע פון פּאָעזיע אין אונדזער ליטעראַטור. נישט פאַראַן אַזאַ ליטעראַטור אין וועל־כער דער חילוק פון די פּראָפּאָרצן זאָל זיין אַזאַ גרויסער לטובת דער פּאָ־עזיע ווי אין אונדזערער, כיבע ביי די סאַמע פרימיטיווסטע פעלקער, וואָס האָבן לגמרי נישט קיין פּראָזע.

פאַראַן געווען אַ צייט, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דאָס געראַטעניש אויף פּאָעטישע שולעס און נייקייטן האָבן אומעטום אַרויס־גערוקט די פּאָעזיע אויפן ערשטן אָרט אין דער שיינער ליטעראַטור. אָבער דאָס האָט געדויערט נאָר עטלעכע געציילטע יאָר. דאַקעגן ביי אונדז זענען די דיספּראָפּאָרצן צווישן פּאָעזיע און פּראָזע געוואָרן כמעט אַ סטאַבילע דערשיינונג.

פּאָעזיע איז פּשוט גיכער צוגעפּאַסט צו סינטעטיזירן, צו אַ סינטע־

טישן וועלט־באַנעם ווי פּראָזע, וואָס דאַרף פון איר עצם אויסמאָלן, שיל־
דערן מענטשן, צי תקופות, און זיי אַנאַליזירן.

אָבער נישט נאָר דאָס איז די סיבה פון דעם איבערוווּקס פון פּאָעזיע
ביי אונדז. פאַראַן נאָך אַ גאַנצע ריי פון סיבות וואָס האָבן גורם געווען צו
אַזאַ מצב ביי אונדז.

אונדזער ליטעראַטור האָט נישט דורכגעמאַכט, אָדער כמעט נישט
דורכגעמאַכט, די גרויסע ראָמאַנטישע תקופה. דעריבער פילט זיך נאָך
עד־היום אין איר אַ פּאָעטישע נישט־אויסגעלעבטקייט. ווען כ׳זע וואָס
פאַראַ גרויסע אָנשטרענגונגען ס׳מאַכן „צווישן פאַלנדיקע ווענט" פון אַ
ליטעראַטור אַזעלכע דיכטער ווי גראַדע און סוצקעווער (נישט רעדנדיק
וועגן די דיכטער פון פריערדיקן דור), איז עס פאַר מיר אַ מערקווירדיקע
דערשיינונג. מיר זעט זיך אויס, ווי אונדזערע דיכטער וואָלטן זיך נאָך
געהאַלטן אין דער אמונה פון די ראָמאַנטיקער, אַז פּאָעזיע איז מער ווי
ווירקלעכקייט, די אמונה, וואָס די סימבאָליסטן האָבן שפּעטער ביי די
ראָמאַנטיקער איבערגענומען.

און נאָך עפּעס: אויף וויפל די יידישע ליטעראַטור האָט געהאַט אַ
שווערע מערכה, אַ שווער לעבן, האָבן די שרייבער, דער עיקר די דיכ־
טער, געהאַט אַן אומפאַרגלייכלעך שווערער. ווען כ׳קוק אַדורך די ביאָ־
גראַפיעס פון די יידישע שרייבער, באַפאַלט מיך אַ שרעק און אַ פּחד פון
דער צאָל אָרעמעלייט פון וועלכע ס׳רעקרוטירן זיך אונדזערע שרייבער.
אָרעמקייט און דלות איז כמעט דער שטענדיקער פּאַן פּונעם לעבן פון די
יידישע דיכטער. דווקא די פּראָזאַיקער ביי אונדז שטאַמען פון לפי ערך
מער באַמיטלטע שטובן.

אַן ענלעכע דערשיינונג, כאָטש אין לגמרי אַנדערע אויסמעסטן, זעען
מיר פאַרגלייכנדיק די רוסישע ליטעראַטור מיט דער דייטשער. די גרויסע
תקופה פון דער רוסישער ליטעראַטור, ווען מענס שאַפער עס זענען געווען
אַדעליקע, איז דער עיקר אַ רעאַליסטישע און אַ פּראָזאַישע, בעת די גרוי־
סע תקופה פון דער דייטשער ליטעראַטור, ווען מענס שאַפער ס׳האָבן גע־
הערט צום מיטלשטאַנד, איז דער עיקר אַ ראָמאַנטישע און אַ פּאָעטישע.

אין זייער מאַטעריעלער באַדרענגטקייט האָבן די יידישע שרייבער זיך
געריסן דווקא צום באַפליגלטן וואָרט, צו פּאָעזיע. פון זייער מאַטעריעלער

באַשרענקטקייט האָבן זיי זיך געריסן צו די גרויסע מעגלעכקייטן וואָס זענען אַ מאָל באַהאַלטן אַפילו אין אַ קורצער פּאָעטישער שורה. פון זייער שווער לעבן אויף דער ערד האָבן זיי זיך געריסן אין די הימלען, געוואָלט דווקא זיין פּאָעטן. אין די פּאָעטישע הימלען זענען זיי געווען די באַלע־באַטים, אָדער אַזוי האָט זיך זיי אויסגעדאַכט. מען האָט גענומען פון חב״ד און פון שפּינאָזען, פונעם פּאַנענטעיזם און פּאַנטעיזם, פון הימלישן און אויך פון ערדישן פּייזאַזש. אין דער פּאָעזיע קאָן אַפילו דער אַפּיקורס רעדן מיט גאָט. מען האָט דעם בעש״ט און ר׳ נחמן בראַסלאַווער מזווג געווען מיט סעקס. אין פּאָעזיע איז דאָך נישט שייך. נישט פאַראַן דאָרט קיין גדרים און סייגים.

האָט טאַקע אונדזער פּאָעזיע אַ סך דערגרייכט. טייל מאָל גאָר הויך געגרייכט. אָבער אַ סך שעפערישע כוחות זענען דערביי פאַרשווענדט גע־וואָרן. אַ סך האָבן נישט דערגרייכט. טייל האָבן גאָרנישט אַרויסבאַקומען פון זייער מי.

די פּאָעזיע ליידט פון צו פיל. די פּאָעטן ליידן פון די אויך־פּאָעטן. דער פונאַנדערוווקס פון דער פּאָעזיע אין אונדזער ליטעראַטור האָט צע־שטערט איר אינערלעכן באַלאַנס. מען האָט פאַרלוירן די מאָסן. מען האָט אויפגעגעבן דאָס פירן אַ חשבון. מען האָט אַראָפּגענומען פון איר יעדע קאָנטראָל. מען אונטערשיידט נישט קיין שולעס און אַפילו נישט קיין ריכטונגען און תקופות. ס׳איז אַ תוהו ובוהו. טייל טוען אַריין אין איין טיגל אַלע פּאָעטישע מינים און ס׳קומט אַרויס עפּעס אַ משונהדיקער אַמאַלגאַמאַט. טייל זענען נאָך ביים הייַנטיקן טאָג אַזוי פּרימיטיוו, אַז עס דאַכט זיך אַז מיר שטייען נאָך אין אָנהייב, ווען פאַקטיש שטייען מיר כמעט חלילה ביים סוף.

וועגן דעם אַלעם דאַרף מען רעדן, ווען מיר ווילן זיך פאַרטראַכטן אַ וואָס פאַראַ איז דער וועג פון דער יידישער ליטעראַטור אין ישראל און אין די תפוצות.

## ד

איינס איז זיכער און קלאָר: יידיש וועט אַדורכמאַכן דעם זעלבן פּראָצעס וואָס העברעיש האָט אַדורכגעמאַכט אין די לעצטע צוויי צענדליק

יאָר, דער עיקר. אָבער דער פּראָצעס וועט פּאַרקומען אין אַ פּאַרקערטער ריכטונג.

העברעיש איז פון אַ שפּראַך פון דער אינטעליגענץ געוואָרן אַ שפּראַך פון פאָלק, און יידיש וועט פון אַ פאָלקס־שפּראַך ווערן די שפּראַך פון אַ יידישער אינטעליגענץ.

וועט זי דאָס באַווייזן צו ווערן, וועט יידיש עקזיסטירן, כאָטש אין זייער אַ באַשרענקטן קרייז. וועט זי אָבער דאָס נישט באַווייזן, וועט יידיש מוזן, אַל אפתח פה לשטן, אונטערגיין.

דער דאָזיקער געדאַנק איז שוין נישט ניי. אגב איז ער דורך מיר אַליין אין משך פון די לעצטע עטלעכע יאָר אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין אַ ריי אַרטיקלען. דער דאָזיקער געדאַנק זעט מיר אָבער אויס צו זיין אַ ריכטיקער און דערפאַר איז אַ מצווה אים איבערצוחזרן.

דער גורל פון יידיש בימינו, אין אונדזערע טעג, איז נישט פאַרבונדן מיט די יידיש־רעדנדיקע „מאַסן", נאָר און אויסשליסלעך מיט איר ליטע־ראַטור. אַ דערשיינונג וואָס מיר זעען נישט ביי קיין שום אומה ולשון, נאָר ביי אונדז יידן. אַזוי איז געווען בשעתם מיט לשון־קודש, אַזוי איז עס געווען מיט אַראַמיש, און אַזוי איז עס איצט מיט יידיש, כאָטש אין גאַנץ אַנדערע מאַסן, איך וואָלט געזאָגט, — אין גאַנץ אַנדערע עולמות, אין גאַנץ אַנדערע וועלטן.

יידיש האָט שוין אויפגעהערט כמעט צו זיין די גערעדטע שפּראַך פון די יידישע מענטשן, זי איז נאָך אַ שפּראַך פאַר די וואָס לייענען אַ יידיש בוך. אין ישראל איז נאָך יידיש אַ לעבעדיקע גערעדטע שפּראַך, אָבער אויך נאָר אויף אַ קורצער צייט. און זי וועט דאָ קיין מאָל נישט ווערן די געלייענטע דורך די ישראלים שפּראַך, נישט געקוקט אויף אַלע פּשטלעך פון אַ פאַרעקשנטן איפּכא־מסתבראניק. פאַראַן סאַברעס וואָס רעדן אַ צעקאַליעטשעטן יידיש, פאַראַן וותיקים וואָס רעדן יידיש, אָבער לייענען יידיש, לייענען זיי נישט.

אויך די עולים חדשים לייענען וואָס אַ מאָל וויניקער יידיש. זיי דרינגען אַריין אין העברעיש. אָבער דאָס רוב פון זיי קומט נישט צו העב־רעיש פונעם תנ"ך צי דורך אַנדערע ספרי־קודש, נאָר דורך די אונט־צייטונגען, וואָס באַנוצן זיך מיט דער שפּראַך פון דער גאַס, מיטן סלענג.

אויב די וואָס קומען צו העברעיש נישט דורכן תנ״ך, נאָר דורך דער שפּראַך פון גאַס, וועלן דערגייען צו דער שפּראַך פון תנ״ך, וועלן זיי במילא זיין פריי (אָדער זיך קאָנען באַפרייען) פון מליצה און זיי וועלן דאָס שאַפן דאָס לעבעדיקע, נייע העברעיש. זיי, די עולים חדשים, זיי, צי זייערע קינדער, און נישט די איצטיקע סאַברעס, וועלן שאַפן די גרויסע, נייע העברעישע ליטעראַטור. זיי וועלן נישט דאַרפן זוכן קיין אויסדרוקס־מיט־לען אין ענגליש, ווי דאָס טרעפט זיך דווקא ביי די איצטיקע סאַברעס.

אָבער נישט וועגן העברעישער ליטעראַטור וויל איך דאָ רעדן, נאָר וועגן יידיש, יידישער ליטעראַטור און זייערע וועגן.

טראָץ אַלעם, האָט יידיש אַ גרויסן כוח און נאָך אַ גרויסן זכות הקיום. יידיש טראָגט אין זיך אַ געוואַלטיקע עמאָציאָנעלע אָנלאָדונג, וואָס איז איר געבליבן ווען דאָס פאָלק איז פאַרשניטן געוואָרן.

אַ חוץ דעם שאַפט זיך ביי די יידן פון די תפוצות אַן עמאָציאָנעלע אָנגעלאָדנקייט פון די פאַרדרענגונגען צוליב זייער שפּראַכלעכער אַסימי־לאַציע. געשעפטלעך לעבן זיך די יידן אויס אין דער פרעמדער שפּראַך, אָבער נישט עמאָציאָנעל. אויב מען וויל זיך עמאָציאָנעל אויסלעבן אין אַ פרעמדער שפּראַך, מוז מען זיך פולשטענדיק אַסימילירן, אין יעדן פּרט, אין הווה און אין עבר אַפילו, אַ זאַך וואָס איז אוממעגלעך. אויב אַ ייד ווייסט נאָר, אַז ער איז אַ ייד, און זאָל נאָר אין דעם באַשטיין זיין גאַנץ יידישקייט, דאַרף ער האָבן אַ שפּראַכלעכע אינטימיטעט, בכדי זיך צו קאָנען אין איר עמאָציאָנעל אויסלאָדן. דערפאַר האָבן דאָך די גויים נישט קיין צוטרוי צו די יידן וואָס שאַפן אין פרעמדע שפּראַכן. זיי זענען זיי חוד שד אין עמאָציאָנעלער נישט־אויפריכטיקייט, מעגן די יידן דערהייבן די שפּראַך אין וועלכער זיי שאַפן ביזן זיבעטן הימל אַריין.

די דאָזיקע עמאָציאָנעלע פאַרדרענגונגען צוליב דער שפּראַכן־אַסימי־לאַציע ליגן פאַרטייעטע אינעם יידישן אונטערבאַוווסטזיין און פאָדערן אַ תיקון. זיי זענען אַ לאַטענטער כוח.

ווען איך האָב אויבן געזאָגט, אַז די יידישע ליטעראַטור־אידעע איז געבליבן און וועט פאַרבלייבן אין די תפוצות, האָב איך עס געזאָגט דער־פאַר, ווייל די יידישע ליטעראַטור, להיפּוך ווי ביי אַנדערע פעלקער, איז נישט קיין פּראָדוקט פון איינגעזעסנקייט, נאָר פון וואַנדערונג. די יידישע

ליטעראַטור האָט זיך אַנטוויקלט דעמאָלט ווען ס׳זענען געגאַנגען די גרויסע עמיגראַציע־כוואַליעס לעבר הים. און כאָטש קונסט, און ליטעראַטור בתו־כה, ווערט אומעטום, ביי אַלע פעלקער, באַשאַפן פון בענקשאַפט, פונקט ווי די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן פון דער בענקשאַפט באַשאַפן צו ווערן, איז אָבער די יידישע ליטעראַטור, צוליב איר וואַנדער־כאַראַקטער, נאָך מער פאַרבענקט, נאָך מער נאָסטאַלגיש און עלעגיש פון אַלע אַנדערע לי־טעראַטורן. די יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע איז געווען, ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַדורכגענומען אין גאַנצן מיט דער בענקשאפט צו דער אַלטער היים.

ערשט נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, ווען ס׳האָט זיך געשאַפן די מעגלעכקייט פאַר די יידן אויפצובויען זייער נאַציאָנאַלע היים, ערשט דע־מאָלט האָט זיך אָנגעהויבן אין אַמעריקע אַ יידישע ליטעראטור וועגן אַמעריקע גופא, צי וועגן יידישן לעבן אין אַמעריקע, אַ שטייגער ווי די יידישע שרייבער אין אַמעריקע וואָלטן שוין געבענקט נאָך דעם לאַנד וואָס נישט זיי און נישט זייערע לייענער אין אַמעריקע האָבן נישט בדעה געהאַט קיין מאָל צו פאַרלאָזן.

נאָר אַזעלכע זענען שוין די וועגן פון בענקשאַפט...

דעריבער וועט די יידישע ליטעראַטור שטענדיק פאַרבלייבן די לי־טעראַטור פון דער יידישער פזורה, פון דער יידישער צעשפּרייטקייט. דאָס וווינאָרט פון דער יידישער ליטעראַטור־אידעע וועט בלייבן אין די תפו־צות. ווייל פון דאָרט נעמט זיך איר עמאָציאָנעלע אָנגעלאָדנקייט און איר בענקשאַפט. פון דער יידישער צעשפּרייטונג איז אויפגעגאַנגען די יידישע ליטעראַטור און צו איר און צו איר עבר וועט זי, אַפילו די וואָס ווערט געשאַפן אין ישראל, זיין געווענדט, אויב די יידישע ליטעראַטור וויל טאַ־קע זיין אַ יידישע און נישט נאָר אַ געשריבענע אין יידיש.

בכלל איז הוודיקייט נישט קיין גוטער שותף מיט שיינער ליטערא־טור. נאָר דאָס וועמענס צייט ס׳איז פאַרביי, קאָן ווידערגעבוירן ווערן אוי־סער דער צייט, דאָס הייסט, אין דער קינסטלערישער צייט. הוודיקע ליטעראַטור האָט שטענדיק אין זיך עפּעס פון רעפּאָרטאַזש, פון פובלי־ציסטיק, און קונסט און פובליציסטיק זענען ווי בשר וחלב. יעדעס באַ־זונדער איז געשמאַק און כשר, ביידע צוזאַמען קאָנען אויך זיין געשמאַק,

אָבער זיי זענען טריפה. דעריבער איז דער בעסטער העברעישער ראָמאַן זינט דעם ווידעראויפשטייען פון מדינת ישראל און ביז היינט נאָך אַלץ משה שמירס מלך בשר ודם, וואָס איז אַ ריין־היסטאָרישער ראָמאַן.

און נאָך עפּעס וואָס שייך דעם כוח פון יידיש:

די יידישע שרייבער און די יידיש־טוער האָבן נישט אָפּגעשאַצט די גרויסע באַדייטונג פון חסידות פאַר יידיש ווי אַ שפּראַך. חסידות האָט באַניַיט יידיש נישט ווייניקער ווי די אַזוי־גערופענע וועלטלעכע קולטור. חסידות האָט געשאַפן אַ ספּעציעלן סיגנון, וואָס האָט געקאָנט ווערן אַ ווענדונג אין יידיש. דער עיקר וואָלט עס געשפּילט אַ גרויסע ראָלע איצט, ווען העברעיש איז געוואָרן אַ גערעדטע לעבעדיקע שפּראַך, אָפּגעזען פון אַלע באַוואָרענישן וועגן איר לעבעדיקייט. אָבער קיינער האָט זיך מיט דער דערשיינונג: חסידות־יידיש, נישט פאַראינטערעסירט. ווי כ׳האָב דאָס שוין געזאָגט אויף אַן אַנדער אָרט, האָט י. ל. פּרץ אין זיין חסידיש נאָר מרמז געווען אויף עפּעס. ער האָט מרמז געווען אויף דער נשמה פון חסידות, וועמענס גוף ער האָט געהאַלטן פאַר יענע־וועלטיק. דאָ איז גע־לעגן דעם מכשול. דעם חסידישן סיגנון אין יידיש האָט קיינער נישט פּרובירט אויפצוהייבן. ס׳טוט דאָס איצט טייל מאָל יצחק באַשעוויס און אפשר נאָך עמעצער.

ווי מיר זעען, פאַרמאָגט נאָך יידיש אַ סך פאַרבאָרגענע כוחות. אָבער ווי אַזוי קאָן מען זיי מוציא זיין מן הכוח אל הפועל?

## ה

ס׳דאַרף צונויפגערופן ווערן אַ נייע שפּראַך־קאָנפערענץ, ווי אַ מאָל די טשערנאָוויצער. אַזוי ווי די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ האָט פּראָקלאַ־מירט יידיש פאַר אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך, דאַרף די נייע קאָנפערענץ פּראָק־לאַמירן יידיש פאַר דער שפּראַך פון דער יידישער אינטעליגענץ. נאָך מער, זי דאַרף פאַרפליכטן די יידישע אינטעליגענץ, אויב זי וויל הייסן יידישע, צו לערנען און קענען יידיש אין וואָרט און אין שריפט.

אויב כ׳זאָג יידישע אינטעליגענץ, מיין איך נישט בלויז די וועלט־לעכע, נאָר אויך די יידישע רעליגיעזע אינטעליגענץ. כאָטש די דאָזיקע

אינטעליגענץ קען אין איר גרויסער מערהייט יידיש, דאַרף אָבער יידיש ווערן ביי איר אַן ענין פון אַ העכערן אינטערעס, און נישט בלויז אויף באַנוצן זיך מיט איר ווי אַ הילפס־מיטל און צום טאָג־טעגלעכן געברויך.

אין מיין רעפעראַט אויף דעם אַלוועלטלעכן קאָנגרעס פאַר יידישע וויסנשאַפטן וואָס איז פאָרגעקומען אין ירושלים אין יאָר 1957 * האָב איך אָנגעוויזן אַז די יידישע ליטעראַטור האָט אָנגעווירן פאַר זיך אַ טייל פון די בעסטע לייענער, כ׳מיין דערמיט: די רעליגיעזע אינטעליגענץ.

ביי קיין שום אומה ולשון איז נישט פאַראַן אַזאַ קעגנערשאפט צו דער שיינער ליטעראַטור מצד אירע רעליגיעזע שיכטן ווי ביי אונדז יידן. דער עם־הספר וויל נישט דאָס בוך.

כ׳האָב דעמאָלט אָנגעוויזן אויף אַ סך סיבות וואָס האָבן גורם געווען צו אַזאַ מצב ביי אונדז. טייל סיבות זענען געווען גענוג טיפע און יסודותדיקע. אויף איינער וויל איך דאָ נאָך אַ מאָל אָנווייזן — דאָס איז דער משכיליזם.

ביי אַלע פעלקער וואָס האָבן געהאַט ליטעראַטורן איז געווען אַ צייט־אָפשניט, וואָס מען האָט גערופן די אויפקלערונגס־תקופה. ביי אונדז איז זי אויך געווען, כאָטש אַ סך שפּעטער. ביי אונדז האָט עס געהייסן: השׂ־כּלה. אָבער די צרה איז, וואָס ביי די אומות־העולם האָבן זיך די אויפ־קלערונגס־תקופות געענדיקט, און ביי אונדז האָט זיך די תקופה נישט נאָר נישט געענדיקט, נאָר זי איז איבערגעגאַנגען אין אַ בייזוויליקן משכיליזם, וואָס דויערט נאָך אין דער ליטעראטור ביזן היינטיקן טאָג. די אויפגאַבע פון דעם משכיליזם איז נישט אויפצוקלערן נאָר אָפּצופּרעגן, נישט ווייזן נאָר אָנווייזן, נישט אַנטפּלעקן נאָר דעמאַסקירן.

מיט אַזאַ צוגאַנג פון ליטעראַטור צום לעבן וועט די יידישע רעליגיעזע אינטעליגענץ קיין מאָל נישט שלום מאַכן. נישט נאָר דערנענטערט זיך נישט די יידישע רעליגיעזע אינטעליגענץ צו דער יידישער ליטעראטור, נאָר זי דערווייטערט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער. אמת, די יידישע וועלטלע־כע אינטעליגענץ דערנענטערט זיך צו רעליגיע, אָבער דאָס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. ס׳איז פאַראַן אַ גרויסער חילוק צי דער באַרג קומט צו מאַכמעדן אָדער מאַכמעד קומט צום באַרג...

* זע אויבן: „צי האָט די יידישע ליטעראַטור איר אייגענעם וועג?”.

רעדנדיק וועגן דער רעליגיעזער אינטעליגענץ אין שייכות מיט דער יידישער ליטעראַטור, האָב איך נישט נאָר געמיינט דערמיט אויסצודריקן דעם ווונטש צו האָבן אין זיי לייענער פאַר דער יידישער ליטעראַטור. כ׳מיין אויך צו האָבן אין זיי וואָרט־שאַפער אין יידיש. מיר האָבן אין גאַנצן נישט אין יידיש קיין רעליגיעזע וואָרט־קינסטלער. דאָס וואָס אַלע פעלקער האָבן, און דאָס וואָס איז אַפילו פאַראַן אין העברעיש. מיר האָבן שרייבער מיט רעליגיאָזיטעט, אָבער, ווי כ׳האָב דאָס שוין אויבן געזאָגט. איז רעליגיאָזיטעט אָן רעליגיע ווי אַ שיינער מלבוש אָנגעטאָן אויף אַ מאַנעקין, צי גאָר אויף א בר־מינן.

*

ווען איך בין אויבן אַרויסגעטרעטן קעגן דער טענדענץ פון אינטע־גראַציע, קעגן סינטעז, האָב איך גענומען אין חשבון אונדזער רעליגיעזע אינטעליגענץ. אַ רעליגיעזן מענטש איז אַ סך נענטער אַ גאַנצקייט אַ צע־בראָכענע, בבחינת לב נשבר, איידער אַ גאַנצקייט אַ צונויפגעשטעלטע פון שטיקלעך.

די וועלטלעכע יידישע ליטעראַטור האָט געליטן פון דער היפּער־טראָפיע פון אידעישקייט וואָס האָט געדריקט אויף איר. די יידישע שריי־בער (דער עיקר די וואָס זענען געקומען פון פאָלק, און זיי זענען דאָך דער רוב מנין פון די שרייבער ביי אונדז) האָבן זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיטן שלל פּראָבלעמען און אידעען וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אויף דעם קורצן צייט־אָפּשניט פון דעם הויך־אַנטוויקלונגס־פּעריאָד פון דער יידישער ליטעראַטור. און דאָ קומט דער פּאַראַדאָקס: די יידישע שרייבער האָבן אין דער צייט פון אידעישער אָנגעלאָדנקייט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול פון אידעישקייט. כ׳מיין דאָ די יידישע פּראָזאַיקער. דאָ האָט מען זיך נישט געקאָנט באַנוצן מיטן סינטעטישן מעטאָד, ווייל פּראָ־ וע איז בדרך־כלל באַשאַפן געוואָרן צו אַנאַליזירן און נישט צו סינטעטי־ זירן. די פּראָזאַיקער ביי אונדז האָבן זיך גענומען מאָלן, שילדערן. אונדזער פּראָזע איז דעריבער אַ פּלאַסטיש־מאָלערישע און נישט קיין פּראָבלעמאַ־ טיש־פּסיכאָלאָגישע. פון דאַנען איז שוין געווען נישט מער ווי איין טריט

צום אַנטי־אינטעלעקטואַליזם, אָדער אין בעסטן פאַל, צום אַ־אינטעלעק־טואַליזם.

דאַקעגן די פּאָעזיע ביי אונדז, וואָס באַנוצט זיך מיטן סינטעטישן מע־טאָד, האָט אידעיש אַ סך דערגרייכט, קינסטלעריש האָבן דערגרייכט נאָר אירע שפּיצן. אַ גרויסע צאָל פּאָעטן, וואָס האָבן זיך אידעיש נאָך „אָן עצה געגעבן” (אַ דאַנק דעם סינטעטיזירן), האָבן קינסטלעריש קיין סך נישט אויפגעטאָן. טייל לחלוטין נישט.

מען פּרובירט נישט ביי אונדז זוכן קיין נייע וועגן אין דער פּאָעזיע. מען עקספּערימענטירט נישט ביי אונדז. נאָך מיט יאָרן צוריק האָט אַ בכבודיקער יידישער קריטיקער גערעדט וועגן „מאָדערניזם” מיט אַזאַ ביטול, אַ שטייגער ווי דאָס וואָלט געווען אַ דערשיינונג נאָר פון אַ געווי־סער פאַרגאַנגענער צייט און נישט קיין פּראָצעס אָדער לכל־הפּחות אַ תשוקה צו באַנייונג. אַ שטייגער ווי אין דער וועלט וואָלט אינעם געביט פון פּאָעזיע גאָרנישט געטאָן געוואָרן.

אַזוי אַרום איז אויסגעקומען, אַז אויך צווישן אינהאַלט און פאָרעם איז פאַראַן אין אונדזער ליטעראַטור אַ געשטערטער באַלאַנס, וואָס מוז איצט דווקא אין דער שווערער צייט פאַר אונדזער ליטעראַטור, אויסגעגליכן ווערן.

*

ס׳איז איצט פאַראַן אין דער יידישער ליטעראַטור אַ גרויסע און געזונטע בענקשאַפט צו פּראָזע. ס׳איז פאַראַן דער ווילן און די תשוקה אויסצוגלייכן דעם געשטערטן באַלאַנס צווישן די צוויי הויפּט־טיילן פון דער ליטעראַטור אונדזערער.

אַ טייל יידישע דיכטער האָבן זיך גענומען צו שרייבן פּראָזע, ווער מיט מער, ווער מיט ווייניקער דערפאָלג. אָבער אַז ס׳געשעעט אַזוי, דאָס איז אַ פאַקט וועגן וועלכן אַלע ווייסן.

אין ישראל, ווו דאָס יידישע פאָלק פּרובירט אויסצוגלייכן דעם רוקן, פּרובירט שאַפן אַ געזונטע פאָלקס־סטרוקטור, ווו מען וויל באַלאַנסירן די פאָלקס־כוחות וואָס זענען פאַרזאַמלט אין לאַנד, אין ישראל בכן, פּרובירט אויך די ליטעראַטור אין יידיש זיך באַפרייען פונעם כוח פון אינערציע.

אין ישראל האָט זיך מער ווי אומעטום פֿאַרקלענערט, שטאַרק פֿאַרקלענערט, די דיספּראָפּאָרץ צווישן פּאָעזיע און פּראָזע אין דער ליטעראַטור אין יידיש.

כ׳גיי דאָ נישט שאַצן און נישט אָפּשאַצן דעם ווערט פֿון דער ישראל־דיקער פּראָזע אין יידיש. דאָס געהערט נישט צו דער טעמע פֿון דער דאָזיקער אַרבעט מיינער. אָבער אַ פֿאַקט איז עס אַ דערפֿרייענדיקער, דאָס וואָס די יידישע פּראָזע פֿאַרנעמט דאָ אַזאַ גרויס אָרט. דאָס איז אויסער יעדן ספק.

די יידישע פּראָזע אין ישראל דאַרף זיך אָבער נישט מתקנא זיין אין דער העברעישער. די יידישע פּראָזע אין ישראל געהערט דער אַלגעמיינער יידישער ליטעראַטור, אָדער ווי מלך ראַוויטש וואָלט געזאָגט, דער יידישער וועלט־ליטעראַטור. זי געהערט דער זעלבער ליטעראַטור־אידעע, וועמענס וואָרצלען מען געפֿינט אין ערגעץ אין די יידישע תפֿוצות. איר פּנים דאַרף זיין געווענדט צום יידישן עבר. וואָרעם אַ חוץ אונדזער יידישער ירושה איז דער עבר די בעסטע ירושה, וואָס די צייט לאָזט איבער דער קינסטלערישער ליטעראַטור, און דער עבר איז אויך די בעסטע ירושה, וואָס די קינסטלערישע ליטעראַטור לאָזט איבער דער צייט.

אגב, אויך די העברעישע ליטעראַטור איז נישט אין גאַנצן געווידמעט דעם הווהדיקן ישראל. טייל פֿון די בעסטע שאַפֿער אירע זענען פֿאַרבונדן מיטן עבר (ווי ש. י. עגנון און א. צ. גרינבערג). ס׳גייט אַרום אַ שמועה, אַז איינער פֿון די בעסטע שרייבער פֿון יונגן דור, אַ סאַברע, זאָל צוגרייטן אַ ראָמאַן פֿון אונדזער עבר אין גלות.

כ׳וואָלט גאָרנישט געהאַט דאַקעגן, אַז צווישן העברעיש און יידיש אין ישראל זאָל אָפּגעשלאָסן ווערן אַ מין דזשענטלמענס אַגרימענט, לויט וועלכן די העברעישע שרייבער זאָלן זיך באַשעפֿטיקן מיטן הווה און די יידישע מיטן עבר. די קאָנקורענץ צווישן זיי זאָל זיך אויסדריקן אין דער הייך פֿון די קינסטלערישע מיטלען מיט וועלכע די צוויי ליטעראַטורן באַנוצן זיך.

כ׳בין נישט זיכער צי קונסט ווערט דורכויס באַשאַפֿן פֿון קינסטלערישע מיטלען. כ׳ווייס נישט צי מיטלען, אַפֿילו קינסטלערישע, זענען דאָס בעסטע מיטל פֿאַר קונסט. מעגלעך אַז ס׳איז פֿאַראַן אַ נשמה וואָס קומט

פון אַן אַנדערער, פון קיינעם נישט באַקאַנטער דימענסיע, און זי מאַכט דאָס ווערק פאַר קונסט. אָבער אַז דער קינסטלער אַליין מוז זיך באַנוצן מיט קינסטלערישע מיטלען און אַז די קינסטלער קאָנען נאָר אין דעם פּרט מיט זיך קאָנקורירן, דאָס איז קלאָר און פּשוט בתכלית הפשטות. די רעשט געהערט שוין אויסשליסלעך דער קינסטלערישער השגחה, דאָס געהערט שוין דער וועלט פון קינסטלערישן נסתר.

*

דעם יידישן שרייבער דאַרף זיין קלאָר, אַז אין אַ צוואַנציק, דרייסיק יאָר אַרום, אויב נישט פריער, וועט די יידישע ליטעראַטור זיין נאָר און אויסשליסלעך אַ ליטעראַטור פאַר אויסדערוויילטע, אַ ליטעראַטור פאַר דער יידישער אינטעליגענץ, און דאָס אויך, וואַרשיינלעך, אין אַ זייער שמאָלן פאַרנעם.

דעריבער איז אַלץ וואָס פירט זי נישט העכער, אַלץ וואָס פירט זי נישט צום אויבן־אָנגעצייכנטן ציל, אַן אומזיסטע טירחה.

ס׳איז נישט אמת, אַז ביי אונדז זענען נאָך פאַראַן פאָלקס־מאַסן אין דעם באַטייט ווי זיי זענען געווען אַ מאָל. די יידישע מאַסן פון מזרח־אייראָפּע זענען אין גרעסטן טייל אומגעבראַכט געוואָרן און די איבער־געבליבענע ווערן גייסטיק פאַרניכטעט (כ׳מיין די יידן אין ראַטן־פאַר־באַנד). אָבער אין אַמעריקע, ווו די יידן לעבן אין קאָמפּאַקטע מאַסן און וואָלטן געקאָנט זיך יידיש אויסלעבן (ווען זיי וואָלטן געוואָלט), האָט זיך זייער עקאָנאָמישע, און במילא זייער קולטורעלע סטרוקטור אַבסאָלוט גע־ענדערט. נישט פאַראַן היינט דאָרט די פאָלקס־מאַסן צו וועלכע די יידישע שרייבער האָבן באַדאַרפט אַראָפּנידערן אָדער זיי אַרויפהייבן צו זיך (צי גאָר אַראָפּנידערן בכדי זיי אויפצוהייבן צו זיך). היינט שטייט דער יידישער לייענער נישט אָפּ פון זיין שרייבער. אָפּט מאָל איז עס גאָר פאַרקערט, אונ־זער יידישער לייענער שטייט העכער אינטעלעקטועל פון זיינע שרייבער. נישט איין מאָל טרעפט, אַז די לייענער קוקן אויף אַ שרייבער נישט פון אינטערעס צו זיין שאַפונג נאָר פון נייגיר צו אים אַליין.

די אַלע, וואָס רעדן נאָך היינט צו טאָג אין שייכות מיט אונדזער לי־טעראַטור וועגן „פאָלקס־מאסן" און „פאָלקסטימלעכקייט" — די נאַרן זיך

און אַנדערע. די צייט פון פרימיטיווע וואָרט־קינסטלער איז פאַרביי. זי איז נישט פאַרביי נאָר פאַר די קינסטלער, וואָס באַנוצן זיך מיט פרימיטיווע מיטלען פון גרויס ראַפינירטקייט.

פאַראַן היינט אַ סך טומלערס אין דער יידישער ליטעראַטור. מען טומלט מיט איר און אַרום איר. מען פרייט זיך מיט איר און מיט איר כמותדיקן וווּקס. דאָס דערמאָנט טייל מאָל אין שמחת־תורה, ווען אַלע, אַפילו די וואָס האָבן נישט געקאָנט קיין שייטל עברי, האָבן זיך געפרייט מיט דער תורה, זי געקושט און געטאַנצט מיט איר.

אָבער שמחת־תורה איז געווען (און איז נאָך עד־היום) אַ געהויבענע דערשיינונג, אַ גרויסע איבערלעבעניש, אַ פאָלקס־שמחה, ווען דאָס גאַנצע פאָלק האָט אַרויסגעוויזן זיין צוגעבונדנקייט צו דער תורה, צו דער יידישער נצחיותדיקייט.

דאַקעגן קונסט איז נישט קיין תורה נאָר עבודה. און די עבודה האָבן געמעגט אויספירן נאָר כהנים, און זיי צו באַדינען זענען געווען די לויים. די רעשט, וואָס האָט מיט קונסט־עבודה קיין דירעקטן שייכות נישט, דאַרפן זיך האַלטן אַ ביסל ווייטער דערפון, מיט אַ ביסל מער דרך־ארץ ווי מען זעט דאָס איצט.

*

די יידישע שרייבער דאַרפן באַפרייען די יידישע ליטעראַטור פון דעם אָרעמקייט־קאָמפּלעקס, אין וועלכן זיי האָבן די ליטעראַטור פאַרפּלאָנטערט. ווען אַפילו די יידישע שרייבער שטאַמען פון אָרעמקייט מוזן זיי נישט מיט אָרעמקייט קאָקעטירן. דאָס קאָקעטירן מיט אָרעמקייט איז אַ סימן מובהק פון אַ טיף־פאַרוואָרצלטן מינדערוווערטיקייטס־קאָמפּלעקס ביים יידישן שרייבער.

אין אַ בריוו צו מיקעל אַנדזשעלאָ שרייבט זיין פאָטער אַזוי: „שפּאָר־זאַמקייט איז אַ גוטע זאַך, נאָר אָרעמקייט איז אַ שלעכטע זאַך. דאָס איז אַ מום, וואָס טויג נישט פאַר גאָט און נישט פאַר לייט. ער וועט שאַדן דיין נשמה און דיין גוף".

מיקעל אַנדזשעלאָ אַליין שרייבט צו זיין פריינד קאָנדיווי: „מיט קונסט דאַרפן זיך פאַרנעמען נאָר ווילגעבוירענע און נישט קיין פלעבעיער".

מילא, מוז מען נישט מסכים זיין אין דעם פּרט מיט מיקעל אַנדזשעלאָ. אגב איז די גוישע איינטיילונג אויף וווילגעבוירענע און פּלעבעיער פאַר אונדז יידן נישט אַנצונעמען. אָבער אונטער די ווערטער פון מיקעל אַנ־דשזעלאָס פּאָטער בין איך זיך גרייט אונטערצושרייבן מיטביידע הענט. אָרעמקייט איז אַ מום און אַוודאי איז נישטאָ דערמיט וואָס צו שטאָלצירן.

דער אָרעמאַן דאַרף אויפהערן צו זיין דער הויפּט־העלד אין אונדזער ליטעראַטור. זינט „פישקע דעם קרומען" פאַרנעמט ער דעם אויבנאָן אין במעט אַלע שאַפונגען פון די יידישע שרייבער. ס'איז שוין באַלד געוואָרן אַ שאַבלאָן אַזוינער: אָן אַן אָרעמאַן גייט מען נישט צו צום ליטעראַרישן טיש. און נישט קיין פאַרשייטע אָרעמעלייט זענען זיי דאָס, נישט קיין אָרע־מעלייט מיט כאַראַקטער, מיט רעוואָלט, נאָר פולע מיט הכנעה. אַפילו אונ־דזערע היינטיקע ביכער זענען פול מיט יידן מיט קאַליע־אויגן, מיט בטלנים, מיט האַלבע־משוגעים, וואָס דרייען זיך אין די שול־הייף, מיט סתם אָרעמ־קייט, מיט דער גאַנצער אביונאָלאָגיע, מיט דער גאַנצער גאַלעריע טיפּן, מיט וועלכע דער משכיליזם האָט ביזוויליק געשילדערט די יידישע ווירק־לעכקייט, זי געוויזן אין אַ קרומען שפּיגל, און אין בעסטן פאַל, איינזייטיק, בכדי זי צו פאַרמיאוסן.

דער אַמאָליקער משכיליזם האָט דאָס געמאַכט בייזוויליק, דער היינ־טיקער מאַכט עס גוטוויליק, אָבער סיי ווי, אַזוי צי אַזוי, ווירקן די בילדער פון אָרעמקייט דערדריקנדיק אויפן לייענער. זיי הייבן אים נישט אויף, זיי באַרייכערן אים נישט, זיי וועקן אַפילו נישט קיין רחמנות און נישט קיין באַדויער. זיי רופן אַרויס פּראָטעסט קעגן אַזאַ מין ליטעראַטור, פּראָ־טעסט און ווידערווילן. אַזאַ ליטעראַטור קאָן נישט פאַראינטערעסירן דעם היינטצייטיקן לייענער און אַוודאי נישט אימפּאָנירן.

און ס'זענען דאָך פאַראַן געווען אַזוי פיל רחבותדיקע יידישע שטובן, פולע מיט שיינקייט. פאַראַן געווען אין זיי אַזוי פיל אייגנאַרטיקייט, סטיל און חן. פול מיט שימער און בליאַסק איז געווען אין די שטובן. ס'איז פאַ־ראַן געווען אַ גרויס־שטאָטישער, רחבותדיקער יידישער מיטלשטאַנד, וואָס מען זעט אים כמעט נישט אין אונדזער ליטעראַטור.

דאָס הייסט נישט, אז מען דאַרף ווייזן נאָר דאָס שיינע, סיי דאָס אויס־ערלעכע און סיי דאָס אינערלעכע, פונעם יידישן לעבן, אָן זיינע שאָטן־

זייטן. דאָס וואָלט ווידער נישט געטויגט, דאָס וואָלט ווידער נישט געווען אמת. מען טאָר נישט אַפּאָטעאָזירן. אָבער מען דאַרף דאָך נישט טאָן זיך און דעם לייענער צו־להכעיס. מען מוז דאָך נישט זען אַלע מידות און מעלות טובות גראָד ביים אָרעמאַן. סוף־כל־סוף האָבן די נגידים מער צדקה געטאָן ווי די אָרעמעלייט און ס׳קומט זיי בפירוש אַ שטיקל חלק בעולם הליטעראַטור.

אונדזער קריטיק, די אָפּיציעלע און די האַלב־אָפּיציעלע, און אויך די קריטיקער־כאַלופּניקעס, דאַרפן אויפהערן קוקן אויף דער יידישער ליטעראַטור מיט רחמנות־בליקן. זיי דאַרפן אויפהערן מאָנען פאַר איר אַ ספּעציעל איינזען. זיי דאַרפן נישט פאָדערן פאַר איר קיין אַנדערע מאָסן ווי די וואָס זענען אָנגענומען אויף דער גאַנצער וועלט. מען דאַרף זיך אויפהערן באַנוצן אויפן אַדרעס פון די, וואָס פאָדערן פון אונדזער שרייבער ניוואָ, מיט דער באַליידיקנדיקער (פאַר דער יידישער ליטעראַטור און אירע שרייבער) טענה: „וואָס ווילט איר פון אונדזער ביסל ליטעראַריש־אָרעמקייט, נעבעך?״ דאָס איז נישט אמת. די יידישע ליטעראַטור איז נישט קיין נעבעכדיקע, און ס׳איז נישט ווירדיק צו באַנוצן זיך מיט אַזאַ טענה, פון וועלכער נישט איין האַלבער און גאַנצער גראַפאָמאַן געניסט זייער גערן.

די יידישע ליטעראַטור דאַרף פון איצט אָן זיין געווענדט צום אינטעליגענט. און רעדנדיק וועגן אינטעליגענט, מיין איך אויך דעם רעליגיעזן אינטעליגענט. אין דעם פּרט איז נאָך פאַראַן אַ סך צו דערוואַרטן. מען מוז צוריק געווינען דעם עם־הספר פאַרן יידישן בוך. צו דעם צוועק דאַרף מען איבעררייסן מיטן משכילישן שאַבלאָן און אויך מיטן אָרעמקייט־שאַבלאָן און בכלל מיט שאַבלאָן. ס׳איז דאָך קלאָר, אַז יעדע איבערחזורונג אין ליטעראַטור קאָן איר נאָר ברענגען שאָדן.

להיפוך צו דער יונגער העברעישער ליטעראַטור וואָס איז פאַרקוקט און פאַרליבט אין פרעמדע מוסטערן, דאַרף די יידישע ליטעראַטור, און דווקא די, וואָס ווערט געשאַפן אין ישראל, זיין געווענדט צו די אייגענע מקורות. אויך אירע העלדן דאַרפן זיין מקורותדיקע. נישט קיין סינטעטיזירטע. ערלעכקייט צום טיפּ איז, אין ליטעראַטור, מער ווי ערלעכקייט צו דער אידעע. דאָס מוז אַ שרייבער שטענדיק געדענקען.

וועט דער יידישער שרייבער שעפּן פון די אייגענע מקורות, וועט ער זיך פאַרבינדן מיטן פאָלק אויף שטענדיק. פון אַזאַ ליטעראַטור וועט מען זיך נישט קאָנען באַפרייען, אַפילו די וואָס וועלן דאָס וועלן, פונקט ווי מען קאָן זיך נישט באַפרייען פון דעם אייגענעם גורל.

נאָר אַ ליטעראַטור, און נאָר אַ שרייבער וואָס איז פאַרבונדן מיט זיין פאָלק, נאָר אַזוינער האָט שאַנסן אויף באַשטענדיקייט. די רעשט, מעגן זיי האָבן דעם גרעסטן דערפאָלג, איז עס נאָר אַן ענין פון צייטווייליקייט. די יידישע ליטעראַטור האָט נאָר איין וועג, דעם וועג פון באַשטענדיקייט, די צייטווייליקייט געהערט נישט צו איר, ווי זי געהערט נישט בכלל דעם יידישן פאָלק.

וועט דער יידישער שרייבער שלום מאַכן מיט זיין גורל, אַז ער שרייבט נאָר פאַר אַ הייפל אויסגעקליבענע, וועט ער אויך באַנעמען, אַז ער אַליין דאַרף זיין אַן אויסדערוויילטער. ער וועט ערשט דעמאָלט קאָנען אָפּשאַצן וואָס עס הייסט דאָס אַזוינס צו זיין אַ נאַציאָנאַלער שרייבער. אָט די הויכע באַשטימונג, וואָס אַ סך האָבן זיך געפּרוווט נעמען נישט־פאַרדינטערהייט.

חוץ אַלע קעגנערשאַפטן צו אידעען און אויפגאַבעס אין דער ליטע־ראַטור, האָט די יידישע ליטעראַטור פאַרט איר אויפגאַבע. איר אויפגאַבע איז צו בלייבן לעבן, צו בלייבן אַ לעבעדיקע ליטעראַטור. דאָס איז די הויפּט־אידעע פון דער יידישער ליטעראַטור אין איצטיקן גורלדיקן פאַר איר מאָמענט.

די יידישע ליטעראַטור בענקט נאָך אַ גרויסער פּערזענלעכקייט. סי־מנים פון אַזאַ בענקשאַפט זענען פאַראַן אַ סך. און בענקשאַפט קאָן אַלץ באַשאַפן, ווייל אויך די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן פון בענקשאַפט באַשאַפן צו ווערן.

(אַלמאַנאַך „יידיש", ניו־יאָרק, 1961)

## א

פאַר וואָס איז די איצטיקע יידישע ליטעראַטור, בדרך־כּלל, נישט מאָדערן? פאַרקערט, פאַר וואָס איז זי אַזוי ווייט פון מאָדערניזם?

די דאָזיקע פראַגע, צי טענה, איז נישט נאָר מיינע. כ׳האָב ערשט נאָר־וואָס געהערט פון אַ קאָלעגע אַ זייער גוט פרעציזירטע טענה. זי האָט געקלונגען אַזוי: פאַר וואָס ווען מען נעמט אין האַנט אַריין אַ נייע יידישע אויסגאַבע, לאָמיר זאָגן — אַן אַלמאַנאַך, צי אַ צייטשריפט, זעט מען, אַז די זאַכן, די שאַפונגען וואָס זענען דאָרט געדרוקט, האָבן געקאָנט פּונקט אַזוי געשריבן ווערן איצט, ווי מיט צוואַנציק, צי דרייסיק יאָר צוריק. אויב נישט אַלע מאָל איז עס אַזוי טעמאַטיש, איז דאָס בכל־אופן אַזוי שטענדיק פון שטאַנדפּונקט פון פאָרעם.

די אויבנדערמאָנטע פראַגע, צי טענה, וואָס זעט אין פלוג אויס צו זיין זייער פּשוט — איז שוין גאָרנישט אַזוי פּשוט. פאַר דעם קאָלעגע, וואָס האָט די טענה אַרויסגערוקט, איז קלאָר, אַז דאָס וואָס די היינטצייטיקע יידישע ליטעראַטור איז נישט מאָדערן, צי מאָדערניסטיש, איז זיכער אַ חסרון. פאַר מיר דאַקעגן, איז עס נאָך לחלוטין נישט זיכער. אין ענינים פון שרייבן, ווער שמועסט נאָך וועגן שרייבן קונסט, בין איך קיין מאָל נישט זיכער ווען כ׳דאַרף באַנוצן דאָס וואָרט: זיכער.

קאָן זיין, אַז דאָס וואָס די איצטיקע יידישע ליטעראַטור איז, אין פאַרגלייך מיט די היינטצייטיקע באַגריפן וועגן ליטעראַטור אין דער וועלט, קאָנסערוואַטיוו, איז אַ פּועל־יוצא פון איר אָפּוועך־קראַפט, פון איר זעלבסטדערהאַלטונגס־אינסטינקט. און אין דעם ליגט גאָר איר מעלה. די שטאַרק אָפּגעשוואַכטע, דורכן חורבן פון די יידן און דורכן כסדרדיקן חורבן פונעם יידישן לשון, יידישע ליטעראַטור, קאָן זיך אפשר מער נישט דערלויבן אויף אזא אָנשטרענגונג; קאָן זיך נישט דערלויבן אויף קיין כּור־חות־פאַרלוסט, וואָס יעדע נייעס פאַרלאַנגט. עקספּערימענטן פאַרלאַנגען קרבנות. די איצטיקע יידישע ליטעראַטור איז נישט גרייט אויף קיין קרבנות. זי קאָן דאָס נישט. און אפשר רעדט זי זיך נאָר איין, אַז זי קאָן נישט און טאָר נישט. אָבער דאָס ענדערט נישט די לאַגע.

דעריבער קאָן גריילעך מעגלעך זיין, אַז טאַקע דערפאַר, צוליב דער מורא פאַרן כוחות־פאַרלוסט, האָט די איצטיקע יידישע ליטעראטור באַוווּסטזיניק, צי אונטערבאַוווּסטזיניק (צי גאָר אומבאַוווּסטזיניק) זיך געהאַלטן און דערהאַלטן אויף דער אַלטער פּאָזיציע פון רעאַליזם, וועלכער האָט סיי ווי און פון שטענדיק אָן אמבעסטן אויסגעדריקט איר כאַראַקטער און איז, אגב, ענג פאַרבונדן מיטן יידישן פאָלקס־כאַראַקטער.

וואָלט, הייסט עס, דער קאָנסערוואַטיזם פון דער איצטיקער יידישער ליטעראַטור גאָר נישט געווען אַזוי שלעכט. פאַרקערט, ער וואָלט זיך געהאָט זיין מעלה, ווען נישט די צרה, וואָס אונטער אירע ברייטע פּליי־צעס באַהאַלטן זיך אויס אַזויפיל שרייבערישע מאַרודערן, אַזויפיל עפּיגאָנען (באנוצנדיק פאַר זיי אַזאַ שיין־קלינגענדיקן נאָמען).

דאָס אויספעלן פון אינדיווידואַליטעט, פון דעם מינדסטן פּרווו צו דערגיין צו עפּעס נייעס, עפּעס מהותדיקס מחדש צו זיין, איז ממש שאָקירנדיק. די איבערחזרונגען פון די מיליעס און טיפּן אין דער פּראָזע, און פון די געדאַנקען און אַפילו די געפילן (!) און גראַמען אין דער פּאָעזיע, קאָנען דעם אַממייסטנס געדולדיקן לייענער אַרויסברענגען פון די כלים. מען האָט די זייער קלוגע מאַקסימע, אַז וועגן אַלץ קאָן מען שרייבן, פאַרטוישט אויף אַ נאַרישער, אַז וועגן אַלץ מוז מען שרייבן. און מען מוז נישט. מוז איז בפירוש קעגן מוזע. און די דאָזיקע אַלטמאָדישע דאָמע, פּירט נאָך אַלץ ביי די נעז אפילו די סאמע־דורכגעטריבנסטע און פיפיקסטע שרייבער, אויב זיי האָבן נאָר טאַלאַנט.

די איבערחזרונגען און די נישט־איבערקלייבערישקייט פון די טעמעס מאכט די ליטעראטור יאלאָווע, עקרדיק. זי ווערט איינטאָניק און פּאַרבלאָז. אַפילו די געבילדעטע ביי אונדז שרייבער פאַרגעסן וועגן דער גרענעץ צווישן דעם לעבעדיקן, פילפאַרביקן, קווערשניטיקן רעאַליזם און דעם האַמעטנעם, הומאָרלאָזן און פאַרבלאָזן נאַטוראַליזם, וואָס רייסט אויס דאָס געזעענע מיטן וואָרצל, כלחוך השור.

פאַרשטייט זיך, אַז שולדיק דעריך איז אויך אונדזער ליטעראַטור־קריטיק. די קריטיקער אונדזערע האָבן זיך אַזוי גוט אַריינגעפּאַסט אין די כאָטש אויסגעריבענע אָבער אויסגעוואַרעמטע פּאָטעלן פון קאָנסערוואַטיזם, אַז יעדער נייער אופן פון שרייבן אַ נאָוועלע, צי ראָמאַן, ווערט דורך

זיי אויפגענומען מיט אַזוי פיל נישט־פאַרשטיין, אין בעסטן פאַל מיט אַזאַ רעזערוואַציע, אַז מען דאַרף האָבן אַ סך שרייבערישן מוט נישט אַראָפּ־צופאַלן ביי זיך און גיין אויף דעם דאָזיקן וועג ווייטער.

אָבער די הויפּט־שולדיקע בלייבן פאָרט די שרייבער גופא.

יאָ, וועט מען זאָגן, גערעכט צי נישט גערעכט, אָבער ווער קאָן דאָס קומען היינט־צו־טאָג און פאָדערן און פאַרלאַנגען פון דער יידישער לי־טעראַטור נייעס, צי באַנייונג, צי מאָדערנקייט, צי גאָר מאָדערניזם, ווען אין דער יידישער ליטעראַטור האַלט מען שוין ביי נעילה?

אויף דעם קאָן איך ענטפערן, אַז קודם־כל פאַרלאַנג איך נישט. לי־טעראַטור איז נישט געמאַכט געוואָרן צו פאַרלאַנגען פון איר. כ׳שטעל נאָר פעסט אַ פאַקט און קאָן העכסטנס באַדויערן, וואָס ס׳איז אַזוי און נישט אַנדערש.

און נאָך עפּעס. דער לאו פון חילול־שבת איז פונקט דער זעלבער נישט געקוקט אויף דעם ווען מען איז אויף אים עובר, צי ווען דער שבת קומט אָן, צי ווען ער גייט שוין אַוועק.

דאָס איז דערפאַר, ווייל שבת איז אַ גאַנצקייט. ליטעראַטור פון פאָלק מוז אויך זיין אַ גאַנצקייט, און מען קאָן נישט עובר זיין אויף אירע געזעצן ווען זי האַלט ביים אָנהייב, און נישט ווען זי האַלט חלילה ביים סוף. און באַנייונג אין דער קונסט, אַזוי אין דער שרייבערישער ווי אין אַלע אַנדערע, איז אַ חוק בל יעבור.

## ב

פון מיין טבע אויס בין איך אין ענינים פון ליטעראטור אַן אָנגרייפער. ס׳איז מיר אַ סך נענטער די ראָל פון אַ פּראָקוראָר, ווי פון אַ פאַרטיידיקער. אין רחמים בליטעראטור. אין דער ליטעראַטור טאָר מען נישט האָבן קיין רחמנות, נישט אויף זיך און נישט אויף יענעם.

אָבער, ווי איר זעט שוין אַליין, בין איך דאָס מאָל דווקא אַ פאַר־טיידיקער. נישט די שרייבער און נישט די קריטיקער פאַרטיידיק איך, מיינע טענות צו זיי זענען שרירין וקיימין, נאָר די ליטעראַטור. ווייל דאָ גייט דער עיקר וועגן איר כאַראַקטער און נשמה. גענויער: אין דער יידי־

שער נשמה און אין דעם יידישן כאַראַקטער פון דער יידישער ליטעראַ־
טור.

אייגנטלעך וואָלט איך געדאַרפט אָנהייבן, און אויב נישט אָנהייבן איז לכל־הפּחות איצט, אויף דעם אָרט, געבן אַ דעפיניציע פון מאָדער־ניזם, ענטפערן אויף דער פראַגע: וואָס איז דאָס אַזוינס מאָדערניזם?

אָבער די פראַגע האָט נאָך קיינער נישט פאַרענטפערט. כ׳וואָלט דאָ גריילעך געקאָנט יוצא זיין מיטן פּאַראַפראַזירן די מאָראַלישע מאַקסימע וועלכע קלינגט: פאַרלאַנג נישט פון אַנדערע דאָס, וואָס ביסט נישט גרייט צו פאַרלאַנגען פון זיך, און זאָגן: פאַרלאַנג נישט פון זיך דאָס, וואָס ביסט נישט גרייט צו פאַרלאַנגען פון אַנדערע. איך בכל־אופן בין נישט גרייט צו שטעלן קיין שום ליטעראַטור־קריטיקער אין אַ פאַרלעגנהייט ער זאָל מיר דאַרפן ענטפערן אויף דער דאָזיקער פראַגע, וועגן וועלכער ס׳איז שוין פאַראַן אַזויפיל געזאָגטס און אַזוי ווייניק דערזאָגטס.

און דאָך, פּטור בלא כלום אי אפשר. לאָמיך פאָרט פּרוּוון עפּעס מו־סיף צו זיין צו דעם שוין געזאָגטן.

ווען מען אַנאַליזירט אַ ביסל גרינטלעכער די איצטיקע מאָדערנע ליטעראַטור, למשל די אַמעריקאַנער, זעט מען ווי נאָענט זי איז, ווי פאַרבונדן זי איז, טראָץ אַלע הבדלים און ווייטקייטן פון לאַנד, קאָנטי־נענט, פאָלק, אַנטוויקלונג און כאַראַקטער — מיט דעם פראַנצויזישן מאָ־דערניזם פון פאַר הונדערט יאָר צוריק.

ווייל אינעם יסוד פון יעדער באַנייונג, צי אַפילו פון יעדן נייעם, ליגט דאָס טראַדיציאָנעלע, דאָס קאָנסערוואַטיווע, דאָס וואָס איז אויפגע־האַלטן געוואָרן פון אַמאָל, ווען אַפילו דאָס אַמאָליקע איז בשעתו געווען ריינע רעוואָלוציע. אַנדערש קאָן עס נישט זיין.

אַפילו דאָס סאַמע רעוואָלוציאָנערסטע מוז מען סוף־כל־סוף פאַר־בינדן מיטן טראַדיציאָנעלן, אויב מען וויל, אויב ס׳גייט אין לעבן, אַז דאָס נייע זאָל האָבן אַ קיום.

ווען כ׳בין אין 1949 געווען אין פּאַריז, האָט מיך איינער פון די טעאָ־רעטיקער פון דער אַבסטראַקטער מאָלעריי געוואָלט דורכויס איבער־צייגן, אַז דער יסוד פון דער דאָזיקער דעמאָלט אולטראַ־מאָדערנער ריכ־

טונג אין דער מאָלעריי, איז אין הסכם מיטן אַלט־יידישן פאַרבאָט „לא תעשה לך פסל וכל תמונה״.

אָבער לאָמיר זיך האלטן גענויער ביי אונדזער טעמע, און לאָמיר נישט אָנהויבן מיט הונדערט יאָר צוריק, נאָר מיט פערציק.

ווען די אַמעריקאַנער אינטעלעקטואַליסטן, די פיינפיליקע, אירע שריי־בער און קינסטלער, האָבן זיך אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה דערנענטערט צו אייראָפּע (אפשר טאָקע ווי אַ פועל־יוצא פון אַמעריקעס אָנטייל אין דער מלחמה), האָבן זיי דאָרט אָנגעטראָפן אַ מו־ראַדיקן, דערשיטערנדיקן פּעסימיזם.

ס׳איז שוין דעמאָלט געווען נאָכן קינסטלערישן און אידעישן יריד פון די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה. אייראָפּע, דווקא אירע זיגרייכע פעלקער, זענען געזעסן אויף די חורבות פון צעשמעטערטע אידעאַלן. די יוגנט, די אינטעלעקטועלע, איז אַרומגעגאַנגען אָפּהענטיק און פאַרלוירן. זייער גאַנץ ביסל „גייסטיקע״ חיונה האָבן זיי געצויגן פונעם מאַזאָכיסטישן פאַרגעניגן פון זיך אָנרופן „דער פאַרלוירענער דור״. דער דאָזיקער פּע־סימיזם האָט דערגרייכט זיין הויך־פּונקט פון מאָראַלישער געפאַלנקייט אין די ווערק פונעם פראַנצויזישן שרייבער, סעלין, דעם שפּעטערדיקן היהשן אַנטיסעמיט און קאָלאַבאָראַטאָר מיט די דייטשן, בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה.

איינצייטיק האָט זיך דעמאָלט, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, פון באַזיגטן דייטשלאַנד פאַרשפּרייט די פילאָזאָפיע פון מאַרטין היי־דעגער, דעם שפּעטערדיקן אָנהענגער פון היטלערן. היידעגער האָט גע־פּרעדיקט זיין יאושדיקן, גאָטלאָזן עקזיסטענציאַליזם, וואָס האָט געזען אין אַלע מענטשלעכע טאַטן און טואונגען נישט מער ווי אַ ווילן און אַ מיטל פון די מענטשן זיך צו פאַרטומלען, צו אַנטרינען פונעם פחד פאַרן טויט.

די וועלט־ליטעראַטור, איר געדאַנק, האָט זיך מיט גיכע טריט דער־נענטערט צו אַבסורדאַליזם, צו זען דאָס לעבן פון מענטש, און פון דער וועלט בכלל, ווי אַן אַבסורד, צי ווי אַ שפּיל פונעם טייוול.

פון דעם, ביז דעם אַלעם וואָס איז געשען שפּעטער, און וואָס וואַרט

אונדז נאָך אפשר אין דער צוקונפט, איז שוין נישט מער ווי איין־און־איינציקער, וואַנזיניקער טריט...

ווען מען נעמט דעם אויבן־געשילדערטן אייראָפּעישן פּעסימיזם, מען גיט צו אים צו אַ ביסל דינאַמיק און קלאָריט פונעם אַמעריקאַנער „ווילדן מערב", און אַ ביסל פון דער ירושה פון דער מאַקאַברישער תקופה אין דער ענגליש־אַמעריקאַנער ליטעראַטור, קאָן מען באַקומען אַ גענוי בילד פון דעם, וואָס ס'שטעלן מיט זיך פאָר די שפּיצן פון דער היינטצייטיקער אַמעריקאַנער, מאָדערנער ליטעראַטור מיט אַלע אירע נאָכגייער און נאָכמאַכער פון אומעטום, וועלכע פאַרנעמט שוין זינט יאָרן, און ביז צו די שאפּונגען פון די „ביטניקעס", אַ בכבודיק אָרט אין דער מאָדערנער וועלט־ליטעראַטור.

ווען נאָך דער גרויסער ראָמאַנטישער און ראָמאַנטיש־מיסטישער תקופה פון דער אייראָפּעישער ליטעראַטור, בעיקר פון איר פּאָעזיע, איז געקומען שאַרל באָדלער מיט זיין, לאָמיר זאָגן, מיסטישן נאַטוראַליזם (ווי פּאַראַדאָקסאַל ס'זאָל נישט אויסזען די פאַרבינדונג פון די צוויי קעגנגעזעצטע באַגריפן), האָט ער געפּאָדערט דעם גאַנצן, נאַקעטן אמת, ווי ברוטאַל ער זאָל נישט זיין.

ער האָט דאָס געפּאָדערט נאָר און אויסשליסלעך למען האמת.

כ'ווייס נישט צי די היינטיקע, מאָדערנע שרייבער, די אַמעריקאַנער דער עיקר, ליציטירן זיך טאַקע אין באַשרייבן דעם גאַנצן אמת. כ'בין אַפילו דערין אַ שפּאָר ביסל מסופק. אָבער אַז זיי ליציטירן זיך אין באַשרייבן ברוטאַליטעטן, דאָס איז למעלה מכל ספק.

נאָךביידע וועלט־מלחמות, ווען סיי ביים ערשטן מאָל און סיי ביים צווייטן, האָבן זיך גאָר די זיגער ארויסגעוויזן ווי די באַזיגטע, ווען אין דעם קאָשמאַרן שפּיל האָט דער קרופּיער־שטן גאָר זיך צוגעשאַרט די געווינסן, האָבן זיך די שרייבער פון יונגן דור, פון אומעטום, פון אַלע נישט־יידישע וועלטן, אַוועקגעשטעלט און געשריגן: קוק הינטער זיך מיט צאָרן!

אָבער וואָס קאָנען אונדזערע יידישע שרייבער שרייען צו זייערע מיטצייטלער? וואָס קאָנען זיי זען, ווען זיי קוקן הינטער זיך? אַ דור, צי דורות, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן! זיי, די יידישע שרייבער, וואָלטן

געקאַנט שרייען, ווען זיי האָלטן געשריגן: קוק הינטער זיך מיט צער! און אין דעם חילוק צווישן צאָרן און צער, ליגט דער חילוק צווישן אונדז, צווישן זייער ליטעראַטור און אונדזער יידישער.

ג

צער און נישט צאָרן איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אונדזער גאַנצער יידישער, אין יידיש געשריבענער, חורבן־ליטעראַטור.

די יידישע חורבן־ליטעראַטור האָט זיך פאַרנומען עדות צו זאָגן וועגן די ליידן און אומקום פון די אייראָפּעישע, דער עיקר מזרח־אייראָפּעישע, יידן. די דאָזיקע ליטעראַטור איז טיילווייז אַ דאָקומענטאַרע און טיילווייז אַ פסיכאָלאָגיש־דעסקריפּטיווע. די ערשטע באַשרייבט וואָס איז געשען מיט די יידן, און די צווייטע, וואָס איז געשען מיטן ייד; מיטן ייד, ווי אַ יחיד, דער עיקר, ווי אַזוי האָט ער געלעבט אין די יאָרן פון זיין כסדרדיקן אומקום.

קאָן זיין אַז אַזוי אַרום האָבן די יידישע שרייבער געוואָלט אויסדריקן זייער פּאַסיוון פּראָטעסט קעגן דער נישט־יידישער וועלט. אָבער קיין אַקטיווער פּראָטעסט איז עס זיכער נישט. קיין צאָרן איז דערין נישט פאַראַן. אין איין דערציילונג פון לאַמעד שאפּירא, „דער צלם", פון די צייטן פון די אַמאָליקע רוסישע פּאָגראָמען, איז פאַראַן מער צאָרן ווי אין אַלע פּראָזע־ביכער פון אונדזער יידישער חורבן־ליטעראַטור.

אויך אין דער יידישער פּאָעזיע פון די ימי־החורבן, איז פאַראַן צער און נישט צאָרן. אַ חוץ אפשר ביי יצחק קאַצענעלסאָן. נישט פאַראַן אין דער גאַנצער חורבן־פּאָעזיע דער צאָרן פון ביאַליקס „שחיטה־שטאָט", נישט פאַראַן דער צאָרן פון די ווערק פון אורי צבי גרינבערג, צי פון פּרץ מאַרקיש, געשריבענע וועגן די אוקראַינער פּאָגראָמען, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

דער ענין איז נישט קיין פּשוטער. פאַרקערט, ער איז אַן ערנסטער און קאָמפּליצירטער. ער פאָדערט אַ ברייטע באַהאַנדלונג. איך קאָן זיך דעריבער דאָ, אין דעם פאַל, דערמיט נישט באַשעפטיקן, ווייל דאָס וואָלט אויפגעריסן די ראַמען פון מיין איצטיקער אַרבעט. איך האָב דאָס פּראָב־

לעם דאָ נאָר פאַרנאָטירט, ווייל עס רירט אָן די טעזע וועגן צאָרן און צער אין דער נישט־יידישער און יידישער ליטעראַטור. אָבער וועגן עצם־באַרירטן פּראָבלעם זאָג איך זיך דערווייל נישט אַרויס, נישט לחיוב אין נישט לשלילה.

נאָכן אונטערשטרייכן דורך מיר דעם „זייער און אונדזער״, זייער ליטעראַטור און אונדזערע, מוז איך אויפקלערן אָט־וואָס:

איך בין ווייט דערפון צו האַלטן, אַז מיר דאַרפן זיך איזאָלירן פון דער וועלט, פון דער נישט־יידישער וועלט. פאַרקערט, איך האַלט, אַז אויף וויפל דאָס איז פאַרשטייט זיך אָפּהענגיק פון אונדז, דאַרפן מיר זיך דערנענטערן צו דער נישט־יידישער וועלט. ווי אַ ייד בין איך קעגן דעם אַנטי־גויאיזם און נישט נאָר קעגן דעם אַנטי־סעמיטיזם. איך בין קעגן דעם נאַרציזם אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז פאַרקוקט נאָר אין זיך און שילדערט אַזוי זעלטן אַ גוי, כ׳מיין אַן אמתן גוי, וואָס פאַר־נעמט אַ פּאָזיציע אין לעבן, און נישט קיין שבת־גוי, צי סתם אַ גויעלע. און ווען שוין יאָ אַ גוי, איז עס אַ צוגעטראַכטער און צומאָל נישט קיין אויס־געטראַכטער.

כ׳בין דערפאַר, אַז אונדזער יידישע ליטעראַטור דאַרף זיין עם כל הגויים, אָבער ווען מען זאָל זיך מיך פרעגן, צי דאַרף זי זיין ככל הגויים, וואָלט איך געענטפערט: ניין.

ווייל דער גורל אונדזערער ווי אַ פאָלק איז אַנדערש ווי דער גורל פון אַלע אַנדערע פעלקער, איז במילא דער גורל פון אונדזער ליטעראַטור אויך אַן אַנדערער.

און דער גורל האָט באַשטימט דעם כאַראַקטער פון דער יידישער ליטעראַטור, פון דער ליטעראַטור אין יידיש.

מיר, למשל, געפעלט בעסער זלמן שניאורס פולבלוטיקער נח פּאַנדרע, ווי דער איבערגעזיסטער תהילים־ייד פון שלום אַשן. אָבער נענטער איז מיר דאָך דער תהילים־ייד (זעט אויס אַז געפעלן ווערן איז נאָך געננוג ווייט פון נאָענטקייט), ווייל דער תהילים־ייד איז נענטער צום יידישן כאַ־ראַקטער, און במילא איז ער אויך מיר נענטער.

כ׳וויל דאָ נישט זאָגן צי אַזאַ כאַראַקטער איז גוט, אָדער נישט־גוט,

צי איז אַזאַ כאַראַקטער אַ גליק, צי גאָר אַן אומגליק. איך שטעל נאָר דאָ פעסט אַ פאַקט.

יעדעס פאָלק האָט זיך זיין כאַראַקטער, און יעדע ליטעראַטור פון אַ פאָלק האָט זיך איר כאַראַקטער, וועלכער קומט זיך אין אַ סך פּונקטן צונויף מיטן פאָלקס־כאַראַקטער.

מיט פאָלקס־כאַראַקטער ווערט דאָ נישט געמיינט כאַראַקטער פון די פאָלקס־מאַסן, נאָר דער לעבנס־שטייגער פון אַ פאָלק, פון אַלע זיינע שיכטן, זייערע נטיות און טאַוונגען, וואָס ווערן באַשטימט דורך אינער־לעכע און אויסערלעכע גורמים.

די רוסישע ליטעראַטור, למשל, איז שטענדיק געווען אַ רעאַליסטישע. אַפילו אין איר ראָמאַנטישער תקופה איז זי געווען אַ ראָמאַנטיש־רעאַליס־מישע, געווען אַ מאָראַלישע, אַ גאָט־און־מענטשן זוכערישע. אַזוינע איז זי געווען בשעתה, ווען זי איז געווען אַן אמתע ליטעראַטור. די דייטשע איז געווען אַ ראָמאַנטיש־מיסטישע, אַן אַבסטראַקטע און אַ פאַרנעפּלטע. די פראַנצויזישע איז און איז געווען אַ ראַציאָנאַליסטישע, אַ העלע און אַ שכלדיקע. דערפאַר האָט זי געקאָנט לעבן בשלום מיט אַלע קינסטלערישע ריכטונגען און שולעס און אַפילו מיט אַלע מינים קינסטלערישע און פּסיי־דאָ־קינסטלערישע קאַפּריזן.

אַזוי איז עס ביי אַלע אַנטוויקלטע פעלקער מיט באַדייטנדיקע ליטע־ראַטורן. פאַרשטייט זיך, אַז די געבראַכטע כאַראַקטעריסטיקס פון די לי־טעראַטורן זענען סכעמאַטישע. זיי זענען געווען אונטערגעוואָרפן פאַר־שידענע ענדערונגען. אָבער עפּעס יסודותדיקס איז אין די כאַראַקטעריסטי־קעס פאַראַן.

די יידישע ליטעראטור איז אַ מזרח־אייראָפּעישע, אַפילו די וועלכע איז געשריבן געוואָרן מעבר פון אַלע ימים, און אַפילו די, וואָס וועט נאָך געשריבן ווערן, ווי משונהדיק ס׳זאָל נישט קלינגען אַזאַ מין פראָגנאָז.

דאָס איז נישט דערפאַר, ווייל די יידישע שרייבער באשר הם שם, ווו זיי זאָלן נישט זיין, באַשרייבן זיי דער עיקר דעם מזרח־אייראָפּעישן ייד. נישט אין די טעמעס און אין די געשטאַלטן גייט דאָ. דאָ גייט אין דער נשמה און כאַראַקטער פון דער יידישער ליטעראַטור.

די ליטעראַטור אין יידיש ווערט ביזן היינטיקן טאָג געשאַפן פון

מזרח־אייראָפּעישע יידן. דאָס ווייסן אַלע. קאָן זיין, אַז מיטן אַוועקגיין פון די יידישע שרייבער, וואָס שטאַמען פון מזרח־אייראָפּע, בדרך כל חי, וועט געשלאָסן ווערן די תקופה פון דער ליטעראַטור אין יידיש.

וועגן דעם טראַכטן אויך אַ סך, נאָר קיינער וויל עס נישט זאָגן. ס׳איז לייכטער וועגן דעם נישט צו טראַכטן. וואָרעם פון אַזעלכע באַטראַכטונגען גייט אויף נישט קיין פרייד, נאָר אַ טרויער פון יידישן וואָרט.

אָבער לאָמיר צוריקגיין צו אונדזער טעמע. ווייל דאָס יידישע לעבן אין מזרח־אייראָפּע איז געווען איראַציאָנעל, אַ־היסטאָריש און כ׳וואָלט גע־זאָגט אויך אַ־עקאָנאָמיש, נישט געשיצט פון קיין שום געזעצן פון אַ רע־גולערער, פיל־וויניק, עקאָנאָמיק, האָבן דווקא די וועלטלעכע יידישע שרייבער געהאַט אַ נטיה, אַ פּרעדילעקציע צום רעאַליזם. זיי האָבן אויך געהאַט אַ גוטן אָנשפּאַר אין דער שכנותדיקער, רעאַליסטישער, רוסישער, גרויסער ליטעראַטור.

די יידישע ליטעראַטור איז דעריבער דער עיקר אַ רעאַליסטישע. אַ רעאַליסטישע און אַ מאָראַליש־פּאָלקישע.

די השפּעות פון די פרעמדע מאָדערנע ליטעראַטורן, דער עיקר די השפּעה פון דער מאָדערנער אַמעריקאַנער ליטעראַטור אויף דער פּאָעזיע און פּראָזע אין יידיש פון דאָרט, איז נישט גענוג טיף, אַז זי זאָל קאָנען ענדערן דעם עצם־מהות פון דער יידישער ליטעראַטור.

ווען נאָך באַדלערן, האָבן די דעקאַדענטן דערפירט צו אַ שפּאַלטונג, צו אַ ריס צווישן עסטעטישן און עטישן אין דער שרייבערישער קונסט, האָבן די יידישע שרייבער מיט דעם ריס נישט שלום געמאַכט, ווייל אינעם יסוד פון זייער שאַפן איז געלעגן דאָס מאָראַליש־פּאָלקישע.

אַפילו די פון אונדזערע דיכטער און שרייבער, וואָס זענען געווען אָנהענגער און נאָכהענגער פון דער לאָזונג „קונסט פאַר קונסט״, האָבן אויך קיין מאָל נישט מוותר געווען אין גאַנצן אויף דער שייכות צווישן עטי־שן און עסטעטישן אין קינסטלערישן וואָרט.

אפשר טוען דאָס איצט, און וועלן נאָך מער טאָן, העברעישע שרייבער אין דער באַנייטער יידישער מדינה, אפשר טוען דאָס יידישע שרייבער, וואָס שרייבן וועגן יידן אין פרעמדע שפּראַכן. זאָל זיי וווּיל באַקומען. איך בין זיי דערמיט לחלוטין נישט מקנא.

ד

וואָלטן מיר געהאַט אַ פעסטע, באַשטימטע קריטעריע פאַר קונסט, און וואָלטן נישט אַלע שרייבער געוואָלט אָנגיין דורכויס פאַר קינסטלער, ווי דאָס איז טאַקע ביי די אומות־העולם, ביי וועלכע ס׳זענען פּאַראַן אַ סך זייער געלייענטע שרייבער, וועלכע פּרעטענדירן גאָרנישט צו דער הויכער ראַנג פון קונסט — מיט איין וואָרט, וואָלטן מיר דאָס געהאַט, וואָלט דער גאַנצער ענין געווען פּשוט און פּראָסט. דעמאָלט וואָלט מען געקאָנט זאָגן, אַז אַלץ וואָס איז קונסט איז במילא מאָדערן, ווי נישט־מאָדערניסטיש דאָס זאָל זיין, און דאָס וואָס איז נישט קיין קונסט וועט צוליב מאָדערנקייט קיין קונסט נישט ווערן.

אָבער אַזוי גוט איז אונדז נישט. אַזאַ שליסל צו די סודות פון קונסט האָבן מיר נישט. פאַרקערט — ס׳האָט נאָך קיין מאָל נישט געהערשט אַזאַ תוהו־ובוהו ביים באַשטימען די קינסטלערישע ווערטן פון שרייבן, ווי ס׳הערשט איצט. יעדער קריטיקער מאַכט זיך שבת פאַר זיך. און די שרייבער טראָגן צו צו דעם תוהו־ובוהו זייער ביסל פאַנטאַזיע און סוביעקטיוויזם, ביים אַרויסזאָגן זיך וועגן די שעפערישע פּראָצעסן בעת דעם שרייבן זייערע אייגענע ווערק. דאָס פאַרגרעסערט דעם כאַאָס. נישט איין דורכגעטריבענער קריטיקער איז דורכגעפאַלן ביי זיין אָפּשאַצונג און נישט איינער איז נכשל געוואָרן, אַפילו ביים בעסטן ווילן.

פאַרשטייט זיך, אַז די מאָדערנע ליטעראַטור אין דער וועלט, כ׳מיין נישט די פון פּרוסטן, צי פון דזשויסן, און אַפילו נישט פון קאַפקאַ, נאָר די שפּעטערע, די איצטיקע, וועלכע האָט (ווידער) געשטעלט די אינטריגע און די שפּאַנונג בראש פון אַלע שרייבערישע עלעמענטן, די דאָזיקע ליטעראַטור האָט אויך עפּעס אויפגעטאָן אין זין פון פאָרעם.

אירע שרייבער באַנוצן זיך מיט אַ ביז גאָר דראַמאַטיזירטן דיאַלאָג (ווי למשל, ביי העמינגוועי). זיי פירן דעם קלימאַקס ווו זיי ווילן, נישט רעכענענדיק זיך מיט קיין שום געזעצן אין דעם פּרט (ווי למשל, ביי סאַרטר). זיי האָבן אַ ראַפינירטע טעכניק ביים שאַפן שפּאַנונג. יעדער אויף זיין אופן. אַלבער קאַמי האָט דאָס דערגרייכט מיט שילדערן די אַטמאָספער אין וועלכער ס׳וואַקסט אָן, ס׳הויבט אָן וואָס מער בולט צו ווערן

די טראַגישע פאַרפאַלנקייט פון מענטש, און וויליאַם פאָקנער האָט זיך באַנוצט צום זעלבן צוועק מיט די סאַמע סענסאַציאָנעלסטע מיטלען וואָס פאַסן פאַר דעטעקטיוו־ראָמאַנען. טייל פון די, און אויך אַנדערע, זענען דרייסט און ברוטאַל אין זייערע רייד, און אין זייער נאַראַציע, און נישט נאָר אין דער אינטריגע און אין דעם מאָלעריש־באַשרייבערישן, ווו זיי זענען טייל מאָל אַפילו אַכזריותדיק. די פון זיי, וועלכע זענען, צי געווען, עקזיסטענציאַליסטן, כאָטש פון פאַרשידענע ניואַנסן, מיט פאַרשידענע אָפּווייכונגען, ווי סאַרטר, קאַמי, העמינגוועי, די ערשטן איבערן וואָרט. זייער וואָרט איז ציל־באַוווסטזיניק, איז געוואָנדן אין דעם באַשטימטן כאַרן וואָרט זין (ביישפּילן וואָלט מען געקאָנט ברענגען אַ סך).

פאַר דעם אַרט שרייבער איז פאַסיקער די דערציילונג, צי די נאָוועלע, ווי דער גרויסער ראָמאַן. געלינגט זיי אָפּטמאָל טאַקע בעסער די דערציילונג. אָבער זיי פאַרנאַכלעסיקן אויך נישט דעם ראָמאַן. כאָטש דאָ איז שוין די הצלחה אַ פאַרשידענע.

די יידישע שרייבער רוען אויף די לאָרבער־קרענץ פון שוין לאַנג דורך אַנדערע דעראָבערטע פאָרמעלע דערגרייכונגען. זעלטן ווען עמעצער רייסט זיך אַרויס מיט עפּעס נייעס, מיט אַ ניי וואָרט, נייעם סטיל, צי קאָמפּאָזיציע.

און דאָך. ווען מען וועט די יידישע ליטעראַטור באַפרייען פון אַלעם איבעריקן, פון אַלע איבערחזורונגען, פון אַלע פּערסעוועראַציעס, וועלכע זענען אַ פּועל יוצא פון אַ ליטעראַרישן אינפאַנטיליזם; ווען ס׳וועט אָפּפאַלן אַלץ וואָס באַטייט עפּיגאָניזם און מאַרודעריי, וועט בלייבן פון דער יידישער ליטעראַטור אַ שיינער טייל פון איר יידישער עכטקייט. און אין דעם ליגט, טראָץ אַלעם, איר כוח און איר ווערט.

איך נעם זיך נישט אונטער צו דעפינירן קינסטלערישע עכטקייט. כ׳ווייס נאָר אַז זי איז זיכער פאַראַן, ווי כ׳ווייס זיכער אַז ס׳איז פאַראַן אימיטאַציע. אַפילו אין דער נאַטור איז זי פאַראַן. אימיטאַציע אין דער נאַטור, ווי למשל, דער מימיקרי־פּראָצעס, איז בכדי זיך צו דערהאַלטן ביים לעבן. אימיטאַציע אין דער קונסט, אונדז גייט דאָ אין דער ליטעראַרישער, איז בכדי זי אומצוברענגען. אימיטאַציע פאַרמיאוסט דאָס לעבן פון דער ליטעראַטור און פון אירע לייענער.

כ׳ווייס נישט וואָס וועט זיין מיט דער ליטעראַטור, נישט נאָר מיט דער יידישער, אין אַ דרייסיק, צי פופציק יאָר אַרום. אפשר וועלן זיך דעמאָלט מיט איר באַשעפטיקן, צי בלויז אינטערעסירן, אַזוי פיל מענטשן, וויפל עס באַשעפטיקן זיך און עס אינטערעסירן זיך היינט מיט אַרכעאָלאָגיע, צי גאָר מיט נומיזמאַטיק. ס׳זעט ליידער אויס, אַז אַזוי וועט עס טאַקע זיין.

אָבער ווי און וואָס ס׳זאָל נישט געשען, וועט דאָס ביסל עכטקייט, וואָס די יידישע ליטעראַטור פאַרמאָגט, און וואָס איז ווייט פון דעם, וואָס הייסט „ליטעראַטור" — איר ביישטיין.

„ליטעראַטור" דאָס איז אַזאַ מין לבוש, וואָס קאָן פּאַסן פאַר יעדן איינעם מענטש פון אַלע געאָגראַפישע לענגן און ברייטן. דאָס איז דאָס מכלומרשט אוניווערסאַלע, וואָס שטאַמט פון אויספעלן פון יעדן אינדיווידועלן. וואָרום דער אמת איז, אַז נאָר דאָס אינדיווידועלע קאָן זיין אוניווערסאַל, און נאָר דאָס פּאַרטיקולאַרע קאָן ווערן אינטערנאַציאָנאַל.

פון דעם וואָס הייסט „ליטעראַטור" זענען נישט פריי אַפילו ווערק פון היינט־צו־טאָג אָנערקענטע וועלט־שרייבער, פון די באַדייטנדיקסטע שרייבער אין גאָר דער וועלט (איך באַנוץ נישט באוווסטזיניק די באַצייכענונג: גרויסע שרייבער). דער פאַקט גיט דעם גלויבן, אַז ס׳וועט נאָך קומען אויף דעם געביט צו אן איבערראַשונג פון ווערטן, אויב די שרייבערישע קונסט וועט האָבן אַ קיום אויף דער וועלט.

דאָס שטיק יידישע עכטקייט, וועלכעס די יידישע ליטעראַטור פאַרמאָגט אין זיך, וועט איר ביישטיין ביי אַלע איבערראַשונגען פון ווערטן. עכטקייט מוז בלייבן! און זי, די עכטקייט, וועט פאַרזיכערן דער יידישער ליטעראַטור, דער אויסדערוויילטער, דער אָפּגעקליבענער, אַ חלק בעולם הבא.

און אפשר אויך בעולם הזה? מי יתן. ווער ווייסט?

(„אידישער קעמפער", ראש־השנה, תשכ״ג)

דאָס, וואָס איך וויל דאָ זאָגן — איז נוגע אַלע אופנים פון קינסטלע־רישן שאַפן, נאָר מיר איז, צוליב אַ פאַרשטענדלעכן טעם, אַמנאָענטסטן דער שרייבער.

ס׳איז מיר לעצטנס אויסגעקומען צו לייענען אַ ריי דערציילונגען און ראָמאַנען פון פאַרשידענע מחברים. ס׳איז אין די ווערק אַלץ פאַראַן. ס׳איז אין זיי פאַראַן שילדערונג, פּייזאַזש, דיאַלאָג, פּסיכאָלאָגיע, — און דאָך זענען די ווערק נישט קיין קונסט.

ס׳איז פאַראַן אַ מטבע, וואָס איז געמאַכט פון גאָלד, זי האָט אַפילו די פולע וואָג פון אַן אמתער מטבע, ס׳איז אויף איר אויסגעהעמערט דער מלוכה־הערב — און דאָך איז זי פאַלש.

פאַר וואָס? ווייל די מטבע איז נישט אַרויס פון דער מלוכהשער מינ־צעריי. דער קאַנצלער פון מלוכה־אוצר האָט אויף איר אַרויסלאָז זיין הסכמה נישט געגעבן.

אַזוי איז עס אויך מיט דער פאַלשער קונסט. אַלץ איז אין איר פאַ־ראַן, נאָר איר פעלט נישט אינעם ווערק דעם קינסטלערישן הויך, דעם קינסטלערישן אָטעם. דאָס ווערק איז נישט אַרויס פון דער קינסטלערי־שער מינצעריי, דער קאַנצלער פון דער קונסט האָט אויף אים זיין הסכמה נישט געגעבן.

פאַר וואָס איז עס אַזוי? פאַר וואָס איז איין ווערק קונסט, און דאָס צווייטע, וואָס פאַרמאָגט די זעלבע עלעמענטן וואָס דאָס ערשטע, — נישט קיין קונסט? פאַר וואָס גיט אויף איין ווערק דער קאַנצלער פון קונסט יאָ זיין הסכמה און אויפן צווייטן נישט?

ווייל דער יסוד פון יעדער אמתער קונסט איז וויזיע.

אין דעם אָנהייב פון יעדן קינסטלערישן ווערק ליגט טאַקע וויזיע, אין דער צייט ווען אינעם אָנהייב פון יעדן נישט־קינסטלערישן ווערק ליגט: סיפור המעשה.

און נישט מער ווי דאָס, צי אין אָנהייב פונעם ווערק איז געלעגן ווי־זיע אָדער נישט, באַדינגט דעם גאַנצן שעפערישן פּראָצעס און איז די

איינציקע קריטעריע פאַר דעם, צי דאָס ווערק איז קונסט, אָדער נישט קיין קונסט.

לאָמיר אָנהייבן פון שעפערישן פּראָצעס. דער קינסטלער נעמט זיין וויזיע און שיילט זי אָפּ. ער טוט זי אויס פון דעם וואָלקן אין וועלכן זי איז געבוירן געוואָרן, ער רייניקט די וויזיע אָפּ נישט נאָר פון פסולת, נאָר פון יעדער איבערקוועלונג, פון יעדן „צופיל" בכלל.

דער נישט־קינסטלער טוט פאַרקערט. ער נעמט זיין סיפור־המעשה און קלויבט צו איר צו אַ ריי עלעמענטן. נישט האָבנדיק זיין סיפור־המעשה פון וואָס אויסצוטאָן, ווייל זי איז נאַקעט, קליידט ער זי אָן. און איז דער נישט־קינסטלער גענוג כיטרע, טוט ער אָן זיין סיפור־המעשה דעם וואָלקן, פון וועלכן דער קינסטלער האָט זיין וויזיע אויסגעטאָן.

אין דעם פּראָצעס פון צוקלייבן עלעמענטן צו דעם סיפור־המעשה זענען אויך פאַראַן פאַרשידענע מדרגות. פאַראַן סובטעלע און אפילו זייער עסטעטישע אימיטאַטאָרן. דאָס וואָס זיי גיבן איז טאַקע פאַלש, אָבער עס וועקט נישט קיין ווידערגעפיל. ליגט אָבער דער צוקלייב־פּראָצעס אין די הענט פון אַ מענטש וואָס האָט נישט קיין געהעריקע קולטור, זוכט ער טייל מאָל ממש אין מיסט און אַלץ וואָס ער קלייבט אויף איז פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט — פיגול.

*

פון דעם וואָס דער נישט־קינסטלער מוז צוזוכן צו זיין סיפור־המעשה אַ ריי עלעמענטן, שטאַמט זיין נישט־זיכערקייט. און פאַרקערט, די נישט־זיכערקייט זיינע פירט אים צו אַ היפּער־קאָמפּענסאַציע, צו אַ היפּער־באַשרייבעניש, צו אַן איבערפלוס פון דרויסיקע, פון צופעליקע עלעמענטן אין זיין שרייבן.

מען דאַרף אָבער נישט פאַרטוישן נישט־זיכערקייט מיט אומרויִקייט.

דער קינסטלער איז זיכער אָבער איינצייטיק אומרויִק. דער נישט־קינסטלער איז נישט זיכער, און נישט וועלנדיק אַרויסווייזן זיין אומזי־כערקייט, דעקט ער זי, באַוווסטזיניק אָדער אונטערבאַוווסטזיניק, מיט מכלומרשטע רויִקייט.

דער קינסטלער איז זיכער, ווייל ער באַזיצט דעם גרונט־קאַפּיטאַל,

די קינסטלערישע סובסטאַנץ. ער דאַרף זי נישט זוכן. ער איז זיכער, ווייל ער האָט טאַלאַנט, ער האָט די מכשירים מיט וועלכע ער קאָן פאָר־מירן קונסט. ער איז אומרויִק, ווייל ער איז באַהערשט פון אַ דינאַמישן כוח, וואָס פאָדערט פון אים, וואָס טרייבט אים צו פאַרוואַנדלען די קינסט־לערישע סובסטאַנץ אין קינסטלערישער פאָרעם.

דער נישט־קינסטלער איז אומזיכער, ווייל ער האָט נישט קיין גרונט־קאַפּיטאַל, ער פאַרמאָגט נישט קיין קינסטלערישע סובסטאַנץ, אים פעלט שטענדיק עפּעס צו, ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ מוסטער פון זיין שרייבן און זוכט ערגעץ־ווו עפּעס דערצו צוצופּאַסן. זיין טאַלאַנט איז נישט דער פּרעציזער מעכאַניזם פון דעם קינסטלער, נאָר עפּעס אַ סטאַנדאַרטע מאַ־שינקע, מיט וועלכער עס באַנוצן זיך אַ סך יונגע מענטשן, טייל מאָל אַפילו ערלעכע און פאַרווייטיקטע, אָבער נישט קיין שעפערישע. דעם נישט־קינסטלער טרייבן פאַרשידענע כוחות פון פאַרשידענע מקורות, פון פאַר־שידענע קוואַלן, אָבער נישט פונעם מקור פון קונסט.

איין אומזיכערקייט איז ביים קינסטלער יאָ פאַראַן. דער קינסטלער איז נישט זיכער, צי ער האָט געגעבן פון זיך אַלץ, וואָס ער פאַרמאָגט. די איינגעבוירענע קאָרגשאַפט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדן אמתן קינסטלער, ברענגט אים צו דער דאָזיקער אומזיכערקייט. דער נישט־קינסטלער דאַקעגן איז פאַרשווענדעריש, ער גיט מיט אַ ברייטער האַנט, אים איז גאָרנישט קיין שאָד, און ווען ער גיט אַפילו ווייניק, גיט ער שטענדיק מער ווי ער פאַרמאָגט, ווייל זייער ווייניק פון דעם וואָס ער פאַרמאָגט איז זיין אייגנס.

*

וואָס איז דאָס אַזוינס וויזיע, וועלכע דאַרף באַשטימען די צוגעהערי־קייט פון אַ ווערק צו דעם מין וואָס הייסט: קונסט?

וויזיע — איז דאָס דערזען. ס'איז דאָס זיכערע צוגיין, אָן שום ספקות, צו אַן אָרט, אַראָפּנעמען פון דאָרט, לאָמיר זאָגן, עטלעכע שפּאַדלעס ערד — און געפינען גאָלד. ס'איז דאָס זיכערע צוגיין, אַ שייל טאָן די פּאַטין, און אויספּילן, און וויסן, אַז אונטער דער פּאַטין איז פאַרהוילן אַ וווּנדער־לעכע קאָמפּאָזיציע.

ס'געשעט אַזוי מיט וויזיע: דער קינסטלער הערט אין אָנהייב נישט מער ווי איין קלאַנג, ס'אַנטפּלעקט זיך פאַר אים נישט מער ווי איין פאַרב, איין שטריך. נאָר ווען ער דערנענטערט זיך צום קלאַנג, צו דער פאַרב, צו דעם שטריך, געפינט ער זיך פּלוצלונג אין אַזאַ שפע פון קלאַנגען און בילדער, אַז אַזוי לאַנג ווי ער אַרבעט פאַר זיי נישט אויס קיין באַשטימטע קינסטלערישע פאָרעם — קאָן ער זיך מיט זיי קיין עצה נישט געבן.

וויזיע איז נישט אידעע, ווי טייל מיינען. נישט־קינסטלער, אָבער מענטשן מיט גייסט, פאַרטוישן אָפט וויזיע מיט אידעע. אידעע איז אין ענדגילטיקן סך־הכל די פאָרעם פון ווערק. וויזיע איז זיין אָפּטישער צי וואָקאַלער אורקוואַל. וויזיע איז דאָס פּלוצלונגדיקע אָבער בפירושע דערזען אַ פאַרב, אַ שטריך, דאָס דערהערן אַ קלאַנג און איינצייטיק איז עס דאָס ווידער־דערזען און ווידער־דערהערן, דאָס אומאויפהערלעכע קרייזן פון דער וויזיע אין קינסטלערישן באַוווסטזיין ביז זי שיילט זיך אויס פון תוהו ובוהו אין אַ געשלאָסענער, פאַרענדיקטער פאָרעם.

וויזיע איז אויך דאָס וויסן און זיכערע פילן ווו ס'ליגט דער קינסטלערישער אוצר, ווו ס'שטראָמט דער קוואַל, און דאָס מיטגעריסן ווערן פון אים.

וויזיע איז די סטיכישע קראַפט פון קונסט. אָן וויזיע איז נישט נאָר די קונסט טויט, נאָר זי ווערט באַלד נישט געבוירן.

וויזיע איז נישט צילבאַוווסטזיניק, להיפוך דעם טאַלאַנט, וואָס מוז דורכויס וויסן וואָס ער וויל. דער קינסטלער גיט אַ מאָל צופעליק אַ גראָב אין זיין באַוווסטזיין, צי אונטערבאַוווסטזיין, און ס'גיט אַ שטראָם אַ קוואַל פון וועלכן ער אַליין ווערט נשתומם.

*

קינסטלערישע וויזיע איז נישט ווי די נביאישע. פּונקט ווי אַ קינסטלער איז נישט קיין נביא, און פאַרקערט. ס'איז אַ נישט־קאָנטראָלירטע באַנאַליטעט צו פאַרגלייכן אַ קינסטלער צו אַ נביא. אַזאַ פאַרגלייך הייסט פאַרמינערן סיי די גרויסקייט פון נביא, סיי די גרויסקייט פון קינסטלער, גרויסקייטן פאַרלירן נאָר פון פאַרגלייכן. געווינען, געווינען זיי קיין מאָל נישט.

דער נביא האָט קודם־כל די אידעע, למשל, די פאָרעם פון אַ גערעכ־טער מלוכה־אָרדענונג, פון אַ יושרדיקע וועלט. די אידעע קאָן דער נביא ד׳ערהייבן צו וויזיע, ביז זי זאָל ווערן אַ דינאַמישע קראַפט. דער קינסטלער — פאַרקערט, ער האָט קודם־כל די וויזיע, די סטיכישע קינסטלערישע קראַפט, וועלכע ער קאָן דערהייבן צו אַן אידעע, צו אַ באַשטימטער קינסט־לערישער פאָרעם.

די נביאישע וויזיע וואָס קומט פון אַן אידעע, איז פאָרשטעלונגס־קראַפט, און איז געווענדעט צום עתיד.

קינסטלערישע וויזיע איז אַ רעאַלע, סטיכישע, קעגנוואַרטיקע קראַפט, און איז געווענדעט און איז אָנגעשפּאַרט אין עבר און אין הווה. זייער זעלטן אין עתיד.

קינסטלערישע עלעמענטן קאָנען טראַנספאָרמירט ווערן אין נביאישע, פּונקט ווי נביאישע אין קינסטלערישע. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז אַ נביא ווערט אַ קינסטלער, אָדער אַ קינסטלער אַ נביא.

*

קונסט מוז נישט זיין דורכויס אָריגינעל. זי דאַרף נאָר זיין עכט. ווען אַ ייד דאַוונט יעדן טאָג מיט גרויס התלהבות, איבערחזרנדיק די זעלבע ווערטער פון דער תפילה, איז ער נישט אָריגינעל, אָבער ער איז עכט.

ער איז עכט — ווייל ער גלייבט. און אין דער קונסט איז אויך פאַ־ראַן אַ סך פון גלויבן, פון גלויבן אין דער אייביקייט. אָן דעם גלויבן איז קונסט אַן איבעריקע זאַך.

אין קונסט איז שטענדיק פאַראַן עפּעס פון „רעפּראָדוקציע״. מען קאָן עטוואָס פאַראַפראַזירן די צוויי באַרימטע שורות פון שיללערן:

„Was unsterblich im Gesang soll leben,
Muss im Leben untergehen".

און זאָגן, אַז אַלץ וואָס אַנטפּלעקט זיך אין דער קונסט, האָט שוין געמוזט אַמאָל זיין אין דער ווירקלעכקייט.

אלא וואָס, מען האָט דאָס נישט דערזען? קומט די וויזיע פונעם קינסטלער און דערזעט עס.

דאָס איז דער זין פון דעם, אַז קונסט, ווען אַפילו זי אַנטפּלעקט נייע וועלטן, איז זי אַנגעשפּאַרט און זי שטעקט אין עבר.

עבר איז נישט דער טייטש בלויז אין היסטאָרישן זין, נאָר אויך און דער עיקר, — אין זין פון קולטור, סטיל, טראַדיציע.

דאָס דעפינירן וויזיע ווי אַ סטיכישע קראַפט פון קונסט קאָן אַריינ־ברענגען אַ טייל אין אַ טעות. ס׳וואָלטן זיך געפינען אַ סך אַמאַטאָרן, וואָס וואָלטן גערן געהאַלטן און געוואָלט אַנדערע איבערצייגן, אַז קונסט איז בכלל אַן ענין פון סטיכיע.

ס׳איז אָבער ווייט נישט אַזוי. די פּריווילעגיע פון אַ קינסטלער איז, אַז ער דאַרף נישט ווערן, בכדי ער זאָל זיין דאָס וואָס ער איז. דאָס וואָס ער איז — איז ער, במילא. איז ער עס נישט במילא, איז ער בכלל נישט. אָבער פון דער דאָזיקער פּריווילעגיע זיינער דאַרף דער קינסטלער קיין מאָל נישט געניסן. אַ קינסטלער מוז כסדר זיין קינסטלערישן „זיין" באַ־רעכטיקן.

אַ קינסטלער דאַרף נישט געניסן פון דער פּריווילעגיע פון וויזיע בכדי זיך לייכטער מאכן זיין אויפגאַבע. ער טאָר נישט געבן זיין וויזיע אין דער פאָרעם און אין דער געשטאַלט אין וועלכער ער זעט זי. וויזיע איז דער יסוד פון קונסט וועלכער טאָר נישט נתגלה ווערן אין זיין בראַ־שיתדיקן געשטאַלט.

דעריבער איז וויניק בכדי צו זיין אַ קינסטלער צו האָבן וויזיע. צו זיין אַ קינסטלער מוז מען אויך האָבן טאַלאַנט.

צי איז פאַראַן וויזיע אָן טאַלאַנט? זיכער פאַראַן. פּונקט ווי ס׳איז פאַראַן טאַלאַנט אָן וויזיע.

דעריבער איז פאַראַן אַזויפיל מיספאַרשטייענישן אין דער קונסט.

ווער איז באַרעכטיקט צו זאָגן, פעסטצושטעלן, אַז איין ווערק איז יאָ קונסט און דאָס צווייטע נישט? אז אין איין ווערק איז יאָ פאַראַן וויזיע און אין אַ צווייטן ווערק נישט?

דערצו איז קיינער נישט באַרעכטיקט, אַ חוץ דאָס ווערק גופא.

דאָס ווערק פאַרראַט, זאָגט אויס דעם סוד פון זיין ווערט.

דאָס איבעריקע, דאָס וואָס ווערט אין ווערק נישט פאַרראַטן, דאָס איז

וועלכן איר פילט נישט, אז ס׳איז אייך אויסגעזאָגט געוואָרן ווי אַ סוד, דאָס איז נישט קיין קונסט.

די ראָל פונעם קריטיקער?

ער איז ווי דער באַאַמטער אויפן צאָל־אַמט. ער פירט אדורך די רע־וויזיע אויף דער גרענעץ. אָבער וואָס ס׳דאַרף יאָ אַריינגעלאָזט ווערן אין דער וועלט פון קונסט און וואָס נישט, דאָס באַשטימט אַ העכערע פאַר אים אינסטאַנץ.

די העכערע אינסטאַנץ — איז דער „רעפּראָדוצירנדיקער" כוח פון קונסט. דאָס קונסט־ווערק מוז אַרויסרופן ביים לייענער, אָדער צושויער, די זעלבע אָדער אַ קרובישע וויזיע, וואָס ס׳האָט געהאַט דער קינסטלער איידער ער האָט זיין ווערק געשאַפן.

געשעט נישט אַזוי, האָט דאָס ווערק נישט אויסגעפירט זיין אויפ־גאַבע. דאַרף מען דאָס ווערק שטעלן אונטער אַ פרעג־צייכן, צי עס איז בכלל קונסט.

וויזיע קאָן אַ מאָל איבערוואַקסן דעם טאַלאַנט. דעמאָלט קאָנען מיר האָבן, אין אַ געוויסן זין, אַפילו אַ גרויס ווערק, אָבער דאָך נישט קיין שלימותדיקס. ס׳איז צעבראָכענע קונסט. ס׳איז אַ מאָל טראַגישע קונסט. אָבער ס׳פעלט אין דעם דער עיקר: גאַנצקייט.

טאַלאַנט, וואָס וואַקסט איבער די וויזיע, איז אַ פוסטע זאַך. פוסט סיי פון אינהאַלט און סיי אין דער פאָרעם.

קונסט קאָן דיסטאַנסירן מיט איר שלימותדיקייט דיווירקלעכע וועלט. אין דעם ליגט איר גרויסקייט און אויך איר שוואַכקייט.

וועלן זיך שאַפן אַזויפיל באמת קינסטלערישע ווערק, וואָס וועלן אויספילן דעם חלל וואָס שאַפט זיך פון דער דיסטאַנס צווישן דער וועלט פון קונסט און דער וועלט פון ווירקלעכקייט — וועט די קונסט דערגריי־כן איר ציל און די וועלט וועט ווערן שענער.

(„קיום", פאַריז, 1949)

# דער עקסטאַז פון געצוימטקייט

(וועגן ה. לייוויקס „מהר״ם פון רוטענבערג״)

1

עטלעכע ווערטער פון התנצלות.

ווען איך בין אין יאָר 1946 צוריקגעקומען אין פוילן, — האָב איך דאָרט קיינעם נישט געפונען, נישט מיין טאַטע־מאַמע, נישט מיינע פיר שוועסטערס, אַפילו קיינעם נישט פון דער ווייטסטער משפחה מיינער.

אָבער נישט נאָר דער צער פון זייער אומקום. וואָס ס'האָט מיך דערדריקט און געבויגן מיין קאָפּ ביז דער סאַמע ערד — איז געווען די אָן־תהומיקייט פון מענטשלעכע ליידן; נישט נאָר די קרענקלעכע צוגע־טראַכטקייט, נאָר די אומצאַליקייט פון די מיתות־משונות האָבן מיך גע־וואָרגן. נישט נאָר די וויסטע צאָל פון אונדזערע קרבנות, נאָר זייער צער אָן גרענעצן, זייער טראַגישע פאַרלוירנקייט האָט מיך אַריינגעבראַכט אין ייאוש. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מיר האָבן פאַרגעסן דעם שם, מיט וועלכן מען קאָן בינדן בייזע רוחות. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער קטורת האָט פאַרלוירן דעם כוח פון אָפּשטעלן מגפות. די וועלט פון שלעכטס האָט פאַרלוירן דאָס, וואָס הייסט נישט: סוף, נאָר — גרע־נעץ. די איבערצייגונג, וואָס מ'האָט אין מיר אַריינגעבלאָזן צוזאַמען מיט מיין יידישער נשמה, אַז יסורים מוזן האָבן זייער גרענעץ, די אַ איבערציי־גונג איז בלוטיק צערונען. נישט בחירה, נאָר גורל האָט מיר אויסגעזען צו זיין אונדזער וועג. מיין יידישער גאָט, דער אל רחום וחנון, איז פון מיר אַוועק, און אַ בייזער פאַטום האָט פאַרנומען זיין אָרט. מיין גאַנץ יידיש וועזן איז געווען איינגעבראָכן, מיין יידישער וועלטבאַנעם איז געלעגן אין חור־בות.

דעמאָלט איז מיר געקומען אין האַנט אַריין דער זעקסטער באַנד „זאַמלביכער״ מיט לייוויקס „מהר״ם פון רוטענבערג״. כ'געדענק נישט וויפל מאָל כ'האָב די דראַמאַטישע פאָעמע געלייענט. כ'געדענקט נאָר, אַז אַ סך מאָל. כ'האָב געלייענט אויפן קול די ווערטער פונעם דיאַלאָג צווישן דניאלן מיט אַהאַספער:

דניאל: כ׳באַוווּנדער אייער קאַלטקייט, אָבער...
אַהאַספּער: וואָס אָבער?
דניאל: צי ווילט איר, אַז אויך איך זאָל זיין
אַזוי ווי איר געלאַסן און פאַרשלאָסן?
אַהאַספּער: וואָס הייסט איך וויל? ס׳איז ניט מיין טבע
אַרויפצוצווינגען מיין געמיט אויף עמעצן.
צו מיין געמיט דאַרף יעדער צופאַלן אַליין,
ווי צו זיין סאַמע לעצטער ברירה,
וואָס איז די לעצטע טיר וואָס פירט צו גאָט.
צו מיין געפיל פאַלט צו אַ יעדער ייד,
וואָס איז אַדורכגעגאַנגען שוין די לעצטע טיר
און רירט שוין אָן די אייביקייט פון גאָט.
און דו ביסט צו יונג נאָך דערפאַר.

איך בין שוין דעמאָלט נישט געווען צו יונג, און איך בין צוגעפאַלן צו לייוויקס געמיט, צו אַהאַספּערס געמיט, צו מיין יידיש געמיט — ווי צו דער סאַמע לעצטער ברירה. כ׳האָב געטרונקען טרייסט פון דער שטילער, עניוותדיקער גבורה פון מהר״ם פון רוטענבערג.

זינט דעמאָלט זענען אַוועק עטלעכע יאָר און מיך הערט נישט אויף צו מאַטערן די פראַגע: ווו ליגט דער כוח פון לייוויקס ווערק, וואָס האָט מיך געקאָנט אַזוי באַווירקן? כ׳מיין, אַז קריטיקער, נישט קיין ליטעראַטור־געשיכטע־שרייבערס, נישט קיין רעצענזענטן, נאָר טאַקע ממש קריטיקער דאַרפן זיך באַשעפטיקן בלויז מיט די ווערק, וואָס נייטן דערצו, וואָס זענען ביים קריטיקער אַליין אויסגעוואַקסן צו אַ פּערזענלעך פּראָבלעם. מיך טרייבט אַן אינעווייניקסטער „מוז״ רעטראָספּעקטיוו אויסצופאָרשן די סיבה פון מיין דעמאָלטיקן געמיט־צושטאַנד. און אפשר איז דער „מוז״ אַ טייל פון דער פּיין, וואָס ס׳טראָגט איבער יעדער מענטש, ווען ער זוכט צו פאַרענטפערן די גרויסע פראַגע: ווו ליגט בכלל דער ווירקונג־כוח פון אַ ליטעראַריש ווערק, און ווי ברייט און טיף קאָן זיין דער ווירקונגקרייז זיינער? אפשר איז דאָס אויך די סיבה פון מיין איצטיקן „מוז״? איך וועל בכן טאָן אַלץ וואָס ליגט אין מיינע כוחות, כדי צו געבן אַן ענטפער אויף

דער געשטעלטער פראַגע. און טאָן טו איך דאָס מיט ליבע צום וואָגיקן ייִדישן וואָרט און צו זיינע געהויבענע שאַפערס.

2

ווי אַ דראַמאַטישע פּאָעמע — אַזוי באַצייכנט לייוויק זיין ווערק — איז דער „מהר״ם פון רוטענבערג״ איינגעטיילט אין זיבן בילדער און נישט אין אַקטן. ס׳איז אָבער גענוג זיך גענויער צוצוקוקן צו דער קאָנס־טרוקציע פון ווערק כדי זיך איבערצייגן, אַז די דראַמע קאָן זייער גוט איינגעטיילט ווערן אין פיר אַקטן. די ערשטע דריי בילדער וואָלטן גע־שאַפן דעם ערשטן אַקט. דאָס פערטע און פינפטע בילד — דעם צווייטן אַקט. דאָס זעקסטע און זיבעטע בילד פאַרמאָגן גענוג אַקציע און דראַמאַ־טישע שפּאַנונג, אַז זיי זאָלן בילדן פאַר זיך זעלבשטענדיקע אַקטן.

אויף דעם אופן האָבן מיר שוין אין ערשטן אַקט (אין די ערשטע דריי בילדער) די עקספּאָזיציע פון דער דראַמע, לויטן קלאַסישן כלל. לאָמיר זיך צו דעם נענטער צוקוקן:

ס׳איז אין מאַינץ. יאָר 1286. אַ טאָג נאָך אַ פּאָגראָם אין דער ייִדישער גאַס (געטאָ). דער מושל פון מאַינץ רופט אַרויס צו זיך דעם אָרטיקן רב (דעם מהר״ם פון רוטענבערג) און גיט אים איבער זיין פאָדערונג צו דער מאַינצער קהילה: איינצוצאָלן אין משך פון אַ חודש אין דער קיניגלעכער קאַסע פופציק טויזנט מאַרק. אַזאַ סומע האָט דעמאָלט די גאַנצע מאַינצער קהילה נישט פאַרמאָגט. דער מושל ווייסט דאָס. ער האָט אַראַנזשירט דעם פּאָגראָם, בכדי די ייִדן אָנצושרעקן, און שאַפן אַ פּאַרייאושטע שטימונג, אַז מען מוז אַלץ טאָן, אַז מען מוז אַלץ נאָכגעבן. ער ווייסט, דער מושל, אַז אַנ־דערע ייִדישע קהילות וועלן קומען דער מאַינצער קהילה צו הילף. ס׳קומט פאָר אַ דראַמאַטישער געשפּרעך צווישן הערצאָג (מושל פון מאַינץ) און דעם מהר״ם פון רוטענבערג, און דער מהר״ם וואַרפט אָפּ די פאָדערונג. דער מושל מאַכט דעם מהר״ם פערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך, מאַכט אים ערב פאַר דער אויספירונג פון זיין באַפעל.

ווי מיר זעען, האָבן מיר שוין אין ערשטן אַקט דעם גאַנצן דראַמאַטישן קאָנפליקט און מיר קאָנען שוין פאָרויסזען דעם דראַמאַטישן פינאַל. מיר

פילן שוין, אַז דער מהר״ם פון רוטענבערג וועט נישט נאָכגעבן די פאָדע־רונג פון הערצאָג און דער הערצאָג וועט טאָן אַלץ, צו צעברעכן דעם אייזערנעם ווילן פון מהר״ם.

דער קאָנפליקט איז אָפן. דער מהר״ם פילט, אַז מען טאָר נישט נאָכ־געבן דעם הערצאָג אויב מען וויל נישט אויסליפערן די יידישע באַפעלקע־רונג צום הפקר. ווי זאָגט דאָס דער מהר״ם צו זיך אַליין:

נאָר לייגן זיך אין גאַנצן צו דעם הערצאָגס פיס,
אין מיאוסער הכנעה קושן זיינע טריט,
און ס׳לעצטע ביסל האָב און גוטס אונדזערס
אַוועקגעבן אין זיין רשות אויף מאָרד און רשעות,
דאָס קאָן איך אַוודאי ניט. — דאָס וויל איך נ־ט.

דער הערצאָג פילט אויך, אַז ס׳שטייט פאַר אים אַ שווער געראַנגל מיטן מהר״ם. דער הערצאָג נעמט צו הילף דעם משומד קנופּ. ער דאַרף עס אויפקלערן און אויפווייזן דעם מהר״ם, אַז יעדער ווידערשטאַנד פון אַ ייד לגבי דער נישט־יידישער וועלט איז מלכתחילה אַ פאַרשפּילטער. ער אַליין, דער משומד אַליין, וואָס איז פון מהר״מס אַ תלמיד געוואָרן אַ ריטער פון דער אימפּעראַטאָרישער קרוין, ער דאַרף דאָס זיין די לעבעדיקע באַשטעטיקונג, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט נישט קיין שום מעגלעכקייטן אויף ווידערשטאַנד און במילא אויף קיום. דער מהר״ם קערט זיך אָפּ מיט עקל פונעם משומד, כאָטש יענער איז איצט אַ ריטער. און וואָס מיינט באַליידיקן אַ ריטער, ווייסט דער מהר״ם גוט. אָבער דעם מהר״מס וועג איז נישט פון היינט אָנגעצייכנט.

דאָ קומט דער צווייטער אַקט (דאָס פערטע און פינפטע בילד). די עקספּאָזיציע איז פאַראַן. איצט דאַרף זיך אַנטוויקלען דער קאָנפליקט. אָבער אין צווייטן אַקט גייט דער דרויסנדיקער קאָנפליקט איבער צו אַן אינעווייניקסטן, פונעם קאָנפליקט מיטן הערצאָג ווערט אַ קאָנפליקט מיט זיך אַליין. וואָס דאַרף זיין די שטעלונג לגבי דעם הערצאָג, לגבי דער נישט־יידישער וועלט — ווייסט דער מהר״ם קלאָר: נישט נאָכגעבן, כאָטש דאָס פאָדערט מסירת־נפש. אָבער דער מהר״ם קומט דאָ אין קאָנפליקט מיט זיך אַליין. ער פילט זיך נישט ראוי צו דער שליחות, וואָס דער גורל און

די צייט האָבן אויף אים אַרויפגעלייגט. אָט הערט זיך צו צו זיינע ווערטער:

אָ, בורא עולם, וואָס איז דיין כוונה?
אַז יידן זענען ערב איינער פאַרן צווייטן,
ווייל כל ישראל ערבים זה בזה —
איז מיינט דאָך כל ישראל — אַלע יידן, אַלע,
איז ווי זשע שיקט זיך עס, אַז איינער נאָר זאָל ערב זיין?
בין איך דער איינער? ענטפער מיר, אָ, ענטפער מיר.
דער טויט פון מיינע זין און פון ווייב עליהם השלום,
אין גן־עדן זאָלן רוען זייערע נשמות —
באַוויליקט האָסטו ווי דעם טויט פון הונדערטער,
פון טויזנטער אַזוינע אומגעקומענע אין כבוד פון דיין נאָמען. —
און ווען די אויגן מיינע האָבן צוגעזען,
ווי הענט פון רוצחים וואַרפן דיינע ספר־תורות
אין מיטן מאַרק אין שייטערפלאַם אַריין,
בין איך דערביי נישט אַריינגעשפרונגען,
פאַרברענט צו ווערן אינעם פלאַם מיט זיי צוזאַמען.
דעריבער פרעג איך דיך: פאַר וואָס האָסטו מיך היינט
גאָר אויסגעוויילט צו ווערן דער ערב פאַר ישראל?
מיך — דעם זינדיקן, דעם אַלטן און דעם שוואַכן?

דער מהר״ם פילט זיך נישט ראוי צו זיין דער שליח פון דער גאַנצער עדה, אַליין פאַר איר ערב זיין, ווייל ער האָט שוין געהאַט אַ מעגלעכקייט מקדש־השם צו זיין און דאָס נישט געטאָן. און נישט געטאָן האָט ער עס דערפאַר, ווייל קידוש־השם מוז אויך האָבן אַ גרענעץ. גרענעצלאָזער קידוש־השם איז פאַרלענדונג פונעם פאָלק, ווי נישט־געצוימטער עקסטאַז — איז כלות־הנפש. געצוימטער עקסטאַז איז פאַרעם, און פאָרעם איז דער ערשטער תנאי פון זיין אויף דער וועלט. דער, וואָס קאָן נאָר אויסמיידן קידוש־השם, דאַרף אים אויסמיידן, אָבער, אַז מען מיידט אים אויס, קאָן עס דאָך אויסזען, ווי אַ סימן, אַז מ׳איז נישט ראוי דערצו. דאָ ליגט דער טראַגישער קאָנפליקט פון אַ סך עיקרדיקע יידישע פרינציפן, ווי מצווה און שכר־מצווה, קידוש־השם און קיום־האומה א״אַנד.

דער מהר״ם האָט געפּילט, אַז קידוש־השם דאַרף מען אויסקלייבן, ווי „די סאַמע לעצטע ברירה״. מען דאַרף אים באַנוצן נאָר אין זעלטענע אויסנאַם־פאַלן, ווי דעם שם־המפורש, וואָס ווערט אַרויסגעזאָגט דורכן כוהן־גדול נאָר איין מאָל אין יאָר, און אויך דאָס נאָר לפני ולפנים; ווי דער אורים־ותומים, וואָס ווערט אַרויסגענומען פון חושן נאָר ווען דער גורל פון פאָלק ווענט זיך אויף דער וואָגשאָל. קידוש־השם האָט נאָר דע־מאָלט לויט לייוויקן אַ זינען, ווען ס׳שטאַרקט דאָס פאָלק און נישט, ווען עס שוואַכט עס חלילה אָפּ (אַפּילו כמותדיק). ווי זאָגט דאָס דער מהר״ם אין תפיסה צו זיין תלמיד, דעם רא״ש (רבינו אָשר).

עס איז בפירוש נישט קיין חוב און נישט קיין מצווה,
אַז אַלע יידן זאָלן גיין אויף קידוש־השם, —
ווייל דעמאָלט וואָלט חלילה דאָך
דאָס גאַנצע פאָלק ישראל אָפּגעמעקט געוואָרן;
און וויסן זאָלט איר, קינדער מיינע,
אַז קידוש־השם איז דעמאָלט נאָר אַ מצווה,
ווען ס׳איז אַ שטאַרקונג פאַר ישראל,
ווייל — איין ייד שטאַרבט על קידוש־השם,
אַ צווייטער לעבט אין זכות פון דעם.

ווען דער מהר״ם ווערט געוואָר, אַז מען גייט אים, לויט דער עצה פו־נעם משומד קנופּ, אַריינוואַרפן אין תפיסה — לאָזט ער זיך אָנרעדן פון זיינע נאָענטסטע און אַנטלויפט. ס׳האָט זיך צו יענער צייט באַוויזן אין מאַינץ אַ שליח פון ארץ־ישראל, אַ שליח פון אַ משיח־שקר. דער מהר״ם האָט אים געררודפט און געאסרט זיין אויפהאַלט אין מאַינץ. דער שליח האָט אָבער געהאַט אַ „גינסטיקע אַטמאָספער״, אַ צוגעגרייטע דורכן פּאָגראָם. צווישן מהר״מס תלמידים האָט זיך אויך געפונען איינער, וואָס איז גע־וואָרן אַ שטאַרקער אָנהענגער פונעם „משיח״. דער הערצאָג האָט געוווּסט וועגן דעם שליח און וועגן די שטימונגען צווישן אַ טייל מאַינצער יידן צו פאַרלאָזן דייטשלאַנד און גיין קיין ארץ־ישראל. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ האַרבן באַפעל, אַז די יידן טאָרן נישט פאַרלאָזן זיין לאַנד. ער האָט דער־

קלערט, אַז פֿאַרלאָזן ס'לאַנד איז אַ בגידה, ווייל די מאַינצער יידן געהערן נישט קיינעם, נאָר אים, דעם מאַינצער מושל אַליין.

דער מהר"ם איז אַנטלאָפֿן פֿאַר דעם קידוש־השם. ער האָט געפּלאַנעוועט צו אַנטלויפֿן קיין ארץ־ישראל און איבערלאָזן זיין תלמיד, דעם ראַ"ש, צו זיין רב און ראש־ישיבה פֿון מאַינץ. דער מהר"ם האָט נישט געגליבט אין דעם משיח, וואָס האָט זיך געהאַט באַוויזן, ער האָט נישט געגלייבט אין גאולה, ער האָט געגלייבט נאָר אין גאולה שלימה. און דאָס האָט ער נישט אַרויסגעפּילט, דאָס האָט ער נישט געזען. דער מהר"ם איז אַנטלאָפֿן פֿון זיין אויסדערוויילטקייט. ער ווייסט, אַז קיין שום ייד וועט פֿון זיין גורל נישט אַנטרונען ווערן. אָבער אַנטקעגנגיין דעם גורל דאַרף מען נישט, אויב שוין יאָ גורל, דאַרף ער דעם ייד זוכן און נישט דער ייד — אים. נאָר ווען דער מהר"ם קומט אין אכסניה און זעט ווי יידן וואַלגערן זיך אַרום, ווי זיי זוכן אַ וועג צו קאָנען שמוגלען די גרענעץ, דעמאָלט דערפֿילט ער, אַז ער גייט געניסן פֿון גאולה, אַז ער וויל ניצול ווערן, כאָטש קיין גאולה שלימה איז אויפֿן פֿאָלק נאָך נישט געקומען. דער מהר"ם פֿרעגט זיך אַליין: „פֿאַר וואָס איז יצחק אבינו נישט אַנטלאָפֿן פֿון דער עקידה?" ער ברעכט זיך שיער נישט איין. ווען ער הערט אָבער די ווערטער פֿון זיין תלמיד:

און ווי וועט זיין דער דין, רבי,
אַז אויך ארץ־ישראל איז אַ הייליקע עקידה?

— דעמאָלט באַרויקט זיך דער מהר"ם, ער וויל נישט אַנטלויפֿן פֿאַרן גורל, נאָר ער וויל פֿון גורל אַרויסרייסן דאָס פּאָזיטיווע, זיין, דעם גורלס, כוח. דער גריכיש־אַנטיקישער גורל איז אַ צעשטערנדיקער כוח, כאָטש אַרום זענען פֿאַראַן אַלע מעגלעכקייטן צו לעבן. דער יידישער גורל, פֿאַרקערט, איז אַ לעבעדיקער כוח, כאָטש אַרום איז אַזוי אָפֿט נישטאָ די מינדסטע מעגלעכקייט אויפֿצוהאַלטן דאָס לעבן.

דעם מהר"ם איז נישט באַשערט אַנטרונען צו ווערן. ס'ווערט אויפֿגעדעקט דאָס אָרט, ווו די יידן, וואָס זוכן אַריבערצוגיין די גרענעץ, האַלטן זיך אויף, און דער מהר"ם — דער רב פֿון מאַינץ — ווערט אויפֿן באַפֿעל פֿון הערצאָג אַרעסטירט.

ס׳קומט דאָס זעקסטע בילד, לויט אונדז, דער דריטער אַקט. דאָ גייט דער קאָנפליקט צוריק צו זיין ערשטן מקור, לויט דער עקספּאָזיציע אין ערשטן אַקט. דער קאָנפליקט קומט פאַר צווישן מהר״ם מיטן הערצאָג, פון איין זייט, און צווישן מהר״ם מיט די ראשי הקהילות אין דייטשלאַנד — פון דער צווייטער זייט. דער מהר״ם זיצט אין תפיסה. אויף דער בקשה פון דער מאַינצער קהילה האָט מען דעם מהר״ם דערלויבט אַריינצוגעבן אין תפיסה טינט, פעדער און פּאַרמעט. ער קלייבט זיך שרייבן אַ ספר־תורה (כאָטש אין תפיסה־קאַמער איז פינצטער).

דער מהר״ם בלייבט זיצן אין תפיסה, ווייל ער דערלויבט נישט צו געבן פאַר זיך קיין אויסלייזגעלט מער ווי ס׳איז באַשטימט פאַר אַ געוויינלעכן געפאַנגענעם (500 מאַרק). פאַרן מהר״ם פאָדערט אָבער דער הערצאָג די גאַנצע 50.000 טויזנט מאַרק, וואָס ער האָט געהאַט אַרויפגעלייגט אויף דער מאַינצער קהילה. דער מהר״ם האָט גוזר געווען, נישט צו געבן פאַר אים קיין איין פּרוטה מער, ווי פאַר אַ געוויינלעכן מענטש.

דערווייל קומען זיך צונויף אין מאַינץ די ראשי־קהל פון מאַינץ, וואָרמס, שפּייער, אָפּענהיימער, קאָנסטאַנצע און רוטענבערג. זיי נעמען אָן אַ החלטה אויסצוצאָלן דעם הערצאָג די געפאָדערטע סומע פאַר באַפרייען דעם מהר״ם. אגב, האָט דער הערצאָג זיי מודיע געווען, אַז אויב דער מהר״ם וועט בלייבן פאַרעקשנט און נישט לאָזן איינצאָלן פאַר זיך די געפאָדערטע סומע, וועט דאָס באַטראַכט ווערן ווי אַ מרידה קעגן מלכות.

ס׳קומען צום מהר״ם אין תפיסה אַריין די אויבנדערמאָנטע ראשי הקהילות, בכדי איבערצוגעבן אים זייער החלטה. דער מהר״ם ווערט אויפגעבראַכט. ער פרעגט זיי, צי זיי האָבן שוין פאַרגעסן זיין רצון נישט צו געבן קיין איין פּרוטה מער, ווי פאַר אַ געוויינלעכן בשר־ודם ? די ראשי־הקהל פּרוּוון זיך אַקעגנשטעלן דעם מהר״מס עקשנות. זיי זאָגן אים, אַז די קהילות גייען אונטער אָן אים, אַז דאָס גאַנצע יידישע לעבן איז אַראָפּ פון די רעלסן. דער ראש־הקהל פון קאָנסטאַנצע דערוועגט זיך אַפילו פאָרצוואַרפן דעם מהר״ם, אַז ער איז אַ מאבד עצמו לדעת...

דער מהר״ם ווערט פאַרציטערט פון די ווערטער פון דעם קאָנסטאַנצער ראש־הקהל. ער הייסט דעם שמש, משהן, אויפזוכן אַ רצועה און

געבן אים, דעם מהר״ם, מלקות. דערביי ווענדט ער זיך צו די ראשי־קהל מיט די דאָזיקע ווערטער:

צי ווייסט איר נישט, רבותי, אַז ס׳איז דאָ אַ גרענעץ,
וואָס קיינער טאָר איר נישט איבערטרעטן, קיינער!
ווייל ווער פון אונדז עס נעמט און שפּאַנט אַריבער,
גיט יעדן מינדסטן האַר און הערשער
אַ היתר אויפן גאַנצן הפקר. —
איר הערט, רבותי, אויפן גאַנצן הפקר.
צי ווילט איר עס?

אָט דאָ ליגט דער הויפּטמאָטיוו פון מהרמ״ס מאָראַלישער שטעלונג. נאָר אומבאַגרענעצטע פּרייוויליקע מסירת־נפש קאָן אויפבויען אַ גרענעץ, קאָן אויפשטעלן אַ דאַמבע קעגן דער געצוווּנגענער אומצאָליקער מסירת־נפש. דאָ ליגט דער זין (דער דיאַלעקטישער זין) פון באַגריף „קרבן״. מען ברענגט אַ קרבן, בכדי אויסצומיידן קרבנות און נישט בכדי צו פאַר־גרעסערן זייער צאָל. אַזוי לאַנג, ווי דער מהר״ם בלייבט אין תפיסה — איז ער פריי. וואָלט ער אָבער אַרויס פון דער תפיסה אויף דער פריי, פאַר דער סומע, וואָס ווערט געפאָדערט דורכן הערצאָג, וואָלט ער זיך און די ייִדן פאַרשקלאַפט צום הערצאָג.

דער מהר״ם נעמט אויף ווייטער דעם קאַמף מיטן הערצאָג, כאָטש ער ווייסט, אַז דאָס וועט הייסן מרידה. ער נעמט אויף דעם קאַמף און בלייבט פריי אין דער תפיסה.

ס׳קומט דאָס זיבעטע בילד, לויט אונדז, דער פערטער אַקט. די אַק־ציע קומט צום סוף. דער קאָנפליקט לייזט זיך אויף. אָבער נאָר אויבער־פלעכלעך. דער טויט פון מהר״ם פון רוטענבערג אין סוף פון פערטן אַקט (דאָס זיבעטע בילד) איז אין פלוג נאָר דרויסנדיק־טעאַטראַליש ענלעך צו די סופן אין די קלאַסישע און פּסעוודאָ־קלאַסישע דראַמעס, ווו דער טויט פון הויפּטהעלד קומט ווי אַ „דעאוס עקס מאַכינאַ״. דאָ, אין לייוויקס ווערק, פאַרלויפט נישט דער טויט פאַרויס קיין שום זאַך, וואָס וואָלט גע־קאָנט ענדערן דעם גאַנג (און אויסגאַנג) פון דער דראַמע. דער טויט איז דאָ אויך נישט קיין מיטל מעכאַניש אויפצולייזן דעם קאָנפליקט. ווען דעם

מהר״ם וואָלט אויסגעקומען צו זיצן נאָך צוואַנציק יאָר אין תפיסה, וואָלט זיך זיין מאָראַלישע שטעלונג זיכער נישט געענדערט. דער טויט פון מהר״ם פון רוטענבערג אין תפיסה איז בלויז נאָך אַן אופן פון פירן דעם קאַמף מיטן הערצאָג אַפילו נאָכן טויט, דאָס הייסט, אייביק. דער טויט פון מהר״ם אין תפיסה איז דער סימבאָל פון אייביקן יידישן קאַמף קעגן רשעות, דער סימבאָל פון מסירת־נפש אָן גרענעצן — קעגן דעם מוזן זיך כסדר מוסר נפש זיין; דער סימבאָל פון קידוש־השם, וואָס איז למעלה מן הזמן, וואָס איז איבערגעטראָטן אַלע גרענעצן פון דער צייט.

נאָר לאָמיר נישט פאַרלויפן די געשעענישן. דער מהר״ם זיצט שוין דאָס אַכטע יאָר אין תפיסה. איצטער געפינט ער זיך אין דער זיסנהיימער פעסטונג. ער איז פיזיש געבראָכן, אָבער גייסטיק שטאַרק, ווי אַ פעלדז. זיין ווילן איז אומבייגעוודיק, זיין באַשלוס פעסט. ער האָט פאַר דער צייט אויפגעשריבן אַ ספר־תורה, ער דאַרף נאָך סך־הכל צושרייבן עטלעכע פסוקים.

דער הערצאָג האָט אויך נישט אויפגעגעבן דעם קאַמף מיטן מהר״ם. ווען ער דערוויסט זיך, אַז דעם מהרמ״ס טעג זענען געציילטע, — קומט ער נאָך אַ מאָל צום מהר״ם אין תפיסה אַריין. דער מהר״ם שטעלט זיך פאַרן הערצאָג שטאָלץ, זיין הויכן שטעקן מיט אַ גאָלדן קעפּל אין דער האַנט און אַ גאָלדענע קייט מיט זיין זיגל אויפן האַלדז. דער הערצאָג פאַלט אַריין אין ווילדן גרימצאָרן פון מהר״מס שטאָלצקייט. ער רייסט אַרויס פון זיין האַנט דעם שטעקן און צעברעכט אים, רייסט אַראָפּ דעם זיגל פון מהר״מס האַלדז און וואַרפט אים אויף דער ערד. דער אַלטער רב ווערט נישט דערשיטערט. דער הערצאָג הייבט אויף פון דער ערד דעם זיגל און דערלאַנגט דעם מהר״ם אַ פּאַפּיר אונטערצוחתמענען. אין פּאַפּיר שטייט, אַז די מאַינצער קהילה זאָל אויסצאָלן דעם הערצאָג די געפאָדערטע סומע פאַר דער באַלדיקער באַפרייונג פון מהר״ם. דער אַלטער רב זאָגט זיך אָפּ אויסצופירן די פאָדערונג פון הערצאָג. דעמאָלט פאַלן פון הער־צאָגס מויל די שרעקלעכע גזירות: אַפילו נאָכן טויט וועט דער מהר״ם נישט באַפרייט ווערן פון דער תפיסה. זיין טויטער קערפּער וועט נישט קומען צו קבר־ישראל, ביז וואַנען די קהילה וועט נישט אויספירן די פאָדערונג פון הערצאָג. אַפילו די ספר־תורה, וואָס דער מהר״ם האָט אין

דער תפיסה אויפגעשריבן, וועט מיט אים אין איינעם פוילן אין תפיסה־קעלער. נאָך מער, דער תלמיד און ממלא־מקום פון מהר״ם, דער רבינו אשר (דער רא״ש) וועט אַריינגעוואָרפן ווערן אין תפיסה אַריין און טיילן דעם גורל פון מהר״ם.

דער רב פון מאַינץ נעמט אויף מיט אַן אינעווייניקסטן ציטער, אָבער מיט דרויסנדיקער רויִקייט די גזירות פון הערצאָג. ער זאָגט זיך ענד־גילטיק אָפּ אויסצופירן זיין באַפעל. דער הערצאָג גיט אַ שליידער אויף דער ערד די יריעות פון דער אויפגעשריבענער ספר־תורה און פאַרלאָזט אין כעס די תפיסה־קאַמער.

ס׳קומען אַריין אין תפיסה דער רא״ש (רבינו אשר) מיט דעם מהר״מס יינגסטער טאָכטער אסתר. זיבן יאָר האָבן זיי שוין נישט געזען דעם פאָטער און רבין. דער מהר״ם גיט זיי איבער דעם לעצטן ווילן זיינעם. ער איז גוזר, אַז נאָך זיין טויט, אויב דער הערצאָג וועט נישט לאָזן זיין גוף ברענגען צו קבר־ישראל ביז וואַנען די קהילה וועט נישט איינצאָלן די געפאָדערטע סומע, — זאָל מען נישט נאָכגעבן. „נישט נאָכגעבן!״ — שרייט אויס דער מהר״ם. דאָס איז זיין צוואה, זיין לעצטער רוף צום יידישן פאָלק.

און נאָך עפּעס. דער מהר״ם פאָדערט פון ר׳ אשרן, דעם איצטיקן ר׳ב און ראש־ישיבה אין מאַינץ, ער זאָל תיכף פאַרלאָזן אַלץ און אַנטלויפן, ווייל דער הערצאָג קלייבט זיך אַריינצוואַרפן אים אין תפיסה אַריין.

דער רא״ש איז דערשטוינט פון זיין רבינס פאָדערונג. ער וויל אויך גיין אויף קידוש־השם, אויב דאָס איז נייטיק. דאָ קומט דער שוין אויבן געבראַכטער ציטאַט, אַז קידוש־השם איז נאָר דעמאָלט אַ מצווה און אַ חוב, אויב ס׳קאָן שטאַרקן דאָס פאָלק און נישט פאַרקערט — עס אָפּ־שוואַכן. דער רא״ש גיט זיך אונטער דעם ווילן פון זיין רבין. ער און אסתר פאַרלאָזן די תפיסה־קאַמער. דער מהר״ם גייט צו צום שטענדער, פאַרענ־דיקט שרייבן די לעצטע פסוקים פון דער תורה און הויכט אויס זיין הייליקע נשמה.

## 3

אין משך פון דער גאַנצער האַנדלונג, כמעט אין אַלע בילדער, גייען

אַדורך אין דער דראַמע צוויי געשטאַלטן, וואָס כאָטש זיי זענען אין גרונט רעאַלע (די יידישע געשיכטע קען זיי גוט), דאָך רייסן זיי זיך אַרויס — מיט דער סימבאָלישער אַטמאָספער וואָס איז אַרום זיי — פונעם רעאַליס־טישן פאָן פון „מהר״ם פון רוטענבערג״. די צוויי געשטאַלטן זענען: אַהאַס־פער — דער אייביקער ייד, און דניאל — אַ צוואַנציק־יעריקער בחור פון היטלערס קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דאַכאַו. דניאל מיט אַהאַספער טרעפן זיך אין דאַכאַו (אין יאָר 1943) און ביידע גייען קיין מאַינץ, ווו זיי קומען אָן אין יאָר 1286. אַהאַספער האַלט, אַז „אַ ייד אַנטלויפט נישט פון זיין גורל״. נישט, אַז אַ ייד טאָר נישט אָדער דאַרף נישט אַנטלויפן פון זיין גורל, נאָר — ער אַנטלויפט נישט. דאָס הייסט: נישט דער יידישער גורל בכלל איז אייביק, אומפאַרענדערלעך, און דעריבער קאָן מען פון אים נישט אַנטלויפן, נאָר דער ייד איז אייביק, אחד און אייביק — און במילא איז דער יידישער גורל אייביק (אָבער נישט אומפאַרענדערלעך).

אַ ייד, וואָס איז אין דאַכאַו, איז אויך אין מאַינץ,
אַ ייד, וואָס איז אין מאַינץ, איז אויך אין דאַכאַו,
אײן איינער און דער זעלבער רגע — דאָרט און דאָ.

דאָס זענען ווערטער פון אַהאַספער. דניאל האַלט, אַז פון גורל מוז מען אַנטלויפן. דניאל ווייסט וועגן דער אייביקייט פון יידישן גורל, אָבער פילט נאָך נישט די אייביקייט פונעם ייד. אַהאַספער איז אייביק, און דניאל — פול מיט רעוואָלט. אַהאַספער האַלט, אַז אַ ייד אַנטלויפט נישט, ווייל אַ ייד איז אייביקער פון תפיסה. דניאל איז יונג און קאָן בכלל שווער שלום מאַכן מיטן געדאַנק פון תפיסה. דניאל רעוואָלטירט. ער וויל מגלה זיין דעם מהר״ם דעם סוף פון זיין וועלן אַנטרונען ווערן, אָבער אַהאַס־פער לאָזט אים נישט. נישט דערפאַר, ווייל מען טאָר נישט פאַרויסזאָגן קיין שלעכטס, נאָר ווייל יעדער ייד מוז אַלץ דורכמאַכן אַליין, אַפילו וועגן זיך מוז ער געוויר ווערן פון זיך אַליין.

אַהאַספער לאָזט נישט דניאלן מגלה זיין עפּעס וואָס, אָבער ווען דניאל וויל אויסטרויערן זיינע טרויעריקע זעונגען, דערלויבט אים דערויף אַהאַס־פער. נאָך מער, ער האַלט דאָס פאַר זיין (דניאלס) זכיה.

מיט יענעם און מיט זיך

אָהאַספּער:
זיין זכיה אַזאַ:
צו אויסטרויערן באַצייטנס אַלע טרויערס,
צו אויסליידן פאַרויס אַלע ליידן.
אַז איינער שעפּט דעם גאַנצן טרויער אויס באַצייטנס,
ווערן אַלע שמחות פריי אויף לאַנגע דורות,
איר פאַרשטייט — אַ זכיה אַזאַ.

**דערמיט מיינט אָהאַספּער דאָס דיכטערישע, דעם קינסטלערישן אויפ־ברויז — און די דאָזיקע זכיה קאָן קיינער דעם דיכטער נישט אַוועקנע־מען, אויף דעם עקזיסטירן נישט קיין שום באַוואָרעניש, נישט פון עבר און נישט פון עתיד. דורך דעם דיכטערישן אויפברויז, וואָס וואַקסט אויס צו אַ דיכטערישער זעונג, קומט אויף דניאלן אַ גרויסע באַרויקונג. ער הייבט אָן פילן אייביקייט און הייבט אָן פאַרשטיין דעם זינען פונעם יידישן זיין. ווען דער מהר״ם פרעגט אים:**

איז ווער שליסט אויף פאַר דיר מיין תפיסה־טיר?

**ווייסט אים שוין דניאל צו ענטפערן:**

אַ תפיסה מיט אַ תפיסה גיסן זיך צונויף,
און שאָטנס פלעכטן זיך צונויף מיט שאָטנס,
און דורות שליסן זיך אַריין אין דורות —
און דעמאָלט שלייך איך זיך אַריין.

**און ווען דער מהר״ם רעדט צו אים אַ טרויעריקער:**

ווער בין איך צו מנצח צו זיין, מיין זון?

**ענטפערט אים דניאל:**

אָט האָט איר דאָך אַ נייע ספר־תורה אויפגעשריבן,
אָט ליגן דאָך די פאַרטיקע ידיעות.
איר האַלט דאָך שוין ביים סוף פון וזאת הברכה,
איין ספר ווערט פאַרברענט — אַ צווייטער ווערט געשריבן.

דניאל, ווי מיר קאָנען לייכט זען, פאַרמאָגט שוין דעם כוח משיג צו זיין אייביקייט. ער האָט זיך אויסגעגליכן מיט אַהאַספּער. און ווען זיי קומען — אין סוף פון דער דראַמע — ביידע אַריין אין תפיסה־קאַמער צום מהר״ם און טרעפן אים שוין אַ טויטן, בייגן זיי זיך אַריבער איבער זיין טויטן גוף און רופן אויס ביידע: שטיי אויף, קום מיט אונדז. זיי נעמען אים מיט זיך אין זייער אייביקן יידישן גאַנג.

אַהאַספּער און דניאל שפּילן אין לייוויקס „מהר״ם פון רוטענבערג״ די זעלביקע ראָלע, וואָס די כאָרן אין די קלאַסיש־אַנטיקישע דראַמעס. זיי פאַרבינדן דאָס געשעענע מיט דעם וואָס דאַרף געשען. זיי שאַפן אַזוי אַרום אַן איינהייט פון צייט (איינער פון די עיקרים פון די קלאַסישע און פּסעוודאָ־קלאַסישע דראַמעס). יאָר 1943 און יאָר 1286 — און נישט בלויז די דאַטעס — ווערן צונויפגעשמאָלצן אין איינס.

דער „מהר״ם פון רוטענבערג״ איז אָבער קודם־כל אַ קלאַסישע דראַמע דערפאַר, ווייל אין איר ווערט באַהאַנדלט דאָס גורל־פּראָבלעם. דער יידישער גורל איז אָבער אַן אַנדערער ווי דער גריכיש־אַנטיקישער. דער לעצטער איז אַ בלינדער צעשטערנדיקער כוח, וואָס אָפט ווייס מען אַפילו נישט פאַר וואָס ער שטראָפט. דער יידישער גורל (ווי לייוויק שטעלט אים דאָ אַוועק) איז אַ צעמענטירנדיקער כוח, אַ כוח וואָס פירט צונויף ייד מיט ייד, צייט מיט צייט — און האַלט דעם ייד אין אַן אייביקייט־געשפּאַנטקייט, פון וועלכער ער וועט נישט אַרויסגיין, וועט נישט אַנטלויפן. נישט דערפאַר ווייל ער איז פאַרמשפּט אומצוקומען און דער אורטייל מוז אומברחמנות־דיק (ווי ביים גריכיש־אַנטיקישן גורל) אויסגעפירט ווערן, נאָר פאַרקערט, ווייל דער ייד איז דורך זיין גורל פאַרמשפּט אויף אייביקייט; פאַרמשפּט, נישט געקוקט אויף אַלע מוראדיקע נסיונות, ווייטער צו לעבן.

דער מהר״ם קאָן האַלטן, אַז זיין זיצן אין תפיסה איז אַ שטראָף פאַרן וועלן אַנטלויפן „דורך לינקע וועגן״. אָבער אַפילו די שטראָף, וואָס איז געקומען אויף אים, איז אַ כוח, וואָס שלאָגט קודם־כל יענעם און אונטערטעניקט די בייזע כוחות.

לייוויק האָט אין „מהר״ם פון רוטענבערג״ צום קלאָרסטן פּרעציזירט זיין שטעלונג צום יידישן גורל. לייוויקס שטעלונג האָט נישט געקאָנט זיין קיין אַנדערע, ווי אַ דורכויס יידישע, — ווייל לייוויקס גורל, זיין דיכטערישער גורל, איז אַבסאָלוט אַ יידישער.

4

ה. לייוויקס „מהר״ם פון רוטענבערג״ איז נישט קיין פּראָבלעם־דראַמע, ווי אַלע אַנדערע דראַמעס זיינע. דער דראַמאַטישער פאַקט, דער סוזשעט, דינט דאָ נישט, ווי אַ פּרעטעקסט פאַר אַ קאָנצעפּציע, פאַר אַ פּראָבלעם, וואָס דאַרף ערשט אין דער דראַמע באַהאַנדלט ווערן, זיך פונאַנדערוואַקסן, אַנטוויקלען און, — נישט זעלטן — גיין אויף וועגן, וואָס זענען אין אָנהייב דעם דיכטער גופא נאָך נישט אין גאַנצן קלאָר. אין „מהר״ם פון רוטענבערג״ איז גאָר עפּעס אַנדערש. דאָ איז דער דראַמאַטישער פאַקט, דער סוזשעט, נאָר אַ באַשטעטיקונג און אַ באַקרעפטיקונג פון אַ קלאָרער, פאַרויס באַשטימטער שטעלונג. דאָס איז אַ שטעלונג, וואָס איז באַשטימט און געחתמעט דורכן גאַנג פון דער יידישער געשיכטע און וואָס פון צייט צו צייט ווערט איר וועג באַלויכטן דורך אַזעלכע עמודי־אש, ווי דער מהר״ם פון רוטענבערג.

לייוויקס אויפגאַבע איז אין דעם פאַל געווען אַ ריין קינסטלערישע. ער האָט באַדאַרפט געפינען אַ קינסטלערישן אויסדרוק פאַר דעם, וואָס איז שוין פון לאַנג אויסגעדריקט געוואָרן אין פאָרעם פון מעשים.

אויב ס׳איז יאָ פאַראַן אַ פּראָבלעם אין „מהר״ם פון רוטענבערג״ איז עס דאָס פּראָבלעם פון גרענעץ, און דאָס איז דאָך במילא אויך אַ קינסטלעריש פּראָבלעם.

ווו איז די גרענעץ? ווען מעג מען זיך יאָ באַניצן מיט שפּיזלעך, וואָס די תלמידים פון מהר״ם טראָגן מיט זיך צוליב פאַרטיידיקונג־צילן און ווען נישט? ווו איז די גרענעץ פון אַליין־פאַרטיידיקונג? ווען דאַרף זי זיך אָנהייבן? צי מעג אַ ייד באַניצן דאָס וואָס „זיי״ באַניצן? ווו איז פאָרט די גרענעץ צווישן ייד און „זיי״?

דאָס זענען אַלץ פראַגן, אַרום וועלכע ס׳אַמפּערן זיך די תלמידים פון מהר״ם, ווען זיי באַגלייטן אים אויפן וועג צום הערצאָגס פּאַלאַץ. ווו איז די גרענעץ פון קידוש־השם? ווען דאַרף מען קידוש־השם אויסקלייבן און ווען דאַרף מען אויסמיידן? ווער מעג יאָ גיין אויף קידוש־השם און ווער נישט? דאָס זענען פראַגעס, וואָס מאַטערן דעם מהר״ם. קיינער איז נישט

מסופק, אַז מ׳דאַרף בכלל מקדש־השם זיין. דאָס איז פאַר אַלעמען קלאָר. ס׳פרעגט זיך נאָר: ווען און ווו?

דער „מהר״ם פון רוטענבערג״ איז אַ רעאַליסטישע דראַמע. דער מהר״ם מוז ווערן און ווערט אויפגעצוווּנגען צו באַשטימען די באַציונג פון די יידן צו דער נישט־יידישער פיינטלעכער וועלט. ער שטעלט זיך צום קאַמף מיט דער וועלט — און מוז זי מנצח זיין. מיט וואָס נעמט ער זי איין? מיטן כוח פון „גרענעץ״, דערמיט וואָס דער מהר״ם ווייסט געגוי ווו איז די גרענעץ. די גרענעץ — דאָס איז די אָנגרענעצדיקייט פון גרענעץ. ס׳איז נישטאָ קיין שום גרענעץ פאַר אַזאַ מסירת־נפש, וואָס קאָן באַגרענעצן די מסירת־נפש. דאָס איז די דיאַלעקטיק פון יידישן קיום: ס׳איז נישטאָ קיין צו טייערע זאַך, וואָס ס׳זאָל נישט ווערט זיין מקריב צו זיין פאַר דעם יידישן קיום, און ווייל דער יידישער קיום איז אַזוי טייער, איז נישטאָ קיין צו טייערע זאַך, וואָס ס׳זאָל נישט ווערט זיין זי מקריב צו זיין, בכדי אויס־צומיידן דעם קרבן. מ׳דאַרף אַפילו מקריב זיין דעם קידוש־השם, אויב דער יידישער קיום פאָדערט עס.

לייוויקס נטיה צו דער דראַמאַטישער פאָרעם איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. לאָמיר דאָ נאָר אָנצייכענען עטלעכע ווערטער. לייוויק איז פאַרליבט אין יידישן דויער. דער מהר״ם פון רוטענבערג איז די דראַמע פון יידישן דויער. דאָ פרעגט מען זיך נישט: נאָך וואָס? ביז ווען? און ווי לאַנג וועט דויערן ביז ס׳וועט קומען די גאולה? דאָ איז יידישער דויער קלאָר פון זיך אַליין. דויער — ביי אַלע באַדינגונגען. לייוויק האָט נישט געקאָנט געפינען קיין בעסערן קינסטלערישן אויסדרוק פאַר זיין ליבע צום יידישן דויער, ווי די דראַמאַטישע פאָרעם (וואָס איז דאָך אויך דויער, נישט בלויז אַקציע, נאָר טאַקע דויער). אַזוי ווי אַ פרומער ייד וויל וואָס לענגער, מיט זיין סאַמע לענגסטן אָטעם, ציען דאָס אַרויסגעזאָגטע וואָרט: א־ח־ד, אַזוי האָט לייוויק אין זיין פרומער פאַרליבטקייט אין יידישן דויער, וואָס לענגער, מיט אַ וואָס ברייטערן אָטעם, געוואָלט אַרויסזאָגן דאָס וואָרט: קיום. נישט אין קיין ליד, אַפילו נישט אין קיין פּאָעמע, נאָר דווקא אין אַ דראַמע האָט לייוויק דאָס געקאָנט טאָן. די גראַדאַציע און דער אָנוווּקס אַפילו פון איין דיכטעריש וואָרט — דאָס איז דער עקסטאַז פון געצוימטקייט, על אחת כמה וכמה איז עס אין אַ דראַמאַטיש ווערק, ווו נישט נאָר דאָס וואָרט נאָר

די גאַנצע האַנדלונג מוז געצוימט ווערן. מען דאַרף זיך וואָס מער דערוויי־טערן פון וואָרט, בכדי וואָס נענטער צו אים צוצוקומען. דעם קינסטלערס נצחון איבערן וואָרט איז אָפּהענגיק דערפון, אויף וויפל דער קינסטלער קאָן זיך שטעלן אין אַ געהעריקער דיסטאַנס צום וואָרט.

דער „מהר״ם פון רוטענבערג״ — די דראַמאַטישע פּאָעמע אין זיבן ביל־דער — איז לייוויקס גרויסער קינסטלערישער נצחון. ער האָט אַקאָמפּאָ־נירט דעם יידישן דויער מיט זיין לענגסטן און ברייטסטן דיכטערישן אָטעם.

5

ווו ליגט דער באַצווינגענדיקער כישוף פון „מהר״ם פון רוטענבערג״? — ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען, ווי משונהדיק דאָס זאָל נישט קלינגען ביי אַזאַ מתנגדישן, פולן מיט עצבות, אָן אַדורכגענומענעם מיט פּיין און יסורים דיכטער, ווי ה. לייוויק, מוזן מיר דאָך זאָגן, אַז דער באַ־צווינגערישער כישוף פון „מהר״ם פון רוטענבערג״ ליגט דווקא אין דער חסידישקייט פון דער דראַמאַטישער פּאָעמע. נאָך משונהדיקער וועט דאָס אפשר קלינגען, ווען מיר וועלן זיך דערמאָנען, אַז „מהר״ם פון רוטענבערג״ איז אָנגעשריבן געוואָרן באַלד נאָכן חורבן, צי גאָר טאַקע בימי החורבן גופא.

און ווען מיר זאָגן חסידישקייט, מיינען מיר נישט חסידישקייט פון די חסידים ראשונים (חסידים ואנשי מעשה), נאָר טאַקע פון דעם בעל־שמס חסידים. נישט געקוקט וואָס דער מהר״ם פון רוטענבערג איז געווען אַ מאור הגולה, וואָס מען פלעגט צו אים שיקן שאלות פון דער גאַנצער יידי־שער וועלט — איז ער פול מיט זיסער הכנעה און עניוות ווי אַ בעל־שמ־סקער חסיד. שטאָלץ און תקיפותדיק לגבי דער דרויסנדיקער וועלט און פול מיט פאָטערלעכער צערטלעכקייט לגבי זיינע תלמידים, מקורבים און לגבי יעדן ייד; שאַרף און אומפשרהדיק אין זיינע תשובות, פול מיט באַוווסטזיין פון דער וואָגיקייט פון זיין וואָרט — איז ער פול מיט ספקות און נאָכטראַכטענישן לגבי זיינע אייגענע מעשים. אַחוץ אַלעם איז די גאַנצע שטעלונג, און דער צוגאַנג צו זיך פון מהר״ם בכלל אַ חסידישער. אַ צדיק ווערט אָנגערופן דער, וואָס טוט אַלץ על־פּי־דין, און אַ חסיד — וואָס טוט אַלץ לפנים משורת הדין. פּדיון־שבויים איז אַ מצווה. אָבער

ס׳איז נישטאָ קיין דין, וואָס זאָל זאָגן, אַז מען טאָר נישט פּאַר אַ מאור־הגולה געבן אויסלייז־געלט מער ווי פאַר אַ פּשוטן שבוי. דאָס איז נאָר געווען דער רצון פון מהר״ם, אָבער ס׳איז נישט קיין דין, נאָר אַ חומר הדין, וואָס דער מהר״ם האָט אויף זיך אַליין אַרויפגעלייגט, בכדי זיך קעגנ־צושטעלן דעם שונא און ראַטעווען כלל־ישראל. ער האָט געטאָן לפנים־משורת־הדין, אין גייסט פון דעם בעל־שמס חסידות, מיט וועלכער לייוויק האָט באַצירט דעם מהר״ם פון רוטענבערג. זיין באַקעמפן עצבות, זיין נישט לאָזן קיינעם וויינען, זיין אויפנעמען דעם שווערן גורל מתוך שמחה — דאָס אַלץ דערמאָנט אונדז אין די סאַמע עכטע חסידים, וואָס האָבן זייער שווערן וועג אין לעבן דורכגעמאַכט מתוך חדווה. און ווען דער מהר״ם פאַלט אַריין אין טרויער, איז עס נאָר — מחמת חורבן ירושלים. זיין אייגן לעבן האָט ער אָוועקגעשענקט די יידן. ער פילט זיך לגמרי נישט ווי אַ באַצוווּנ־גענער, ווי אַן אויפגעצוווּנגענער קרבן.

ווו ליגט די שיינקייט פון לייוויקס „מהר״ם פון רוטענבערג״? אין דער קלאָרקייט פון וואָרט, אין דער העלקייט פון פערז, אין דער דורכזעעוודי־קייט פון דיאַלאָג. אַחוץ דעם איז „מהר״ם פון רוטענבערג״ פון דראַמאַטישן שטאַנדפּונקט, אַן עכט מייסטערווערק: די בילדער — שאַרף און קלאָר, די ווערטער — קאָרג. אַלץ אין דער דראַמע שפּאַרט צום הויפּטפּונקט. דער מהר״ם רעדט בכלל גאַנץ ווינציק וועגן גאָט און זייער פיל וועגן יידן. אין דעם ליגט זיין פּערזענלעכע שיינקייט.

ווו ליגט די אייגנטימלעכקייט פון לייוויקס „מהר״ם פון רוטענבערג״? די אייגנטימלעכקייט ליגט אין דעם שניידנדיקן רעאַליזם, וואָס וואַקסט אויס אין ווערק צו אַ סימבאָל, און אין דעם אייביקן סימבאָל, וואָס איז ביי אונדז שטענדיק רעאַל. צי איז דען אַהאַספער, דער אייביקער ייד, נישט פּונקט אַזוי רעאַל, ווי דניאל, דער צוואַנציק־יאָריקער בחור פון דאַכאַו? צי זענען דען זיי ביידע נישט אַזוי רעאַל, ווי רעאַל און סימבאָליש ס׳איז די געשטאַלט פון מהר״ם פון רוטענבערג? לייוויק האָט אין דעם אַ ווערק זיינעם אַריינגעהויכט אַזאַ הויכע אַטמאָספער, אַזאַ אַנגעגליטע יידישקייט, אַז ייד מיט ייד, צייט מיט צייט שמעלצן זיך צונויף אין איין הויכווערטיקן מעטאַל, וואָס ס׳לאָזט זיך איינצייטיק (ביי זיין הויכווערטיקייט) נישט קרישלען.

לייוויקס רעאַליזם אין „מהר״ם פון רוטענבערג״ איז דער סאַמע נייסטער און מאָדערנסטער, ווייל אין זיין רעאַליזם איז פאַראַן אַ קאָנצעפּציע: די דיאַלעקטיק פון יידישן קיום. דער רעאַליזם שטעלט אַוועק דאָס ווערק אין פולן ליכט — און דאָך איז אַזוי גרינג צו קוקן דעם ווערק גלייך אין פּנים אַריין.

איצט איז אויך פאַר מיר קלאָר פאַר וואָס לייוויקס „מהר״ם פון רוטענבערג״ האָט געהאַט (און האָט עד־היום) אויף מיר אַזאַ ווירקונג. כ׳האָב אין לייוויקס ווערק נישט געפונען קיין פאַרענטפערונג פון דעם, וואָס ס׳איז מיט אונדז געשען. אָבער לייוויק האָט — דורך זיין „מהר״ם פון רוטענבערג״ — צוריקגעגעבן אונדז אַלעמען דעם גלויבן, אַז ס׳איז פאַראַן אַ גרענעץ פאַר יידישע ליידן. דורכן „מהר״ם פון רוטענבערג״ האָט לייוויק געוויזן, אַז אַזאַ גרענעץ איז מעגלעך. אַ ייד קאָן זיך נישט אָפּזאָגן פון ליידן, אויב ער וויל זיך נישט אָפּזאָגן פון זיך אַליין און פון זיין פאָלק. אָבער וווּ איז די גרענעץ? און — צי איז בכלל פאַראַן אַ גרענעץ? אויף דער פראַגע האָט לייוויק געפונען אַן ענטפער. דורכגעטראַכטע און איינצייטיק דורכגעגליטע, געוווּיגענע, און צוגלייך אָנגרענעצדיקע מסירת־נפש — דאָס איז די גרענעץ פאַר מסירת־נפש; געצוימטער עקסטאַז, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן אין די ערשטע ווערטער פון אַהאַספער און זיך דערהויבן פאַמעלעך און שטאַפּלדיק ביזן לעצטן אות פון דער דראַמע, דאָס איז די גרענעץ פון קונסט, פון דיכטערישן וועג.

די צוויי אופנים — פון מסירת־נפש און דיכטערישער שטייגערונג — זענען דער וועג, וואָס פירט אונדזער פאָלק און זיין דיכטער פון נסיונות צו נצחונות.

(„די גאָלדענע קייט״ נומער 7, 1951)

# דער נס פון גלויבן

(צום זיבעציקסטן געבוירן־יאָר פון ה. לייוויק)

1

די שיינקייט פון ה. לייוויקס פּאָעזיע — איז אַן אַבסטראַקטע שיינקייט. איר וועט ביי אים, אין זיינע פּאָעטישע שאַפונגען, כמעט נישט געפינען קיין פאַרגלייכן, קיין מעטאַפאָרן. ער דאַרף דאָס נישט. די פאַרגלייכן, צי מע־טאַפאָרן, וואָס ביי אַנדערע דיכטער, לייוויקס מיטצייטלערס, זענען זיי אַ נויטווענדיקייט, וואָלטן ביי אים געווען אַן איבעריקייט, אַ באַלאַסט, איך וואָלט אַפילו געזאָגט: אַן אומהיימלעכער באַלאַסט. אין דער קונסט איז יעדע איבעריקייט אַ צעשטערערישער עלעמענט.[1] און יעדע צעשטערע־רישקייט וואַרפט אָן אַן אומהיימלעך געפיל, אַ געפיל פון מורא, פון פּחד. קאַליע געמאַכטע קונסט פאַרגרעסערט דאָס געפיל פון פּחד אין דער וועלט.

די אַבסטראַקטע שיינקייט פון דער פּאָעזיע, און איך רעד דאָ וועגן ה. לייוויקס פּאָעזיע, איז נישט די פון דער אַבסטראַקטער מאָלעריי (אויב די לעצטע פאַרמאָגט זי). די אַבסטראַקטע פּאָעטישע שיינקייט אַפּעלירט נישט צום אונטערבאַוווסטזיין. פאַרקערט, זי אַפּעלירט צום אויבערבאַ־וווסטזיין. זי זוכט נישט קיין ווייטע אַסאָציאַציעס (עמאָציאָנעלע, אינטעלעק־טועלע, צי וואָקאַלע), אָבער עס געשעט שוין אַלע מאָל אַזוי, אַז די סאַמע ווייטסטע אַסאָציאַציעס געפינען זיך נאָענט נעבן זיך אין דער אַרביטע פון דער אַבסטראַקטער שיינקייט.

די אַבסטראַקטע פּאָעטישע שיינקייט דאַרף זיך אין גאָרנישט נישט אָנשפּאַרן, נישט אָן פאַרגלייכן, נישט אָן קיין מעטאַפאָרן. זי איז בבחינת „חי

[1] אַזוי איז עס אויך, אגב, אין דער ביאָלאָגישער וועלט. יעדע איבעריקע צעלע אין אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם קאָן זיין אַ סיבה פון אַ צעשטערערישן פּראָצעס.

נושא את עצמו״, — זי טראָגט זיך אַליין, די דאָזיקע שיינקייט, און דער־טראָגט זיך צו הויכע הויכקייטן.

לייוויקס פּאָעטישעווירקלעכקייט איז איין־און־איינציק. נאָר זי (די פּאָעטישע ווירקלעכקייט) און נישט איר אָפּבילד. נאָר זי אַליין געזען אין זיך גופא און נישט געזען דורך קיין פּריזמע, נישט דורך קיין פאַרגרעסער־גלאָז, נישט אין קיין שפּיגל.

די אַבסטראַקטע פּאָעטישע שיינקייט דאַרף נישט קיין אָנשפּאַר. זי וויזט זיך שטענדיק אַליין, אַזוי ווי זי איז. „כזה ראה וקדש״. און איזן איז זי אַזוי, ווייל זי געהערט צו דער תקופה פון דער גרויסער פּאָעזיע.

די תקופה פון דער גרויסער פּאָעזיע שיידט זיך אונטער פון דער מאָ־דערניסטישער מיט דעם, וואָס אין איר איז די פּאָעזיע נאָכגעגאַנגען די פּאָעטן, אין דער צייט ווען אין דער קאָמפּליצירטער מאָדערניסטישער תקופה האָבן די פּאָעטן אָנגעהויבן נאָכגיין דער פּאָעזיע. אין דער ערשטער תקופה איז דער פּאָעט געווען דער געפאַנגענער, און אין דער מאָדערניס־טישער איז דער פּאָעט געוואָרן דער פאַנגער. נישט די פּאָעזיע האָט דעם פּאָעט געפאַנגען, נאָר די פּאָעטן האָבן אָנגעהויבן פאַנגען די פּאָעזיע מיט פאַרשידענע מיטלען, מיט פאַרשידענע פאָרמאַליסטישע אופנים, מיט דע־פאָרמאַציעס, מיט ספּעציעל אויסגעזוכטן קלאַנג, מיט פאַרגלייכן, מיט מעטאַפאָרן און מיט אַ גאַנצער ריי אַנדערע אויפטוען.

אין דער ערשטער תקופה זענען געווען גרויסע פּאָעטן, בעת אין דער מאָדערניסטישער זענען שוין נאָר געווען פּאָעטישע גרויסקייטן.

די אַבסטראַקטע פּאָעטישע שיינקייט איז פאַרבונדן מיט דער ראָמאַנ־טישער תקופה אין דער פּאָעזיע, וועלכע כ׳וועל ווייטער אָנרופן — די תקופה פון דער גרויסער פּאָעזיע. די פּאָעזיע איז דעמאָלט געווען גע־קניפּט און געבונדן מיט אמונה. מיט אמונה אין פּאָעזיע. אַזוי ווי מען האָט געגלייבט אין גאָט, אַזוי האָט מען געגלייבט אין פּאָעזיע. דער פּאָעט האָט דעמאָלט אַריינגעפירט אין דער פּאָעזיע אַ ריי אַבסטראַקטע באַגריפן, ווי אומענדלעכקייט, אומשטערבלעכקייט, שיינקייט און אַנדערע, אָן דער מינדסטער מורא, אַז מען וועט אים נישט גלייבן. ווייל אמונה ווייס נישט פון קיין מורא.

דערנאָך, אין די קאָמפּליצירטע געוואָרענע לעבנס־תנאים, ווען ס׳האָט

זיך אַנטוויקלט די שטאָטישע ציוויליזאַציע, האָט דעם מענטש אָנגעהויבן ווערן ענג. ער האָט זיך דעמאָלט גענומען זוכן עקספּאַנסיע־מעגלעכקייטן, אָנגעהויבן עקספּלאָאַטירן אויף אַ געשיקטן, מעכאַניזירטן אופן די נאַטור־אוצרות. ער האָט אָנגעהויבן עקספּלאָאַטירן די אייגענע פעיקייט און די פּיזישע כוחות פון די מענטשן, וואָס האָבן די נאַטור־אוצרות נישט געירשנט און צו זיי זיך נישט דערשלאָגן.

דעמאָלט האָט אויפגעהערט די אמונה, כאָטש ס'האָט שטאַרק אָנגע־האַלטן די רעליגיע. דעמאָלט האָט אויך פּאָעזיע פאַרלוירן די אמונה אין זיך.[2]

די נעאָ־ראָמאַנטיקער האָבן געוואָלט ווידער מחיה זיין, לעבעדיק מאַ־כן, די אמונה אין פּאָעזיע. זיי האָבן צוריק אָנגעהויבן אַריינפירן אַבסטראַק־טע באַגריפן אין דער פּאָעזיע. אָבער זיי האָבן געפילט, אַז מען גלייבט זיי נישט מער, אַז נישטאָ מער קיין אמונה אין פּאָעזיע. האָבן זיי גענומען שרייבן די אַבסטראַקטע באַגריפן מיט גרויסע אותיות, מיט קידוש־לבנה־אותיות. געמיינט אַזוי ארום ווירקן, סוגערירן דעם לייענער אמונה. אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפן.

דעמאָלט זענען געקומען די אימאַזשיניסטן. זיי האָבן געוווסט, אַז מען גלייבט נישט מער דער פּאָעזיע און זיי האָבן ביים פּאָעזיע־לייענער גאָרנישט געוואָלט נעמען אויף קרעדיט.

זיי, די אימאַזשיניסטן, האָבן צו יעדן בילד צוגעלייגט באַלד זיין דע־קונג, אַ מעטאַפאָר. די מעטאַפאָרן האָבן אָנגענומען אַ וואָס אַ מאָל מער היפּערבאָלישע פאָרעם. מען האָט אָנגעהויבן זוכן וואָס אַ מאָל מער אויס־טערלישע מעטאַפאָרן.

אייגנטלעך הערשט נאָך דער אימאַזשיניזם אין דער פּאָעזיע ביזן היינטיקן טאָג. אָבער אין זיין בליצייט איז ער געוואָרן אַ קראַנקייט אין דער פּאָעזיע, וועלכע דער זייער דורכדרינגלעכער פּוילישער ליטעראַטור־קריטיקער און פילאָסאָף, קאַראָל איזשיקאָווסקי, האָט אַ נאָמען געגעבן: מעטאַפאָריטיס.

[2] די עקספּלאָאַטאַציע, יעדער מין, איז קעגן אמונה. אין אמתן סאָציאַליזם קאָן דער מענטש צוריק באַקומען אמונה. עס געהער אָבער צו די טראַגישע פּאַראַדאָקסן פון דער געשיכטע וואָס דער סאָציאַליזם האָט זיך פאַרנומען זי עוקר מן השורש צו זיין.

2

ה. לייוויק האָט באַוווסטזיניק אָנגעבונדן אין דער גרויסער פּאָעזיע. דאָס איז געשען דערפֿאַר, ווייל ער האָט געגלייבט און גלייבט באמונה שלימה אין פּאָעזיע. ער האָט אויך געהאַט און האָט דעם כוח אַנדערע צו מאַכן אין איר גלייבן.

צוויי נסים זענען פֿאַראַן אויף דער וועלט: דער נס פֿון גלויבן און דער נס פֿון מאַכן גלייבן. דער ערשטער נס געהערט דער טעאָלאָגיע, דער צווייטער — דער פּאָעזיע. אָן דעם נס פֿון מאַכן גלייבן וואָלט די פּאָעזיע קיין קיום אויף דער וועלט נישט געהאַט. זי וואָלט באַלד אויף דער וועלט נישט געקומען.

אָבער אויך דער נס פֿון גלויבן איז באַשערט געווען ה. לייוויקן. מען גלייבט אים און מען גלייבט אין אים. דערפֿאַר איז לייוויק פֿון די אימפּאָזאַנטסטע פֿאָרשטייער פֿון דער יידישער פּאָעזיע.

פֿאַראַן אין דער יידישער פּאָעזיע דיכטער געשיקטערע פֿאַר אים, בלינקערע פֿאַר אים, מער אויפֿטועריש, אַפֿילו מיט מער פֿאַנטאַזיע, אָבער ער, לייוויק, געהער צו דעם מין ערלעכע. און דאָס איז דאָך אין פּאָעזיע דער עיקר. ער קאָן אַ מאָל אין אַ ליד עפּעס נישט דערגעבן, אָבער ער וועט קיין מאָל נישט נאַרן. זיין שוואַך ליד — איז שוואַך, און זיין שטאַרק — שטאַרק. אָבער זיין שוואַך ליד וועט קיין מאָל נישט מאַכן דעם אָנשטעל פֿון שטאַרקייט. ער איז ווייט פֿון יעדער מין פּאָזע. ער דאַרף דאָס נישט, ווייל ער איז אַ דיכטערישע פּערזענלעכקייט.

די פּשוטקייט פֿון לייוויקס שפּראַך נעמט זיך פֿון זיין ליריזם. ער איז שטענדיק און אומעטום קודם כל דער ליריקער. און ליריזם הייסט — דערוויטערן אַלע דיכטערישע (קינסטלערישע) אַקסעסואַרן, בכדי אַרויסצוהייבן די ריינע פּאָעטישע שטימונג.

ער איז פֿון די יינגסטע יאָרן אָן געווען פֿול מיט שטימונגען, ווי אַ מיל־גרוים. שפּעטער, ווען ער האָט אָנגעהויבן שאַפֿן, האָט ער די שטימונגען גע־שאָנקען זיינע לידער (אָדער פֿאַרקערט), און די מחשבות זיינע — די דראַ־מעס.

דאָס הייסט נישט, אַז זיינע מחשבות האָבן נישט קיין שטימונג, אָדער

זיינע שטימונגען זענען פריי פון מחשבות. מען קען בכלל נישט אָפּטיילן די וועלט פון געדאַנק פון דער וועלט פון געפיל. איך האָב נאָר געוואָלט אָנווייזן אויף וואָס לייוויק האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין זיינע לידער, און אויף וואָס אין זיינע דראַמעס. אָבער געהערשט האָט קיין מאָל נישט ביי אים איין עלעמענט איבערן צווייטן. נישט דאָס געפיל איבער דער מחשבה און נישט די מחשבה איבערן געפיל.

ווען איך זאָג, אַז די שיינקייט פון לייוויקס פּאָעזיע איז אַן אַבסטראַקטע שיינקייט, מיין איך נישט אונטערצושטרייכן דאָס איבערנאַטירלעכע, דאָס מעטאַפיזישע אין איר. איך מיין צו זאָגן, אַז זיין פּאָעזיע אַפּעלירט צום אייביקייט־געפיל, וואָס איז אין מענטש פאַראַן. דער מענטש וואָס פאַרמאָגט נישט דאָס אייביקייט־געפיל קען פאַרשטיין דעם אינהאַלט פון אַ ליד, דעם אינהאַלט פון אַ באַלאַדע, פון אַ פּאָעמע, אָבער פילן פּאָעזיע קען ער נישט. און פּאָעזיע איז באַשאַפן געוואָרן נישט נאָר צום פאַרשטיין, נאָר דער עיקר צום פילן.

אַפילו אינטעלעקטועלע פּאָעזיע מוז מען פילן. אויב זי איז בלויז צום פאַרשטיין — איז זי קיין פּאָעזיע נישט, נאָר סתם געגראַמטע (אָדער נישט געגראַמטע) מחשבות.

אויף וויפל אינטעלעקטועלע פּאָעזיע פּרעטענדירט צו זיין קונסט, אויף אַזוי פיל דאַרף זי אין זיך פאַרמאָגן קינסטלערישע עלעמענטן. שוין אָפּגע־רעדט דערפון, אַז זי דאַרף שטרעבן (אָדער לכל הפחות בענקען) נאָך קינסט־לערישער שלימות. אויב די אינטעלעקטועלע פּאָעזיע האָט נישט גענוג אין זיך קינסטלערישע עלעמענטן, איז נישט נאָר דער מין פּאָעזיע — קיין פּאָע־זיע נישט, קיין קונסט נישט, נאָר אַפילו די אידעען אירע זענען קיין אידעען נישט, נאָר שברי־אידעען, צעבראָכענע שטיקלעך פון אַ קיין מאָל נישט גאַנץ געוועזענער כלי.

קיין אותיות־פּורחות זענען דערוויל אין דער קונסט נישט פאַראַן. אפשר נאָך ביאת המשיח.

*

שוין אין זיין ערשט ליד (אַזוי ווי עס איז געדרוקט אין דער פולער אויס־גאַבע פון יאָר 1940), איך מיין אין דעם ליד: „ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט״.

אַפּעלירט לייוויק צום אייביקייט־געפיל. שוין דעמאָלט האָט ער, אפשר נאָך אומבאַוווּסטזיניק, אַנגעבונדן אין דער תקופה פון דער גרויסער פּאָעזיע.

די צייט האָט נאָך דעמאָלט געהאַט אַלע אַטריבוטן פון דויער. דער רוים איז געווען גערוים, און דער שטח — פריי. היינט הערשט דער עקסיסטענציאַליסטישער צוגאַנג דערצו. צייט איז אַ סומע פון אָפּגעטונענע מעשים. אַפילו דער רוים איז שוין באַלד נישט גערוים, און דער שטח איז געוואָרן קליין און ענג. עפּעס האָבן זיך פּאַר דער צייט אָנגעזאַמלט אין דער וועלט אַזוי פיל משונהדיקע פאַקטן און זאַכן. פון דער ענגשאַפט וואָס הערשט דערפון אין דער וועלט איז אָפּגעטעמפּט געוואָרן דאָס געפיל פון אייביקייט. עס איז פאַרלוירן געגאַנגען די אמונה. אָן אייביקייט־געפיל קאָן קיין אמונה נישט זיין.

זינט לייוויק האָט פאַרעפנטלעכט זיין ערשט ליד ביז היינט־צו־טאָג, זענען אַ סך קאַטאַקליזמען געשען אין דער וועלט. די יידישע וועלט האָט איבערגעטראָגן מאוימדיקע יאָרן פון הסתרת פנים. אויך לייוויק האָט נישט איין מאָל זיין השקפה אויף וועלט און מענטש געביטן, אָבער זיין שטעלונג צו פּאָעזיע, זיין כוונה, וועלכע ער האָט אין איר אַריינגעלייגט, זיין כיוון, זיין דיכטונג און וועג צו איר — זענען פאַרבליבן די זעלבע. אַזוי ווי דעמאָלט, מיט צענדליקער יאָרן צוריק, אַזוי אויך היינט, אַפּעלירט זיין ליד צו דעם אייביקייט־געפיל, ער טרעט נישט אָפּ פון אירע שוועלן, קלאַפּט אין איר טיר.

ווען איך זאָג „זיין ליד" — מיין איך נישט נאָר לייוויקס באַזונדערע, קלענערע און גרעסערע לידער. איך מיין אַלץ זיינס וואָס איז געשריבן אין פערזן, דאָס אַלץ, וואָס איז דיכטונג אין זיינע דראַמעס, צי דראַמאַטישע פּאָעמעס.

נישט אַלע מאָל האָט זיין ליד דעם גענוגנדיקן כוח אַרויסצורופן דעם געוווּנטשענעם רעזאָנאַנס. אָבער דאָס זענען שטרויכלונגען וואָס מוזן זיין ביי יעדן דיכטערישן בשר ודם. אַ דיכטער, וואָס האָט מורא פאַר אַזעלכע שטרויכלונגען, וועט קיין מאָל נישט גיין מיט אַ טראָט ווייטער און אַוודאי קיין מאָל נישט העכער.

לייוויק געהערט צו די דיכטערישע קאָנסטיטוציעס ביי וועלכע, אויב מען וויל זיי ערלעך אָפּשאַצן, מוז מען נעמען אַלץ, וואָס זיי האָבן געשאַפן, און נישט קיין טיילן פון זייער שאַפונג. מען מוז נעמען דעם גאַנצן לייוויק און נישט קיין חלק פון אים.

אויב איר האָט תופס געווען דעם גאַנצן לייוויק, קאָנט איר שוין דעמאָלט נעמען נאָר איינצלנע טיילן פון אים. אָבער ווען איר האָט נאָך נישט תופס גע־ווען דעם גאַנצן לייוויק — מוזט איר אים נעמען אין גאַנצן. אויב נישט, וועט איר קיין טייל פון אים אויך נישט תופס זיין.

פאַרביסן און עקשנותדיק איז ער זיך געגאַנגען און גייט זיין וועג אין דער יידישער דיכטונג. עס האָבן אים אויך געמאַניעט פאַרשידענע צייטשטי־מונגען אין דער פּאָעזיע. פאַרשיידענע פּאָעטישע מאָדעס האָבן אויך אים קאָ־קעטירט און געוואָלט פאַרפירן. מיט זיין כוהניש קנאות האָט ער געהיט זיין וועג. עס איז אים נישט לייכט אָנגעקומען זיין וועג, דער וועג וואָס איז געגאַנגען כסדר באַרג־אַרויף.

אַזוי אַרום איז אַחוץ זיין דיכטונג אויך אָנגעוואַקסן זיין דיכטערישע פּערזענלעכקייט.

עס איז דאָך נישט קיין צופאַל, וואָס דער נאָמען לייוויק וועקט אַ געפיל פון יראת־הרוממות ביי אַלע יידן אין גאַר דער וועלט, וואָס האָבן נאָר דעם מינדסטן שייכות מיט יידישער קולטור. עס איז דאָך נישט קיין צופאַל וואָס זיין באַווייזן זיך רופט אַרויס אַזוי פיל יראת־הכבוד. זיין ווייסער קאָפּ וועקט אַזוי פיל כבוד און דרך־ארץ צו אים, און עס דאַכט זיך, אַז ער האָט שוין גע־האָט אַ ווייסן קאָפּ, ווען ער האָט אָנגעשריבן זיין ערשט ליד. זיין ווייסער קאָפּ אַסאָציאירט זיך מיטן ווייסן שניי פון זיינע סיבירער לידער.

ווי די דיכטער פון דער תקופה פון גרויסער פּאָעזיע, האָט אויך לייוויק אָנגעבונדן מיט זיינע שאַפונגען אין פּראָבלעמען און אין זאַכן וואָס שטייען ברומו של עולם. מען קען, פאַרשטייט זיך, דורך קליינע זאַכן אויך גרייכן און דערגרייכן הויך און ווייט. מען קען אין פּאָעזיע דורך קליינע זאַכן און גע־שעענישן אויך אַפּעלירן און אַרויסרופן דאָס אייביקייט־געפיל. אָבער אַזאַ איז לייוויקס וועג, וואָס האָט אָנגעבונדן אין דער טראַדיציע פון דער גרויסער פּאָעזיע, — צו שטעלן זיך פּנים־אל־פּנים דווקא מיט גרויסע פּראָבלעמען. קיינער דערוועגט זיך שוין נישט היינט דאָס צו טאָן, און אוודאי נישט אויף דעם אופן, ווי ער, לייוויק, טוט דאָס אין זיין פּאָעזיע. אָבער ער שטעלט זיך אַ פּנים־אל־פּנים מיט גרויסע פּראָבלעמען און קומט זיי דיכטעריש ביי.

## 3

ה. לייוויק באַמיט זיך צו באַוועלטיקן די שפּראַך. אָבער ער לאָזט נישט קיין מאָל, אַז די שפּראַך זאָל געוועלטיקן איבער אים. ער שפּילט זיך נישט צו פיל מיטן וואָרט, ער צערטלט עס נישט. די שפּראַך איז נישט ביי אים קיין אויסגעפּיעשטשעט קינד. ער איז שטרענג צו איר, אַזוי ווי זיין טאַטע איז געווען שטרענג צו אים.

פאַראַן ביי אונדז דיכטער, און אַפילו באַדייטנדיקע דיכטער, וואָס זענען אַזוי פאַרליבט אין דער שפּראַך, אין דעם אינסטרומענט פון זייער שאַפן, אַז זיי לאָזן די שפּראַך טאָן מיט זיך וואָס זי וויל. נישט זיי הערשן איבער דער שפּראַך, נאָר די שפּראַך איבער זיי. נישט זיי פירן די שפּראַך — נאָר די שפּראַך פירט זיי, און, נישט זעלטן, פאַרפירט זי זיי. טייל לאָזן זייערע לידער באַוואַקסן מיט ווערטער ווי מיט ווילדגעוויקסן, וואָס האָבן אין זייער פאַרריסנקייט די טבע דווקא צו קלעטערן אין דער הייך.

לייוויקן קומט נישט די שפּראַך לייכט אָן. אָבער ווען זי קומט שוין צו אים נאָך שווערער יגיעה, יאָגט ער פון זיך יעדעס איבעריק וואָרט. ער וויל נישט בכלל, אַז זי זאָל צו אים קומען. ער וויל זי נעמען. און נעמען נעמט ער זי, ווי אַ גוט אויסגערעכנטער בעל־הבית: זייער קאַרג. ער איז נישט השתפּכות־הנפשדיק. דאָס איז קעגן זיין דיכטערישער נאַטור. ער איז אויסערגעוויינלעך געצוימט. אַפילו זיין עקסטאַז איז דער „עקסטאַז פון געצוימטקייט״.[3]

זיין שפּראַך־צמצום איז ביי אים נישט קיין אויסגערעכנטער. נישט צוליב קינסטלערישן מעטאָד טוט ער דאָס. דאָס איז נישט ביי אים קיין קינסטלערישער אופן. נאָר אַ פּשוטע אינערלעכע נויטווענדיקייט. זיינע ווערטער פאַרנעמען נישט ביי אים צו פיל אָרט. זיי זענען עניוותדיק און קליין אַנטקעגן די אינהאַלטן, וואָס זיי טראָגן אין זיך, ווייל וואָס נידעריקער דער דאַך איבער דיין הויז — אַלץ העכער דער הימל איבער אים...

ווי ביי י. ל. פּרצן אַזוי אויך ביי לייוויקן — איז דער פאַרלויף פון דער דיכטערישער אַנטוויקלונג געווען אַ פּאַמעלעכער און אַ בהדרגהדיקער. דאָס איז דערפאַר, ווייל ביידע זענען אַחוץ ליטעראַטור־דערשיינונגען אויך

[3] זע אויבן דעם עסיי „עקסטאַז פון געצוימטקייט״.

געוואָרן קולטור־דערשיינונגען. מען קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלן און עס וואָלט גאָרנישט געקאָנט געמאָלט זיין קיין יידיש־וועלטלעכע קולטור אָן זייביידע. זיי זענען נישט געווען קיין ליטעראַרישע וואונדערקינדער, ווייל קולטור־פענאָמענען מוזן זייער פּאַוואָליע רייף און מוכשר ווערן.

אָבער ווען י. ל. פרץ איז דערגאַנגען צו אַ בכבודיקער הייך אין זיין קינסטלערישער אַנטוויקלונג — האָט ער זיך חסידיש צעפלאַקערט. ווען לייוויק איז דערגאַנגען צו אַ בכבודיקער הייך אין זיין קינסטלערישער אַנטוויקלונג, האָט ער זיך מתנגדיש געצוימט.

אינטעלעקט און געפיל זענען ביי אים און אין אים, אין זיינע שאַפונ־גען, אַ גליקלעכער זיווג. דער געדאַנק וויל זיך נישט אויסשפרייטן אויפן חשבון פון געפיל און פאַרקערט. צוזאַמען בילדן זיי אַ וואונדערלעכן סימ־ביאָז.

לייוויק איז געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור אין דער צייט פון איר בלי און פונאַנדערוווקס. שוין יאָרן זינט דעם חורבן פון דעם מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום בעיקר — איז ער אַן עדות פון איר נפילה (איך וויל נישט באַנוצן דאָס וואָרט: ירידה). ער זעט אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין און מיט דער ליטעראַטור. ער פאַרמאַכט אויף גאָרנישט די אויגן און גאָר־נישט איז פאַר אים פאַרהוילן. אָבער ער טוט זיך דאָס זייניקע. ער באַגייט זיך מיט דער יידישער ליטעראַטור ווי עס וואָלטן נאָך געווען די מיליאָנען לייענער, וועלכע זענען אומגעקומען, אַזוי ווי עס וואָלטן נאָך געווען די מי־ליאָנען לייענער וואָס זענען נישט אומגעקומען, נאָר סתם פון אונדז אַוועק, אַוועק צו פרעמדע שפּראַכן און קולטורן. ער איז געבליבן אויף זיין הויכן פּאָסטן אַ גלייביקער, אַ פאַרגלייבטער. דאָס איז נאָך איין סימן מובהק פון זיין דיכטערישער פערזענלעכקייט.

אין „אַבעלאַר און העלואיז" זאָגט דער פּאָעט גרעגאָרי צו אַבעלאַרן:

אַ שנאה רופט אַרויס אין יעדנס האַרץ דיין בענקעניש. —
ווייל ס'איז אַ חוצפּה אַזוי לאַנג צו ליב האָבן
אַ צווייטן מענטשן, און אַזוי נאָך אים בענקען. —
און דו — איך זע — טראָגסט אַלץ אַריבער, —
צי פייער, וואָס פאַרברענט אויף אַש דיין ווערק, —
צי שפּאָט פון פאָלק, פון אייגענע חברים,—

לייוויק טראָגט מיט שטאָלצער „חוצפּה" זיין ליבע צום יידישן וואָרט. ער איז אומדערשיטערלעך אין זיין פאַרליבטקייט און בענקעניש צו אים. און די יידישע ליטעראַטור און דער יידישער לייענער צאָלט אים צוריק פאַר זיין ליבע — מיט ליבע און ערפאָרכט.

*

שוין פופציק יאָר — און אפשר נאָך מער, ווי לייוויק ראַנגלט זיך מיטן יידישן קינסטלערישן וואָרט. דאָס זענען נישט קיין פופציק יאָר פּאָעטיש געזאַנג, דאָס זענען פופציק יאָר שעפערישע יסורים און מאַטערנישן. לייוויק האָט זיך באַלד געשטעלט אין זיין דיכטונג גאָר הויכע צילן. ווי נאָר ער האָט איבערגעטראָטן „דאָס לאַנד דאָס פאַרבאָטענע" — האָט ער שוין דערזען די אינערלעכע קאָנפליקטן אין מענטש. נישט נאָר די קאָליזיעס מיט דער סביבה, זיינע שטרייטן מיט גאָט — נאָר די קאָנפליקטן אין מענטשן גופא. זיין יעדעס איינציק ליד טראָגט אין זיך אַזאַ דראַמאַטישן קאָנפליקט.

לייוויק האָט געגלויבט און גלייבט אַוודאי היינט אויך, אַז ליטעראַטור איז דער באַזיס פאַר דער יידישער וועלטלעכער קולטור. ער האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געמיינט סתם־ליטעראַטור, נישט קיין פאַרוויילונג־ליטעראַטור און אַפילו נישט די סאַמע קינסטלערישסטע. ער האָט געמיינט ליטעראַטור אַזוי ווי זיינע, נישט נאָר אַ פילנדיקע, צי אַ מיטפילנדיקע, נישט נאָר אַ פאַרשטייענדיקע, נאָר אויך אַ וויסנדיקע.

פון וואַנען קומט ער? — דאָס וויס ניט קיינער.
אַהינטער אים באַרגווילד און נאַכט;
וואָס מענטשן וויסן ניט — וויס ער איינער,
ווי אַזוי אויף דער וועלט ער איז געוואָרן געבראַכט.

און ער וויס אויך גוט וועמען באַזונדער
ער האָט אַנדערש ליב, — ערגעץ ווייט אין אַ העק, —
און ער וויס נאָך מער, ווען עס געשעט וווּנדער,
און עמעצער אַנדערש גיט זיך אים אַוועק.

ער ווייס אויך ס׳גליק פון דאַנקען און לויבן,
אַרומנעמען פיס און קושן טריט,
און קניען צו דער ערד און גלייבן, גלייבן,
און ביזן לעצטן אָטעם שטיין געקניט.

(„אַ מענטש אַזאַ״)

דווקא אין אַ סביבה, וווּ ס׳איז פאָרגעקומען אַ פּערמאַנענטער קולטור־אַסימילאַציע־פּראָצעס, וווּ די יונגע דורות זענען אַוועק כמעט לגמרי פון דער יידישער קולטור און איר שפּראַך; דווקא דאָרט, וווּ יעדעס גראָשנדיקע ביסל חיצוניות האָט געהאַט מער אָנזען ווי גייסט, דווקא דאָרט, אין אַמעריקע, האָט לייוויק געגעבן דעם יידישן וואָרט די אַלע אַטריבוטן און פּרעראָגאַטיוון, וועלכע דאָס וואָרט האָט געהאַט אין דער תקופה פון גרויסער פּאָעזיע.

ער האָט נישט עסטעטיזירט. ער האָט געזוכט און ער זוכט דעם אמת פון וואָרט.

דעם אמת פון וואָרט
פאַרנעם איך ווי דעם אמת פון טויט — —

זאָגט לייוויק אין זיינס אַ ליד: „ליבשאַפט״. דאָס איז דער מהות פון לייוויקס דיכטערישן שאַפן. און נישט נאָר ליבע קאָן זיין שטאַרק ווי דער טויט, „כי עזה כמות אהבה״ (שיר־השירים), נאָר אויך אמת, דיכטערישער אמת, דאַרף זיין שטאַרק ווי דער טויט. פאַרשטייט זיך, אויב די שעפער פון דיכטערישן וואָרט זענען אַחוץ שעפער אויך פּערזענלעכקייטן, וואָס זענען צו אַזאַ מדרגה זוכה.

ער איז מענלעך אין זיין דיכטונג. נישט פאַראַן ביי אים קיין שמץ פון דעם פעמיניסטישן קאָמפּלעקס, פון וועלכן כמעט קיין שום דיכטער איז נישט פריי. ער רייסט נישט קיין בלומען פאַר זיין פּאָעזיע, ער האָט איז פעלדזן. נישטאָ ביי אים קיין זיסקייטן. פאַרקערט, ער איז פול מיט ביטערניש (אָבער נישט פאַרביטערט). ער איז פול מיט מענלעכער ביטערניש, וואָס אין איר עצם קאָן מען דערפילן זיסקייט. ער איז אַסקעטיש געצוימט.

זיין גאַנץ געשטאַלט איז ווי פון אַ נזיר. ער ראַנגלט זיך אין זיין דיכטונג תמיד און אומאויפהערלעך מיטן גורל.

4

ה. לייוויק איז דער דיכטער פון נסיון און פון תכלית. נישט די דער־שיינונגען גופא, נישט די זאַכן, צי בילדער, נאָר דער זין זייערער, דער תכלית דבר — דאָס אינטריגירט אים, דאָס לאָקט אים. דאָס וואָס אונדזערע קריטיקער האָבן אין אָנהייב געזען די שאַפונגען זיינע ווי נאָך נישט אויסגע־קלאָרטע, פאַרנעפּלטע, איז דאָס אייגנטלעך געווען ביי אים אַ פּרוּוו אויס־צומיידן די רעאַלע ווירקלעכקייט און זיך איבערגעבן נאָר דער דיכטערי־שער; דאָס איז געווען ביי אים אַ פּרוּוו זיך צו וועלן באַגיין אָן דעם קאָנ־קרעטן.

אָבער רעאַליטעט איז דווקא ביי יידן, די איראַציאָנאַליסטן, אַ מצווה. ס׳איז אַ מצווה מקיים צו זיין די רעאַליטעט. די גאַנצע יידישע ליטעראַטור איז זי מקיים און לייוויק בתוכם. אָבער ער נעמט זי, די רעאַליטעט, אַליין, אָן פאַרגלייכן, אָן באַפּוצעכצן, אָן אָרנאַמענטיק, ער נעמט זי ווי אַן אַסקעט אין איר האַרבקייט, ווייל נישט זי גופא מיינט ער, נאָר דעם זינען אירן, דעם תכלית אירן, די באַשטימונג אירע.[4]

אפילו אין זיינע סימבאָליסטישע שאַפונגען איז לייוויק נישט אַוועק צו וויט פון רעאַליטעט. ווי אַ רעאַקציע פון אַ געזונטער, שעפערישער אָרגאַ־ניזאַציע זענען נאָך זיין סימבאָלישן „גולם" געקומען אַ ריי רעאַליסטישע דראַמעס, דער עיקר „שמאַטעס" און „שאָפּ".

מיינענדיק שטענדיק דעם תכלית, דעם זינען פון דער זאַך, מוז אויך לייוויק במילא נעמען די זאַך גופא. אַנדערש איז עס אויף אונדזער וועלט אוממעגלעך. מיר קאָנען נישט נעמען די נשמה אָן דעם גוף. אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. וואָס שווערער ס׳איז דער נסיון, וואָס טיפער דער תכ־לית פון דער זאַך, צי פון דער דערשיינונג, וואָס העכער איר באַשטימונג,

[4] ווען כ׳זאָג זינען, תכלית, מיין איך נישט אינהאַלט. אינהאַלט איז גאָר אַן אַנדערע און באַזונדערע קאַטעגאָריע.

אַלץ שענער מוז זײַן די זאַך גופא, די דערשײנונג גופא (אָבער נישט פאַר־קערט). די לוחות זענען געווען געמאַכט פון אײדלשטײן. נישט צוליב זײער אינהאַלט איז עס אַזוי געווען. דער טיפסטער אינהאַלט קאָן זײַן געשריבן אויף פּאַפּיר, נאָר צוליב דער הויכער באַשטימונג זײערער, צוליבן טיפן תכלית זײערן האָבן זײ געמוזט זײַן פון אײדלשטײן.

געווען אַ צײַט, און געווען אַ סך, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז אין דער שײ־נער פאָרעם ליגט שוין במילא דער תכלית גופא פון דער שײנער זאַך. אָבער נישט אַזוי איז עס בײ לײוויקן. ער האָט זיך נישט באַגרענעצט צו דער רעאַלער שײנקײט, דער שײנקײט פון דער פאָרעם. ער האָט געצילט אונדז צו אַנטפּלעקן די אַבסטראַקטע שײנקײט, די שײנקײט וועלכע איז נישט באַגרענעצט אין דער צײַט, דאָס הײסט, צו דער צײַט פון דויער און עק־זיסטענץ פון דער רעאַלער שײנקײט. לײוויק איז געווען און איז אַ גלויבי־קער, אַ פאַרגלויבטער. ער גלייבט אין השארת־הנפש פון שײנקײט. ווײַל ווער ס׳גלײבט דערינען נישט — דער קאָן גלייבן אין קולטור־פאַקטן, אין קולטור־דערשײנונגען, אָבער דער גלייבט נישט אין דער מיסטעריע פון דעם וואָס הײסט: קולטור־גאַנצקײט.

און ווײַל לײוויק גלײבט אין השארת הנפש פון שײנקײט, ווײַל ער גלײבט אַז שײנקײט האָט נשמה און תכלית, האָט ער זוכה געווען מען זאָל אים גלײבן. מען זאָל גלײבן זײַן דיכטעריש וואָרט. האָט ער די זכיה, אַז זײַן וואָרט דאַרף נישט קײן באַשטעטיקונג. זײַן בילד דאַרף נישט קײן פאַרגלײַך.

מען מוז געדענקען, אַז וואָרט, ווי פּלאַסטיש ס׳זאָל נישט אויסגעדריקט ווערן, האָט פאָרט נישט אין זיך די רעאַליטעטן פון אַ געמאָלן בילד, צי פון אַ סקולפּטור. וואָרט, ווי געבונדן ס׳זאָל נישט זײַן, איז זײַן געבונדנקײט פאָרט נישט די מאַטעמאַטיק פון מוזיק. דעם וואָרט מוז מען גלײבן.

פאַרשטײט זיך, אַז דאָס דיכטערישע וואָרט דאַרף פאַרמאָגן אין זיך דעם כוח פון קאָנען מאַכן אין זיך גלײבן. אָבער אַפילו דעמאָלט, ווען דאָס וואָרט באַזיצט דעם דאָזיקן כוח, בלײַבט נאָך גענוג אָרט פאַר רײנעם גלויבן אינעם וואָרט. אָן דעם נס פון גלויבן קאָן זײַן פּאָעזיע, אַפילו באַ־דײַטנדיקע פּאָעזיע — אָבער נישט קײן גרויסע.

מיט דעם גלויבן אין השארת־הנפש פון שיינקייט, האָט לייוויק אויך באַשטעטיקט זיין ייִדישן וועג אין דער דיכטונג. ווייל אַזוי אַרום איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן דעם, אַז דאָס היידנישע, דאָס געצנדינערישע זאָל דאָמינירן, זאָל זיין דער עיקר אין דער קונסט. לייוויקס הויפּטשאַפן פאַלט אויס אויף דער צייט, ווען די קינסטלער האָבן אָנגעהויבן דינען בלויז צו דער פאָרעם. יעדע נייע פאָרעם, צי כמעט בלויז ליניע, צי יעדע נייע קאָמבינאַציע פון פאַרבן, איז געוואָרן ביי זיי אַ נייער אָפּגאָט. און נישט נאָר אין דער פּלאַסטישער קונסט איז אַזוי געווען. אויך די כלערליי פאָרמאַליסטישע שולן אין דער דיכטונג האָבן אָנגעהויבן דער דאָזיקער געצנדינעריי נאָכלויפן, צי אַפילו פאַרלויפן.

לייוויק האָט געשאַפן אַ מין פּאָעטישן מאָניזם, וווּ נישט נאָר פאָרעם און אינהאַלט, דער שאַפונג־פּראָצעס און דער תכלית זענען מלכתחילה איינס, נאָר וווּ דער מקור פון דעם פּאָעטישן שאַפן איז איינער. דאָס איז: די אַבסטראַקטע שיינקייט.

די קינסטלער, וואָס האָבן געהאַלטן נאָר פון פאָרעם, און געווען צווישן זיי באַדייטנדיקע גרויסקייטן, האָבן נאָר געקאָנט לובש צורה זיין. אָבער לייוויק האָט אויך געוואָלט קאָנען פּושט צורה זיין. פּושט צורה זיין בכדי ווידער קאָנען זיין אַ לובש צורה. ער קאָן זיין רעאַליסטיש וואָרט דערפירן צום ריינעם סימבאָל, און פון סימבאָל ווידער איבערגיין צום רעאַלן (דער וואָס ווייל דאָס גרינטלעך באַנעמען מוז איבערלייענען לייוויקס „לידער פון אומקום").

כאָטש לייוויק איז דער דיכטער פון זינען און תכלית, איז ער פון דעסטוועגן נישט קיין פּעסימיסט. ער קומט נישט צום קוהלת־אויספיר. ס'איז פאַראַן ביי אים אומעט, אָבער נישט קיין יאוש. אומעט איז עלעגיע — און אָן עלעגיע איז קיין קונסט נישט פאַראַן נישט אין פּאָעזיע און נישט אין פּראָזע און אַפילו נישט אין געמאָלענעם בילד.

ער איז נישט קיין פּעסימיסט, ווייל ס'איז פאַראַן ביי אים אַ הויכע און אַ הויך־גרייכנדיקע הארמאָניע. ווען אַבעלאַר (זע ה. לייוויק: אַבעלאַר און העלואיז) ווערט אַזוי שוידערלעך געשענדט אין זיין מענלעכקייט, און ווען העלואיז וויקלט אַרום איר הוילן גוף מיט אייזערנע קייטן, בכדי איר שיינער קערפּער זאָל אין יסורים וואָס שנעלער אָפּוועלקן, ווען די גרויזאַמ־

**יחיאל האָפּער**

קייט אַליין האָט פאַרמיטן פון זיי די ערדישע ליבע, קומט זייביידן אַנט־קעגן די אייביקע, די אַבסאָלוטע ליבע, די אַבסאָלוטע האַרמאָניע.

און אָט וואָס עס זאָגט אַבעלאַר צו געזעגענען זיך מיט העלואיז:

מיין וווּנדערגאַסט, מיין זעלטענער,
ווי טרייסטפול דיינע ווערטער גייען אויף. —
דיין ווילן איז פאַר מיר — געבאָט,
דיין ליבשאַפט איז פאַר מיר — געוויסן,
געוויסן און נבואה ווען וועלט און מענטש:
אַ מענטש אַ נייער, אַ גערעכטערער, וועט קומען
און מיר זענען די טרעפּ פאַר זיינע פיס.
מיר טראָגן־אויס פאַר אים דעם גאַנצן טרויער,
און שווייגן־אויס פאַר אים די גאַנצע שטילקייט,
און וויינען אַלע טרערן פאַר אים אויס,
און לייטערן דאָס גאַנצע רחמים אויס פאַר אים. — —

מיין טייערע, די זון הייבט אָן אַרונטערגיין,
און איבער אונדז — צוויי פייערדיקע ווערטער:
ס ך ־ ה כ ל.
אַלץ גייט צום אָפּשלוס, העלואיז.
די שטראַלנדיקע פינגער פון באַשעפער
פאַרלייגן זיך צום בענטשן אויף דער וועלטס געזיכט,
אויך דו — די פינגער דיינע לייג אַרויף אויף מיר
און בענטש מיך. — — —

ווי שווער עס זאָלן נישט זיין די נסיונות, ווי טרויעריק עס זאָל נישט זיין דער סך־הכל, ווי אומעטיק דער תכלית, זעט לייוויק דעם מענטש אַרויסגיין פון זיי אַ געלייטערטן. זיין גאַנצע פּאָעזיע איז ווי אַ פילטער, דורך וועלכן נישט נאָר זיינע אייגענע געפילן זענען אַדורכגעגאַנגען דעם לייטערונג־פּראָצעס. זיין תפילה איז, אַז אויך אַלע, וואָס וועלן זיין פּאָעזיע לייענען, זאָלן דעם לייטערונג־פּראָצעס אַדורכמאַכן. זיי זאָלן געלייטערט און דערהייבן ווערן.

און ווייל ער איז אַחוץ פּאָעט אויך אַ פּערזענלעכקייט — איז זיין תפילה נישט פאַרלאָרן געגאַנגען.

5

דער גלויבן אין פּאָעטן, ווי דער גלויבן אין צדיקים (ווי דאָס הייסט אין חסידישע ספרים: אמונת צדיקים) — איז אַ הויכע מדרגה. אונדזער דור האָט דערצו נישט זוכה געווען. און נישט נאָר אונדזער יידישער דור, נאָר דער נישט־יידישער אויך. די איצטיקע וועלט איז דערצו נישט זוכה.

שולדיק אין דעם איז נישט אַזוי פיל דער מאַטעריאַליזם, ווי דאָס כסדרדיקע מאַטעריאַליזירן. נישט נאָר די סתם־מענטשן, נאָר אויך די דיכ־טער האָבן זיך צו פיל אָנגעהויבן ווענדן צום קאָנקרעטן. שולדיק איז אויך די היפּשע צאָל משוררי־השקר, וואָס האָבן זיך אין דער דיכטונג (אין יע־דערער) באַוויזן.

אויב מען גלייבט נאָך עמעצן אין דער יידישער פּאָעזיע — איז לייוויק פון די איינציקע, אין וועלכע מען גלייבט. כ׳וויל אויך נישט קאָנקרע־טיזירן. כ׳וועל זאָגן פּשוט און שוין גאָרנישט פּשוט — ס׳איז אים באַשערט דער נס פון גלויבן, פון גלייבן אין אים. און דיכטערישע באַשערטקייט, ווי באַשערטקייט בכלל — איז גאָר אַ טיפער ענין, גאָר נישט משיג צו זיין.

די דיכטערישע השגחה האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז ער זאָל אָנ־בינדן אין דער טראַדיציע פון דער גרויסער פּאָעזיע. זי האָט אים אָנגעוויזן דעם וועג צו אבסטראַקטער שיינקייט.

אַבסטראַקטע שיינקייט קאָן מען נישט דעפינירן. אַפילו רעאַלע, קאָנ־קרעטע שיינקייט האָט נישט קיין באַשטימטע דעפיניציע (און וועט זי מן הסתם קיין מאָל נישט האָבן). אָבער אויב קאָנקרעטע שיינקייט קאָן מען זען, ס׳קאָנען זי זען די, וואָס קאָנען אַחוץ קוקן אויך זען, קאָן מען די אַבסטראַקטע שיינקייט נאָר דערזען. מען קאָן זי דערזען, ווען דער דיכטער (מיר רעדן דאָ נאָר וועגן דיכטונג) האָט דעם כוח צו באַשאַפן פאַר אונדז דעם עת רצון, דעם שעת הכושר דערצו. און אין קאָנען שאַפן פאַר אונדז אַחוץ די עצם אַבסטראַקטע שיינקייט אויך דעם שעת הכושר דערצו — ליגט אַ שטיק פון לייוויקס דיכטערישן כוח.

בכלל איז שיינקייט אין דער שרייבערישער קונסט, סיי אין דער פּאָ־עזיע, סיי אין פּראָזע, אַפילו געשריבן לויט אַלע רעאַליסטישע כללים און מיטלען, — אין אַ געוויסער מאָס, אַבסטראַקט. מיר מוזן דאָך אָנקומען צו אונדזער כּוח־הדמיון, וואָס זאָל פאַר אונדז אויסלייגן די געשריבענע ווער־טער אין פּלאַסטישע בילדער. אָבער די שיינקייט פון לייוויקס פּאָעזיע איז נאָך אַבסטראַקטער דערמיט, וואָס ער איז דער שילדערער (כ'וואָלט גע־זאָגט: דער אויפשילדערער, ווי מען זאָגט דער אויפבויער) פון שטימונ־גען. ער טוט דאָס סיי דורך מעדיטאַציע און סיי דורך אָבסערוואַציע. אָבער דאָס בילד גופא איז קיין מאָל נישט ביי אים קיין ציל פאַר זיך.

ווי שוין אויבן געזאָגט, אַפּעלירט לייוויקס פּאָעזיע צום אייביקייט־געפיל. נישט נאָר זי אַפּעלירט, נאָר זי רופט דאָס דאָזיקע געפיל אַרויס. אַחוץ דעם רופט זיין פּאָעזיע אַרויס דאָס, וואָס קאַנט האָט אָנגערופן „ער־האַבענהייטס־געפיל". אַזאַ געפיל לעבט מען איבער ווען מען געפינט זיך פּנים־אל־פּנים מיט אַ גרויסער דערשיינונג.

די בערך פופציק יאָר פון לייוויקס פּאָעטיש שאַפן איז אַ גרויסע דער־שיינונג אין דער יידישער פּאָעזיע. ווען מען באַקאַנט זיך מיט דעם אַלעם וואָס לייוויק האָט פאַר די דאָזיקע יאָרן געשאַפן: מיט זיינע לידער, דראַ־מעס און דראַמאַטישע פּאָעמעס — בלייבט מען שטיין פאַר אַ גאָר גרויס ווערק, פאַר אַ שלל מיט שטימונגען, מחשבות און געפילן. און ווי גרויס ס'זאָל נישט זיין דער קינסטלערישער חומר פון זיינע ווערק — איז זייער נשמה לאין שיעור ערך גרעסער.

אין זיין באַגריסונג צו לייוויקס קומען קיין ישראל, אינעם יאָר 1950, פרעגט אברהם סוצקעווער: פון וואַנען נעמט זיך דאָס, אַז די ווערטער וואָס לייוויק באַנוצט, קומען אַרויס: „אַזוי אַנדערשדיק ווי די זעלביקע ווערטער ביי אַלע אַנדערע פּאָעטן". און ער זאָגט: „פאַר וואָס דאָס איז אַזוי — בלייבט אַ סוד. אַ סוד פון לייוויקס פּערזענלעכקייט, וואָס האָט באַוויזן אַריינצובלאָזן אין זיין וואָרט די אייביקייט".[6]

ווילנדיק דאָך געפינען אַ שליסל צו דעם סוד, פאַררופט זיך סוצ־קעווער אויף די ווערטער פון מנחם באָריישאָ ע"ה, וואָס האָט געזאָגט,

[5] חג לייוויק, „די גאָלדענע קייט", נ. 6.

אַז לייוויק איז מקיים זיין געבאָט „לעב ווי דו שרייבסט״. דערפאַר אָטעמען לייוויקס ווערטער מיטן אייביקייט־אָטעם.

כאָטש דאָס איז נישט דער גאַנצער סוד פון לייוויקס פּאָעטישער זכיה, כוח און השפעה — ליגט אָבער דערין אַ גרויס שטיק וואָרער אמת.

*

ווען מען נעמט די אינהאַלטן פון לייוויקס שאַפונגען פאַר זיך גופא, זענען זיי זייער פאַרשידנאַרטיק. אַנדערש קאָן עס נישט געמאָלט זיין. רעדנדיק וועגן דעם חילוק צווישן דעם דיכטערישן און נביאישן אַקט, ווייזט פּראָפ. א. העשל אָן צווישן אַנדערע אויף דעם, אַז להיפוך צו דער נבואה הערשט נישט די פּאָעטיק איבער קיין איינהייטלעכן באַגריף־מאַטע־ריאַל.* אַזאַ איז דער גורל פון דיכטער, צו גיין פון באַגריף צו באַגריף, פון שטימונג צו שטימונג, פון מחשבה צו מחשבה. און נישט נאָר דער דיכטערישער חומר איז פאַרשידנאַרטיק, נאָר דעם דיכטערס איינשטעלונג צו דעם דיכטערישן מאַטעריאַל קאָן אויך זיין פאַרשידנאַרטיק. אַפילו דער מקור פון דער דיכטערישער השראה קאָן זיין אַ פאַרשידענער ביי איין און דעם זעלבן דיכטער.

דאָך מוז זיין ביים דיכטער עפּעס באַשטענדיקס, עפּעס גאַנצס און מאָנאָליטישס. פאַרשטייט זיך, לויט דער גרויס און דעם פאַרנעם פון יעדן דיכטער באַזונדער. אַנדערש האָבן מיר צו טאָן מיט לידער־שרייבער און נישט מיט קיין דיכטער.

ביי לייוויקן ליגט זיין באַשטענדיקייט אין דער דיכטערישער אַטמאָ־ספער אין וועלכער זיינע ווערק ווערן געשאַפן. דער דיכטערישער אטמאָ־ספערישער דרוק איז ביי אים שטענדיק אַן איינהייטלעכער, כאָטש די זעונ־גען און אַפילו די שטימונגען קאָנען זיין ביי אים אַלע מאָל אַנדערע. פאַר די וואָס זענען אַ ביסל באַקאַנט מיט לייוויקס שרייבערישער טעכניק, וועט דאָס זיין אַ פאַרענטפערונג פאַר דעם, וואָס לייוויק דאַרף נישט קיין ספּעּ־ציעלע הכנות אָנצושרייבן אַ ליד. די איינהייטלעכע דיכטערישע אַטמאָספער

[6] Abraham Heschel: „Die Prophetie".

און דער איינהייטלעכער אַטמאָספערישער דרוק, וואָס באַגלייטן כסדר זיין שאַפן, זיי זענען דאָס זיינע הכנות גופא, און קיין אַנדערע דאַרף ער נישט.

די איינהייטלעכקייט פון זיין דיכטערישער אַטמאָספער דאָס איז נאָך איין רינג, וואָס פאַרבינדט לייוויקן מיט דער תקופה פון דער גרויסער פּאָעזיע. אַ דאַנק דער איינהייטלעכער דיכטערישער אַטמאָספער בייט זיך נישט דער גראַד פון לייוויקס אמונה אין פּאָעזיע.

וואָלט די יידישע דיכטונג געבילדעט אַ קאָנסטעלאַציע, וואָלט ה. לייוויק דאָרט פאַרנומען אַ גאָר גרויס אָרט. אויף וויפל די יידישע דיכטונג האָט זיך אָנגעהויבן צונויפטרעפן מיט דער אוניווערסאַלער, איז עס קודם־כל געשען דורך לייוויקס דיכטונג. זיין געהויבענע דיכטערישקייט איז שטענדיק אדעקוואַט צו זיין דיכטערישער געהויבנקייט.

און אַזאַ וועט זי פאַרבלייבן.

(„די גאָלדענע קייט", נומ. 24, 1958)

# ה. לייוויקס אָרט אין דער יידישער דיכטונג

1

ס׳איז אַן אומדערטרעגלעכע באַנאַליטעט דאָס זאָגן, אַז לייוויק פאַרנעמט אַ בכבודיק אָרט אויף דער מזרח־וואַנט פון דער יידישער דיכטונג, ווי דאָס טוען די טראַפאַרעטנע קריטיקער.

נישט נאָר פאַרנעמט ער אַן אָרט אין דער יידישער דיכטונג, נאָר דער עיקר ער שאַפט דאָס אָרט פאַר דער יידישער דיכטונג.

שאפן דיכטערישע ווערק, פאַרנעמען אַן אָרט אין אַ ליטעראַטור, הייסט נאָך ווייט נישט שאַפן אַן אָרט פאַר דער ליטעראַטור, פאַרגרעסערן דעם אומפאַנגס־קרייז פון איר קאָנסטעלאַציע.

נאָר יחידי סגולה איז באַשערט נישט נאָר צו פאַרנעמען אַן אָרט, אַ בכבודיקס, אין דער ליטעראַטור, נאָר אויך שאַפן אַן אָרט פאַר דער ליטעראַטור. אַזאַ שעפערישע פערזענלעכקייט, אַזאַ שעפער, קומט נישט אויף קיינעמס אָרט, פאַרנעמט נישט קיינעמס אָרט, נאָר ער שאַפט, צי גאָר באַשאַפט, אַן אָרט פאַר זיך און פאַר דער ליטעראַטור אין וועלכער און פאַר וועלכער ער מיט זיך. ער שאַפט אַן אָרט וואָס זאָל סטייען פאַר אַ סך זיינע מיטצייטלער און אויך פאַר די, וואָס וועלן קומען נאָך אים. צו קאָנען שאַפן אַזאַ אָרט פאַר דער ליטעראַטור באַדאַרף מען זיין אויסדערוויילט.

כ׳ווייס נישט צי איז די יידישע דיכטונג טאַקע אַ גרויסע דיכטונג, ווי טייל ווילן דאָס האָבן, אָדער רעדן זיך דאָס איין. נישט דאָ איז דאָס אָרט זיך אָפּצושטעלן אויף דעם דאָזיקן פּראָבלעם. נאָר אויב ס׳איז פאַראַן אין דער יידישער דיכטונג גרויסקייט, האָט זי אַריינגעברענגט אין איר קודם־כל: ה. לייוויק.

משה לייב האַלפּערן איז געווען אַ געוואַלטיקער דיכטער, וואָס האָט כסדר מרעיש עולמות געווען. אָבער אַזוי רויק זיך אַוועקשטעלן קנעטן אין דיכטערישן חומר און אויפשטעלן אַזאַ דיכטערישן בנין, ווי לייוויק האָט

אויפגעשטעלט, איז מעגלעך נאָר דעמאָלט, ווען מען איז געזאָלבט מיט גרויסקייט.

נישט פאַראַן קיין דיכטערישע, קיין שרייבערישע, און בכלל קיין קינסט־לערישע גרויסקייט אָן גרויס סבלנות. לייוויקס דיכטערישע סבלנות איז אין לשער.

די יידישע ליטעראַטור, און דער עיקר די יידישע דיכטונג, האָט גענומען אויף זיך אָן אַ שיעור עולן, וואָס זעלטן אַ ליטעראַטור נעמט אויף זיך. ווער שמועסט נאָך אַזאַ יונגע ליטעראַטור ווי אונדזערע. כ׳ווייס נישט צי איז אונדזער דיכטונג פון די עולן בעסער און שענער געוואָרן. אפשר האָט זי איבערגעטראָטן אירע קאָמפּעטענצן. אָבער אַז ס׳איז איר דערפאַר באַשערט געוואָרן אַנדערשקייט, דאָס איז למעלה מכל ספק.

און אַנדערשקייט איז במילא אַ מדרגה.

אונטער יעדן דיכטערישן עול ומשא האָט זיך געשטעלט ה. לייוויק. ס׳האָט זיך אַמאָל געטראָפן, אַז ער האָט אַ גענומענעם אויף זיך עול נישט דערטראָגן מיט גענוגנדיקער הצלחה צום דיכטערישן ענדציל. אָבער ער האָט דאָס זייניקע געטאָן. ער האָט זיך געשטעלט אויף יעדן דיכטערישן רוף, אַחוץ אויפן רוף, אַחוץ צום רעוואָלט — זיך צו מאַכן לייכטער און גרינגער.

*

ס׳האָט יעדעס פאָלק זיינע צייט־פּראָבלעמען, טייל מאָל אויך שווערע און אַפילו טראַגישע, וועלכע די דיכטער און פּראָזאַיקער זיינע נעמען אויף, באַשעפטיקן זיך מיט זיי, שילדערן זיי, נעמען צו זיי שטעלונג, און פּרווון אין זייערע ווערק צו געפינען פאַר זיי אַ לייזונג.

ס׳האָט די פּוילישע ליטעראַטור, למשל, איבער הונדערט יאָר געטראָגן אויף זיך דעם שווערן עול פון אַ כסדר אָנגעשטרענגטן נאַציאָנאַלן באַ־וווסטזיין, פון אַ נאַציאָנאַלער בענקשאַפט, וואָס זי האָט אויסגעבענקט פאַרן גאַנצן פאָלק.

דאָך איז די לאַגע ביי אונדז יידן אַנדערש. ביי אונדז איז זעלטן פאַראַן אַ ציים־פּראָבלעם וואָס זאָל נישט אויסוואַקסן צו אַן אייביקייטס־פּראָבלעם. ווייל אַזאַ איז אונדזער לאַגע, אַזאַ איז אונדזער אָרט אויף, און אין דער וועלט.

יעדע נאַציאָנאַלע פראַגע שטייט ביי אונדז באַלד ברומו של עולמנו. דאָס וואָס ביי אַן אַנדער פאָלק איז נישט מער ווי אַ פאַרבייגייענדיקע, כאָטש אַ שווערע, דערשיינונג, איז ביי אונדז אַ פראַגע פון זיין... און פון נישט אויפהערן זיין.

און דאָ קומט דער פּאַראַדאָקס.

אין אַזאַ מצב וואָלט דאָך אונדזער יידישע דיכטונג נישט באַדאַרפט וועלן אַרויס פון אירע ליריש־יחידישע ראָמען (אין וועלכע „די יונגע" האָבן זי אַריינגעפירט), נאָר קלאַמערן זיך אין זיי, פאַרפולקאָמען זיך אין דעם זשאַנער, דערפירן אים צו אַ גרויסער פּרעציזיע. ס'וואָלט באַדאַרפט אַזוי זיין, פונקט ווי אַ מענטש וואָס ווערט געשטעלט פאַר האַרבע נסיונות רייסט זיך מיט אַלע כוחות צוריק און וויל אַנטלויפן מיט זיינע מחשבות און געפילן אין די קינדער־יאָרן, אין זיין סאַמע אויטיסטישער און נאַר־ציזיסטישער צייט.

געשעט אָבער מיט אונדזער דיכטונג גראָד דאָס פאַרקערטע.

יעדער איינער דיכטער, כמעט, רייסט זיך צו נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, צו נעמען אויף זיינע שוואַכע דיכטערישע פּלייצעס די סאַמע שווערסטע נאַציאָנאַלע עולן. יעדער כמעט דיכטער, ווי קליין ס'זאָל נישט זיין דער רעגיסטער פון זיין שטימע, רייסט זיך זינגען אויף דער העכסטער אָקטאַווע. אַמאָפּטסטן פאַלן זיי, די דיכטער, פאַרמאַטערטע אונטער דער שווערער לאַסט וואָס זיי האָבן פרייוויליק גענומען אויף זיך.

אַ דאַנק דעם איז, ווי איך האָב שוין אויבן געזאָגט, דער יידישער דיכ־טונג באַשערט געוואָרן אַנדערשקייט. אָבער אַ דאַנק דעם האָבן מיר אויך אַ סך צעבראָכענע דיכטונג, אָן אַ שיעור פּאָעטישע שברי כלים.

צוליב דעם זעלבן טעם האָט געקאָנט געשען, אַז אין דער צייט ווען גרויסע, נאָרמאַלע פעלקער מיט אַלטע, ברייט פאַרצווייגטע ליטעראַטורן, האָבן נישט מער ווי צו איין און איינציקע נאַציאָנאַלע דיכטער, האָבן מיר, אין אונדזער יונגער דיכטונג, בערך אַ טוץ קאַנדידאַטן אויף נאַציאָנאַלע דיכטער.

און דאָ מוז איך ווידער אָנווייזן אויף דעם אויסנאַם וועלכער הייסט: ה. לייוויק. ער האָט בדרך־כלל אַלץ וואָס ער האָט גענומען אויף זיך דער־טראָגן מיט זיין גרויסן דיכטערישן כוח צו גאָר הויכע הויכקייטן. און נאָך

מער, נישט נאָר צו הויכע הויכקייטן, נאָר צו דער זעלבער הויך פון זיינע הויכקייטן. דאָס איז גאָר אַ באַזונדערע מדרגה, אַ ריין לייוויקישע מדרגה. צי איר נעמט זיינס אַ יחידיש־לירישע שאַפונג, צי איר נעמט זיינס אַ נאַציאָנאַלע, צי אַן אוניווערסאַלע שאַפונג, צי איר נעמט „די באַלאַדע פון ז׳ענווער סאַנאַטאָריע״, צי איר נעמט דעם „גולם״, צי „די קייטן פון משיח״, צי „אַבעלאַר און העלואיז״, זעט איר און איר שפירט אומעטום די זעלבע דיכטערישע שפאַנונג, וואָס ווערט געשאַפן פון דער זעלבער מאָס דיכטערישער ענערגיע וואָס איז דערויף אויסגעגעבן געוואָרן. ווייל אין דער אמתער דיכטונג איז נישט פאַראַן און ס׳קאָן נישט זיין קיין חילוק צווישן ווייניק און אַ סך, צווישן אַ יחיד און אַ רבים, ווייל:

...מיין האַרץ, ניט הער אויף גלייבן, —  
און זאָל אין גלויבן אויפגיין אויך מיין ליד, —  
אַז דער וואָס איז אין אמתן דערהויבן,  
פאַלט כורעים פאַר אַיעדנס מינדסטן גליד״.

(„די באַלאַדע פון דענווער סאַנאַטאָריום״)

2

ווען ה. לייוויק האָט אָנגעהויבן שטעלן זיינע דעצידירנדיקע טריט אין דער יידישער ליטעראַטור, האָבן דעמאָלט אין דער טיף פון די אייראָפּעישע ליטעראַטורן געווירקט צוויי אַנטקעגנגעזעצטע ריכטונגען. פון איין זייט האָט זיך געפונען די גרויסע רוסישע ליטעראַטור מיט איר מאָראַלישן פּאַטאָס, וואָס האָט געוועקט צו זיך וואָס אַ מאָל מער דעם אינטערעס פון דער מערב־אייראָפּעישער אינטעליגענץ, און פון דער צווייטער זייט האָט די מערב־אייראָפּעישע ליטעראַטור גופא, אַ מידע פון איר העפּטיקן אָנטייל אין לעבן, סיי דורכן רעאַליזם, און נאָך מער דורך דעם נאַטוראַליזם, געזוכט פאַר זיך אַנטרינונג און דעקאַדאַנס.[1] זי האָט געזוכט

[1] אויף אַ צווייט אָרט האָב איך באַצייכנט „דעקאַדאַנס״ ווי אַ ריס אין דער ליטעראַטור צווישן עטישן און עסטעטישן.

דורך פֿארשידענע אופֿנים זיך צו דערוויטערן פֿונעם לעבן. שאַפֿן פֿאַר זיך אַ וועלט אַ פֿיקטיווע. אַפֿילו די שרייבער מיט אַ רעאַליסטישן אופֿן שיל־דערן, האָבן געזוכט מיטלען דורך וועלכע זיי זאָלן זיך קאָנען שטעלן וואָס ווייטער פֿון דערווירקלעכקייט, בכדי צו קאָנען זיין צו איר, צוגיין צו איר וואָס קעלטער, וואָס אָביעקטיווער.[2]

ה. לייוויק איז געשטעלט געוואָרן אין מיטן פֿון די דאָזיקע צוויי הויפּט־ריכטונגען. אַ באַאיינפֿלוסטער אין דער יוגנט פֿון דער רוסישער ליטעראַ־טור האָט ער זיך אָנגענומען מיט איר פּאַטאָס. מיטן פּאַטאָס פֿונעם ליידנ־דיקן מענטש, וואָס גאַרט נישט נאָר נאָך באַפֿרייונג, נאָר דער עיקר נאָך פֿרייהייט. אָבער ווען ער אַליין ווי אַ זעלבשטענדיקער שעפֿער האָט דעם פּאַטאָס אָנגעהויבן צו פֿאַרפֿיקסירן דיכטעריש, איז אויף אים געקומען אַ מין געצוימטקייט, אַ קילקייט, אַ ווייטקייט, וואָס נאָר אַ דאַנק איר האָט ער געקאָנט ווערן מיט דעם, וואָס ער האָט געוואָלט שאַפֿן, אַזוי אינטים און נאָענט.

שפּעטער, ווען ער האָט זיך אָנגענומען מיטן פּאַטאָס פֿון דער יידישער געשיכטע, מיטן פּאַטאָס פֿון אונדזער געשיכטלעכן זיין, מיט דעם פּאַטאָס פֿון אונדזערע טראַגישע נסיונות, איז ער ווי אַ דיכטער אַלץ געבליבן דער געצוימטער, דער וואָס גייט נישט אַרויס פֿון זיך, דער וואָס ווייסט דעם סוד (און דעם פּשט) פֿון מאָס און גרענעץ. אַזוי איז עס געשען אָנהייבנדיק מיטן „גולם“ איבער דעם „מהר“ם פֿון רוטענבערג“ ביז „אין די טעג פֿון איוב“.

אין אַ געוויסער מאָס האָט לייוויקן אין דעם פֿאַל צוגעהאָלפֿן זיין נטיה און פֿרעדילעקציע צום מיטאָס, צו מיטאָס־געשטאַלטן. אַ דאַנק זיי האָט ער באַקומען די מעגלעכקייט צייטווייליק זיך צו דערווייטערן פֿון דער ווירקלעכקייט. דאָס באַנוצן זיך מיט די מיטאָס־געשטאַלטן האָט אים באַ־פֿרייט פֿון דער נויטווענדיקייט צו באַנוצן זיך מיט געשטאַלטן פֿון דעם היינטיקן טאָג. דאָס האָט אים דערלויבט צוצוגיין צו דער ווירקלעכקייט פֿון אַ צייט־דיסטאַנס, אָנטאָן די פּראָבלעמען פֿון היינטיקן טאָג, דעם לבוש פֿון אַמאָליקייט.

אַזוי אַרום האָט לייוויק געקאָנט באַהאַלטן זיין פּאַטאָס אינעם אַש

[2] זע וואָס עס שרייבט וועגן דעם טאָמאַס מאַן אין זיין „טאָניאָ קרעגער“.

פון אַמאָליקייט. ער האָט זיין פּאַטאָס באַהאַלטן אין אַש, בכדי זיין פייער זאָל שטענדיק טליען און קיין מאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן.

מען האָט לייוויקן ווי אַ דיכטער זייער אָפּט און אַ סך געשאַצט, אָבער אים ביז היינט נישט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט. מען האָט זיך צו פיל באַשעפטיקט מיט זיין פּראָבלעמאַטיק און צו ווייניק מיט זיין דיכטערישן אופן (צי אופנים), צו ווייניק מיט די דיכטערישע פּראָצעסן זיינע.

ווען מען זאָל צוגיין אָפּשאַצן לייוויקן מיט מערב־אייראָפּעישע קאַטעגאָריעס, וואָלט זיך אויסגעוויזן, אַז ער קאָן אויך דאָרט נישט נאָר פאַרנעמען אַ בכבודיק אָרט, נאָר אויך פאַר זיך שאַפן אַ גאָר בכבודיק אָרט צווישן די סאַמע באַדייטנדיקסטע וועלט־דיכטער.[5]

ס׳איז שווער פאָרויסצוזאָגן, וואָס פאַר אַן אָרט ליטעראַטור וועט פאַרנעמען אינעם לעבן פונעם מענטשן, אָדער אין לעבן פון דער מענטשהייט, (אויב איר האָט ליב באָמבאַסטיק), לאָמיר זאָגן אין פופציק יאָר אַרום, אָדער גאָר אין צוואַנציק יאָר אַרום. אויב דער וועלטלעכער מענטש, (כ׳מיין נישט דווקא דעם יידיש־וועלטלעכן מענטש, נאָר אפשר גאָר און קודם־כל דעם נישט־יידישן), וועט זיך באַציען צו דער שיינער, קינסטלערישער ליטעראַטור מיט אַזאַ אָנוואַקסנדיקער גרינגשעצונג, ווי דאָס געשעט איצט, וועט ער פאַרלירן דעם לעצטן שאַנס צו אומשטערבלעכקייט.

וואָרעם אין די משונהדיק־קאָמפּליצירטע לעבנס־תנאים, אין וועלכע דער מענטש לעבט היינט־צו־טאָג און וועלכע וועלן זיך מיט דער צייט נאָך מער קאָמפּליצירן, איז קונסט, ווי אמונה ביים גלויביקן, דאָס איינציקע וואָס פאַרזיכערט דעם וועלטלעכן מענטש אומשטערבלעכקייט. דאָס איינציקע וואָס גיט דעם מענטש אַ שימער פון זיכערקייט אין זיין פּחד פאַרן פאַרלוירן גיין.

קונסט איז נישט נאָר „דאָס נאָכלויפן נאָך דער פאַרלוירענער צייט״, ווי ס׳הייסט דאָס הויפּט־ווערק פון מאַרסעל פּרוסט, נאָר קונסט איז אפילו בכוח אָפּצושטעלן די צייט. כ׳האָב עס שוין אויף אַן אַנדער שטעלע געזאָגט, אַז יעדער קינסטלער האַלט אין איין שרייען: „שמש בגבעון דום

[5] איך ווייס, אַז טייל האַלטן דאָס פאַררופן זיך אויף דער מערב־אייראָפּעישער ליטעראַטור, און דאָס זוכן פאַרגלייכן מיט איר, פאַר אַ יידישן מינדערווערטיקייט־קאָמפּלעקס. מוז איך דאָ אונטערשטרייכן, אַז איך האַלט פונקט דאָס פאַרקערטע.

וירח בעמק אילון". און נישט נאָר ער שרייט, נאָר ביי דעם אמתן קינסט־לער ווערט זיין געשריי דערהערט און זיין באַפעל — אויסגעפירט.

קאָן זיין, אַז דער וועלטלעכער מענטש וועט מוותר זיין אויף דער שאַנס פון אומשטערבלעכקייט, וואָס די קונסט גיט אים. קאָן זיין, אַז ער וועט זיך אומקערן זוכנדיק אומשטערבלעכקייט צו אַנדערע מקורות, צום מקור פון אמונה, למשל. און ס׳קאָן זיין, אַז דער מענטש וועט רעזיגנירן פון אומשטערבלעכקייט, שלום מאַכן מיטן פּחד פאַרן פאַרלוירן גיין — און אָנהייבן לעבן בלויז מיט אינסטינקטן. (צו דעם האָט געוואָלט בשעתו דער־פירן היטלער. צו דעם וועט דערגיין אין אַלע לענדער מיט טאָטאַלע רע־זשימען, און אַפילו אין די לענדער מיט נישט טאָטאַלע רעזשימען וועלכע גרינגשעצן גייסט).

אויך ביי אונדז יידן איז פאַראַן אַ גרויסע לפי ערך גרינגשעצונג צו קונסט, און קודם־כל צום יידישן קינסטלערישן וואָרט, מצד דעם יידישן וועלטלעכן מענטש. און דאָס איז נישט קיין ענין פון שפּראַך, פון דער יידי־שער שפּראַך, פון וועלכער דער יידישער וועלטלעכער מענטש גייט אַוועק. ס׳איז אַ פּאַנדעמיע, אָט די דאָזיקע גרינגשעצונג פון אמתן קינסטלערישן וואָרט — און זי קאָן קיינעם נישט אויסמיידן.

„צווישן פּאַלנדיקע ווענט" פון אַ ליטעראַטור שטייט לייוויק אַ גליי־כער, אַ שטרענגער און גלויביקער. אַ געבענטשטער פון קינדוויז אויף מיט אַנדערשקייט, פון יינגלוויז אָן אַ באַיאַכטער מיט עולן.

„נאָך יינגלוויז, ווען אַלע קינדער האַלטן זיך אין שפּילן,
האָב איך מיך פאַר אַ גרויסן שוין געהאַלטן,
געלעבט מיט זיך אַליין, מיט מענטשן פון דערווייטן,
אַזוי ווי עפּעס וואָס פון אַלעמען באַהאַלטן.

איך האָב שוין דאַן געזען, ווי מענטשן ליידן — שווייגן —
האָב איך דעם שווייגן זייערן אין זיך פאַרנומען,
און עפּעס פאַרגעשטעלט זיך ווייט אין ווייטער עלטער,
עפּעס גרויסעס, וווּנדערלעכעס וועט פון ליידן קומען.

ה. לייוויק: „יינגלוויז"

און מערקווירדיק, לייוויק איז היינט, נאָכן דריטן חורבן, אין דער צייט פון גרויסער פּאַראיינזאַמקייט פונעם יידישן וואָרט־שעפער, לאַין ערך אָפּטימיסטישער, ווי ער איז עס געווען אין זיינע יינגערע יאָרן. דווקא אין די יאָרן פון הסתרת פּנים האָט ער קיין „לידער פון אומקום" נישט גע־שריבן, און ער וואָלט זיי בשום אופן נישט געשריבן. כאָטש גערעכט איז געווען ש. ניגער ווען ער האָט געזאָגט, אַז „לייוויק האָט אַפילו שרייבנדיק לידער פון פאַרצווייפלונג — געגלייבט, אַז דער „אומקום" איז עפּעס אַ מין אומוועג, אַ קרומער און געפערלעכער אומוועג צו אַ נייעם וועג, צו אַ נייעם אויפקום".[4]

דאָס געשעט דערפאַר ווייל לייוויק איז בעצם אַן אָפּטימיסט. ווייל ווי אַ דיכטער גלייבט ער אין ניסים. אַ דיכטער וואָס גלייבט נישט אין ניסים — איז קיין דיכטער נישט. ווייל גוטע דיכטונג, און ווער רעדט נאָך גרויסע דיכטונג — איז אַליין בבחינת נס.

*

גוטע דיכטונג, גרויסע דיכטונג, איז טאַקע בבחינת נס, אָבער קומען קומט זי נישט בדרך נס. ס'פאָדערט זיך גרויס יגיעה, אַז דער דיכטערי־שער נס זאָל געשען, ער זאָל קומען, זיך באַווייזן. ווען מען פאַרטראַכט זיך איבער לייוויקס פופציק־יאָריקער דיכטערישער יגיעה און איבער די פּרוכטן פון זיין יגיעה, בלייבט מען שטיין פאַר אַ גרויסער דערשיינונג, פאַר אַ פענאָמענאַלער דערשיינונג.

און די גרויסקייט פון דער דערשיינונג ליגט נישט אינעם כמות פון לייוויקס געשאַפענע ווערק, די גרויסקייט ליגט אַפילו נישט אין די איינ־האַלטן זייערע. די גרויסקייט פון דער דערשיינונג ליגט אין דעם, וואָס די סומע פון זיין דיכטערישער יגיעה דעקט זיך מיט דער גרויס פון די דערגרייכטע דורך אים רעזולטאַטן.

ער האָט פון די ערשטע דיכטערישע טריט זיינע געהאַט אין זיך די זיכערקייט פון אַן אויסדערוויילטן, זיין אומדערשיטערלעכקייט און עקש־נות איז פון אַ דיכטער וואָס ווייסט פאָרויס זיין באַשטימטקייט. ער האָט ביי

[4] ש. ניגער: „ה. לייוויק", זייט 256.

זיין דיכטערישער מוזע קיין מאָל גאָרנישט געוואָלט אויסנאַרן. ער איז צו איר געקומען ווי אַ באַרעכטיקטער בעל־הבית, וואָס שניידט די פּרוכט פון זיין גוט אויפגעגאַנגענער יגיעה. ער האָט זיך דערהויבן און איז דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פון אַ ליטעראַטור־דערשיינונג, און נאָך מער — צו דער מדרגה פון אַ קולטור־דערשיינונג.

לייוויק באַזיצט אויך די פעיקייט צו געבן נישט נאָר דאָס ווערק גופא, נאָר אויך דעם „קלימאַט", די אַטמאָספערע אַרום דעם ווערק. דאָס קאָנען געבן אַחוץ דעם ליד דעם „קלימאַט" פון אַרום דעם ליד, איז איינס פון לייוויקס גרויסע דיכטערישע דערגרייכונגען, (וועלכע ער האָט זיך דערוואָרבן גרייטנדיק זיך ווערן דיכטער, כ׳מיין אין סיביר), און ס׳רעדט זיך דאָ נישט וועגן זיינע איינצלנע לידער, נאָר אויך וועגן זיינע דראַמעס און פּאָעמעס.

לייוויק האָט געשאַפן פאַר זיך אַ גרויס אָרט אין דער יידישער דיכ־טונג. ס׳איז אים דאָס לייכט נישט אָנגעקומען. אָבער ביי אים איז דאָס שאַפן פאַר זיך אַ גרויס אָרט נישט געווען קיין ענין פון פּערזענלעכער אַמ־ביציע. נאָר פּשוט, אַנדערש האָט עס נישט געקאָנט זיין. זיין צוגאַנג צו דיכטונג איז באַלד געווען אַ צוגאַנג צו גרויסער דיכטונג. ער האָט זיך באַלד פאַרמאָסטן הויך, און די דיכטערישע השגחה האָט געבענטשט זיין יגיעה.

ער איז געגאַנגען אין זיין דיכטונג טריט ביי טריט. ער איז באַשאָנקען געוואָרן מיט אויסדויער, וואָס דאָס איז דער הויפּט־באַדינג פאַר גרויסע דערגרייכונגען (סיי אין דער קונסט, סיי אין דער וויסנשאַפט). ער דונערט נישט און בליצט נישט. ער גייט זיך זיין וועג. ער איז דער דיכטער פון גורל און גורלות, פון נסיון און פון נסיונות.

נישט נאָר שאַפן אַן אָרט פאַר זיך אין דער דיכטונג, נאָר אַפילו בלויז פאַרנעמען אַן אָרט אין דער דיכטונג, הייסט נישט סתם זיך באַזעצן אין איר, ווערן איר בירגער, געניסן פון אירע פּריווילעגיעס. דאָס הייסט קודם־כל — אויפהיטן און אָפּהיטן איר גאַנצקייט. ס׳קאָן אַ ליטעראַטור האָבן אַ סך לידער און אַ סך פּאָעטן — און דאָך נישט האָבן קיין דיכטונג. ווייל דיכטונג הייסט גאַנצקייט, אָדער ווי כ׳האָב דאָס אָנגערופן: דיכטערישע קאָנסטעלאַציע.

צוליב אַ סך סיבות איז די יידישע דיכטונג נישט געבויט אויף קאָנ־סטעלאַציע, נאָר אויף פּערזענלעכקייטן.[5]

וועט קונסט, און דיכטונג בתוכם, האָבן אין עתיד אַ בעסערע מערכה ווי זי האָט איצט; וועט, אַחוץ דעם, די יידישע דיכטונג זיך באַפרייען פון צופעליקייטן, אָנהייבן לעבן היסטאָריש, אָפּשליסן ליטעראַרישע תקופות אאַז״וו, וועט זי בילדן אַ קאָנסטעלאַציע, וואָס וועט איר, דער יידישער דיכטונג, פאַרזיכערן אָרט און דויער.

וועט עס געשען, וועט דאָס זיין אין גאָר אַ גרויסער מאָס ה. לייוויקס פאַרדינסט.

(„די צוקונפט״, ניו־יאָרק, 1959, לייוויק־נומער)

[5] יחיאל האַפּער: ,וועגן דיכטערישער קאָנסטעלאַציע׳, „די צוקונפט״, אַפּריל 1953.

# ה. לייוויק — וואָס בלייבט

(נאָך זיין אַוועקגיין)

ה. לייוויק איז געווען איינער פון די הויפּטבויערס פון דער יידישער וועלטלעכער קולטור און אַליין דער תושב, דער איינגעזעסענער, אָדער ווי דער רבי האָט געטייטשט אין חדר: דער אַלטגעזעסענער, אין איר.

ער איז געווען איינער פון די הויפּט־בויער און תושב פון דער וויכ־טיקסטער, צי גאָר איין און איינציקער, טייל פון דער יידישער וועלטלע־כער קולטור, נעמלעך, פון איר ליטעראַטור.

ער איז נישט געווען פון די גרינדערס פון דער יידישער ליטעראַ־טור. ווען לייוויק איז געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור איז זי שוין געווען אַ געגרינדעטע און געגרונטפעסטיקטע. אָבער מיט אים, מיט ליי־וויקן, איז זי אין אַ געוויסן זין ווי פאַרגאַנצט געוואָרן.

נעמט, למשל, אַ שרייבער פון אַזאַ פאַרנעם, ווי שלום אַש. ווען איר טראַכט וועגן אים, טראַכט איר וועגן זיינע ווערק, וועגן זיינע העלדן, וועגן ר׳ שלמה נגיד, וועגן דעם תהילים־ייד, צי וועגן זאכאַרי מירקין, צי וועגן אַן אַנדערן, אָדער אַנדערע העלדן זיינע. אָבער ווען איר טראַכט וועגן ליי־וויקן, וועגן לייוויקס שאַפונגען, טוט איר איינצייטיק אַ טראַכט וועגן דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור. אַזוי געשעעט עס שוין, צי איר האָט דערצו מכוון געווען, אָדער נישט.

צו דער דאָזיקער מדרגה איז לייוויק דערגאַנגען בהדרגהדיק, שטופּנ־וויז, צילבאַוווסטזיניק און מיט עקשנות. דער טויט האָט די מדרגה זיינע נישט פאַרמינערט, פאַרקערט: פאַרגרעסערט און פאַרפעסטיקט.

*

מיט זיין פּערזענלעכקייט, מיט זיין אינערלעכקייט און אויסערלעכ־קייט, מיט זיין געדולד און אויסדויער, מיט זיין עקשנות און פאַרגלייבט־קייט, מיט זיין שמאָל, נזיריש געשטאַלט, מיט זיינע גרוי־בלויע מילד־

שטרענגע אויגן, מיט זיין אַזוי פרי ווייס געוואָרענעם קאָפּ, מיט זיינע דינע, פֿאַרביסענע ליפּן, מיט דעם אַלעם און מיט נאָך אַ סך איז ה. לייוויק געווען דער ווירדיקער פאָרשטייער פון דעם עם־קשה־עורף, פון דעם האַרטנעקיקן פאָלק.

מיט האַרטנעקיקייט און עקשנות האָט זיך לייוויק מצמצם געווען. ער האָט נישט נאָר מצמצם געווען זיין וואָרט, נישט נאָר איז זיין וואָרט נישט־באַריידעוודיק, נאָר ער האָט זיך און זיין וועלט מצמצם געווען, באַשרענקט צום וואָרט.

ער איז געווען גלייכגילטיק, צי גאָר זיך געהאַלטן ווייט פון אַלע אַנדערע געביטן פון דער קונסט, אחוץ פונעם וואָרט. צום וואָרט האָט ער געהאַט צוטרוי, אין וואָרט האָט ער געהאַט אמונה. ער האָט געגלייבט אין דער השפּעה פון וואָרט.

צום וואָרט און צו דער נאַטור האָט ער געהאַט צוטרוי. ווייל די נאַטור איז עכט און דאָס וואָרט קאָן אויך זיין עכט. נישט נאָר עס קאָן, נאָר עס דאַרף, עס מוז.

אַלץ איבעריקע האָט ער אָן באַדויער איבערגעלאָזט פאַר אַנדערע.

*

פאַר לייוויקן האָט לעבן געהייסן — איבערלעבן. נישט אָפּלעבן און נישט אויסלעבן, נאָר איבערלעבן ביזן סאַמע דנאָ, ביז די טיפסטע טיפעניש.

און איבערלעבן האָט ער נישט געמיינט מיט אינסטינקט, צי מיט אינסטינקטן, נאָר מיט מחשבה און געפיל. אין זיין מתנגדיש עצבות האָט ער זיינע איבערלעבענישן נישט אויסגעפריידיקט, נאָר אויסגעווייטיקט.

זיין מתנגדיש עצבות איז נישט נאָר געווען אַ ירושה פון זיין אָרעמער שטוב, פון זיין בייזן טאַטן, פון זיינע שווערע קינדעריאָרן, פון זיינע יוגנט־ראַנגלענישן מיטן געשריבענעם וואָרט, פון די סיבירער וועגן, פונעם שניי־פייזאַזש, פון דענווער־סאַנאַטאָריע, פון דעם אַלעם, פון דער מאַסע געפילן, געדאַנקען און שטימונגען, וואָס ער האָט מיטגענומען מיט זיך און געטראָגן אויף זיך ביזן סוף פון זיינע טעג. ניין, זיין מתנגדישע עצבות

איז אויך אַ ירושה פון זיין גורל, פון זיין באשערטקייט. אַזוי איז אים געווען באשערט און נישט אַנדערש.

פאַראַן אַ ספּעציעל מין שיינקייט אין לייוויקס עצבות. און ער האָט געוווסט דערפון, פון דער דאָזיקער שיינקייט. טרויער איז ביי אים נישט שטענדיק געווען באַדויער, נאָר עפּעס אַ טיפע הכרה, אַ ריכטיק דערקענ־טעניש. לאָמיר נעמען צוויי סטראָפעס פון דעם ליד: „אין אָפּשלוס פון קרייז", פון זיין לעצט בוך „לידער צום אייביקן", און זיך איבער זיי פאַרטראַכטן:

איך בעט, כאָטש איך דאַרף גאָר נישט בעטן,
מיין לעבן פאַרקרייזט זיך אַליין,
דער גבול, וואָס איך דאַרף נאָך באַטרעטן,
איז העל און איז שיין, אָבער קליין.

און ווי ער איז קליין, ווערט נאָך קלענער
דער שטח פון מיינע טריט,
און ווי ער איז שיין, ווערט נאָך שענער
דער שאָטן, וואָס גייט מיט מיר מיט.

*

ס'דערמאָנט זיך מיר אַזאַ געשיכטע: איך בין אַ מאָל, אין וואַרשע, געווען אויף אַ פאַרזאַמלונג, איינגעאָרדנט דורך קריסטלעכע מיסיאָנערן. ס'זענען געקומען אַנגליקאַנישע פּאַסטאָרן קיין וואַרשע פּריידיקן און פאַרשפּרייטן ישוס לערע. האָט אַ גרופּע יידישע וועלטלעכע בחורים אויך באַשלאָסן קומען אויף דער פאַרזאַמלונג און פאַרפירן מיט די מיסיאָנערן אַ וויכוח.

איידער די פאַרזאַמלונג האָט זיך אָנגעהויבן, ווען דער זאַל איז שוין געווען פול מיט מענטשן, האָט אַ יונגער פּאַסטאָר, מיט אַ פּאָר טיפע, טונקעלע, פאַנאַטישע אויגן, פולע מיט פייער, זיך אויפגעשטעלט און פּאַטעטיש אויפגעפּאָדערט די אַלע וואָס גלייבן נישט אין גאָט תיכף צו פאַרלאָזן דעם זאַל. מיט זיי איז נישטאָ וואָס צו פירן וויכוחים.

דער דאָזיקער עפּיזאָד, די ווערטער ווי די גאַנצע האַלטונג פון דעם יונגן פּאַסטאָר, האָט זיך שאַרף איינגעקריצט אין מיין זכרון.

די אַלע וואָס גלייבן נישט אין כוח פון דיכטונג, מיט זיי איז נישטאָ וואָס צו פירן וויכוחים. די אַלע דיכטערס, וואָס זענען נישט זיכער, אַז זייער וואָרט קאָן משפיע זיין, דאַרפן אויך תיכף פאַרלאָזן דעם זאַל...

אמת, אין צייטן פון הסתרת פנים, אין צייטן פון קאַטאַסטראָפעס, פון קאַטאַקליזמען, הערט די דיכטונג, ווי די קונסט בכלל, אויף משפיע צו זיין. ס'איז נישט אמת, אַז „ווען די האַרמאַטן ברילן שווייגן די מוזעס", ניין, זיי שווייגן נישט, נאָר מען הערט זיי נישט. מען הערט זיך צו זיי נישט צו.

אין דעם אַלעם איז שולדיק דער מענטש. די הנהגה, די פירונג פון דער וועלט געהער צו דעם מענטש, דער דאָזיקער פּרינציפּ איז איינער פון די הויפּט־יסודות, אויף וועלכע ס'שפּאַרט זיך אויך אָן די יידישע מחשבה, כ'מיין, אויך די יידיש־רעליגיעזע מחשבה.

ווער ס'קען הערן, דער האָט אין דער צייט פון קאַטאַסטראָפע געהערט אין חלל פון דער וועלט גאָטס געוויין: בן־אָדם, בן־אָדם, למה עזבתני ? ! מענטש, מענטש, פאַר וואָס האָסטו מיך פאַרלאָזט ? !

לייוויק האָט זיך געוואָנדן צו גאָט, ווען ער איז שוין געווען מיד:

מיר איז טרויעריק, גאָט,
איך זאָג עס אפילו, ווען אַ צווייטער פּאָעט
האָט אַ מאָל שוין געזאָגט אָט די ווערטער.
ס'ווערט קלענער דער שפּאַן פון מיין טראָט,
וויל איך אָנרירן, איידער ס'ווערט שפּעט,
דיין הייליקן היגל — דאָס אָרט פון די ערטער.
כ'וויל קומען און בלייבן שוין דאָרט
אין שוץ אונטער דיינע פליגל,
דיין שוץ זאָל באַשיצן מיין נישט באַשיצט וואָרט
און כ'וועל רוען אין רו אויף דיין היגל.

(„**מיר איז טרויעריק, גאָט**", **פון בוך** לידער צום אייביקן)

אָבער אויפֿן מענטש האָט ער פֿון זיינע יינגסטע יאָרן געווענדט זיין אויפֿ־מערקזאַמקייט, זיין גוט־דיכטערישע אויפמערקזאמקייט, דעם מענטש האָט ער אָפּגעגעבן אַלע זיינע שעפֿערישע, דיכטערישע און גייסטיקע כוחות, שטענדיק און אומעטום.

לייוויק איז נישט דירעקט פֿארבונדן מיט אַ פֿילאָזאָפֿישער שיטה. אָבער דער אַנטראָפּאָצענטריזם, די איבערצייגונג אַז אין צענטער פֿון דער וועלט שטייט דער מענטש, אַז אַלץ וואָס איז פֿאַראַן אויף דער וועלט איז באַשאַפֿן געוואָרן פֿאַר אים, פֿאַר דעם מענטש, דאָס איז געווען לייוויקס גלויבן. אין דעם האָט ער הייס געגלייבט. און דער מענטש האָט אים אַנטוישט. נישט נאָר דער נישט־יידישער מענטש, נאָר אויך דער יידישער.

ער איז געווען זיכער, אַז נאָך דער קאַטאַסטראָפֿע וועלן די יידן מיט אַלע זייערע כוחות צופֿאַלן צו יידישקייט, אין וואָס פֿאַרא פֿאָרמען דאָס יידישקייט זאָל זיך נישט אויסגיסן, וואָס פֿאַרא צורה און תוכן דאָס יידיש־קייט זאָל נישט האָבן. געשען איז פּונקט דאָס פֿאַרקערטע, און דאָס האָט לייוויקן מוראדיק וויי געטאָן.

אמת, ער האָט נאָך טרעבלינקע, ווו ער איז נישט געווען, אין זיין „די חתונה אין פֿערנוואַלד" באַיאָט דאָס לעבן. דאָס זעלבע האָט ער געטאָן אין זיין „אין די טעג פֿון איוב" און אין פֿאַרשידענע לידער זיינע. אָבער אַן אַנטוישטער איז ער געווען.

אַנטוישונג הייסט נישט דורכויס פּעסימיזם, הייסט נישט רעזיגנאַציע. אָבער ער אַליין, לייוויק אַליין, האָט זיך געפֿילט שטאַרק געטראָפֿן. ער האָט זיך געפֿילט באַרעכטיקט אַזוי צו פֿילן. נישט יעדער פּשוטער און אַפֿילו נישט פּשוטער בשר־ודם האָט אַ רעכט זיך צו פֿילן געטראָפֿן, און אַפֿילו בלויז צו פֿילן זיך מיד.

ווער ס'האָט גוט געקענט לייוויקן, ווער ס'האָט אים געקענט קענען, ווייל דאָס איז שוין גאָרנישט געווען קיין לייכטע זאַך, דער האָט געזען, דער האָט געפֿילט, אַז זינט יאָרן טראָגט ער אין זיך פֿאַרבאָרגן אַ גרויסן סוד. איך מיין, אַז דער סוד זיינער איז געווען זיין אַנטוישונג אין מענטש, און אפשר אין יידישן מענטש דער עיקר. ער האָט דאָס דאָזיקע געפֿיל זיינס פֿאַר קיינעם נישט אַרויסגעוויזן, פֿאַרקערט, ער האָט עס אין זיך געשטיקט. פֿאַרן דרויסן, פֿאַר דער וועלט, איז ער געווען דער זעלבער וואָס אַ מאָל.

נישט קיין שטראָפער, ווי ביאַליק, למשל, נאָר אַ מאָנער. ער האָט געמאָנט מיט צודרינגלעכקייט, מיט כוח.

ווער ס׳ווייסט נישט מיט וואָס פאַראַ אָנשטרענגונגען ס׳איז געווען פאַרבונדן יעדערע נסיעה זיינע, ווען ער פלעגט פאָרן אויפן צווייטן עק וועלט, בכדי צו האַלטן אַ רעפעראַט וועגן יידישקייט, יידיש און יידישער ליטעראַטור, מיט וויפל מסירת־נפש ממש ער פלעגט פאָרן העט־וויט איבערצולייענען אַ יידיש ליד, אַז אַ יידיש וואָרט זאָל אַ קלונג טאָן אויף אַ נישט־יידישער יידישער פאַרזאַמלונג, דער שאַצט נישט אָפּ, דער קאָן נישט אָפּשאַצן וויפל כוחות דער מענטש האָט אַוועקגעגעבן פאַרן יידישן וואָרט.

פון אַנדערע האָט ער געמאָנט קאָנטינואַציע, ער האָט זיך געבייזערט ווען עמעצער האָט אַרויסגעוויזן מידקייט. אין זיינס אַ ליד „געווידמעט אַ צאָל יונגע דיכטער״, וואָס געפינט זיך אין זיין שוין איבן צוויי מאָל דער־מאָנטן בוך „לידער צום אייביקן״, זאָגט לייוויק אַזוי:

אַז איינער פאַרטרויט זיך: כ׳בין מיד —
דאַרפט איר זיין און ווערן נאָך מידער?
און לאָזן אויף ווינט אייער ליד
ווי ס׳לעצטע פון לידער?

צו יונג ווילט איר רוען
אויף ערד פון גן־עדנשן זומער,
צו פרי ווילט איר טרינקען
פון פאַרטיקן יין־המשומר.

אָבער אַליין איז לייוויק נאָכן חורבן, און דער עיקר שפּעטער, אינעם שרעקלעכן מצב פון יידישקייט און יידיש, פון געוואַלדיקער עמפּערונג, פון גרויס פּראָטעסט קעגן דעם, געווען „דער וואָלף״, וואָס האָט דווקא פון יידישע קלעפּ אויסגעהויכט די נשמה... (לייענט דורכויס איבער די פּאָעמע זיינע „דער וואָלף״, צי ווי לייוויק האָט די שאַפונג זיינע אָנגערופן: אַ כראָ־ניק. איך קאָן נישט אַלץ ציטירן).

ער האָט מיט געוואָלד אַרויפגעצויגן אויף זיך די שטומקייט. ער איז אַריין אין דער קרענק און פון איר נישט געוואָלט אַרויס.

*

לייוויקן האָלט מען בדרך כלל פאַר דעם דיכטער פון נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע מאָטיוון. אָבער דאָס איז נישט אין גאַנצן אַזוי. אין גאַנצן אמת איז עס נישט. (און איז דען פאַראַן אַ נישט־גאַנצער אמת ?).

ער איז געווען און וועט בלייבן קודם־כל און דער עיקר, דער דיכטער פון יחידישע מאָטיוון. וואָרעם אַנדערש, ווי יחידיש, קאָן קיין אמתער דיכטער, ווי בכלל אַן אמתער קינסטלער, נישט זיין. אלא, מען זעט, מען פילט אַרויס פונעם דיכטערס יחידישע מאָטיוון דאָס אַלגעמיינע, דאָס כלל־מענטשלעכע, דאָס איז שוין אַ הויכע פּריווילעגיע פון אַ גאָר געהויבענעם מין דיכטער. מיט דער דאָזיקער הויכער פּריווילעגיע איז לייוויק געווען באַשאָנקען.

אַפילו „דער גולם", אַפילו די דאָזיקע דראַמע, צי דראַמאַטישע פּאָעמע, איז אויך אַ ריין יחידישע. ס'איז דער טראַגישער גורל פון דעם שעפערישן יחיד, וואָס קאָן דאָך נישט דערגרייכן אין זיין ווערק קיין שלימות, מעג דער שעפער זיין אַזאַ ריזיקע פּערזענלעכקייט, ווי דער מהר"ל פון פּראָג.

דער מהלך צווישן דעם קינסטלערס ווילן און זיינע מעגלעכקייטן, איז שטענדיק אַ גרויסער. אַזוי איז עס אין באַוווסטזיין פון יעדן אמתן קינסט־לער, כאָטש אין דער ווירקלעכקייט קאָן עס זיין דער היפוך דערפון. נאָר די פאַלשע דיכטערס, די פאַלשע שרייבערס, ווי פאַלשע קינסטלערס בכלל, נאָר זיי פילן נישט און זעען נישט דעם תהום צווישן זייער ווילן און זייער קענען. זיי ווילן גאָר נישט מער ווי זיי קענען. זיי רעדן זיך איין, אַז זיי האָבן דערגרייכט. (כ'רעד נישט וועגן באַוווסטזיניקע שווינדלערס, וואָס אַליין גלייבן זיי נישט אין זייערע דערגרייכונגען, נאָר ווילן איינרעדן אַנדערע, אַז יענע זאָלן דערין גלייבן).

לייוויק האָט זיך, ביים שרייבן די דראַמאַטישע פּאָעמע „דער גולם", גע־האַלטן אין די ראַמען פון דער פאָלקס־לעגענדע וועגן מהר"ל פון פּראָג און זיין גולם. אַ סך האָט מען וועגן דער דאָזיקער דראַמאַטישער פּאָעמע געשריבן. אַ סך קריטיקערס האָבן זי מפרש געווען, יעדער לויט זיין אופן,

יעדער לויט זיין בעסטן ווילן און פאַרשטיין, פילן און באַנעמען. תלי־תלים אידעען, מחשבות, האָט מען אין דעם ווערק, און מיט רעכט, אָנגעהאָנגען. מען האָט געזען אינעם „גולם" אַ רמז אויפן מאָראַלישן דורכפאַל פון דער רוסישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וועלכע האָט באַלד זיך אָנגעהויבן באַנוצן מיט טעראָר. אין מהר"ל האָט מען געזען די פאַרקערפּערונג פון דער גרויסער בענקשאַפט צו גאולה, צו אויסלייזונג. דאָס פּראָבלעם, צי מעג מען און צי קאָן מען דוחק זיין דעם קץ, האָט מען געשטעלט ברומו פון אָט דער שאַפונג לייוויקס. דער רעוואָלט פון געשאַפענעם קעגן זיין שעפער, צי באַשאַפער, דאָס וואָס די שאַפונג גייט אויף אַנדערע וועגן ווי דער באַשאַפער האָט געוואָלט, צו וועלכן דער שעפער האָט מכוון געווען, איז אויך איינע פון די עיקר־פּראָבלעמען פון דעם דאָזיקן ווערק.

אַלץ איז ריכטיק, צי קאָן זיין ריכטיק. אָבער מיין געפיל זאָגט מיר אונטער, אַז מען דאַרף אין דעם ווערק אויך זען די טראַגעדיע פון שעפערישן מענטשלעכן יחיד אין וועמענס באַוווסטזיין שטעקט ווי אַ דאָרן די מורא, דער פּיין, דער ציטער פאַר דער נישט־שלימותדיקייט פון זיין שאַפן. לאָמיר נעמען אַ פּאָר שורות פונעם „גולם", כדי אילוסטרירן מיין טעזע:

מהר"ל:

אין מיין געלייטערטער הייליקער כוונה
אַ פינצטערניש האָט זיך אַריינגעריסן.
איך האָב אַליין מיט מיינע שרעקעדיקע ווערטער
אַ פּגימה אין דעם קומענדיקן האַרץ געמאַכט.
אָ, איך בין נישט בייגעשטאַנען דעם נסיון:
איך האָב נישט אויסגעהיט מיין האַרץ פון טרויער,
פון צער און פון רחמנות, שווער און שווערער
איצט פאַלט אויף מיר מיין שרעקעדיקער וואָרט.

דורך דעם דיכטערישן וואָרט רייסן זיך טייל מאָל אַרויס מחשבות מכלומרשט זייטיקע וואָס אין דער אמתן זענען זיי עיקרדיקע. זיי זענען דער אָריגינעלער, מקורותדיקער טעקסט אויף וועלכן, צוליב טעמים נישט־פאַרשטענדלעכע, ס'איז אויפגעשריבן געוואָרן אַן אַנדערער.

די נישט־זיכערקייט פון דעם שעפער, די מורא פאַר דער נישט־שלי־

מותדיקייט פון זיין ווערק, דער צער און יאוש צוליב דעם, העלפן דעם אמתן שעפער, אין אונדזער פאַל דעם דיכטער, אַרויסצורופן צו הילף אי־ראַציאָנעלע, געטלעכע כוחות און זיך אָנצושפּאַרן אויף זיי בעת דעם שאַפן:

„התגלות, נעם מיך אונטער דיינע פליגל"... שרייט לייוויק מיט פאַר־צווייפלונג און בטחון אין זיין אַריינפיר־ליד „אין די טעג פון איוב". און די דיכטערישע השגחה האָט אים נישט פאַרלאָזט, פאַרקערט, אים געשטיצט און דערהויבן.

דאָס טאָפּל־געפיל, דאָס טאָפּל־באַוווסטזיין, פון מאַכט און אוממאַכט, פון דערגרייכונג און דורכפאַל פון יאוש און בטחון, די דאָזיקע סתירות־דיקייט, דער ויתרוצצו אינעם שעפערס נשמה, דאָס איז דער כוח, דער פּערמענענטירנדיקער כוח, וואָס דערלויבט ווידער און ווידער צו קנעטן אינעם חומר, אָנצוגעבן אים אַלע מאָל אַ נייע געשטאַלט. דאָס איז דער כוד פון כסדרדיקער איבערגעשטאַלטונג, וואָס אַ מאָל בעסער, וואָס אַ מאָל שענער און העכער.

*

אַחוץ אויף זיין יחידישקייט און זיין כללישקייט, נישט וועלנדיק באַ־נוצן דאָס צו אָפט ביי אונדז באַנוצטע וואָרט: אוניווערסאַלישקייט, דאַרף מען אויך אָנווייזן אויף לייוויקס היסטאָרישקייט. יעדער זיין העלד, כ'מיין זיין יידישער העלד, יעדער זיין ייד, איז אַ שטיק יידישע געשיכטע. און יידישע געשיכטע באַדייט: צער, יסורים, רדיפות, פורעניות און אומקום.

וואָס האָט אייגנטלעך לייוויק מיט זיינע שאַפונגען אונדז און דער וועלט געוואָלט לאָזן וויסן, געוואָלט לאָזן הערן?

כ'וויס נישט צי מעג מען גאָר שטעלן אַזאַ פראַגע ווען ס'ווערט גע־רעדט וועגן דיכטונג. אויך באַציט זיך נישט די פראַגע, אויב זי איז שוין געשטעלט געוואָרן, צו אַלע שאַפונגען פונעם דיכטער. די קינסטלערישע, אַזוי צו זאָגן, קאָנסטיטוציע, איז זייער אַ קאָמפּליצירטע, און קודם־כל אַ קאַפּריזנע, און מען קאָן נישט אַלע שאַפונגען פון אַ דיכטער, אַפילו אויף אַ ווײַלע, אַריינברענגען, צונויפזאַמלען אונטער איין „דאַך".

אָבער לייוויק האָט געשאַפן אַ ריי ווערק מיט אַן אָנזעעוודיקן בשות־

פּותדיקן זינען. ער האָט מלכתחילה אין זינען געהאַט צו שאַפן ווערק פון אַ געמיינזאַמען זין.

די הויפּט־אידעע, אָדער בעסער געזאָגט, די הויפּטליניע פון לייוויקס שעפערישן ווילן אין אַלע עיקרדיקע ווערק איז צו דערגיין דעם טעם פון ליידן, פון יסורים. טעם מיין איך נישט זינען, תכלית, נאָר קודם־כל און אין דער ערשטער ריי דעם פּשוטן, פיזישן טעם דערפון. מיט זיין גאַנצער סענסיביליטעט, מיט זיין גאַנצער חושימדיקייט, האָט זיך לייוויק איינגעפילט, צי אַריינגעפילט אין דעם טעם פון פּיין, פון צער און ליידן. אָן פילן דעם פּשוטן, פיזישן טעם פון יסורים קאָן מען נישט געלייטערט ווערן, און אַ פּשיטא אַז מען קאָן נישט ווערן, אַז אַנדערע זאָלן דערפון געלייטערט און דערהויבן ווערן. ס'איז דאָס אייגענע ווי מיט זינד און תשובה. אָן פילן דעם חושימדיקן טעם פון זינד קאָן מען קיין תשובה גאָר נישט טאָן. נישט נאָר האָט דעמאָלט די זינד קיין טעם נישט, נאָר אויך די תשובה אויף אַזאַ זינד האָט נישט דעם מינדסטן טעם.

לייוויק האָט שטענדיק געגאַרט אַריינצופילן זיך אין די יסורים פון די מענטשן, וואָס האָבן געליטן מער פאַר אים. אַזוי איז עס געווען ביי אים אין דער אָרעמער היים, אַזוי איז עס געווען אין טורמע, אַזוי אויף צאַרי־שער קאַטאָרגע, אַזוי אין דענווער־סאַנאַטאָריע און אַזוי שפּעטער, נאָכן חורבן פון די אייראָפּעישע יידן. נישט אַלע מאָל האָט ער דאָס געקאָנט טאָן מיטן זעלבן כוח, מיט דער זעלבער קראַפט. נישט אַלע מאָל האָט זיך אים איינגעגעבן דאָס געפיל, וואָס ער האָט אַרויסגעטראָגן פון דעם אַריינלעבן זיך אין יענעמס יסורים, געענוי איבערצוגעבן אין וואָרט. אָבער אַז דאָס איז געווען דער הויפּט־ווילן זיינער, אַז צו דעם, צו פילן און דערפילן דעם טעם, דעם פיזישן טעם פון יענעמס יסורים, האָט ער געגאַרט, דאָס איז למעלה מכל ספק, דאָס זעט מען אין אַלע זיינע ווערק, דאָס ליגט קלאָר און בולט פאַר יעדנס אויג. הונדערטער ציטאַטן קאָן מען ברענגען אויף צו באַווייזן דאָס, וואָס פאָדערט לגמרי נישט קיין באַווייזן, אַזוי קלאָר איז עס.

ערשט ווען ער איז דערגאַנגען דערצו, ווען ער האָט זיך דערפירט דערצו, אַז ער האָט שוין געפילט דעם פּשוטן, פיזישן טעם פון יענעמס יסורים, ערשט דעמאָלט האָט ער געטראַכט וועגן צווייטן טעם, וועגן דעם זינען פון מענטשלעכן ליידן. און צוגעגאַנגען איז ער צו דעם אַלעם, צו

דעם משונהדיקן קנויל פון יסורים־פּראָבלעמען נישט פילאָזאָפיש, נאָר ריין דיכטעריש.

וועגן זין און תכלית פון מענטשלעכע לײדן אויף דער וועלט, וועגן באַטייט פון נסיון, איבער די פּראָבלעמען, וועלכע זענען געשטאַנען פון שטענדיק אָן און שטייען עד היום ברומו של עולם, האָבן זיך געמאַטערט אַ סך פילאָזאָפן, רעליגיע־פילאָזאָפן און טעאָלאָגן. אָבער לייוויק איז געווען אַ דיכטער, ער האָט געטראַכט און געפילט דורכויס דיכטעריש.

וואָס הייסט דאָס ? דאָס הייסט, אַז אָנשטאָט מיט באַגריפן, אידעען, דעפי־ניציעס האָט זיך לייוויק, ווי אַ דיכטער, פאַרנומען מיט געשטאַלטיקן. ער האָט פאַר אונדז, פאַר אונדזערע אויגן אויפגעשטעלט מענטשלעכע גע־שטאַלטן. און מענטשלעכע געשטאַלטן, לעבעדיקע מענטשן, ווי גרויס זיי זאָלן נישט זיין, האָבן זיך זייערע שוואַכקייטן, צי נאָר רגעס פון שוואַכקייט.

די מענטשלעכע שוואַכקייטן, זיי גיבן דאָס אַריין אינעם לײדן דעם לי־ריזם. אָן ליריזם וואָלטן יסורים געווען נישט צום דערטראָגן האַמעטענע. ווען יצחק, דער יצחק וואָס איז שוין געלעגן אויף דעם מזבח מיט אַן אויסגעשטרעקטן האַלדז געשאָכטן צו ווערן, ווען ער זאָגט צו זיין פאָטער, אַברהם :

ווי שטענדיק, פאָטער. און ווי שטענדיק קאָן אויך היינט
מיין אויג ניט זאַט ווערן געננוג מיט יעדן שטראַל
פון אָוונטליכט, מיט יעדן צוק פון לעבן,
מיט יעדן ציטער פון אַן אבר, פון אַ גראָז און בלעטל,
מיט יעדן פלאַטער פון אַ פליגל. ניט נאָר לייב,
אַפילו שטיין, אַפילו שטויב אונטער מיין פוס
איז פול מיט שטיל געבעט אַזוי צו זאָגן :
זיי אָפּגעהיט מיט דיינע טריט, דו מענטש, ניט טו מיר וויי,
ווייל מער ווי אַלץ דערשרעקן מיך יסורים.
יאָ, פאָטער, היינט נאָך מער ווי אַלע מאָל
פאַרנעם איך דאָס געבעט פון אלץ וואָס לעבט,
פון אַלץ וואָס בעט זיך : מענטש, ניט טו מיר וויי.

(„אין די טעג פון איוב")

איז אין די דאָזיקע פּשוטע, שוין גאָרנישט פּשוטע, ווערטער: „מענטש, ניט טו מיר וויי״, אין די דאָזיקע ווערטער פון שוואַכקייט אין מויל פון אַ מענטש וואָס איז שוין געלעגן אויפן מזבח, פאַראַן אַזאַ טיפער, דורכדרינג־לעכער ליריזם, וואָס דורך אים ווערט שוואַכקייט תיכף פאַרוואַנדלט אין שטאַרקייט. וואָרעם שטאַרקער איז דער טויט פון דעם לעבן, און דעריבער איז שטאַרקער פון דעם טויט דער ווילן צו לעבן. און לעבן איז ליידן, יידיש לעבן אַוודאי און אַוודאי. אָן ליריזם וואָלטן יסורים נישט געווען מעגלעך צו דערטראָגן.

דער ליריזם פון יסורים, ער גורט דאָס אָן יצחקן מיט קראַפט, מיט גייסטיקער גבורה, גיט אים דעם כוח צו גיין טרעפן זיך מיט איובן, זיין אַן עדות פון זיינע מוראדיקע יסורים, דורכלעבן זיי מיט אים בשותפות און ערשט דערנאָך דערפילן די פרייד פון לעבן, בעתן טרעפן זיך מיט רבקהן. (לייענט איבער לייוויקס „אין די טעג פון איוב״).

שטאַרקער פון די יסורים גופא איז דער ליריזם פון יסורים. ווען מען דערמאָנט זיך ווי אַזוי קליינע יידישע קינדער זענען געגאַנגען אין די גאַז־קאַמערן טראַגנדיק זייערע ליאַלקעס אויף די הענט, איז פאַראַן אין דעם בילד אַזאַ טראַגישער ליריזם, פון וועלכן די זון קאָן פינצטער ווערן. ווען ס׳איז אַפילו ריכטיק וואָס עס זאָגט ר׳ חנינא בן פפא אין פסיקתא רבתי, אַז ווען איוב, בשעת עס זענען אים באַפאַלן די יסורים, וואָלט נישט אויפ־געהויבן קיין געוואַלד־געשריי, איז אַזוי ווי מען זאָגט איצט אין תפילה: גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב, וואָלט מען אויך געזאָגט: גאָט פון איוב, ווען דאָס זאָל טאַקע אַזוי זיין, איז פאַרט בילכער וואָס איוב איז אַרויס מיט זיינע טראַגיש־לירישע טענות צו גאָט, איידער מען זאָל אים דערמאָנען אין דער תפילה צוזאַמען מיט אברהם, יצחק און יעקב.

אָן ליריזם קאָנען גאָר יסורים נישט לייטערן, נישט אַפריייניקן. דאָס איז לייוויקס גרויסער דיכטערישער אויפטו, וואָס ער האָט אַריינגעגעבן דעם לירישן טעם אין די יידישע יסורים. נאָך מער, ער האָט אַריינגעגעבן דעם לירישן טעם אין דער יידישער געשיכטע. וואָרעם יידישע געשיכטע איז איין קייט פון נסיונות, גזירות, רדיפות, עינויים און אומקום.

וויפל ליריזם איז פאַראַן אין דער פרשה פון עקידת יצחק! אין דער קורצער הקדמה צו זיין „אין די טעג פון איוב״ שרייבט לייוויק אַזוי: „גאָטס

געבן פול רשות דעם שטן אומצוברענגען איובס אַלע קינדער, פאַרברענען אַלע זיינע גיטער און אים אַליין, דעם אַלטן איובן, זיין לייב, אַריינוואַרפן אין גרויל פון צרעת־ווונדן, — פאַרפאָלגט דעם מחבר זינט זיינע חדר־יאָרן; נאָך מער פאַרפאָלגט אים, זינט יענע יאָרן, דעם יונגן יצחקס גיין צו דער עקידה און זיין ליגן אויפן מזבח אין דערוואַרטונג געבראַכט צו ווערן פאַר אַ קרבן״.

אין זיין „אין די טעג פון איוב״, האָט טאַקע לייוויק צוזאַמענגעבראַכט, צונויפגעבראַכט, צונויפגעבונדן די צוויי פרשות פון נסיון, פון אברהם און איובס. דער לירישער קלימאַקס פון דיביידע נסיונות איז דער טויט פון די צוויי פרויען, פון אברהמס ווייב און פון איובס ווייב, וואָס ביידע זענען זיי אויסגעגאַנגען פון צער צוליב דעם אומברענגען פון זייערע קינדער. (ביי דער ערשטער, ביי שרהן, איז דער אומקום נאָר אין איר געפיל און באַוווּסטזיין. ביי דער צווייטער, ביי איובס ווייב — אין דערווירקלעכקייט).

כאָטש גאָט האָט די דאָזיקע צוויי פרויען נישט באַשאַנקען מיט דעם חסד פון גרויסער, גרענעצלאָזער אמונה, ווי ער האָט דאָס געטאָן מיט זייערע מענער, און אַפילו שרהן, אונדזער מאַמען שרהן, נישט אַריינגעגעבן דעם כוח פון אמונה, וועלכן ער האָט יאָ אַריינגעגעבן איר מאַן, האָט ער אָבער די צוויי פרויען באַשאָנקען מיט גרויסע הערצער, וואָס האָבן געפּלאַצט פון צער מחמת זייערע קינדערס אומקום.

ווען מען נעמט אָן פאַר אמת, וואָס עס זאָגט סערן קירקעגאַר, אַז ווען אַפילו אברהם זאָל האָבן מקריב געווען זיין זון, יצחקן, וואָלט ער נישט אויפגעהערט גלייבן אין גאָטס צוזאָג „כי ביצחק יקרא לך זרע״ (אויף יצחקן וועט גערופן ווערן דיין זאָמען, ווי עס טייטשט יהואָש), ווייל אברהם האָט געגלייבט אין כוח פון אַבסורד, דאָרט ווו מענטשלעכע חשבונות האָבן שוין לאַנג אויפגעהערט, ווען אַפילו אַזוי, איז דער לירישער טויט פון שרהן פאַרן לעבן גופא נישט ווייניקער, נישט מינערער, ווי אברהמס גרענעצלאָזע אמונה. (כ׳מיין דאָס פון דעם ריין דיכטערישן שטאַנדפּונקט).

מיט זיין טיף דיכטערישער אינטויציע האָט דאָס לייוויק באַנומען, און נישט אין אברהמס, נאָר אין מויל פון דער טויטער שרהן האָט ער אַריינגעלייגט די ווערטער צו יצחקן:

**יחיאל האָפּער**

קוק איין זיך גוט מיטביידע אויגן,
און הער ווי קעמלען קומען אָן,
און זע — אויף איינעם וויגט זיך רבקה
אין כלה־קליידער אָנגעטאָן.

און אַז ס׳איז רבקה — זאָלסטו זאָגן:
דעם שלייער־צודעק נעם אַראָפּ,
ווייל אויך פון דיר דער טרויערשלייער
אין ליכט פון חסד טוט זיך אָפּ.

(אין די טעג פון איוב)

ה׳ לייוויק האָט צוגעגעבן לירישן טעם די מענטשלעכע ליידן, און דער עיקר די יידישע ליידן. אַזוי אַרום האָט ער אַריינגעגעבן לירישן זינען אין דער יידישער געשיכטע. דאָס איז דער גרויסער דיכטערישער אויפטו פון לייוויקן, פון דעם לייוויק, וואָס בלייבט.

*

ה. לייוויק האָט ארויסגעבראַכט זיין ליריזם פון ליידן, פון יסורים, מיט איינגעהאלטנקייט, מים געצוימטקייט. ער איז נישט קיין פּאַטעטיקער, נאָר אַ סימפּאַטעטיקער, נישט נאָר אַ פילער, נאָר דער עיקר אַ מיטפילער. זיינע ווערק איז אַ גרויסע, אַ געוואַלדיק גרויסע, לאַבאָראַטאָריע פון מענטשלעכע געפילן און מחשבות, ווו די כלים טוישן זיך, ווו געפיל ווערט באַנומען דורך מחשבה און, פאַרקערט, מחשבה דורך געפיל.

איך האָב אויבן געזאָגט, אַז דאָס אַריינגעבן ליריזם אין דער יידישער געשיכטע, דאָס איז לייוויקס גרויסער דיכטערישער אויפטו. וואָס הייסט דאָס? וואָס האָב איך דערמיט געוואָלט זאָגן? און וואָס איז דאָס אזוינס דיכטערישער אויפטו בכלל?

וועלנדיק אויף דעם ענטפערן, וואָלט איך אייגנטלעך געדאַרפט ענט־פערן אויף דער הויפּטפראַגע, וועגן זינען און תכלית פון דער דיכטונג. אָבער צו אַזאַ טעמע האָב איך זיך מורא צוצורירן. נישט נאָר נאָן־קאָנ־פאָרמיסטן זענען קעגן אַזאַ טעמע, נאָר אַפילו בפירושע קאָנפאָרמיסטן, די

וואָס רעדן און שרייבן וועגן אַ ספּעציעלער מיסיע, וועגן אַ שליחות פון דער דיכטונג, פון דער ליטעראַטור, פון דער קונסט, אַפילו די האַלטן זיך אויך זייער ווייט נישט נאָר פון ענטפערן, נאָר פון בלויז אַוועקשטעלן די דאָזיקע פראַגע.

וועל איך זיך טאַקע אויך באַגרענעצן בלויז צו דעם וואָרט: אויפטו, דיכטערישער אויפטו. אויפטו מיין איך נישט אויפטוערישקייט, אַפילו נישט דערגרייכונג. מיטן וואָרט אויפטו מיין איך אַנטדעקונג, דיכטערישע אַנט־דעקונג.

לייוויק, ווי אַן אמתער דיכטער, האָט פאַר אונדז אַנטדעקט, אַז וואָרט, דיכטעריש וואָרט, האָט אינסטינקט. ער האָט אונדז באַוויזן דעם אינסטינקט פון וואָרט, פון דיכטערישן וואָרט, פון לירישן וואָרט.

פראַנסואַ מאָריאַק האָט אין אַ דערציילונג פון זיינע פריע שרייבערישע יאָרן, געזאָגט, אַז אויב עמעצער איז באַשאָנקען מיט דעם אינסטינקט פון ליבע, מעגן אים איינפאַלן אַלע זיבן הימלען, מעג אים די ערד זיך אַפּער־רוקן פון אונטער זיינע פיס, וועט ער זיין וועלט צוריק אויפבויען.

דאָס אייגענע קאָן מען זאָגן וועגן אמונה, וועגן אינסטינקט פון אמונה, און אויך וועגן אינסטינקט פון אמונה אין וואָרט, אין דיכטערישן וואָרט. ווער ס׳פאַרמאָגט דעם דאָזיקן אינסטינקט מעגן אים אַלע זיבן הימלען איינפאַלן, מעג אים די ערד זיך אַפּעררוקן פון אונטער זיינע פיס, וועט ער זיין וועלט, זיין דיכטערישע וועלט צוריק אויפבויען.

לייוויק האָט געהאַט דעם אינסטינקט פון אמונה אין וואָרט. דעריבער האָט ער נאָכן חורבן גיך צוריק אויפגעבויט זיין וועלט, זיין דיכטערישע וועלט, וועלכע שטייט מיט גאָרנישט אָפּ, נישט מיט איר שיינקייט און נישט מיט איר טיפקייט, פון זיין פריערדיקער וועלט.

ער האָט געבויט זיין דיכטערישע וועלט אַפילו דעמאָלט, ווען ער האָט שוין נישט געפילט, אַז ער האָט נאָך פאַר וואָס און פאַר וועמען. אָט איז זיין ליד „מיין תפילה“, פונעם בוך „אַ בלאַט אויף אַן עפּלבוים“.

מיין תפילה — איך ווייס נישט צו וועמען זי טראָגן,
און — כ׳טראָג זי;
מיין תפילה — איך האָב נישט צו וועמען זי זאָגן,
און — כ׳זאָג זי.

מיין תפילה — זי ווערט אויף מיין גומען דערפראָרן.
און — כ׳טראָג זי;
מיין תפילה לעבט־אויף אין אַן אויפברויז פון צאָרן,
און — כ׳זאָג זי.

מיין תפילה — זי ברעכט זיך אַזוי פיל מאָל איבער,
און — כ׳טראָג זי;
מיין תפילה גייט אויף איבער זעקס מיליאָן גריבער,
און — כ׳זאָג זי.

מיין תפילה פאַלט־צו און פאַרגייט זיך אָן ווערטער,
און — כ׳טראָג זי;
מיין תפילה צו דעם וואָס איך ווייס נישט צי הערט ער,
און — כ׳זאָג זי.

תפילה איז ביי לייוויקן געווען נישט עפּעס אַנדערש, ווי ליד. און ווען ער האָט געזאָגט „מיין תפילה צו דעם וואָס איך ווייס נישט צי הערט ער", האָט ער נישט געמיינט גאָט, נאָר און אויסדריקלעך דעם מענטש.

זיין פאַרשטומטקייט איז געווען די סאַמע לירישסטע פּוענטע פון זיין דיכטערישער שאַפונג. מיט זיין שטומקייט, האָט ער אַנדערע אָנגעזאָגט רעדן, שרייען, אַלאַרמירן...

*

ווען איך האָב אַ נאָמען געגעבן מיין איצטיקן עסיי: ה. לייוויק — וואָס בלייבט, האָב איך געוואָלט פאַרגעסן וועגן דעם מצב פון יידיש און פון דער יידישער ליטעראַטור, און בכלל וועגן דעם, אַז עס עקזיסטירט אַזאַ באַגריף, ווי צייט.

לייוויק האָט אַחוץ דעם אינסטינקט פון אמונה, פון אמונה אין וואָרט, פאַרמאָגט אויך דעם אינסטינקט פון היסטאָרישקייט. זיין צייט מעסט זיך נישט מיט יאָרן, אפילו נישט מיט דורות, נאָר מיט דער מאָס פון יידישער אייביקייט. אין אַלע זיינע דראַמאַטישע פּאָעמעס פירט ער צונויף צייטן,

געשעענישן, מענטשן, העלדן. יצחק אבינו טרעפט זיך מיט איובן, און מיט קינען און מיט הבלען. אין „מהר"ם פון רוטענבערג" פירט ער אַחוץ אַהאַס־פערן, דעם אייביקן ייד, אויך זיין זון, דניאלן, דורך אַ דייטשן טויטלאַגער איבער די גאַסן פון מאַינץ, אינעם יאָר 1286. ער האָט געגרייכט אין עבר און אים ארייגעפירט אין הווה. דאָס איז נישט וויסנשאַפטלעכע היסטאָרישקייט נאָר ריין דיכטערישע, ווו ס'איז נישטא פאַראַן קיין מוקדם און קיין מאוחר, נישט קיין פריער און נישט קיין שפּעטער.

פונקט ווי ער האָט זיך נישט פארשקלאַפט צו דער צייט, צו אַ באַשטימטער צייט, אַזוי האָט ער זיך נישט געמאַכט משועבד צום וואָרט. כאָטש וואָרט, שפּראַך איז דער איין און איינציקער מכשיר פון דעם דיכטער, האָט לייוויק צו דער שפּראַך נישט געדינט. ער האָט געהאַט אמונה אין וואָרט, אָבער נישט געמאַכט פון דעם קיין עבודה־זרה.

ער האָט געגלייבט אין וואָרט, ער האָט געגלייבט אַז דאָס וואָרט, די שפּראַך קאָן אים דינען, קאָן אים דינען משפּיע צו זיין. אָבער ער האָט זיין דיכטערישן גורל נישט פארבונדן דווקא מיט שפּראַך. כ'מיין נישט יידישע שפּראַך, נאָר שפּראַך בכלל.

און דעריבער דער משונהדיקער פּאַראַדאָקס, וואָס דווקא לייוויק, איינער פון די סאַמע יידישסטע דיכטער אונדזערע, קאָן גרינג איבערגעזעצט ווערן אין פרעמדע שפּראַכן.

*

זיין דיכטערישער וועג איז געווען אַ פּאַרקערטער, ווי געוויינטלעך. ביי לייוויקן איז דער וועג געווען פון כללישן צום יחידישן, פון אַלמענטשלעכן צום נאַציאָנאַלן, צום יידישן.

אַזוי איז אויך געווען מיט לייוויקס יידישער וועלטלעכקייט. פריער, אין סאַמע אָנהייב, האָט עס געזאָלט זיין ביי אים אַ יידישע וועלטלעכקייט אין דער גרויסער נישט־יידישער וועלט. דערנאָך, מיט דער צייט, נאָך שווערע אַנטוישונגען, איז עס געוואָרן אַן עקסקלוזיווע יידישע וועלט (אפשר גאָר נישט־וועלטלעכקייט), ווו אַלע אַן אויסנאַם הערשע מאָמענטן פון דער יידישער געשיכטע פאַרנעמען דאָרט דעם אויבן־אָן, די מזרח־וואַנט.

ה. לייוויק איז געווען דער ליריקער פון דער יידישער געשיכטע. נאָך מער, דער ליריקער פון דער יידישער היסטאָרישקייט. און דאָס איז דער לייוויק, וואָס בלייבט. ווארעם אפילו נאָך דעם ווי די אַנטשטייונג פון מדינת ישראל האָט אַריינגעבראַכט אַ ראַדיקאַלע ווענדונג לטובה אין דער יידישער געשיכטע, אין וואָס מיר אַלע גליבן באמונה שלימה, בלייבט נאָך גענוג אָרט פאַר ליריזם אין אונדזער געשיכטע. די געשיכטע פון יידישן פאָלק וועט זיך אָן ליריזם נישט קאָנען באַגיין, ווייל זי איז נאָך, לײדער, ווייט נישט פריי פון יסורים און ליידן. (און נישט נאָר אונדזער פאָלק איז נישט פריי דערפון).

ס׳איז איצט אַ צייט אין וועלכער עס הערשט אַ טענדענץ צו פאַרמינערן די באדייטונג פון דיכטער, שרייבער און קינסטלער. די פאָליטיקער און די טעכנאָלאָגן פרוּוון פארכאַפּן די וועלט. אַזוי איז עס אויך ביי אונדז, ביים עם־הספר, די פאָליטישע טומלערס פרוּוון באַגאַטעליזירן די ווערט פון דער שרייבערישער קונסט. אָבער אמתע דיכטערישע, ווי קינסטלערישע ווערטן בכלל, האָבן קיין מאָל פאַר קיין צייטשטימונגען נישט מורא געהאַט.

כ׳וויל ענדיקן מיין עסיי וועגן דעם לייוויק וואָס בלייבט, מיט אָפּטימיזם, מיט גלויבן אין דער צוקונפט פונעם יידישן וואָרט, פון דיכטערישן ווי פון דעם אמתן שרייבערישן וואָרט בכלל. זיין אַ פּעסימיסט איז נישט פאַרן כבוד פון דעם לייוויקן, וואָס איז אַוועקגעגאַנגען, און נישט קיין דרך־ארץ פאַר דעם לייוויק וואָס בלייבט.

ה. לייוויק האָט געהאַט אַ טיפע אמונה אין דיכטערישן וואָרט. זאָל אונדז, יידישע שרייבערס, אין דער איצטיקער גורלדיקער צייט פאַר יידיש און יידישער ליטעראַטור, זיין אמונהביישטיין.

(„די גאָלדענע קייט״ נומער 46, 1963)

# וועגן זיין בוך דערציילונגען „יידן־לעגענדע״

1

יוסף אָפּאַטאָשו איז אַ געזונטע קינסטלעריש־שרייבערישע אָרגאַניזאַציע. דער פּראָצעס פון קינסטלערישער שטאָף־פאַרוועַנדונג קומט ביי אים פּאָר זייער פּינקטלעך און נאָרמאַל. כ׳וואָלט געזאָגט, אַז ביי דעם דאָזיקן דורך און דורך יידישן שרייבער איז דער אויבן דערמאָנטער פּראָצעס אַ במעט נישט־יידיש נאָרמאַלער. זעט אויס, אַז די ברכה פון ר׳ זישע אַניפּאָלער, וועלכע ער פלעגט אָפּט געבן: „זיי געזונט און שטאַרק ווי אַ גוי״ — אָט די ברכה האָט אויף אָפּאַטאָשוס טאַלאַנט שולט געווען מיטן גאַנצן כוח פון ר׳ זישעס ברייט און גוט האַרץ.

דער מאַטעריאַל מיט וועלכן אָפּאַטאָשו שפּייזט זיין שרייבערישן טאַלאַנט איז שטאַרק פאַרשידן, אויסערגעוויינלעך פאַרשידן. וואָס איז אין אים נישט פאַראַן? געשיכטע (גרויסע און קליינע), תורה, חסידות, חכמת־ישראל און סתם וויסנשאַפט. ערשט מענטשן־קענטעניש, דאָס וויסן וועגן מענטשלעכע ליידנשאַפטן, פון קליינע און גרויסע מענטשן, פון אייבערוועלט־מענטשן און אונטערוועלט־מענטשן. היינט סתם מענטשלעכע קאָנפליקטן, דער קאַמף פון יונג און אַלט, זיין קענען די פּסיכאָלאָגיע פון בעלי־חי צי זיין פעיקייט פון אָבסערווירן די גענויקייט פון זייערע רעפלעקסן, און טויזנטער, טויזנטער אַנדערע געשעענישן, פאַרלויפעניש און פּראָבלעמען.

און דאָס אַלץ ווערט דורך אָפּאַטאָשון זייער גוט אַסימילירט, צוגעאייגנט, פאַרדייעט און ווערט אויף אַ געזעצמעסיקן אופן פאַרמירט אין קינסטלערישע, שרייבערישע שאַפונגען.

ער האָט אין זיך גאָרנישט פאַרדרענגט, ער האָט פּשוט נישט געהאַט קיין נויטווענדיקייט צו פאַרדרענגען. זיין גייסטיקע אַנטוויקלונג איז געווען אַ נאָרמאַלע. ער האָט נישט גערדאַפט מאַכן קיין „שטוב־רעוואָלוציע״, וואָס נישט איינער פון די יידישע שרייבער האָט געמוזט מאַכן. ער האָט

זיך נישט געמוזט פאַרבאַהאַלטן מיט אַ טרייף־פּסולס. זיין יידישקייט איז אים נישט אויפגעצוווּנגען געוואָרן. זי איז געקומען צו אים אין זיין פולער רייפקייט, ווען ער האָט זי דערפילט קרייזן אין זיך, ווי אַ שיינע מתנה פון אַ גוטער ירושהשאַפט.

ווען מען לייענט יוסף אָפּאַטאָשון קאָן מען מיינען, אַז די יידישע ליטעראַטור איז אַ נאָרמאַל וועזן, אַ נאָרמאַלע דערשיינונג, מיט אַ נאָרמאַלן פאַרלויף און נאָרמאַלער אַנטוויקלונג. מען פאַרגעסט (צי מען קאָן פאַרגעסן), אַז די יידישע ליטעראַטור האָט זיך כסדר געבויגן, און בייגט זיך, אונטער דער לאַסט פון שווערע נסיונות, אַז זי האָט זיך אָפט געפינען אויפן אומוועג פון קפיצת־הדרכס און בלאָנדזשענישן און, דער עיקר, אַז זי איז באַיאָכט מיט דער משא פון שווערע אינדיווידועלע קאָמפּלעקסן פון אירע שאַפערס.

אויב ס׳זאָל אפילו אמת זיין דאָס, וואָס די קריטיקער זאָגן, אַז אָפּאַטאָשוס באַשעפטיקן זיך מיטן אונטערוועלטס־מענטש איז געקומען ווי אַ פּראָטעסט קעגן דער דעמאָלט הערשנדיקער נייגונג אין דער יידישער ליטעראַטור צו באַשיינען און פאַרפיינען אירע אויסגעבלייכטע העלדן, אויב דאָס זאָל טאַקע וואָר זיין, איז עס אויך געווען נאָר אַ פּראָטעסט כלפּי־חוץ. מיט דעם מחברס פּנימיותדיקייט האָט עס גאָרנישט געהאַט צו טאָן. קעגן זיך אַליין האָט אָפּאַטאָשו גאָרנישט געהאַט צו רעוואָלטירן. מיט זיך אַליין איז ער געווען שוה־בשוה.

און ווייל ער איז פריי פון קאָמפּלעקסן, האָט ער במילא נישט קיין אַנגסטגעפיל, איז ער פריי פון מורא, פריי פון פחדים. ווען דער שרייבער נעש (פון דער דערציילונג נ ע ש, אין בוך „יידן־לעגענדעס״, אגב איז נעש אָפּאַטאָשו אַליין), מאַכט ביי זיין שרייבטיש דעם חשבון — — — „אין אונגאַרן געפינען זיך אַרום דרייסיק ביז פערציק טויזנט משומדים... אין סלאָוואַקיע — פינף־זעקס טויזנט משומדים... אין פּראַג... אין ווין...״ און; ווען ס׳עגבערט זיין מוח די פראַגע: — „גייען מיר טאַקע אונטער״? ווען גראַד אין דער מינוט קומט אַריין זיינס אַן אַלטער באַקאַנטער און ער דערציילט אים, אַז זיין טאָכטער גייט חתונה האָבן מיט איר נישט־יידישן בחור, ענדיקט אָפּאַטאָשו די דערציילונג בזה הלשון: „נעש האָט זיך קריקגעזעצט צום שרייבטיש. ער האָט אויסגעסדרט די באַשרי־

בענע זייטלעך פּאַפּיר, און געטראַכט, אַז וואָס געזונטער און צעצווייגטער אַ בוים, אַלץ מער בלעטער וואַרפט ער פון זיך סוף האַרבסט ווען ווינטן און זאַווערוכעס צעשפּרייטן זיך".

און געשריבן איז די דערציילונג אינעם יאָר 1943.

אַפּאַטאַשוס יידישקייט איז נישט קיין בליציקע, נישט קיין עוקר הרימדיקע, נאָר אַ סינדיקע. זי איז פעסט איינגעפונדעוועט. זי איז אָנגעשפּאַרט אויף שטייגער און דער עיקר אויף די יסודות פון דער וווּנדערלעכער מאָזאַיק, וואָס ס׳שאַפן די צוויי און צוואַנציק יידישע אותיות.

זיין יידישקייט זעט זיך נישט ווי אַ ליניע, וואָס לויפט אין דער אומענדלעכקייט, נאָר גיכער ווי אַ קרייז. אַ מאָל איז דער קרייז אַ גרעסערער, אַ מאָל אַן ענגערער, אַ קלענערער, אָבער אַלע מאָל: פאַרמאַכט, גאַנץ, און במילא אין־סופיק. אַ מאָל איז ער אויף דעם אָרט אינעם קרייז, אַ מאָל אויף אַן אַנדערן. אַ מאָלביים לעצטן אויפשטאַנד, אַ מאָל אין רעגנסבורג און אַ מאָל גאָר — אָט איצט, היינט, אין דער לויפנדיקער רגע. זיין יידישקייט איז דאָס פילן און אַרויספילן דעם „מיטן" דאָס משתוקק זיין צו זיין אין דער מיטן, אין מיטן קרייז, אין מיטן אַ ראָד, וואָס פאַרבינדט, פלעכט אַ דור מיט אַ דור.

ווען כ׳האָב געלייענט די יידיש־יידישע דערציילונגען פון בוך „יידן־לעגענדע" — האָט זיך מיר דערמאָנט אונדזער אַלעקסאַנדער שטיבל אין וואַרשע. דער שבת איז שוין טיף אַריין אין דער נאַכט. ס׳איז פינצטער. דער שלוש־סעודות פאַרציט זיך. דער ניגון און די ווערטער פון „בני היכלא" זענען געבליבן הענגען צווישן שולחן און ארון. אין אַ פענצטער אַנטקעגן איבער האָט אויפגעלויכטן ליכט, וואָס האָט אַריינגעפינקלט אין דער געדיכטער טונקלקייט פון שטיבל. פון דעם האָבן די שאָטנס פון די יידן, וואָס האָבן זינגענדיק זיך געוויגט אַרום אַ לאַנגן טיש — זיך נאָך מער אויסגעצויגן און פאַרגאַנגען אַזש ביזן סופיט אַרויף. מיין קינדיש האַרץ האָט אויפגעצאַפּלט. כ׳האָב אין דער טונקלקייט אָנגעטאַפּט צוויי ברייטע, געבויגענע פּלייצעס פון צוויי יידן, וואָס זענען געזעסן ענג לעבן זיך. מיט מיינע דינע אָרעמס און קניען האָב איך זיך אַריינגעשפּאַרט צווישן זיי, געבליבן זיצן צווישן זיי אין דער מיט און מיר איז געוואָרן אַזוי זיכער, אַזוי גוט זיכער.

ס׳ווערט עפּעס זיכערער ווען מען לייענט אָפּאַטאָשון. ווערסט איינגעַ־וואָרצלט אין אָרט און אין צייט. און ווען אפילו ביסט שוין לאַנג פון דאָרט „אויסגעוואָרצלט״ פילסטו בחוש, בעין, וויפל אַ קינסטלעריש וואָרט איז בכוח דיך צוריק איינצוואָרצלען, אַז דו זאָלסט פילן דיין ז י י ן אויף דורות צוריק און אויף דורות פאָרויס.

## 2

וויפל רעאַליטעטן (זאַכן, פאַקטן, איבערלעבונגען) — אַזוי פיל רעאַ־ליזמען. דאָס הייסט וויפל ס׳זענען פאַראַן רעאַליטעטן, אַזוי פיל אופנים זענען פאַראַן זיי אויפצונעמען און קינסטלעריש צו פאַרפיקסירן. יעדע רעאַליטעט ווערט באַלד געבוירן אויף דער וועלט מיט דעם אופן, ווי אַזוי זי זאָל אויפגענומען ווערן. פאַרשטייט זיך, אַז אַזוי (צוזאַמען מיטן אופן פון אויפנעמען) — ווערן די רעאַליטעטן געבוירן נאָר פאַרן קינסטלער.

פאַראַן קינסטלער, פאַר וועלכע ס׳איז צוטריטלעך אין צי עטלעכע מינים רעאַליטעטן. פאַראַן אָבער שרייבער, דער עיקר די וואָס פלעגן און קולטיווירן זייער שרייבערישן טאַלאַנט, פאַר וועלכע ס׳זענען צוטריט־לעך, וועלכע קאָנען אויפנעמען און קינסטלעריש איבערפלאַנצן, אַ גרויסע צאָל מינים רעאַליטעטן.

צו דער קאַטעגאָריע קינסטלער־שרייבער געהער ביי אונדז קודם־כל: יוסף אָפּאַטאָשו.

אַפילו אין דעם בוך „יידן־לעגענדע״, ווו די דערציילונגען זענען ס׳רוב איינהייטלעכע, זיי שילדערן דער עיקר דעם רבניש־חסידיש־נגידישן שטייגער, און דאָך וויפל רעאַליזמען! לאָמיר נעמען פאַר אַ משל די צוויי דערציילונגען: „ס׳איז ביים וועג״ און „אין אַ שלאַכטהויז״.ביידע זענען רעאַליסטישע, ווייל אָפּאַטאָשו איז דורך און דורך רעאַליסט, אָבער דער רעאַליזם פון דער ערשטער דערציילונג איז אַ ראָמאַנטישער, און פון דער צווייטער — אַ דראַמאַטישער. אין ביידע דערציילונגען טרעטן אַרויס רבנים, נאָר אין דער ערשטער זעט דער רב אויס צו זיין אַ ביסל אַ מקיל און אין דער צווייטער איז דער רב אַ גרויסער מחמיר, כאָטש ביידע פסקנען זיי פון איין שולחן־ערוך. ס׳איז געגנוג, אַז איין רב, למשל, זאָל זיך

מער באַשעפטיקן מיטן „חושן־משפט״ און דער אַנדערער מער מיטן „יורה־דעה״, אַז זיי זאָלן זיין צוויי באַזונדערע וועלטן.

אָט די באַזונדערקייט און אַנדערשקייט פון די סאַמע דינסטע מאָ־מענטן און מאָטיוון זענען דער יסוד פון אָפּאַטאָשוס רעאַליזם (רעאַליזמען). ער קאָן אַזוי גוט און דורכדרינגלעך די ספערע און אַטמאָספערע וועלכע ער באַשרייבט, אַז ער פאַרטוישט נישט אַפילו די מינדסטע קלייניקייטן פון די רעאַליטעטן. אָפּאַטאָשו איז אַ קינסטלערישער רעאַליסט, נישט קיין סאָציאַלער רעאַליסט. ער זוכט נישט די בשותפותדיקייט פון כאַראַקטערן און דערשיינונגען, נאָר פאַרקערט, אין דער בשותפותדיקייט פון מענטש־לעכע כאַראַקטערן און זייערע מעשים זוכט ער דאָס אינדיווידועלע, ער זוכט נישט, ער מאָלט עס, און דאָס אייגנאַרטיקע קומט במילא אַרויס, אַזוי כלאחר־יד.

ס'זענען אָבער פאַראַן דערפאַרונגען, וועלכע קומען אין די סאַמע שווערסטע און לעצטע מאָמענטן פון מענטשנס לעבן, און טאָקע דערפאַר, וואָס זיי זענען אַזוי זעלטן און אויסנעמלעך האָבן זיי אין זיך עפּעס בשות־פותדיקס. אין דער דערציילונג: „אויפן באַרג נבו״, ווו עס ווערן באַשריבן די לעצטע מינוטן פון דער שטאַרבנדיקער ניין און פערציק־יאָריקער שרה יענטע, זאָגט אָפּאַטאָשו אַזוי: „ס'איז אָנגעלאָפן אַ ברייט, דערנאָך — אַ ווייט. די ברייט און די ווייט האָבן זיך געשאַרט אין מוח אַריין, איז דער קאָפּ פול געוואָרן מיט פונקען, ווי אַ צעגליטע שטאַבע אונטער די קלעפּ פון אַ האַמער״. אין דער דערציילונג „מאיר באַלאַבאַן״, ווען באַלאַבאַן האָט שוין געמאַכט דעם חשבון מיט דער בייזער וועלט, ווען ער האָט שוין געמאַכט דעם איי־גענעם חשבון־הנפש און איז גרייט צו מאַכן דעם לעצטן סך־הכל מיט זיין גוף, זאָגט אָפּאַטאָשו אַזוי: „ער איז געשטאַנען ביים אָפענעם פענצטער, ווו דער פרימאָרגן האָט זיך געריסן איבער דעכער און דעכלעך. די ברייט און די ווייט האָבן זיך געפּאַקט אין מוח אַריין און דער מוח האָט נישט געקאָנט איינהאַלטן קיין איין געדאַנק״.

די דאָזיקע (און ענלעכע) דערפאַרונגען זענען צוטריטלעך נאָר פאַר קינסטלער. זיי (די דערפאַרונגען) האָבן זיך זייערע געהיימע, אָבער זיכערע וועגן דורך וועלכע זיי דערגייען צום קינסטלערס אינטויִציע, און דער קינסטלער פירט זיי אַרויס פון אינטויִציע צום באַוווסטזיין. ס'איז נישט

וויכטיק, וואָס גראָד מיט באַלאַבאַנען איז נישט געשען אַזוי, ווי אָפּאַטאָשו באַשרייבט אין זיין דערציילונג. כ'בין אָבער זיכער, אַז ווען ס'וואָלט יאָ אַזוי מיט אים געשען, וואָלט עס געווען געווען געווען גענוי אַזוי, ווי אָפּאַטאָשו באַשרייבט עס. דער קינסטלער אָפּאַטאָשו האָט מיך געמאַכט גלייבן, אַז אין די לעצטע מינוטן פון באַוווסטזיניקן דערנענטערן זיך צום טויט, קומען אויפן מענטש אַזעלכע צי ענלעכע דערפאַרונגען. דאָס קאָנען מאַכן גלייבן אין די דערפאַרונגען, וועלכע דער שרייבער האַלט פאַר געזעצמאָסיק און אומבאַדינגט, איז איינע פון די וויכטיקסטע דערגרייכונגען פאַר אַ קינסטלער.

דאָס קאָנען געפינען דאָס בשותפותדיקע דווקא אין סאַמע משונה־דיקסטע סיטואַציעס און מאָמענטן, און קאָנען געפינען דאָס אינדיווידועלע אין דאָס סאַמע בשותפותדיקע — איז דער סימן מובהק פאַר דעם בעסטן מין רעאַליזם. דאָס איז אויך אָפּאַטאָשוס רעאַליזם. דאָס איז רעאַליזם, וואָס קומט פון קינסטלערישער געזעצמאָסיקייט און פירט צו קינסטלערישער געזעצמאָסיקייט. דאָס איז אויך קינסטלערישע דיסציפּלין, וואָס איר מקור איז די פּנימיותדיקע האַרמאָניע פון שרייבער.

די קריטיק וועגן אָפּאַטאָשון האָט דעם דאָזיקן שרייבער געוואָלט אויפצווינגען אַ מין דואַליזם. אַ סכעמע פון גוף און נשמה, אינסטינקט און גייסט, אונטערוועלט־מענטש און אייבערוועלט־מענטש, ווי אַ מכלו־מרשטן פועל־יוצא פון אַ טאָפּלטער, קעגנזעצלעכער ירושהדיקייט, וואָס ער טראָגט אין זיך, פון טאַטנס זייט — אַ גייסטיקע, פון דער מאַמעס זייט — אַ זינלעכע. די קריטיק האָט זיך נישט גערעכנט מיט דעם אַז קינסטלע־רישע פאַרפיקסירונג איז בעצם אַ פּראָצעס פון סובלימאַציע. דאָ דאַרף קיינער נישט און מיט גאָרנישט באַרעכטיקן וועמען ער שילדערט, נאָר ווי אַזוי ער שילדערט. אינעם ליכט (צי אין שאָטן) פונעם קאָמפּליצירטן סובלימאַציע־פּראָצעס איז יעדער איינטיילונג פון סובלימירטן שטאָף אויף טאַטעס־צד און מאַמעס־צד, דעליקאַט געזאָגט, לחלוטין איבעריק.

אין אַ ריי דערציילונגען פון דער „יידן־לעגענדע" איז פאַראַן אַ סך זינלעכקייט, אָבער נישט זינדלעכקייט. ס'איז זינלעכקייט, וואָס ווערט געצוימט (אָבער נישט פאַרדרענגט) מיט ראַמען פון שטייגער, טראַדיציע און לעבנס־חכמה פון אַ העכערער מדרגה. אָפּאַטאָשו, וואָס האָט אַזוי ליב

צו שילדערן דעם האַרבסט מיט זיין פולקייט, רייפקייט און זאַפטיקייט, וועט שטענדיק זיין דער שרייבער פון עולם־הזה, וואָס האָט אַפילו עולם־הבא אויף דער וועלט אַראָפּגעבראַכט. אָבער דאָס האָט נישט קיין שום שייכות צו דער „תאווה־לאָגיע”, פון וועלכער געוויסע מחברים האָבן כמעט געמאַכט אַ „טעאָריע”.

3

אין אָפּאַטאָשוס דערציילונגען איז פאַראַן אַ סך דראַמאַטישע שפּאַנונג. זיינע דערציילונגען זענען נישט קיין „שטיקלעך לעבן”, זיי זענען נישט קיין „אַרויסגעריסענע בלעטלעך” פון אַ גרויס בוך, נייערט זיי זענען גאַנצקייטן, וועזנס פאַר זיך. זיי זענען געבויט ווי דראַמעס, האָבן זיך זייער עקספּאָזיציע, אַנטוויקלען זיך שטאַפּלדיק און דערגייען מיט קאַרגע, געציילטע טריט צום פינאַל.

ס'וואָלט מיך דעריבער גאָרנישט געוווּנדערט ווען איך ווער געוואָר, אַז אָפּאַטאָשו האָט אָנגעשריבן אַ דראַמע. וואָס עס וווּנדערט מיך יאָ, איז דאָס, וואָס ער האָט עס נאָך ביז איצט נישט געטאָן.

ווען מען לייענט אַזעלכע דערציילונגען (פונעם בוך „יידן־לעגענדע”), ווי „בן־סיראס איניקל”, „אַ שבת נאָכמיטאָג” (וועגן ר' מאיר פון טאַנהויזן), צי אין „ווינער יידנשטאָט” — זעט מען ווי אַזוי אַ צילבאַוווּסטזיניקער קינסטלער קאָן מיט קאַרגע אָבער קלוגע מיטלען דערנעענטערן צו אונדזערע צייטן ווייטע, צי גאָר־ווייטע עפּאָכעס. זיי אַזוי דערנעענטערן, אַז זיי זאָלן אונדז ווערן קלאָר און פאַרשטענדלעך, אַז מיר זאָלן פילן זייער אָראָמאַט, הערן זייער דופק. לייענענדיק די דערציילונגען ווערן מיר אָנגעפילט מיט בטחון אַז אויך אונדזערע דורות, — אַז דאָס וואָס איז ביי אונדז איצט, און דאָס וואָס איז אין אונדז און מיט אונדז געווען און איז שוין נישטאָ, — אַז אויך דאָס וועט דורך די הענט און אין די הענט פון קינסטלער נאָענט ווערן די דורות, וואָס וועלן קומען לאַנג, לאַנג נאָך אונדז.

ס'איז דעריבער צו פאַרשטיין, פאַר וואָס אָפּאַטאָשו פאָדערט, פון זיך און פון אַנדערע, ליטעראַטור־לשמה. נישט נאָר שאַפונגען, וואָס קאָנען איצט פאַרקאָנסומירט ווערן, נאָר אויך אַזעלכע וואָס דאַרפן בלייבן און סטייען פאַר די צוקונפטיקע דורות (ווען אַפילו די איצטיקע דורות זאָלן זיך דערצו נישט מער ווי צורירן, צי גאָר דאָס אויך נישט).

אָפּאַטאָשו קאָן אַזוי חנעוודיק און געראָטן צונויפפירן צייטן, געאָ־גראַפישע פּונקטן, און אַרויסהייבן פון זיי און דורך זיי אַזוי פיל לירישע שטימונג, אַז ס׳פאַרכאַפּט אַזש. אָט האָט איר אַ משל: „חנהלע האָט אָנגע־זייגט ס׳קינד און עס געגומען איינוויגן. זי האָט געקוקט דורכן אָפענעם פענצטער, געקוקט ווי ס׳וואַסער אינעם טייך מאַין קנייטשט זיך, שוועגקט זיך, גליטשט זיך פון איין באָרט צום צווייטן. ס׳וואַסער וויגט זיך, ווי חנהלעס לעבן דאָ אין טאַנהויזן, וווהין זי איז געקומען פון פּויזן, אַ פּוי־לישע שנור, געקומען קיין בייערן און בענקט אַהיים צום וואַרטאַ־טייך״ („אַ שבת נאָכמיטאָג״).

און כאָטש היינט בענקט שוין נישט קיינער נישט נאָך דעם מאַין און נישט נאָך דער וואַרטאַ, גייט אויף פון דער דערציילונג (וועלכע איז אגב געשריבן געוואָרן אינעם יאָר 1930) — אַ טיפע בענקשאַפט. דאָס איז נישט קיין בענקשאַפט צו באַשטימטע ערטער, ווו ס׳איז אַמאָל געווען יידיש לעבן, נאָר אַ בענקשאַפט צו די וויגן מיט די יידישע קינדער, וואָס זענען אויף די ערטער געשטאַנען, צו די וויגן מיט די יידישע קינדער איבער וועלכע יונגע מאַמעס האָבן זיך געבויגן מיט הכנעה פאַרן איצט, מיט בענקשאַפט צום נעכטן און מיט בטחון צום מאָרגן. פון אָט די קינדער פון די וויגן זענען אויפגעוואַקסן גרויסע יידן, וואָס זענען געווען ליכט פאַר די אויגן פון אונדזער פאָלק אין גלות.

ווען כ׳האָב געלייענט די דערציילונגען, וואָס שילדערן די שפּעטער־דיקע צייטן, ווי למשל, „אין וואַרשע״, „ר׳ ישעיהלע פּשעדבאָרזשער״, „עלטער־זיידעס״ און אַנדערע, איז מיר געוואָרן וואַרעם און היימיש. כ׳האָב ווידער דערהערט נעמען, וועלכע כ׳פלעג אַזוי אָפט הערן ביי אונדזערע שבתדיקע טישן. כ׳האָב ווידער דערזען געשטאַלטן, וועלכע כ׳האָב אָפט אין מיין דימיון געזען, ווען מען פלעגט זיי מיר אין די קינדער־יאָרן שילדערן — און איך פלעג זיי אויפנעמען מיט מיין גאַנצער קינדישער תמימות און אמונה. און ווידער באַהערשט דיך אַ געפיל פון זיכערקייט, אַז אין דער וועלט פון קונסט און גייסט — גייט גאָרנישט פאַרלוירן.

„דער פאַל אָפּאַטאָשו״ דאַרף דינען פאַר אַ טייל יידישע טאַלענטירטע שרייבער לאות ולמופת, וואָס באַדייט תורה (וויסן) פאַר עבודה (קונסט). ווען דער טאַלאַנט איז נאָך יונג, ווען ער האָט נאָך, אַזוי צו זאָגן, אַלע ציין, ווען ער האָט נאָך די שאַרפע ראיה, קאָן זיך טאָקע אויסדאַכטן, אַז דער טאַלאַנט אַליין וועט זיך דורך דער וועלט דורכשלאָגן. דעמאָלט דאַכט

זיך אַ סך שרייבער אויס, אַז זיי וועלן מיטן כוח פֿון טאַלאַנט אַליין קאָנען אויסקומען און אַדורכקומען, קומען און זיגן. ס׳איז אָבער גענוג, אַז די ערשטע שאַרפֿקייט אַפֿילו פֿון שטאַרקע טאַלאַנטן זאָל זיך מיט דער צייט אַ ביסל אָפּטעמפּן (און דאָס איז כמעט אַ געזעץ, אַז אַזוי מוז עס געשען) — פֿילן זיך די שרייבער, וואָס האָבן פֿאַר זייער טאַלאַנט נישט צוגעגרייט באַצייטנס קיין גייסטיקע שפּייז, פֿאַרלוירן און פֿאַרלאָזן. אָדער דער קוואַל פֿון זייער שאַפֿונג ווערט פֿאַרשטאָפּט, אָדער נאָך ערגער, זיי הייבן אָן זיך אַליין איבערצוחזרן.

אָפּאַטאָשו האָט זיך נישט פֿאַרלאָזט בלויז אויף זיין טאַלאַנט. ווי אַ גוטער בעל־הבית האָט ער באַצייטנס אָנגעגרייט פֿולע שייערן שפּייז פֿאַר זיין שרייבערישן מאָרגן. ער איז מלא וגדוש. ער דאַרף גאָרנישט אָוועקגעבן פֿונעם נעכטן פֿאַרן היינט, פּונקט ווי ער דאַרף גאָרנישט אָוועקגעבן פֿונעם היינט פֿאַרן נעכטן.

עכט און מיט אַ זיכערער האַנט מאָלט ער דעם שטייגער פֿון די אַמאָליקע חסידיש־גבירישע יידן אין פּוילן, דעם קלימאַט און אַראָמאַט פֿון זייערע שטובן, זייער הילוך, זייער טיש. שטייגער איז נישט בלויז — סטיל, ס׳איז נישט בלויז דער „אופֿן״, נאָר אויך, אין אַ געוויסער מאָס, דער „עצם״. ס׳איז נישט בלויז „ווי אַזוי״, נאָר אויך „וואָס״. סטיל קאָן אויפֿגעהאַלטן און איבערגעגעבן ווערן פֿאַר די צוקונפֿטיקע דורות מיט וויסנשאַפֿטלעכע מיטלען (דורך דער קונסט־און קולטור־געשיכטע), שטייגער קאָן אויפֿגעהאַלטן און איבערגעגעבן ווערן נאָר מיט קינסטלערישע מיטלען, ווייל שטייגער איז נישט בלויז סטיל, נאָר אויך די דינאַמיק פֿון סטיל, און דאָס דינאַמישע קאָן נאָר דורך דער קונסט פֿאַרפּיקסירט ווערן.

אַזעלכע דערציילונגען ווי „די שלאַכט אויף מוראַנאָוו״ און אַנדערע פֿון דער צייט פֿון אומקום און ווידערשטאַנד, רופֿן ווידער אַרויס די אַלטע פֿראַגע, צי דאַרף מען היסטאָרישע פּערספּעקטיוו, צי דאַרף אָפּלויפֿן אַ געוויסע צייט, ביז וואַנען מען זאָל קאָנען אַ גרויסע געשעעניש פֿאַרפּיקסירן קינסטלעריש? לדידי — דאַרף מען נישט קיין היסטאָרישע פּערספּעקטיוו, וואָס מען דאַרף אין אַזאַ פֿאַל יאָ, איז היסטאָרישער אמת. דער איינציקער דייטשער טאַנק, וואָס איז אינעם ערשטן טאָג פֿון וואַרשעווער אויפֿשטאַנד אונטערגעצונדן געוואָרן דורך אונדזערע אויפֿשטענדלער, זאָגט אַ סך מער וועגן דער העלדישקייט פֿון די לעצטע, ווי די דריי טאַנקן, וואָס ווערן אין

אָפּאַטאָשוס דערציילונג אויפגעריסן אינעם צוואַנציקסטן (!) טאָג פון אויפשטאַנד. אין די פאַלן דאַרף מען שטענדיק געדענקן דעם כלל: „כל המוסיף גורע".

קאָן זיין, אַז אין יאָר 1943, ווען די דערציילונגען זענען געשריבן געוואָרן, האָט מען אפשר אַזוי געזען דעם וואַרשעווער יידישן אויפשטאַנד, אָבער אין יאָר 1951, ווען די „יידן־לעגענדע" איז דערשינען, האָט מען דאָס דורכויס באַדאַרפט קאָרעגירן.

אָבער דאָס זענען אַלץ באַוואָרענישן וועלכע מען קאָן האָבן נאָר בנוגע אַזאַ שרייבער ווי אָפּאַטאָשו.

די שפּראַך פון אָפּאַטאָשוס דערציילונגען — איז ריין יידיש. נישט יידישיסטיש, נאָר יידיש, כ'וואָלט געזאָגט, יידיש־יידיש. אין איר זענען פאַראַן אַלע פאַרבן און אַלע קלאַנגען פון דעם יידיש, וואָס מען האָט געהערט אין חדר, ווען דער רבי האָט וואָרט ביי וואָרט פאַרטייטשט דעם העברעישן טעקסט. אָפּאַטאָשוס יידיש איז פול, עכט און ווייט פון יעדער מין שפּראַך־עקוויליבריסטיק. זיינע לאָקאַליזמען זענען פאַרביק און באַ־חנט. איר האָט ביי אים אויך דאָס חסידישע יידיש, די וווּנדערלעכע סימ־ביאָזע פון העברעיש און יידיש, מיט אַלע קנייטשן און מיט דער גאַנצער אָרנאַמענטיק פון דעם מין אויסגעזוכטן שפּראַכגאַס. פּונקט ווי שטייגער איז ביי אים נישט בלויז סטיל, אַזוי איז ביי אים שפּראַך נישט בלויז אויס־דרוק, נאָר אויך איינדרוק, ער נעמט באַלד אויף אַלע סטימולן צוזאַמען מיט זייער שפּראַך.

די לעגענדע וועגן פּוילישן ייד געהער נישט צו מאַרטשין קוויאַטעק (דעם העלד פון דער דערציילונג „יידן־לעגענדע"), ס'איז נישט די לע־גענדע, וועלכע ס'דערציילט מאַרטשין קוויאַטעק זיינע צוהערער, די פיר נישט־יידישע יינגלעך, אַז אַמאָל זענען געווען אין פּוילן יידן און היינט זענען זיי נישטאָ. ס'איז די לעגענדע, וועלכע אָפּאַטאָשו שפּינט אין צענד־ליקער זיינע דערציילונגען און ראָמאַנען. ס'איז אַ טייל פון דער לעגענדע, וועלכע אָפּאַטאָשו האָט אָנגעהויבן מיט רבי עקיבא (כאָטש אָנגעהויבן האָט ער מיט גאָר עפּעס אַנדערש) און זי דערפירט ביזן היינטיקן טאָג און וועלכע יידישע וואָרטקינסטלער וועלן שפּינען עד סוף כל הדורות.

(„די גאָלדענע קייט", נומער 14, 1952)

# יוסף אָפּאַטאָשו — דער פּוילישער ייד

(צו זיין פּריצייטיקן טויט)

## א

„כ׳בין אַ פּוילישער ייד, און ווי אַ ייד — „אַ וועלטייד״, האָט געשריבן נישט לאַנג פאַר זיין טויט יוסף אָפּאַטאָשו (זע „די גאָלדענע קייט״, נומ. 20, „דער וועג פון מיין שאַפן״).

וועלטייד — איז גורל, פּוילישער ייד — איז בחירה. כאָטש אין פלוג זעט עס אויס צו זיין פאַרקערט. ס׳קאָן זיך אויסדאַכטן, אַז דאָס לאַנד אין וועלכן דער ייד ווערט געבוירן, דאָס איז דאָס לאַנד פון זיין גורל, און דאָס לאַנד, אין וועלכן ער האָט אויסגעוואַנדערט — איז דאָס לאַנד פון זיין בחירה. ס׳איז אָבער נישט אַזוי. נישט דאָס לאַנד וווהין דער ייד וואַנדערט אויס ווערט דאָס לאַנד פון זיין בחירה, נייערט דאָס לאַנד, וואָס ער נעמט אין זיין אויסוואַנדערונג מיט זיך מיט, בכדי ס׳זאָל מיט אים מיטגיין און זיין מיט אים כסדר און אומעטום.

ווי אַ קינסטלער האָט יוסף אָפּאַטאָשו געהאַט די מעלה פון רבי אליעזר בן הורקנוס, ער איז געווען ווי אַ „בור סיד שאינו מאבד טיפה״. נישט דערפאַר איז ער געווען, און איז געבליבן און וועט פאַרבלייבן ווי אַ פּוילישער ייד, ווייל ער איז געבוירן געוואָרן אין פּוילן, נישט דערפאַר ווייל ער האָט אָנגעשריבן „אין פּוילישע וועלדער״, צי „יאָר 1863״, צי „ווען פּוילן איז געפאַלן״ א״אַ ווערק, נאָר דערפאַר איז ער געווען און וועט פאַרבלייבן ווי אַ פּוילישער ייד, ווייל ער האָט זיין גאַנץ לעבן געהאַט פולע אויגן מיט פּוילן. מען דאַרף געדענקען און מען דאַרף עס אָננעמען ווי אַ געזעץ, אַז דאָס וואָס ס׳זענען (לויט פּרוידן) די איבערלעבענישן פון די פריסטע קינדעריאָרן פאַר דער פּסיכיק פון דעם שפּעטער דערוואַקסענעם מענטש, דאָס זענען (אַפילו נישט לויט פּרוידן) די איינדרוקן, די בילדער און די אי־

בערלעבונגען פון די קינדער־ און יוגנט־יאָרן פונעם קינסטלער פאַר זיינע שפּעטערדיקע, רייפע, קינסטלערישע שאַפונגען. ווען אַ קינסטלער זאָל קאָנען אויפשרייבן אַלץ, וואָס ער האָט געזען און איבערגעלעבט בלויז אין די ערשטע, לאָמיר זאָגן, פינף יאָר פון זיין לעבן, וואָלט עס געווען נישט נאָר דאָס סאַמע אינטערעסאַנטסטע (און פון אַ געוויסן קוקווינקל אפשר דאָס סאַמע וויכטיקסטע) ווערק, נאָר אויך אין פאַרנעם וואָלט עס געווען דאָס סאַמע גרעסטע פון די ווערק, וואָס זענען עד היום אויף דער וועלט פאַראַן.

דער קינסטלער האָט נישט אויסצופירן קיין שליחות. קיין שום שליחות, אַפילו נישט קיין קינסטלערישע. ער איז צו אינדיווידואַליסטיש ער זאָל אָננעמען שליחותן, זאָלן זיי אַפילו קומען פון דער העכסטער אינסטאַנץ, אַפילו פון גאָט אַליין, אַפילו פון גאָט פון דער קונסט. דער קינסטלער האָט נאָר צו רעאַליזירן בענקשאַפטן. זיין אייגנטלעך לעבן לעבט ער ערשט דעמאָלט, ווען ער רעאַליזירט די בענקשאַפטן. דאָס הייסט: ווען ער שאַפט. זיין פּאַקטיש לעבן, דאָס וואָס מיר רופן געוויינטלעך אַ לעבן, איז נאָר אַ צוגרייטונג, אָדער א פּרוזדור, ווי די חז״ל וואָלטן געזאָגט, צו זיין קינסט־לעריש לעבן, ס׳איז אַ צוגרייטונג צו זיין עולם־הבא, צו זיין קינסטלערישן עולם־הבא, וואָס ער לעבט אויס אויף דער וועלט, און בלייבט נאָך אים, אויב ער איז אַן אמתער קינסטלער ווען ער איז שוין אויף דער וועלט נישטאָ.

אַפּאַטאָשו האָט קינסטלעריש געוואַלדיק אינטענסיוו געלעבט. ער האָט געלעבט אויף אַ שטח פון הונדערטער און פון טויזנטער יאָרן. ער האָט נישט איבערגעלעבט, נאָר ממש געלעבט. ער האָט נישט מיטגעלעבט מיט זיינע העלדן, נאָר אויסגעלעבט זיינע העלדנס לעבן. ווען מען לייענט ביי אים אַזאַ, צי אַן ענלעכע דערציילונג ווי, למשל, „אַ שבת נאָכמיטאָג״ (פון בוך „יידן־לעגענדע״), זעט מען בפירוש ווי געשטאַלטן פון גרויסע האָלענדי־שע מייסטערס גייען אַראָפּ פון זייערע בילדער, בכדי טאָפּלט צו לעבן, צו לעבן מיט בילד און מיט וואָרט. ס׳איז דאָרט נישט פאַראַן קיין איין איבעריקע באַוועגונג און קיין איין איבעריקער קלאַנג. ס׳איז שאַנקייט פאר וועלכער און פון וועלכער מען שטוינט אַזש.

מען טאָר, חלילה, נישט איבערטרייבן. איבערטרייבונג — איז פאַר־

שוועכונג. נישט אַלע מאָל און נישט אומעטום איז ער דערגאַנגען צו אַזאַ קינסטלערישער מדרגה. פֿאַראַן אין זיינע דערציילונגען געשעענישן, וועלכע ער האָט נאָר און מער נישט ווי איבערגעלעבט, פֿאַראַן ביי אים העלדן, מיט וועלכע ער האָט נאָר און מער נישט ווי מיטגעלעבט, צי אפֿשר נישט מער ווי פּרובירט איבערלעבן, פּרובירט מיטלעבן. דווקא אין די זיינע זאַכן, וואָס זענען שוין אַ ביסל אָוועקגערוקט אין דער צייט און ער האָט זיי שוין געזען פֿון דער פּערספּעקטיוו פֿון געשיכטע, דווקא אין די זיינע זאַכן איז ער דערגאַנגען צו קינסטלערישער פּערפֿעקציע. זיין באַדערפֿעניש און דראַנג אויסצולעבן זיינע העלדנס לעבן האָט אים געבראַכט דערצו, אַז דווקא די העלדן, וועלכע די צייט האָט שוין פֿון אונדז דערווייטערט, פֿאַרווישט זייערע שטריכן און אפֿשר אויך עפּעס אין זיי באַשעדיקט, דווקא די העלדן, וועלכע ער האָט באַדאַרפֿט אויפֿלעבן און אויסלעבן, דווקא זיי האָט ער גע־מאָלט און געשילדערט שטאַרק און קינסטלעריש גאַנץ. כאָטש פֿאַר קיין אַקסיאָם, פֿאַרשטייט זיך, קאָן דאָס אויבן געזאָגטע נישט אָנגיין, ווי ס׳גילטן בכלל נישט קיין אַקסיאָמען אין דער קונסט.

ב

„כ׳בין אַ פּוילישער ייד, און ווי אַ ייד — אַ וועלטייד". לאָמיר זיך גוט פֿאַרטראַכטן איבער די ווערטער „און ווי אַ ייד — אַ וועלטייד". איז דען פֿאַראַן אַ סתם־ייד? שוין דער ערשטער עברי האָט דערפֿאַר אַזוי געהייסן, ווייל זיינע עלטערן האָבן געשטאַמט פֿון עבר־הנהר. דערנאָך זענען געווען יידן פֿון כנען, יידן פֿון מצרים, דערנאָך יידן פֿון מדבר און אַזוי ווייטער און ביזקל דעם היינטיקן טאָג, און אַזוי וועט דאָס זיין עד סוף כל הדורות. אַפֿילו איצט אין ישראל זענען נישט פֿאַראַן קיין סתם־יידן, ווי אין פֿראַנק־רייך, למשל, זענען פֿאַראַן סתם־פֿראַנצויזן. מיט די ווערטער „כ׳בין אַ פּוילישער ייד, און ווי אַ ייד — אַ וועלטייד" האָט אָפּאַטאָשו געוואָלט זאָגן, אַז מען קאָן ווערן אַן אַמעריקאַנער, צי אַן אַפֿריקאַנער ייד און זיין אַ וועלטייד, אָבער אַז מען איז אַ פּוילישער ייד, איז מען נאָר און דורכויס אַ פּוילישער ייד. אָט אין דעם איז געלעגן די בכורה פֿון פּוילישן יידנטום אי־

בער אַלע אַנדערע יידישע עדות אין דער וועלט. אָט אין דער עקסקלוזיווו־קייט פונעם פוילישן ייד איז געלעגן זיין עצם, זיין מהות.[1]

מיט זיין אוועקפאָרן קיין אַמעריקע האָט זיך אָפּאַטאָשו נאָך מער דער־נענטערט צו פוילן (כאָטש געמיינט האָט ער, אַז ער וועט פון פוילן, פון פוילישער יידישקייט אַנטלויפן). אויך זיין ווילן זיך צו באַפרייען פון „באָרד־און פאות־יידישקייט", איז נישט געווען קיין גייסטיקער ווילן, נאָר אַ ריין־בעלעטריסטישער ווילן, ווייל בכדי דאָס קינסטלערישע אויג פונעם קינס־טלער זאָל רוען אויף געוויסע בילדער, מענטשן, געשעענישן, מוז דאָס גע־וויינטלעכע אויג פונעם קינסטלער רוען אויף אַנדערע בילדער, אַנדערע מענטשן, אויף אַן אַנדערן לעבנס־שטייגער, אַנדערע פּייזאַזשן אאַ״וו. ווען אַ קינסטלער באַשרייבט אַפילו דירעקט זיין סביבה, אין וועלכער ער לעבט איצטיק, הווהדיק, כאָטש דאָס טרעפט זיך גענוג זעלטן, מוז ער זיך אויך אויף אַ צייט אויפהייבן איבער זיין סביבה, אָדער זיך אראָפּלאָזן אונטער זיין סביבה.[2]

אָפּאַטאָשו האָט אָנגעשריבן זיין „אַ ראָמאַן פון אַ פערד־גנב", „אויף יע־נער זייט בריק", „ציגיינער" און צענדליקער אַנדערע זאַכן, להיפוך צו זיינע אייגענע און פרעמדע טעאָריעס וועגן דעם, נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט זיינע העלדן געקענט, ווייל ער האָט זיי געזען, ווייל ער האָט זיי געפילט, ווייל זיי האָבן אַ מאָל געמאַכט אויף אים אַ גרויסן רושם און זיך אין אים איינגעגעסן.[3] כ׳גלייב נישט, אַז עס איז פאַראַן אַ קינסטלערישער „מוז".

[1] זע Abraham Joshua Heschel: The Earth is the Lord's. דאָס אַלץ וואָס רעדט זיך דאָרט וועגן מזרח־אייראָפּעישן אשכנזישן ייד, איז הונדערט־פּראָ־צענטיק חל אויפן פוילישן ייד.

[2] ב. ריווקינס „כמו־טעאָריע"־געדאַנק (זע: ב. ר י ו ו ק י ן, יוסף אָפּאַטאָשוס גאַנג) — איז אַ חריפותדיקע המצאה, אַ שאַרפער איינפאַל. אָבער ווי יעדער טעאָ־ריע, וואָס אַנטשטייט אַ פּאָסטעריאָרי, האָט זי דעם (צי די) וועמען דער דאָזיקער שאַרפזיניקער קריטיקער האָט זי צוגעשריבן — נישט דורכויס געמוזט פאַרפליכטן.

[3] די טעאָריע אַז אָפּאַטאָשוס אייבערוועלט־מענטשן און אונטערוועלט־מענטשן האָבן באַקומען ביי אים אַ קינסטלערישן תיקון אַ דאַנק דער טאָפּעלער ירושהדיקייט וואָס אָפּאַטאָשו אַליין האָט געטראָגן אין זיך (פון טאַטנס צד — אַ גייסטיקע, פון דער מאַמעס — אַן ערדישע), לאָזט זיך היינט אין ליכט פון דער מאָדערנער פּסי־כאָלאָגיע, צי פיזיאָלאָגיע, צי פּסיכאָ־סאָמאַטיק — לייכט אָפּפרעגן. (די דאָזיקע טעאָריע איז צום שאַרפסטן געקומען צום אויסדרוק אינעם בוך פון י. פריילין. זע: י. פ ר י י ל י ך, אָפּאַטאָשוס שאַפונגס־וועג).

נישט פאַראַן קיין שום כוח אין דער וועלט, וואָס זאָל קאָנען אַ קינסטלער נייטן צו שאַפן, אויב ער וויל דאָס נישט. פּונקט ווי ס׳איז נישט פאַראַן אין דער וועלט קיין שום כוח, וואָס זאָל קאָנען נייטן אַ מענטש ער זאָל לעבן, אויב דער מענטש וויל דאָס נישט (כאָטש דאָס נישט וועלן לעבן איז בלי־ספק אַ פּאַטאָלאָגישע דערשיינונג, ווי דאָס נישט וועלן שאַפן איז אַ קינסט־לעריש־פּאַטאָלאָגישע דערשיינונג). אָבער ווען דער מענטש וויל לעבן מאָרגן, מוז ער אויך וועלן לעבן היינט. אַזוי איז אויך מיט אַ קינסטלער. ווען ער וויל שאַפן היינט מוז ער אויך שאַפן דאָס, וואָס ער האָט געזען נעכטן, דאָס, וואָס ער האָט איבערגעלעבט נעכטן, דאָס וואָס ער האָט אַדורכגעטראַכט און אַדורכגעפיבערט נעכטן, כאָטש דער וועג און די ריי לויט וועלכער די אָדער אַנדערע איבערלעבונגען און קינסטלערישע דערפאַרונגען קומען אַרויף אויף פון קינסטלערס אויבערבאַוווסטזיין — איז אַלע מאָל אַן אַנדערער. דער וועג האָט זיך זיינע נישט אויפגעשריבענע, נישט פאַרצייכנטע אין ערגעץ אומגעזעצלעכע געזעצן, ווייל דער „אין מוקדם ומאוחר" איז פּונקט אַזוי חל אויף דער קונסט ווי ער איז חל אויף דער תורה.

אָפּאַטאָשו איז געווען געוואַלדיק אָנגעלאָדן מיט קינסטלערישן שטאָף. נישט באַלאָדן, נאָר אָנגעלאָדן. ער האָט נישט גענומען אויף זיך קיין שריי־בערישע עולן, נאָר זיין קינסטלערישן עול געטראָגן אין זיך. ער איז געווען אַ „מושבע ועומד" זינט מען האָט מיט שרייבן אָנגעהויבן צו קאָנען באַשאַפן קונסט. ער האָט זיינע העלדן, ווען ער האָט זיי אין דער וועלט געשיקט, נישט באַלאָדן, ווי די קעמלען, ווי דאָס טוען די פאַלשע פּראָזאַיקער, (אַזעל־כע זענען אויך פאַראַן, נישט נאָר פאַלשע פּאָעטן). פאַרקערט, ער האָט זיי אין זייער וועג מיטגעגעבן נאָר דאָס סאַמע נייטיקסטע, און דערפאַר האָט זיין, דעם קינסטלערס, וועג און דער וועג פון זיינע העלדן געקאָנט זיין און געווען אַ ווייטער. ער האָט אין זיין פּראָזע מקיים געווען דעם פּאָעטישן צמצום הלשון, און נישט בלויז צמצום הלשון האָט ער מקיים געווען, נאָר אויך צמצום הבילד, צמצום הסיטואַציע און צמצום אין דער אַקציע.

אָפּאַטאָשו אַליין האָט שטאַרק געהאַלטן פון זיינע קורצע דערציילונגען. אין אַ בריוו צום מחבר פון די דאָזיקע שורות שרייבט ער בזו הלשון: „איך האַלט, אַז דער באַנד „מי און פורעם" — קורצע דערציילונגען — איז דער

וויכטיקסטער. אין „מי און פורעם" האָב איך אַ רוק געטאָן די קליינע דער־ציילונג פונעם אויסגעטראָטענעם שליאַך, געוויזן אַז אַ דערציילונג דאַרף זיין אַ סעגמענט־לעבן, וואָס הייבט זיך אָן פון אַ מיטן, האָט נישט קיין אָנהייב, האָט נישט קיין סוף, ווי אַ סעגמענט פון אַ קרייז. לעבן שטראָמט, שטעלט זיך נישט אָפּ, האָט עס נישט קיין אָנהייב, קיין סוף".

פאַרשטייט זיך, אַז דער מחבר אַליין, ווי גרויס קינסטלער ער זאָל נישט זיין, ווי ווייט מבין ער זאָל נישט זיין, איז נישט שטענדיק דער בעס־טער מבין אויף זיינע אייגענע ווערק, איז נישט אַלע מאָל דער געלונגענסטער טעאָרעטיקער פון זיין אייגענעם שאַפונגסוועג. אָבער אַפילו אָן דעם, מוז מען זאָגן, אַז ס'איז פאַראַן אין די דאָזיקע זיינע קורצע דערציילונגען אַזאַ קינסטלערישע פינעזיע, אַזאַ טרעפלעכקייט פון בילד, אַזאַ אויסגערעכנט־קייט אינעם קורצסטן שטריך אַפילו, וואָס צווינגט דעם לייענער, און אַוודאי און אַוודאי דעם קריטיקער, מודה צו זיין, אַז נישט געקוקט אויף אַזעלכע צי אַנדערע הנחות, וועלכע מען קאָן אָננעמען אָדער אָפּוואַרפן, איז דער שרייבער אין דעם פאַל קינסטלעריש גערעכט. גערעכט מיט דער ספּע־ציעלער מאָס פון קינסטלערישער גערעכטיקייט. און דאָס איז אין שרייבע־רישן פּראָצעס דער עיקר. אָט זענען צוויי ציטאַטן פונעם בוך „מי און פורעם":

„רעכטס — דער האָדסאָן. לינקס — לאָנקעס, טייכן און געדיכטע שטיקער וואַלד, און אין דער מיט — פינקלדיקע רעלסן. די רעלסן זענען געלעגן אויף שפּאַלן, און איבער די שפּאַלן האָט געשפּאַנט אַ פּאַרשוין, וואָס איז געווען ברייטער ווי העכער. קיין פּעקל, קיין שטעקן, קיין היטל. די געלבלעכע האָר, וואָס זענען שוין לאַנג נישט געווען געשוירן, האָבן זיך געקרייזלט אַרום די אויערן, ווי איבערגעוואַקסן גראָז אַרום שוואָמען". („קאַרפּן").

אָדער:

„ביים אָפענעם פענצטער איז געזעסן גליקל און האָט געזייגט אַ קינד. איין ברוסט, נישט קיין גרויסע, אַ ליכטיקע, פאַררייטלט פון קינדס פינגער־לעך, איז געלעגן אין די שוואַרצע זיידענע פאַלדן פונעם קלייד. שטיקער זון זענען געפאַלן אויפן קינדס רויטע, צונויפגעצויגענע ליפעלעך, האָבן געצונדן די מילכטראָפּנס, וואָס זענען געשטאַנען אין די מוילווינקלען.

ברוסט, קינד, מאַמע — דער צייטיקער נאָכמיטאָג האָט געשווילן מיט זאַפֿ־טיקע ריחות („ווערים").

די שרײַבערישע חכמה (און אַ שרײַבער, דער עיקר אַ פּראָזאַיקער, מוז זײַן קלוג) באַשטייט נישט אין אָנהויבן אין דער דערציילונג פּרטים. דאָס צונויפֿזאַמלען אַ סך פּרטים אין דער באַשרײַבונג פֿון אַ געשעעניש, צי אין דער צייכענונג פֿון העלד — איז אַ נאַרישקייט. ס׳איז אַ נאַרישקייט אַ צעשטערערישע. אָנשטאָט בולט אונטערצושטרײַכן די אייגנשאַפֿן פֿון העלד, די ליניע פֿון דער צייכענונג, אָנשטאָט צו ווײַזן דעם קווערשניט פֿונעם פּאַרלויף — פֿאַרנעפּלט עס; אָנשטאָט אויפֿדעקן — פֿאַרדעקט עס; אָנ־שטאָט ווײַזן — באַהאַלט עס; אָנשטאָט קלאָר מאַכן — פֿאַרטונקלט עס. אָפֿט מאָל איז אַזאַ שרײַבערײַ נישט מער, ווי צו פֿאַרדעקן דעם שרײַבערס אינעווייניקסטע אויסגעהוילטקייט. אָפֿט מאָל איז עס נישט מער, ווי נאָר בכדי צו אימפּאָנירן מיט כמות. אָבער מען דאַרף געדענקען, אַז אין די פֿאַלן גייט דער כמות קיין מאָל נישט איבער אין איכות. גיכער פֿאַרקערט, דער כמות שאָדנט דאָ דעם איכות.

אין אַ בריוו, וואָס טשעכאָוו האָט אַ מאָל (דעם 3טן סעפּטעמבער 1899) געשריבן צו מאַקסים גאָרקי, זאָגט זיך אַזוי: „בײַ אײַך איז פֿאַראַן צו פֿיל באַצייכענונגען, אַזוי, אַז די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון לייענער קלײַבט זיך שווער אין זיי פֿונאַנדער און ער ווערט מיד. ווען איך שרײַב: „אַ מענטש האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן גראָז" — איז דאָס פֿאַרשטענדלעך, ווײַל ס׳איז קלאָר און פֿאַרנעמט נישט לאַנג די אויפֿמערקזאַמקייט. פֿאַרקערט, נישט באַקוועם צו פֿאַרשטיין און שווער צו באַנעמען וועט זײַן, ווען איך שרײַב: „אַ מענטש פֿון מיטעלן וווקס, א שמאָל־ברוסטיקער, מיט אַ געל־רויט בערדל האָט זיך צוגעזעצט אויף דעם גרינעם אַ ביסל שוין אויסגעטראָטענעם גראָז. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט שטיל, נישט דרייסט און זיך דערשראָקן אַרומגעקוקט". דאָס אַלץ לייגט זיך נישט באַלד אויפֿן שכל, און בעלעטריסטיק מוז זיך תיכף, אין איין רגע, לייגן אויפֿן שכל".

ווען מען פֿאַרגלײַכט הײַנט דעם דאָזיקן באַשיידענעם, נאַיוון כמעט בײַשפּיל פֿון טשעכאָוון מיט דער באַשרײַבערישער עקוויליבריסטיק פֿון געוויסע הײַנטיקע אויפֿגעבלאָזענע פּראָזאַיקער בײַ אונדז, זעט מען ווי ווײַט ס׳גרייכט שוין די געפֿאַר פֿון דעגענעראַציע אין אונדזער בערך יונ־גער פּראָזע.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר מיינען נישט אין דעם פאַל די שרייבערישע פילפּלאכיקייט, די דראַמאַטישע שטייגערונג פון באַשריבענעם, אָדער די גענויע באַשרייבערישקייט געוויזן קווערשניטיק, דאָס וואָס מיר האָבן, למ־של, (אין פאל א. מ. פוקס) באַצייכנט ווי סורנאַטוראַליזם. מיר מיינען די איינפּלאַכיקע באַשרייבערישקייט, דעם פּסעוודאָ־פּסיכאָלאָגיזם, נישט דאָס אויסקלייבן די פאַרשידענע פרטים — נאָר דאָס צוקלייבן די פרטים, נישט דאָס אויסטאָן דעם העלד, נאָר דאָס אָנטאָן דעם העלד, דאָס מכלומרשטע באַצירן אים מיט פּסעוודאָ־קינסטלערישע טראַנטעס. מיר מיינען נישט דאָס אויסטראַכטן סיטואַציעס און געשעענישן, נאָר דאָס צוטראַכטן, דאָס צו־טראַכטן געדאַנקען, סיטואַציעס און איבערלעבענישן, וועלכע דער מענטש האָט קיין מאָל נישט געטראַכט, קיין מאָל נישט איבערגעלעבט, נישט גע־לעבט און אויך נישט געשטאָרבן אַזוי ווי דער מחבר וויל.

ווי ווייט מען דאַרף מיט צוטראַכטן זיין אָפּגעהיט, קאָן מען זען פון דעם פאַל מיט אָפּאַטאָשון גופא. אין זיין „ווען פוילן איז געפאַלן" זענען פאַ־ראַן אַ ריי דערציילונגען, אין וועלכע געוויסע געשעענישן, צי האַנדלונ־גען, זענען געוואָרן צוגעטראַכט, ווייל ס'האָט קיינער דעמאָלט, ווען די דערציילונגען זענען געשריבן געוואָרן (1940—1943), נישט געהאַט קיין גענויע ידיעות וועגן דעם, וואָס איז אין פוילן מיט די יידן געשען. זענען די דאָזיקע עטלעכע דערציילונגען נישט נאָר טעמאַטיש נישט ריכטיק, נאָר זיי זענען אויך (און אפשר במילא) פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט נישט פולווערטיק. די בעסטע און אמתדיקסטע מאַלעריי איז שטענדיק נאָר די, וואָס ווערט געמאָלט פון דער נאַטור.

דאָס וואָס איז אויבן געזאָגט וועגן צמצום און קאַרגשאַפט פון באַ־שרייבערישקייט, באַציט זיך נישט נאָר צו דער קורצער דערציילונג, נאָר אויך צו גרויסע דערציילונגען און צו ראָמאַנען. דער אופן, דער יסודותדי־קער אופן, פון שרייבן פּראָזע איז אין אַלע זשאַנערן דער זעלבער. דער ראָ־מאַן גיט נאָר ברייטערע מעגלעכקייטן אויף אַריינצופירן מער העלדן. אַ דאַנק דעם וואָס דער צייט־שטח איז דאָרט אַ פאַרברייטערטער, גיט עס אַ מעגלעכקייט צו פאַרלענגערן די אַקציע, אָבער מער גאָרנישט. אויף אַ צווייט אָרט האָבן מיר ביי אַן אַנדער געלעגנהייט געזאָגט, אַז אַ דערציילונג איז אויך אַ ראָמאַן, ס'איז די זעלבע סומע, נאָר געגעבן אין אַ הויכער, פול־ווערטיקער, גאָלדענער מטבע.

יוסף אָפּאַטאָשו איז נישט נאָר געווען אַ ייד אַ תלמיד־חכם, נאָר אויך אַ שרייבער אַ חכם. ער האָט פאַרמאָגט די גרויסע חכמה צו אָפּערירן מיטן קינסטלערישן מאַטעריאַל. ער האָט געוווּסט דעם סוד פון אַ שרייבערישער טעמע. ער האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי מען דאַרף זי „נעמען". ער איז געווען שרייבעריש קאַרג מיט דער קאַרגשאַפט פון אַ קינסטלערישן גביר. ער האָט זעלטן געגעבן צו פיל. גיכער האָט ער נישט דערגעבן. ער האָט אָבער געוווּסט, אַז דאָס נישט־דערגעבענע וועט ביי אים נישט פאַרפאַלן ווערן. ער האָט געוווּסט, אַז פון דעם נישט־דערגעבענעם וועט אַרויסקומען „נאָך".

זיין געדאַנק וועגן סעגמענט דאַרף נישט פאַרשטאַנען ווערן ווי אַ טעאָריע, ווי אַ געזעץ, נאָר גיכער ווי אַ תשוקה, ווי אַ ווילן, ווי אַ גלוסטונג. זיין גאַנצע שעפערישקייט איז דאָס פילן און דאָס אַרויספילן דעם „מיטן" די תשוקה צו זיין אין דער מיט, אין מיטן קרייז, אין מיטן ראָד, וואָס פאַרבינדט, פלעכט דור מיט דור.

לאָמיר זיך אויף אַ פּאָר רגעס פאַרטראַכטן, וואָס איז דאָס אַזוינס די קינסטלערישע פּראָזע, וואָס איז דאָס אַזוינס די בעלעטריסטיק בכלל? צו וואָס שרייבט מען זי? נאָך וואָס דאַרף מען זי? פאַר וואָס וויל מען זי אַזוי לייענען?

יעדער מענטש וויל לעבן מיט געשיכטע, אַפילו מיט דער סאַמע קירצסטער, אַפילו בלויז מיט דער געשיכטע פונעם נעכטיקן טאָג, טאַקע ממש פון נעכטיקן טאָג. אָן געשיכטע פילט זיך דער מענטש פאַרלוירן און מוראדיק איינזאַם. דער גאָר פרימיטיוועד מענטש, וואָס ווייסט נישט פון קיין געשיכטע, לעבט דורך און דורך, נאָר און דורכויס מיט אַטאַוויזמען. נאָר דער מענטש, וואָס קאָן לעבן מיט געשיכטע, נאָר ער קאָן זיך באַפרייען פון אַטאַוויזמען. אָבער טרוקענע געשיכטע, געבויט אויף היסטאָריאָגראַפיע, איז פאַר דעם מענטש צו ווייניק. ער דאַרף דעם אָטעם פון דער געשיכטע. דער מענטש דאַרף קאָנען מיטעטעמען מיט דעם וואָס איז געווען נעכטן, צי מיט טויזנט יאָר צוריק. און דעם אָטעם פון דער געשיכטע קאָן נאָר געבן דער קינסטלער. ווייל דער שרייבער־קינסטלער גיט נישט נאָר דאָס, וואָס איז געוועזן, ער גיט נישט נאָר דאָס, ווי אַזוי ס'איז געוועזן, נאָר ער גיט עס אַזוי, ווי ס'וואָלט איצט געוועזן, ער גיט די אַמאָליקע צייטן זיין אָטעם, און

זײַן אָטעם איז שטענדיק דער אָטעם פון היינט, מעג די שילדערונג זײַן ווי אָביעקטיוו און ווי היסטאָריש געניי.[4]

אָפּאַטאָשו האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן חוש פֿאַר געשיכטע. די גרעסטע טייל פון זײַן שאַפן איז געשיכטע. און געשיכטע איז אַחוץ אַלעם גורל, און צו שילדערן דעם גורל נישט נאָר פון פאָלק, נאָר אַפילו פון דעם איינצלנעם מענטש — איז דער גורל פון יעדן אמתן קינסטלער.

## ג

יוסף אָפּאַטאָשו האָט אין אָנהייב געשריבן נאָר דאָס, וואָס ער האָט געקענט, נאָר דאָס וואָס ער אַליין האָט געזען, דערפֿאַר איז ער געבענטשט געוואָרן פון דער קינסטלערישער השגחה צו קאָנען שרייבן אויך דאָס, וואָס ער האָט נאָר געהערט. אויך דאָס וואָס ער האָט זיך נאָר פאָרגעשטעלט, אויך דאָס וואָס ער האָט נאָר פאָרויסגעפילט.

דעם דאָזיקן ווונדערלעכן קינסטלערישן פּראָצעס האָט ער מיט גרויס מייסטערשאַפט באַשריבן אויף איינעם פון די זייטלעך פון „אין פוילישע וועלדער", ווען מרדכי — אָפּאַטאָשו ריכט אָפּ חצות: „מרדכין האָט אַזאַ בענקעניש אַרומגענומען נאָך אַ מענטש, אַז ער וואָלט זיך יעדן איינעם געוואָרפן אין די אָרעמס און זיך פאַר אים מתוודה געווען. ער איז מיט אַ מאָל צוגעגאַנגען צום קאָכל־אויוון, האָט אַרויסגענומען אַש, זיך געשיט אויפן אָרט, ווו מען לייגט דעם של־ראש, זיך אָוועקגעזעצט אויף דער ערד ביי

[4] דער עקסטרעם יידיש־רעליגיעזער מענטש, וואָס האָט געלעבט נאָר מיט געשיכטע און אין גאַנצן פאַרניינט, אָפּגעוואָנדן און אָפּגעוואָרפן יעדן קינסטלערישן אויסדרוק אירן הן אין בילד און הן אַפילו אין וואָרט — האָט זיין אָטעם אַריינגעטראָגן און אַריינגעהויכט אין דער מסורה, אין נוסח און אין סטיל. דערפֿאַר ווייל ער האָט נאָר און דורכויס מיט די קולטור־עלעמענטן געלעבט, האָט ער מורא געהאַט פון זיי אָוועקצוגיין אַפילו אויף אַ קוצו של יוד. די דאָזיקע מורא, ווי יעדע מורא, האָט געהאַט (און האָט עד היום) עפּעס אין זיך פון פרימיטיווין אַטאַוויזם. פון דער צווייטער זייט אָבער, ווייל דער דאָזיקער צוגאַנג צו געשיכטע איז געגאַנגען ביי אים האַנט ביי האַנט מיט אַ הויכן אינטעלעקטואַליזם, האָט דאָס אָפּט מאָל געגעבן די ווונדערלעכע קאָמבינאַציע פון אַ שאַרף עמאָציאָנעלן אינטעלעקטואַליזם (ווי מיר האָבן דאָס געהאַט, למשל, אין בראַסלאַווער, צי אין קאָצקער חסידות).

דער טיר און אָן ווערטער האָט זיך פון אים געריסן דער זעלבער וויינענ־דיקער ניגון, וואָס ער האָט יינגלווייז געהערט פון זיין זיידן, ווען יענער האָט אָפּגעריכט חצות. ער האָט זיך נישט געפרעגט צו וואָס ער טוט עס, זיך נישט געחידושט, וואָס ער, מרדכי, דאַוונט שוין חדשים נישט, און מיט אַ מאָל האָט ער זיך גענומען אָפּריכטן חצות. עס האָט זיך אים געוואָלט וויינען און, אָפּגיסנדיק זיך מיט טרערן, האָט ער זיך אַפילו נישט געפרעגט פון וואַנען ער קען תיקוני־זוהר אויף אויסווייניק און געהאַט ס׳געפיל פון איינעם, וואָס זאָגט אין חלום אַ בלאַט גמרא, וואָס ער האָט קיין מאָל נישט געלערנט, רעדט אויף אַ שפּראַך, וואָס ער האָט קיין מאָל נישט געהערט. און וואָס לענגער מרדכי האָט געזאָגט תיקוני־זוהר, אַלץ שטאַרקער האָט ער געוויינט, געוויינט פון חדווה, וואָס זיין האַרץ רייניקט זיך, געצאַפּלט פון פרייד, דערפילט אַ שייכות צו די שטערן, וואָס האָבן אַריינגעפינקלט פון אומבאַקאַנטע וועלטן, איז די פרייד געוואָרן אַזוי גרויס, געקוואָלן פון יעדן אבר, האָט זיך איבערגעגאָסן, און די ליפּן האָבן געטריפט:

— אַלע זענען גערעכט, אַלע! ר׳ מענדעלע, ר׳ איטשע, דער באָר־װעסער ישראל! אַלע זענען גערעכט, אַלע! דניאל, דושקה, טעמרע! אַלע, אַלע — פעליציע, קאַמאַראָווסקי, קאַהאַנע... אַלע, אַ־לע — — —״.

ווען אָפּאַטאָשו האָט זיך אַלס קינסטלער־שרייבער געגרונדפעסטיקט, ווען ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפן רעאַליסטישן יסוד פון דעם דורך איס גוט געזעענעם, ווען ער האָט דערפילט אין זיך די קינסטלערישע געזעצ־מאָסיקייט, האָט ער פלוצלונג דערפילט אין זיך דעם כוח צו זען אויך ד׳אָס נישט־געזעענע. ער האָט פלוצלונג אָנגעהויבן מאָלן בילדער, העלדן, סיטו־אַציעס, וועלכע ער האָט קיין מאָל נישט געזען. און ווען ער איז דערגאַנגען צו דער דאָזיקער מדרגה, איז אים באַפאַלן אַ גרויסע פרייד, און זיין שע־פערישקייט האָט געקוואָלן פון אַלע מקורות, פון אַלטן און פון נאָך עלטערן עבר. און ער האָט דערזען, אַז אַלע זענען גערעכט, אַלע העלדן, וועלכע ער האָט באַשאַפן, זענען גערעכט, דאָס הייסט — זיי זענען באַרעכטיקט, זיי האָבן זייער קינסטלערישן זכות־הקיום. מען דאַרף שוין נישט פרעגן פון וואַנען ער קען זיי, ס׳איז גענוג ווען ער האָט זיי בלויז גע־זען אין זיין שרייבערישן חלום. מיר זעען, אַז אַלע זענען גערעכט, אַלע זע־נען באַרעכטיקט. „ס׳איז גערעכט ר׳ איטשע, ס׳איז גערעכט דער באָרוועֿ־

סער ישראל״, און לאָמיר צוגעבן פון זיך: ס׳איז גערעכט און באַרעכטיקט קיווקע גנב, ס׳איז גערעכט דער פערד־גנב זאַנוול, ס׳איז גערעכט רחל, ס׳איז גערעכט שמשון פון זיין פון יענער זייט בריק, אַלע זענען גערעכט און אַלע זענען באַרעכטיקט, אַלע, אַלע!

אָפּאַטאָשו האָט געהאַט אין זיך די רחבות פון אַ פּוילישן ייד. די רחבות פון דעם פּוילישן ייד איז נישט דווקא אַ פּועל־יוצא פון האָבן, פון פאַר־מאָגן, פון שפע, נאָר אַ מאָל אויך פון נישט־האָבן. ס׳זענען אין דער גאַנצער וועלט זיכער נישט געווען אַזעלכע רחבותדיקע אָרעמע־לייט, ווי אַזאַ רחבות־דיקע אָרעמקייט, נישט אביונישקייט נאָר אָרעמקייט, ווי אין פּוילן (כאָטש דאָס קלינגט ווי אַ פּאַראַדאָקס). ס׳איז נישט נאָר געווען אַ רחבות פון באַ־שטעטיקן, נאָר אויך אַ גרויסע רחבות פון מבטל זיין. קיין שום חסידות האָט נישט געקאָנט אַזוי מבטל זיין ווי דאָס פּוילישע, מבטל זיין פון גאַנצן האַרצן. חב״ד האָט נישט געקאָנט אַזוי מבטל זיין ווי קאָצק, כאָטש זיי האָבן גע־האַלטן, אַז ס׳איז מעגלעך ביטול היש במציאות, אָבער ביי זיי איז עס געווען מער אַן ענין פון מוח ווי פון האַרץ.

וואָס פאַר אַ רחבותדיקן וועג (כאָטש גאַרנישט אַזאַ ווייטער אין דער צייט) האָט אָפּאַטאָשו דורכגעמאַכט פון זאַנוולען פון „אַ ראָמאַן פון אַ פערד־גנב״ ביז ר׳ יאָסל שטראַל פון „אין פּוילישע וועלדער״. און דאָך? און דאָך איז פאַראַן עפּעס בשותפותדיקס אין זייער גורל. איינער איז אַ קרבן פון זיין יוגנט און דער צווייטער — פון זיין עלטער, איינער איז אַ קרבן פון צו פיל כוח, דער צווייטער — פון ווייניק כוח, איינער האָט זיך נישט געקאָנט אַרויספּלאָנטערן פון זיך און פון זיין סביבה צוליב זיין פאַרגרעבטקייט און עם־הארצות, דער צווייטער האָט זיך נישט געקאָנט פונאַנדערפּלאָנטערן צו־ליב זיין געלערנטקייט, בקיאות און חקירות, אין וועלכע ער האָט סוף־כל־סוף אויך קיין טאָלק נישט געפונען. און דער גורל זייערער איז נאָך מער בשותפותדיק דורך דעם, וואָס ביידע האָבן נישט דערגרייכט צו דעם, וואָס זייערע הערצער האָבן געגלוסט.

ווען מען רעדט וועגן רחבות, טאָר מען נישט פאַרגעסן אין דער ריי־כער און פאַרביקער לאַנדשאַפט, וואָס פּוילן האָט פאַרמאָגט. דאָס דאָזיקע לאַנד פון צענטראַל־איירָאָפּע האָט געהאַט אין זיך עפּעס פון אַלע שיינ־קייטן און רייכקייטן, וואָס ס׳האָבן פאַרמאָגט סיי מזרח־ און סיי מערב־

איירָאָפּע. אָפּאַטאָשו, וואָס האָט געהאַט די פּעיקייט אַריינצוזאַפּן אין זיך אַלע ריחות, אָנצוזעטיקן זיך מיט אַלע פאַרבן, אויפצונעמען אַלע שאָרכן פון אַלץ, וואָס האָט מיט דער נאַטור און אין דער נאַטור געלעבט, האָט גע־נאָסן מיט אַלע זיינע פאַרשפּיצטע חושים פון די אַלע שיינקייטן, וואָס פוילן האָט פאַרמאָגט. מיר ווילט זיך עפּעס נישט גלייבן, אַז אָפּאַטאָשו האָט גע־נאָסן פון אַמעריקאַנער רחבות, גיכער וואָלט איך געזאָגט, אַז די פוילישע רחבות מיטן אַמעריקאַנער ריטעם, זיי ביידע האָבן געשאַפן די גוטע סימ־ביאָזע פאַר דער ברייטער און פאַרצווייגטער שעפערישקייט זיינער.

ד

יוסף אָפּאַטאָשו איז געווען אַ פוילישער ייד. נישט נאָר אַ פוילישער, נאָר אַ מלאַווער ייד, כאָטש געבוירן איז ער אין סטופּסקער וואַלד. און וואָס הייסט זיין אַ מלאַווער ייד ווייס נאָר דער, וואָס האָט גוט געקענט פוילן, גע־קענט מלאַווע, און געקענט מלאווער יידן. צווישן די מלאַווער יידן זענען געווען פּאָסעסאָרס, אַרענדאַרן, פּאַכטער, פערדהענדלער און פערד־גנבים, מולכער, גייערס איבער דער גרענעץ (איבער דער פּרייסישער), פישערס און סאַדאָווניקעס. אָבער אַפילו אַ מלאַווער שטיבלייד, אַ ייד וואָס, דאַכט זיך, ער איז שוין אין גאַנצן אויסגעטאָן פון עולם־הזה, אַפילו אַזאַ ייד, אַז ער האָט געבענטשט אין פּסח טל, צי אין סוכות גשם, האָט ער מיט אַלע חושים געזען און געפילט אַז טל איז טאַקע ראָסע און גשם איז אַ רעגן. עפּעס אַ חושימדיקייט איז אויפגעגאַנגען פון און אין די דאָזיקע יידן. דער סוד פון אָפּאַטאָשוס ערצעטיזם ליגט אָט אין דער מלאַווער חושימדיקייט. דער עראָטיזם זיינער, וואָס אָט ברענט ער ווי אין די „פלאַמען" און אָט איז ער אַזוי דין און סובטעל, ווי אין „ס'איז ביים וועג".

אָפּאַטאָשו וואָלט געווען זייער אַ גוטע קאַנווע, צי מעדיום פאַר אַ לי־טעראַרישער שטודיע אין נוסח פון היפּאָליט טען. די סביבה האָט געשפּילט אַ ריזנראָל און זיין שאַפונגס־פּראָצעס. און נישט בלויז די סביבה פון מענ־טשן, נאָר אויך די לאַנדשאַפט, די ערד, אירע געוויקסן און בעלי־חי. אַן איינגעפונדעוועטע יוסטע באַלעבאַטישקייט האָט זיך געפילט אין דער גאַנ־צער פירונג פון אַ מלאַווער ייד. זיין איינגעזעסנקייט און אַלטגעזעסנקייט

האָט זיך געפילט אין זיין הילוך, אין זיינע באַוועגונגען און אַפילו אינעם אופן פון רעדן.

אָט אַזאַ מלאָווער יוסטער בעל־הבית איז אַפּאַטאָשו געווען און פאַר־בליבן ביזן סוף פון זיינע טעג אין זיין ליטעראַרישן באַרוף. ער האָט גע־זאַמלט וויסן, ער האָט געזאַמלט פאַקטן, ער האָט געזאַמלט געשעענישן, פאַרלויפונגען, רמזים בלויז; ער האָט געזאַמלט שפּראַך, ווערטער און אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו זיין שרייבערישער באַרופנקייט. אַלץ וואָס ער האָט געזאַמלט און צונויפגעזאַמלט און איבערגעשמאָלצן אין קינסטלע־ריש פאַרפיקסירטע קלענערע צי גרעסערע גאַנצקייטן, האָט ער געהאַלטן פאַר זיינס, פאַר זיין רכוש, פאַר זיין קנין. ער איז אין יידישקייט, אין יידיש און אין דער יידישער ליטעראַטור געווען אַ בעל־הבית, אַ שיינער, אַ רחבות־דיקער און אַ בכבודיקער בעל־הבית. איז אים געפעלן געוואָרן אַ וואָרט, האָט ער עס איבערגעחזרט, איז אים געפעלן געוואָרן אַ באַצייכענונג, האָט ער זי אָפט גענוצט, איז אים געפעלן געוואָרן אַ בילד, האָט ער עס געקאָנט נוצן אין עטלעכע דערציילונגען זיינע. ער האָט עס נישט געטאָן מחמת קאַרגשאַפט, צי ווייל ס׳האָט אים אויסגעפעלט אַן אַנדער בילד, ניין. ער האָט עס גע־טאָן מחמת באַלעבאַטישן זעלבסטבאַוווסטזיין: ס׳איז זיינס און ער מעג דערמיט טאָן וואָס ער וויל. ער האָט געוווּסט און געפילט, אַז אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו אים האָט אַ שייכות צו דער יידישער ליטעראַטור און פאַרקערט; דערפאַר האָט ער צונויפגעזאַמלט, ווי אַ גוטער בעל־הבית, אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו אים און במילא צו דער יידישער ליטעראַטור און קיין מאָל נישט מורא געהאַט, אַז מען וועט אים חושד זיין אין קליינלעכ־קייט.

דאָס געפיל פון זיכערקייט, פון איינגעפונדעוועטקייט אין דער יידישער ליטעראַטור און אין דעם יידישן לשון האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט אין אים דעם אינסטינקט פון אַ בעל־הבית, דעריבער איז דעם יידישן שרייבער מיט אַפּאַטאָשון, ווען ער האָט געלעבט, געווען אַזוי גוט, אַזוי גוט זיכער.

ער האָט געגלויבט אין וואָרט, אין געשריבענעם וואָרט, אין יידישן וואָרט און אין העברעישן וואָרט. ער האָט געגלויבט אין ספר ווי אין גאָט (אפשר האָט ער שוין צו פיל געגלויבט אין ספר, אין בוך). ער, וואָס אין זיין קינסטלערישן שאַפן האָט ער זיך אויסגעהיטן, מיט רעכט פון אַ קינס־

טלער, פון פּאַטאָס, האָט דווקא אין זיינע עסייען וועגן „יידיש און יידישקייט“ אָנגעשלאָגן אין פּאַטאָס. אין פּאַטאָס פון יידישן זיין. אָבער זאָגן מוז מען, אַז אין איין זאַץ פון „אַ טאָג אין רעגענסבורג“, צי פון „פונדקא רטיבתא“, צי פון זיין „יידן־לעגענדע“ איז פאַראַן מער באַגרינדונג פון יידיש און אַפילו פון יידישקייט. ווי אין אַ גאַנץ בלעטל פון זיינע עסייען וועגן „יידיש און יידישקייט“.

דאָס איז דערפאַר ווייל ער איז געווען אַ געשוואוירענער בעלעטריסט, פון דער סאַמער בעסטער ראַסע בעלעטריסטן. אין מאָלן, אין באַשרייבן איז געלעגן זיין כוח. און עס דאַרף נישט קיין באַגרינדונג דאָס, וואָס איז במילא מיט זיין עקזיסטענץ, מיטן כוח פון זיין, הונדערט־פּראָצענטיק באַגרינדעט. קינסטלערישער אמת, ווי יעדער אמת, דאַרף נישט קיין טעאָרעטישע באַגרינדונג, ווייל אמת איז אַליין דער טיפסטער גרונט און די העכסטע באַגרינדונג.

## ה

מיט זיינע אין פוילישע וועלדער האָט אָפּאַטאָשו, דער פוילישער ייד, געהאַט געעפנט אין דער יידישער ליטעראַטור אַ פענצטער אויף אייראָפּע. אויב נישט אויף מערב־אייראָפּע, איז יעדנפאַלס אויף צענטראַל־אייראָפּע. צווישן דעם מערב־אייראָפּעישן התבוללות און מזרח־אייראָפּעישן התבודדות האָט באַדאַרפט קומען עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל נישט זיין נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס צווייטע, נאָר אפשר גאָר ביידע צוזאַמען.

דאָס ווערק איז אַחוץ אַלעם געווען זייער אַן אָנגענעמע און צוזאָגנדיקע פּאָזיציע אין דער יידישער ליטעראַטור. ס'איז געווען אָנגענעם דערפאַר, ווייל עס האָט געוויזן נישט נאָר די פאַרבינדונג פונעם ייד מיט דער פוילישער ערד, נאָר אויך געפּרוווט געפינען צווישן די צוויי פעלקער (יידן און פּאָליאַקן) מער ווי אַן ערדישע פאַרבינדונג. עפּעס אַ גורל־פאַרבינדונג. כ'ווייס נישט, ווען אַזאַ מין ליטעראַטור וואָלט זיך ביי אונדז אַנטוויקלט, אויף וויפל דאָס וואָלט פאַרלייכטערט אונדזער ביטערע מערכה אויף דער פוילישער ערד. אָבער עפּעס גראָד דעמאָלט האָט זיך געוואָלט אַנטלויפן

נישט נאָר פון אַנטיסעמיטיזם, נאָר אויך פונעם אַנטי־גויִיזם (וואָס איז אויך נישט קיין קליינע מכה).

און ווייל אָפּאַטאָשו האָט גענומען פאַר זיין ראָמאַן אַזאַ אויסגעזוכטע קאַנווע, ווייל ער האָט גענומען די צוויי עקסטרעם־גייסטיקע דערשיינונ־גען אינעם לעבן פוןביידע פעלקער (חסידיזם און מעסיאַניזם), האָט דאָס ווערק געהאַט אין זיך כּוח און שאַנסן אויף ווייטערדיקער אַנטוויקלונג.

מיט אַ סך ענטוזיאַזם האָט דעמאָלט אָפּאַטאָשו גערעדט וועגן דער צו־קונפט פון יידישן ראָמאַן. ער האָט געזאָגט, דאַכט זיך, צו אַ פאָרשטייער פון דער פּוילישער פּרעסע, אַז בקרוב וועט אַ יידישער שרייבער אַ שליי־דער טאָן דער וועלט אַ יידיש פּראָזאַיִש ווערק, וואָס וועט צווינגען מען זאָל זיך אויף דעם אָפּשטעלן. מען האָט געוואַרט, מען האָט זיך נישט דערוואַרט.

ווען אָפּאַטאָשו האָט געשריבן „אין פּוילישע וועלדער" — איז ער נאָך געווען אַ שטיקל משכיל. ער איז נאָך דעמאָלט געווען דאָס, פון וואָס ער האָט זיך שפּעטער לגמרי אָפּגעשאָקלט (זע: יוסף אָפּאַטאָשו „יידיש און יידישקייט", זייט 30). פאַרשטייט זיך, אַז ר' מענדל קאָצקער איז נישט גע־ווען קיין האַרמאָנישע פּערזענלעכקייט, אָבער אָפּאַטאָשו האָט אפילו פון אים געוואָלט מאַכן אַ משכיל. און ווייל אָפּאַטאָשו אַליין איז נאָך דעמאָלט געווען נישט פריי פון משכּיליזם, האָט ער בשעתו נישט גענוג אונטער־געשטראָכן, אַז דעגענערירט איז אפשר געוואָרן נאָר דער צדיקיזם, אָבער נישט דער חסידיזם. חסידיזם איז התלהבות, ברען, פייער, און פייער קאָן שוואַכער ווערן, אַפילו זיך לגמרי אויסלעשן, אָבער קיין מאָל זיך נישט דעגענערירן.

און דערפאַר ווייל ער האָט דאָס נישט גענוג אונטערגעשטראָכן (אפשר ווייל ער איז נאָך דעמאָלט געווען צו יונג) — איז דערמעגלעכט געוואָרן דאָס דערשיינען פון אַ ריי ווערק (נישט זיינע), וואָס אַנשטאָט צו באַלויכטן האָבן זיי גענומען דיסקרעדיטירן.

אָפּאַטאָשו אַליין האָט עס שפּעטער גוט פאַרשטאַנען. זיין קינסטלע־רישע געזעצמאַסיקייט האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז אין שייכות מיטן היסטאָרישן ראָמאַן דאַרף ער עפּעס מתקן זיין. נישט בחינם האָט ער גע־נומען פאַר זיין העלד די האַרמאָנישע געשטאַלט פון ר' עקיבא, נישט בחי־נם האָט ער אַזוי אַרויסגעהויבן דאָס יידישקייט פון דעם פאַרפרעמדטן בר־כוכבא.

אין אַ בריוו צו מיר (פון 27סטן יולי 1954) האָט ער מיר געשריבן „בר־כוכבא מיינער איז אין אַ מזלדיקער שעה אַוועק צום דרוקער. לאָמיר האָפן, אַז ער וועט דערשיינען נאָוועמבער־דעצעמבער". איך האָב אים דעמאָלט געשיקט מיין מזל־טוב. ווייל „הכל תלוי במזל, אַפילו ספר־תורה שבהיכל" (זהר, נשא קלד). — און ווער שמועסט נאָך אַ בוך.

דאָס מאָל האָט דאָס בוך געהאַט מער מזל פאַרן מחבר...

*

אין „מלאַווער דערציילונגען", דאָס לעצטע בוך, וואָס איז אַרויס ביי אָפּאַטאָשוס לעבן, גייען אַריין דערציילונגען וואָס זענען געשריבן געוואָרן אויף אַ שטח פון צוויי און פערציק יאָר (1910—1952). אַלע האָבן זיי אַ שייכות צו מלאַווע און אומגעגנט. און וואָס פאַר אַ פאַרשידנקייט פון העלדן, וואָס פאַר אַ פאַרשידנאַרטיקייט פון לעבנס־שטייגער! ווער ס'מיינט, אַז אַ שטייגער איז נאָר אַ פאָן, אויף וועלכן ס'דאַרף זיך פונאַנדערשפּילן דער גורל פון העלד (צי העלדן), — דער מאַכט אַ טעות. שטייגער — דאָס איז דער גורל גופא. דער לעבנס־שטייגער מאַכט דאָך דאָס, אַז די אָדער אַנדערע האַנדלונג פון העלד, אָדער פון עמעצן פון זיין סביבה, זאָל אין די באַשטימטע לעבנס־תנאים ווערן גורלדיק פאַרן העלד. אָן שטייגער קאָן דער בעסטער צי דער ערגסטער גורל זיין נישט מער ווי אַ גוטער אָדער אַ בייזער צופאַל; און צופאַל, אַפילו דער סאַמע אינטערעסאַנטסטער, איז קיין מאָל נישט קיין ענין פאַר קיין קינסטלער.

אָפּאַטאָשו איז איינער פון די סאַמע פּאָפּולערסטע שרייבער ביי אונדז יידן. ער איז פּאָפּולער צוליב זיין פּויליש־יידישקייט. ער איז פּאָפּולער, ווייל יעדער פּוילישער ייד האָט זיך ביי אים זיין אָרט, יעדער פּוילישער ייד קאָן זיך ביי אים, אין זיינע שאַפונגען, געפינען. די אַמאָליקע יידיש־פּוילישע אינטעליגענץ האָט ער גענומען מיטן אַרטיזם פון זיין „אין פּוילישע וועלדער", מיטן אַרטיזם און מיט דער פּויליש־יידישער טעמאַטיק. כאָטש זאָגן מוז מען, אַז דער טרויער, וואָס איז אויפגעגאַנגען אין מרדכין ווען ער, מרדכי, וואָס האָט גענומען אויף זיך די שמיץ וואָס אַ פּויער האָט גע־דאַרפט באַקומען, האָט געזען, ווי נאָך זיין רעדע (אייגנטלעך — פּריידיק) צו די פּויערים, האָבן זיך די לעצטע אויפגעהויבן און געגאַנגען הענגען

דעם... יידישן שענקער, דעם אײדעלן דוד, דעם מחבר פון אַ נייער געאָ־מעטריע, אָט דער טרויער איז אויך נאָכגעגאַנגען יעדן יידיש־פּוילישן אינטעליגענט, ווען ער האָט בשעתו געלייענט „אין פּוילישע וועלדער". דער טרויער איז, ליידער, נישט געווען קיין נישט־באַרעכטיקטער.

אָפּאַטאָשו איז פּאָפּולער דערפֿאַר, ווייל ער האָט געקאָנט געבן יעדן מענטש אויך אין זיין טאָג־טעגלעכקייט. ער איז דער אויסגעצייכנטער שרייבער פון דעם „יום־טוב אינדערוואָכן". זיין כוח ליגט אין זיין כוח. ער האָט געהאַט אַ חוש פאַר גבורה, און פאַר יידישער גבורה דערצו. קיווקע גנב קומט אום, ווייל ער האָט איינגעשטעלט זיין לעבן פאַר אַ ייד.

אָפּאַטאָשו, וואָס איז געווען אַ תלמיד־חכם און געהאַט וועלטלעכע ביל־דונג, איז געווען ווייט פון אינטעליגענטיזם. ער איז געווען זינלעך. דערי־בער קומען די מענטשלעכע שוואַכקייטן ביי אים אַרויס שטאַרק. ער קאָן אַ מאָל זיין אין כעס אויף זיינעם אַ העלד, אָבער פיינט האָט ער אים קיין מאָל נישט. פאַרקערט, מען זעט און מען פילט, אַז ער האָט אַלע זיינע העלדן — און זיי ציילן זיך אין גאַנצע לעגיאָנען — ליב. ער האָט זיי ליב, ווייל זיי זענען אַלע אנשי אמת. זיי קאָנען זיין גנבים — אָבער נישט קיין ליגנער. זיי קאָנען זיין אַפילו דעגענערירט — אָבער קיין באַוווסטזיניקע ליגנער זענען זיי נישט. עס טרעפט זיך ביי אים, אַז איינער פון זיינע העלדן נאַרט אָפּ, אָבער דאָס טרעפט זיך זייער זעלטן, און דאָס איז כמעט קיין מאָל נישט דער הויפּטהעלד („מאָריס און זיין זון פיליפּ"). זיינע העלדן, דער עיקר די פשוטע, זענען נישט קיין ליגנער, ווייל זיי אַלע גייען נאָך דער שטים פון זייער האַרץ.

זיין חסידיש־נגידישער שטייגער האָט טויזנט טעמים. אָבער אַפילו דער פּראָסטער עם־הארץ קאָן אין זיין תמימותדיקייט האָבן ביי אים אַזוי פיל חן, אַז מען ווערט גערירט און מיטגעריסן מיט דעם עם־הארצס פאַר־לוירנקייט. נעמט פאַר אַ משל אַזאַ דערציילונג ווי „תיקון חצות" („מלאָווער דערציילונגען").

הומאָר איז ביי אָפּאַטאָשון נישט געווען עפּעס וואָס איז ספּעציעל, כפּעציפיש. אין זיין שרייבערישער לאַבאָראַטאָריע וועט איר דאָס ווי אַ באַזונדערן עלעמענט נישט געפינען. ס'איז ביי אים נישט קיין אַטריבוט, און אַפילו נישט אַלע מאָל אַ כאַראַקטער־שטריך. כאָטש איר טרעפט ביי אים

פון צייט צו צייט אַ הומאָריסטישע סיטואַציע, ווי למשל אין דער אויבן דערמאָנטער דערציילונג „תיקון חצות״. דער ענין איז דאָרט אַזאַ:

ביי שמחה באַלעגאָלע, וואָס איז געווען אַ ייד מיט געלט, האָבן די פערד אָנגעהויבן אויספגרן, צי מען האָט זיי אים אָפּגעסמט. דאָס טרייבט אים ביינאַכט פון בעט, לאָזט אים נישט רוען, ער גייט איבער די מלאָווער גאַסן און דערזעט ווי ביים רב לייכט זיך. ער זעט ווי דער רב זיצט און האַלט אין איין האַנט אַ ליכט, אין דער צווייטער אַ ספֿרל און זאָגט עפּעס מיט אַ וויינענדיקן ניגון. ער כאַפּט זיך אַריין אין בית־דין־שטוב און פרעגט אַ דערשראָקענער:

— וואָס איז, מלאָווער רב? — האָט דער באַלעגאָלע אַ הייב געטאָן די בייטש. — דער מלאָווער רב זיצט שבעה? נאָך וועמען?

— ניין, שמחה, — האָט דער רב באַרויִקט דעם באַלעגאָלע. — כ׳ריכט אָפּ חצות, כ׳ריכט אָפּ „תיקון חצות״.

— וואָס איז חצות? — האָט שמחה אַ צעפּיר געטאָן מיט די הענט.

— ס׳בית־המקדש איז חרוב געוואָרן, די שכינה איז אין גלות, — האָט דער רב געזאָגט מיטן זעלבן וויינענדיקן ניגון — דאַרפֿן יידן זאָגן קינות, דאַרפֿן וויינען און שרייען.

— וואַי, וואַי איז מיר, — האָט שמחה זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט די הענט פאַרן קאָפּ — ס׳בית־המקדש איז חרוב געוואָרן! וואַי איז מיר!

דער באַלעגאָלע האָט זיך אַזוי צעשריגן, ווי ער וואָלט זיך טאַקע איצט ד׳ערוווסט, אַז ס׳בית־המקדש איז חרוב געוואָרן. ער האָט גענומען האַקן מיט די פויסטן אין קאָפּ אַריין: אַז דער מלאָווער רב וויינט, וואָס שווייגט שמחה באַלעגאָלע? און ער האָט נישט געשוויגן. ער האָט גענומען שטויסן מיטן קאָפּ די וואַנט, אַזוי שטויסן, אַז דאָ און דאָרט האָט דער שטערן ביי אים גענומען בלוטיקן.

שמחהס צער, ווען ער זעט, אַז ער גייט חלילה אונטער, זוכט אַן אָפּפלייץ, זוכט ווו אָפּצושווימען, און אָט „דערוויסט״ ער זיך פון רב, אַז ירושלים און דער בית־המקדש איז חרוב. אָט זעט ער ווי דער מלאָווער רב זיצט און וויינט. און ביי שמחהן מישט זיך אויס זיין צער מיטן צער פון חורבן בית־המקדש, און ער שרייט: „אַז ס׳שיטן זיך פורעניות אויף אונדז יידן... ס׳בית־המקדש איז חרוב... גאָט האָט געשיקט אַ קללה אויף מיין הויז... אין צוויי

וואָכן זענען ביי מיר געפֿאַלן צוויי פערד, און די בעסטע... גאָט וויל מיך מאַכן אויס קאַפּעלוש־מאַכער... איז מיר שלעכט, מלאָוועך רב... ס׳ווילט זיך שרייען און וויינען... ס׳בית־המקדש איז חרוב, שמחה באַלעגאָלע איז געבליבן מיטן בייטשל, אויס עושר, אויס מחותן מיט גאָט...״

דאָס איז פֿון דעם בעסטן מין הומאָר. ס׳איז קאָמיזם געמישט מיט אויפֿ־ריכטיקן מענטשלעכן צער. אַזעלכע טראַגי־קאָמישע סיטואַציעס טרעפֿן זיך ביי אַפּאַטאָשון. אָבער זיין עיקר־הומאָר ליגט אין לעבנסלוסט פֿון זיינע העלדן, אין זייער כוח און אין זייער חן. זיין הומאָר ליגט אין די העלע פֿארבן פֿון זיין פּייזאַזש, אין דער ליכטיקייט פֿון זיין אַטמאָספֿער. זיין הומאָר ליגט אין כאַראַקטער פֿון זיינע העלדן. איר וועט זעלטן ביי זיי זען מרה־שחורה (ר׳ מענדל קאַצקער פֿון „אין פּוילישע וועלדער״ — דאָס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל), זיי האָבן זעלטן אַ שולדגעפֿיל, ביי זיי איז זעלטן עפּעס פֿאַר־דרענגט. ס׳איז אין זיי דאָ אַ העלער כוח וואָס לייזט אין זיי אַלץ אויף.

כוח און חן זענען געווען צוויי הויפּט־עמודים פֿון זיין שאַפֿן. אַ מאָל זענען דאָס ביי אים קעגנגעזעצטע שטראָמען, וואָס באַקעמפֿן זיך שטי־לערהייט, און אַ מאָל נישט שטילערהייט. אָבער ווען כוח און חן זענען געגאַנגען ביי אים צוזאַמען — איז אַרויסגעקומען אַזאַ וואונדערלעכער אַמאָל־גאַמאַט, וואָס נאָר ער אַליין האָט געקענט ביי אונדז דעם סוד „ווי אַזוי מען מאַכט דאָס״. עס זענען דעמאָלט ביי אים אַנטשטאַנען אַזעלכע דערציילונ־גען, ווי, למשל, „אַרום דער מיל״, וואָס ער האָט אויפֿגעשריבן אין יאָר 1925 (זע, „מלאָווער דערציילונגען״).

דער חן איז אויך געלעגן אין זיין שפּראַך, אין זיין יידיש לשון. ער האָט געקענט זיינע סודות, ער האָט זיי געקאָנט באַהערשן. ער האָט נישט נאָר געקענט יידיש פֿון זיין שורש אויס, ער איז נישט נאָר מיטגעגאַנגען מיט יידיש אויף אַלע זיינע עטאַפּן (ווי אין „אַ טאָג אין רעגענסבורג״, צי אין „אליהו בחור״), נאָר מיטגעגאַנגען און איינגעהערט זיך אין יידיש אַלע רגעס פֿון זיין שעפּעריש לעבן. ער האָט אַריינגעבראַכט אין יידיש דעם פּוילישן עלעמענט, די פּוילישע פֿאַריידישטע ווערטער. ער האָט זיי געהיט, די לאָ־קאַליזמען, ווי ער האָט געהיט אַלץ, וואָס איז געקומען פֿון זיין יידיש־פּוילי־שער היים.

ער האָט איבער דער שפּראַך זיינער זיך אַ סך געמיט, שווער געהאָ־

רעוועט, כאָטש ס׳דאַכט זיך אויס, אַז זי איז אים אָנגעקומען לייכט. נישט נאָר איבערן אַלטן יידיש האָט ער געאַרבעט, נאָר אויך איבערן יידיש פון היינטיקן טאָג, איבער דעם יידיש פון זיינע איצטערדיקע דערציילונגען. ווייל צום מיינסטן דאַרף מען האָרעווען איבער אַ שפּראַך, וועלכע זעטביים לייענען אויס, ווי זי וואָלט אַליין פון זיך געקומען.

יוסף אָפּאַטאָשו איז געווען און איז פאַרבליבן אַ פּוילישער ייד. ווי זאָגט דאָס דער עני מרוד ר׳ איטשע, דער קרוב פון גערער הויף און קרוב פון די פּריוועסעס און בערגסאָנס, דער ר׳ איטשע וואָס האָט פאַרוואַנ־דערט אין ניו־יאָרק און דאָ געוווינט אין גערער שטיבל און געלעבט בערום ובחוסר כל; ווי זאָגט דאָס ר׳ איטשע אין דער דערציילונג „ווען פוילן איז געפאַלן״, אין טאָג ווען וואַרשע איז געפאַלן; ווי זאָגט ער דאָס צו זיינע קרובים, דעם מיליאָנער אוירווינג טריוועס, צום יידישן שרייבער דוד שטראַל און צו זייער קרוב הערשל בערגסאָן, וואָס זאָגט ער ווען זיי זענען געקומען צו אים אין די פינצטערע טעג פון אָנהייב פון דער היטלער־ממשלה איבער פוילן?

אָט וואָס ער זאָגט: „און וואָס מיינט איר איז יידישקייט? אָט דאָס, וואָס אוירווינג טריוועס, דער קעניג פון לאָמפּנשירמעס, האָט נאָך פינף און צוואַנציק יאָר הפקר־לעבן דערפילט אַ ברי. די פּאַלאַצן זענען מיט אַ מאָל ענג געוואָרן, און ער איז געקומען צו זיינס אַ קרוב, וואָס גייט איבער די הייזער, דאָס אַליין איז שוין אַ ניצוץ פון יידישקייט. אָבער בלויז אַ ניצוץ, פון דעם ניצוץ דאַרף ערשט ווערן אַ פייער, וואָס ס׳זאָל וואַרעמען, וואָס זאָל געבן כוחות, מען זאָל דערפילן דעם אמתן יידישן בּרען. אַזוינע פייערן האָבן מיר שטענדיק געהאַט. פּוילישע יידן טראָגן נאָך היינט אין זיך ס׳קאָצקער פייער. איך, דוד און אפילו דו, ישראל, צי, ווי דו רופסט זיך דאָרט, אוירווינג — ווען נישט ס׳קאָצקער פייער וואָלט איר אַלע היינט דאָ נישט געווען״.

די פּוילישע יידן האָבן געטראָגן מיט זיך דאָס פייער פון יידישקייט מעבר לים. יוסף אָפּאַטאָשו איז געווען דער פון זיי, וואָס האָט דאָס יידיש־קייט נישט נאָר געטראָגן, נישט נאָר אונטערגעהאַלטן, נאָר אָנגעטאָן עס אין בלוט און אין פלייש. און דאָס פלייש פון קונסט איז בבחינת בשר קודש...

*

צו וואָס פאַר אַ קינסטלעריש־ליטעראַרישער שול, אָדער ריכטונג האָט איינגנטלעך יוסף אָפּאַטאָשו געהערט?

אַז מען וויל קאָן מען זאָגן, אַז אַחוץ ראָמאַנטיזם איז אין דער קונסט בכלל גאָרנישט בנמצא. דער רעאַליזם פון היינט איז דאָך דער ראָמאַנטיזם פון מאָרגן און דער רעאַליזם פון נעכטן — איז דער ראָמאַנטיזם פון היינט. די קונסט — דאָס איז איין גרויסע בענקשאַפט, די בענקשאַפט צו געשטאַלטיקן. אָט די בענקשאַפט, זי איז דאָס דער ראָמאַנטיזם, אַפילו ווען זי איז רעאַליסטיש געקליידט, צי אַפילו ווען זי איז סימבאָליסטיש פאַר־קליידט.

אָפּאַטאָשו האָט אַמאָל געהערט צו דער גרופּע „יונגע" אין אַמעריקע. ווי די גאַנצע גרופּע האָט ער נישט געוואָלט שרייבן דאָס, וואָס מען „דאַרף", נאָר דאָס וואָס ער האָט געוואָלט, דאָס וואָס ער האָט פאַרמאָגט. שפּעטער האָט ער געהערט בלויז צו זיך און צו זיינע לייענער. ער האָט געהערט צו דער אייביק פאַראַנענער „גרופּע" יונג. ער איז אומעטום און שטענדיק געווען יונג.

ער איז זיין גאַנץ לעבן, זיין גאַנץ באַוווסטזיניק קינסטלעריש לעבן, נאָכגעגאַנגען איין אידעע, איין קינסטלערישער אידעע: אָנפּילן די וועלט, און דער עיקר, די יידישע וועלט, מיט לעבעדיקע געשטאַלטן, אַריינבלאָזן אין די געשטאַלטן זיין אָטעם, פאַרבינדן דורך זיי דעם עבר מיטן הווה, אָנפּילן אַפילו אונדזערע ווייטסטע נעכטנס מיט לעבעדיקן אָטעם, בכדי דער מענטש זאָל נישט זיין איינזאַם אין זיין עבר און נישט מורא האָבן קוקן אין עתיד.

יוסף אָפּאַטאָשו איז געווען ביי אונדז איינער פון די סאַמע יידישסטע שרייבער און איינצייטיק איינער פון די סאַמע אייראָפּעישסטע צי אַל־מענטשלעכע שרייבער. ער איז אַלמענטשלעך דערפאַר, ווייל זיינע אַלע העלדן, אַפילו די סאַמע יידישסטע, זענען העלדן פון בלוט און פון פלייש, אַלע זיינע העלדן געהערן קודם־כל צום בשותפותדיקן מין מענטש, צום מענטש מיט אינסטינקטן און מיט ליידנשאַפטן. אַלע זיי לעבן, רייסן זיך, בענקען צו אַ ברייט, רחבותדיק לעבן. אָט די מענטשן, אָט די יידישע

מענטשן, מיט זייער בענקשאַפט צו לעבן, זיי זענען אַלמענטשלעך, אוני־ווערסאַל.

יוסף אָפּאַטאָשו איז געווען אַ פּוילישער ייד, ווייל ער האָט זיין גאַנץ לעבן געהאַט פולע אויגן מיט פּוילן. און ווען אַפילו פון די פּוילישע יידן איז מער נישט געבליבן ווי אַ „יידן־לעגענדע", איז ער נאָך אַלץ געווען אַ פּוילישער ייד. די קינסטלערישע לעגענדע וועגן פּוילישן ייד — האָט ער אין אַ גאָר גרויסער מאָס געהאָלפן באַשאַפן. ווייל פּוילן איז ביי אים געווען בחירה — איז ער געווען בכוח די לעגענדע צו שאַפן.

ביי זיינע אַכט און זעכציק יאָר איז ער מוראדיק פריצייטיק, טראַגיש פריצייטיק געשטאָרבן. ער איז נאָך אַזוי נישט־צייטיק געווען פאַרן טויט. ער איז נאָך געווען אַזוי צייטיק פאַרן לעבן און אַזוי פריצייטיק פאַרן טויט. ס'האָט זיך אויסגעדאַכט אַז ער, וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט דעם האַרבסט מיט זיין צייטיקייט, דעם האַרבסט וואָס איז אַזוי פול מיט זאַפטן, ער וועט זיך אין זיין אייגענעם האַרבסט נאָך צייטיקן יאָרן און יאָרן.

ער איז אַפילו נישט געשטאָרבן. ער איז געבליבן ליגן טויט. אַזוי בלייבט ליגן אַ געזונטער, ברייטער בוים אין אַ בלענדנדיקן, פראָסטיקן ווינטערטאָג, ווען די זון ברעכט זיך מיט רויט און פיאָלעט אין די שניי־פּריזמעס, ווען דער בוים אַליין איז פול מיט זאַפטן אָנגעגרייטע אויף אַ גאַנצן ווינטער, און פּלוצלונג ווערט ער אונטערגעזעגט. און דער בוים בלייבט ליגן אויפן שניי מיט צעשפּרייטע צווייגן ווי מיט אָפענע אָרעמס און איז טיף פאַרוווּנדערט, אַזוי טויט פאַרוווּנדערט...

(„די גאָלדענע קייט", נומער 21, 1955)

# דוד בערגעלסאָן

(צו דער עליה פון זיין קינסטלערישער נשמה)

1

ער האָט נישט געהאַט קיין הצלחה צו דער וועלט, נישט דעמאָלט ווען ער האָט זי אויפגענומען מיט שטומען פּראָטעסט, און נישט דעמאָלט ווען ער האָט זי אויפגענומען מיט שטורמישן פּראָטעסט, און אַוודאי נישט דעמאָלט ווען ער האָט אַלץ געמוזט באַשטעטיקן און שוין קעגן גאָרנישט נישט געקאָנט פּראָטעסטירן.

ער האָט נישט געהאַט קיין הצלחה נישט צו דער וועלט און נישט צו דער ליטעראַטור, אין וועלכער ער האָט געשאַפן. כאָטש ביידע, סיי די יידישע וועלט און סיי די יידישע ליטעראַטור, האָבן געהאַט הצלחה צו אים. די יידישע ליטעראַטור האָט געוווּנען אין אים אַן ערשטראַנגיקן פּראָזע־מייסטער.

ער האָט, וואָס אַן אמת, שטאַרק אויסגענומען ביים בעסערן לייענער און ביים בעסערן קריטיקער. אָבער קינסטלערישע הצלחה איז ווי פּער־זענלעך גליק. ס'איז אָפּהענגיק פון דער גאַנצקייט, פון דער שלימותדיקייט פון דער אינטימער פאַרבינדונג פונעם שרייבער מיט זיינע העלדן. און דאָס איז בערגעלסאָנען קיין מאָל נישט באַשערט געווען. ער איז אין אָנהייב פון זיין שאַפן מיט זיינע העלדן געווען פאַרבונדן נאָר מיט פעדעם, פעדעם, דינע כחוט השערה, ווייל זיינע העלדן און זייער לעבן זענען געהאָנגען אויף אַ האָר. דערנאָך איז ער מיט זיינע העלדן שוין געווען נאָר פאַר־פלאָנטערט.

ער האָט נישט געהאַט קיין הצלחה צו דער וועלט. יעדער אמתער קינסטלער זעט שטענדיק, ווען ער שרייבט וועגן דעם הווה, זיין וועלט פון זיין סביבה אויס. „מבשרי אחזה". אַנדערש קאָן דאָס גאָרנישט זיין. און בערגעלסאָנס וועלט איז באַלד און פון פאָרויס געווען פאַר אים אַ וועלט פון „נאָך אַלעמען".

ער איז געווען פון די קינסטלערישע קאָנסטיטוציעס, וואָס נאָר און דורכויס שטימונג איז ביי זיי דער אויסגאַנגפּונקט, דער אָנהייב, דער באַפרוכטונגס־פּראָצעס פון זייערע שאַפונגען.

אָט וואָס בערגעלסאָן האָט געשריבן וועגן דעם אין אַ בריוו צו ש. ניגערן (דעם 8 יולי 1910): „שרייבן שרייב איך אַזוי: צום אָנהייב ווערט געבוירן די שטימונג פון דער דערציילונג מיטן הויפּטטיפּ (דער לעצטער כמעט אַלע מאָל נישט אין גאַנצן קלאָר) און ווירקט אַזוי אויף דער נשמה, אַז ס׳איז פּשוט אוממעגלעך איבערצוטראָגן. אַזאַ מאָדנע בענקשאַפט ווערט מיט אָט דער שטימונג געבוירן צו יענעם אייגנאַרטיקן קאָלאָריט פון דער וועלט, וועלכע טראָגט זיך אַרום דעם הויפּטטיפּ און אין דער שטימונג. מיין גאַנצער ציל איז שוין נאָך דעם נאָר אויף אַרויסצוגעבן אָט די שטימונג צוזאַמענגעבונדן מיטן לעבן און מיט די געשעענישן, וועלכע קומען פאָר אַרום אים און (אויב ס׳איז אַזוי מעגלעך צו זאָגן) אין אים״.

און נאָך פריער אין דעם זעלבן בריוו: „יעדע דערציילונג האָט אַ באַזונדערע שטימונג און דערמאָן איך זיך נאָר אין איינער פון זיי, אַזוי באהערשט מיך באַלד איר אָפּגעזונדערטע שטימונג און גיט מיר צו פילן דאָס לעבן אַנדערש, גאָר אַנדערש ווי ס׳גיט מיר צו פילן די שטימונג פון דער צווייטער דערציילונג״ (זע: „זאַמלביכער״ נומער 8). און מען דאַרף דאָס, וואָס בערגעלסאָן האָט אין בריוו געשריבן, פאַרשטיין אָן פּשטלעך, נאָר פּשוטו כמשמעו. נישט איין גרויס מוזיקאַליש ווערק איז געבוירן געוואָרן פון אַ האַלבן טאָן, נישט איין מאָלעריש ווערק איז באַשאַפן געוואָרן פון דער וויזיע פון איין בסך־הכל קאָליר און נישט איין שרייבעריש גרויס ווערק איז געבוירן געוואָרן נאָר פון אַזאַ איין און איינציקער שטימונג.

אַזאַ איז בערגעלסאָן געווען אין זיין שאַפונג־פּראָצעס פון „אַרום וואָקזאַל״ ביז „מידת־הדין״.

נישט געקוקט דערויף וואָס ער איז געווען אַ שרייבער פון אַ באַשטימטער קינסטלערישער קאָנסטיטוציע, איז ער אָבער אויך געווען אַ מענטש פול מיט סתירות. ער איז געווען אַ שטימונג־מענטש און געזוכט אין לעבן אַ תכלית. ער איז געווען דער פאַנגער און דער געפאַנגענער פון שטימונגען — און האָט געזוכט אָנצושפּאַרן זיין וועלטאויסבליק (און איינבליק) אויף אַ פּאַרטיי־פּראָגראַם. ער האָט אויסגעדריקט זיינע ראָמאַנטישע שטי־

מונגען מיט אימפּרעסיאָניסטישע מיטלען — און איז איינצייטיק געווען אויך אַ רעאַליסט. נאָכן „אַרום וואָקזאַל" (אָדער צוגלייך) איז געקומען זיין „דער טויבער", נאָך „נאָך אַלעמען" — „אין אַ פֿאַרגרעבטער שטאָט" און אַזוי ווייטער.

ער איז נישט געווען קיין דעקאַדענט. יעדן פֿאַלס איז ער דאָס נישט געווען אין פּולן זינען פֿון דעם וואָרט. ווייט פֿון פֿראַנצויזישן דעקאַדענטישן נוסח. ער האָט טאַקע געשילדערט יורדים, ער האָט אָבער געשילדערט אויפֿגעקומענע גבירים אויך. ער האָט געשילדערט נישט אַזוי פֿיל די פֿינאַנציעלע ירידה פֿון די סוחרישע יורדים, ווי די טראַדיציאָנעלע און מאָראַלישע ירידה פֿון אויפֿגעקומענעם גביר. וויפֿל סימפּאַטיע דער מחבר זאָל נישט אַרויסווייזן דעם אָפּגעשטויסענעם חתן פֿון די אויפֿגעקומענע גבירים, וועלוול בורנעסן, קאָן ער אָבער נישט אָן עקל אַריבערגיין איבער זיין נידעריקער האַנדלונג, ווען בעתן אָפּנעמען ביים פּריץ די זעקס טויזנט רובל איינגעלייגטן נדן, האָט וועלוול נישט געזאָגט, אַז ער איז נאָר איין צד אין דעם עסק — און נעמט דאָס געלט אין גאַנצן פֿאַר זיך („נאָך אַלעמען").

כאָטש מירעלע הורוויץ האָט זיך געמיאוסט פֿון די יידן, וואָס איר פֿאָטער איז זיי שולדיק געווען געלט און זיי זענען אַרומגעלאָפֿן איבער די שטובן ביי איר מיוחסדיקן און לומדישן טאַטן, ר' גדליהו, און געשריגן „געוואַלד מען ראַבעוועט", איז זי אָבער געווען פֿול מיט רחמנות ווען עס איז צו זיי געקומען „אַ פֿרומער למדנישער און שטאַרק תמעוואַטער יונגערמאַן" און זיצנדיק אַ דערשראָקענער געוואָרט און כסדר איבערגעחזרט „אויף זיין הייזעריק שטילן און גאָר שוואַכן קול: — איז עס, הייסט דאָס, פֿאַרפֿאַלן די געלט, וואָס מיר קומט ביי ר' גדליהו... טאַקע פֿאַרפֿאַלן?..." — און מירעלע האָט נישט אויסגעהאַלטן און גענומען דעם געלזיכטיקן יונגנמאַן טרייסטן: — „ער מעג זיין זיכער: אַלץ וועט זי שוין טאָן, כדי מען זאָל אים זיינע צוויי טויזנט רובל אומקערן". און „זי האָט אים נאָך דעם אַפֿילו אין דרויסן צו זיין פֿור אַרויסבאַגלייט, געזאָרגט דערפֿאַר, וואָס אים וועט זיין קאַלט אין די פֿיס און האָט זיי אים געהאָלפֿן איינדעקן אין דער רעדנע. — — אָט דעם עק רעדנע זאָל ער אונטער זיך אַרונטערנעמען... און דעם פֿוטערנעם קאָלנער זאָל ער זיך נישט שעמען אויפֿצושטעלן.

— — — באַגלייט און אָן זיך מיט איר הונגער לחלוטין פאַרגעסן: — ער האָט אַ באַגריף, ווי אומגליקלעך אָט דער מענטש איז? — האָט זי פאַרקלערטערהייט ליפּקיסן געפרעגט". („נאָך אַלעמען", ז' 48).

און ר' גדליהו הורוויץ אַליין האָט, ווי נאָר ס'האָט זיך פאַרבעסערט זיין מאַטעריעלע מערכה, באַצאָלט זיינע אַלטע חובות ביז איין קאָפּיקע, ער האָט דערביי אַפילו נישט מקפּיד געווען אָפּצונעמען די קוויטלעך, וואָס ער האָט זיינע מלווהס געגעבן.

## 2

אין זיינע ערשטע זאַכן אין „אַרום וואָקזאַל", „נאָך אַלעמען", „אָפּ־גאַנג" און אַנדערע, ביז „מידת הדין", איז בערגעלסאָן אייגנטלעך נישט געווען קיין שילדערער און נישט קיין דערציילער, ער איז געווען אַ צײ־כענער. ער האָט געצייכנט דין אָבער שאַרף. געצייכנט און זיך אונטער־געברומט דערביי אַ ניגון, אַ ניגון מיט אָן אייגענעם טאָן. ער האָט נישט באַשריבן זיינע העלדן אין זייער ירידה, נאָר קודם־כל די ירידה אַליין. נישט די געפאַלנקייט פון זיינע העלדן, נאָר זייער פאַלן, דעם קלאַנג פון זייער פאַלן, די נשמה פון זייער פאַלן, אויב מען קאָן אַזוי זאָגן.

אַז ס'איז בערגעלסאָנען נישט געגאַנגען איבערצוגעבן בלויז די פינאַנ־ציעלע און סאָציאַלע ירידה פון סוחרישן קלאַס, זעט מען בולט אין אַזאַ רעאַליסטישער, למשל דערציילונג ווי „יורדים". אין דער דאָזיקער גלענ־צנדיקער, דורך און דורך אַדורכנעמענדיקער דערציילונג איז דער סאַמע דערשיטערנדיקסטער מאָמענט נישט דאָס ליגן פון דעם בלינד געוואָרענעם יורד, ר' קלמן פּוזיס, און זיין איינהערן זיך אין דעם יאָמערדיקן, יאושדיקן געוויין פון זיין פאַרזעסענער טאָכטער, צביה. ניין. דער סאַמע טראַגיש־סטער מאָמענט אין דער דערציילונג איז דאָס טרעפן זיך פון בלינדן קלמן פּוזיס און זיינע צוויי אַלטע מיידן מיט זייער רייך געוואָרענעם זון און ברודער, שמואל. זיי טרעפן זיך אויף אַ קליינער באַנסטאַציע, אויף וועל־כער דער צוג וואָס פירט דעם רייכן שמואלן קיין אויסלאַנד אויף אַ קור־אָרט, פאַרהאַלט זיך אויף עטלעכע געציילטע רגעס. אין דער דאָזיקער רגעדיקער טרעפונג פון דעם טאַטן, דעם יורד, מיט זיין זון, דעם אויפ־

געקומענעם גביר, אַנטפּלעקט זיך דער תהום פון זייער ביידנס געפאַלנקייט.

אין יענער צייט זעט מען אין בערגעלסאָנס שאַפונגען אַ שטאַרקע השפעה פון טשעכאָוון. דער עיקר (און אפשר דורכויס) פון זיינע דראַמעס. נאָר אויב טשעכאָווס „דריי שוועסטער" האָבן ביי זיך אין שטאָט נאָר געדעמערט און זיך געריסן קיין מאָסקווע, אויב ליובאַ אַנדרייעוונאַ ראַניעווסקאַיאַ פון „קאַרשן־סאָד" האָט געטרוימט און זיך געריסן קיין פּאַריז, האָט שוין סיי מירעלע הורוויץ, סיי די אַקושערקע שאַץ, סיי דער שרייבער הערץ (פון „נאָך אַלעמען"), סיי מלך, סיי חיים משה, סיי יצחק בער (פון „אָפּגאַנג") אויף דעם אַלעם געהאַט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. ווען דער פּראָוויזאָר סאַפּיאַן (אין „נאָך אַלעמען") פרעגט ביי מירע־לען: „פאַר וואָס זאָל זי זיך צום עקזאַמען נישט צוגרייטן און זאָל זיך עפּעס אַן אינטעליגענטע פּראָפעסיע נישט צוקלייבן?" — — ענטפערט אים מירעלע בדרך־משל אַזוי: „אין איינעם אַ ווינטערדיקן פרייטיק צונאַכטס האָט זיך פאַר איר זייער דינסטמיידל געקלאָגט: — — ,ווי וועט זי דאָס אַן יאָדערן איינע אַליין ביז עלף אַזייגער אויסזיצן? משוגע וועט זי זאָך ווערן'". און אין אַ קליין שטיקל צייט אַרום האָט זי שפּאַצירנדיק אין קרייזשטאָט, אונטערגעהערט, ווי אַ קורסיסטין האָט זיך פאַר אַ סטודענט געקלאָגט: „גאָט אירער! זי האָט לחלוטין נישט אין דער היים וואָס צו לעזן, פון זינען וועט זי דאָך דאָרטן איינע אַליין אַראָפּ". — — „איר פאַרשטייט, סאַפּיאַן? איינע און די זעלבע פוסטקייט וויל מען פון זיך מיט יאָדערן און מיט אַ בוך פאַרטרייבן! צי איר פאַרשטייט?".

סאַפּיאַן, דער פּראָוויזאָר, וואָס האָט געאַרבעט ביים אַפּטייקער, דעם גלחס אַן אײדעם, האָט דאָס נישט פאַרשטאַנען, כאָטש ער איז געווען אומגליקלעך פאַרליבט אין דער אַקושערקע שאַץ (און אומגליקלעכע פאַר־שטייען טייל מאָל זייער אַ סך), אָבער בערגעלסאָן און זיינע אינטעליגענטע לייענער האָבן דאָס גוט פאַרשטאַנען. אין דער וועלט, און דער עיקר אין דער יידישער וועלט, זענען דעמאָלט אידעען גיך אויפגעקומען און אידעען זענען גיך אָפּגעפרעגט געוואָרן. אין דעם ווירוואַר, אין דער פאַרקאָכעניש האָבן די אידעען זיך גיך אויסגעשוימט און בערגעלסאָן האָט דערזען זיינע העלדן אויסגעליידיקטע ביזן דנאָ.

זיינע העלדן פון זיין ערשטער שאַפונגס־תקופה זענען ליידיק, אויסגע־

ליידיקט. זיי האָבן זיך געלאָזט פּאַמעלעך אויפעסן פון דער צייט. זיי האָבן געטראַכט, זיי האָבן אַפילו טיף געטראַכט; זיי האָבן געפילט, אַפילו טיף געפילט, אָבער זיי האָבן צו ווייניק געטאָן. זיינע העלדן ליידן פון אַנעמיע פון טאַט (אויב מען קאָן אַזוי זאָגן). אין דעם זענען זיי זייער ענלעך צו געוויסע טשעכאָווס העלדן און צום טייל — צו קנוט האַמסונס העלדן.

דוד בערגעלסאָן האָט זיך אין די ערשטע יאָרן פון זיין שאַפונג גערומגעטראָגן מיט קהלת־שטימונגען, וואָס זענען געווען כאַראַקטעריס־טיש פאַר אַ גרויסן טייל פון דער רוסישער און יידיש־רוסישער אינטעלי־גענץ נאָכן דורכפאַל פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע (פון 1905) ביז איבער דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער „ויוסיף דעת יוסיף מכאוב" האָט אים שטאַרק געמאַטערט. זיין ערשטע גרעסערע זאַך „אַרום וואָקזאַל" איז אַ טראַוועסטאַציע פון אַלטן רעליגיעז־עטישן און פילאָסאָפישן פּראָבלעם „צדיק ורע לו — רשע וטוב לו" — אויף אינטעליגענט ורע לו, גראָבער יונג (נישט נאָר עם־הארץ) וטוב לו.

3

ער האָט נישט געהאַט קיין הצלחה צו דער יידישער ליטעראַטור, ווייל ער האָט געוואָלט שאַפן אַ ליטעראַטור פון אינטעליגענטן פאַר אינ־טעליגענטן (און נישט ווי טייל האָבן געוואָלט: אַ ליטעראַטור פון עם־הארצים פאַר עם־הארצים). ער האָט געוואָלט, אַז די פּאַרשפּעקטיקטע לויטן אייראָפּעישן זייגער יידישע ליטעראַטור זאָל זיך באַשעפטיקן מיט די זעלבע פּראָבלעמען ווי אַלע אַנדערע ליטעראַטורן פון דער וועלט. און די יידישע ליטעראַטור האָט זיך גראָד דעמאָלט געפונען אין אַ גאָר באַזונ־דערער לאַגע.

די יידישע ליטעראַטור האָט דעמאָלט איבערגעלעבט איר יוגנטפרייד, די נאַקעטע פרייד. די פרייד פון וווקס און פונאַנדערוווקס. ס'האָט זיך געפרייט און געיומטובט שלום אַש. אַפילו אַזאַ משכיל און געבילדעטער שרייבער ווי יוסף אָפּאַטאָשו האָט דעמאָלט, ווי אויף צו להכעיס דער אינ־טעליגענץ, זיך געוואָנדן צו זיינע שטאַרקע, געזונטע פולבלוטיקע אונטער־וועלט־העלדן.

אמת, י. ל. פרץ האָט זיך אויך אַ לעבן־לאַנג געריסן צו דער אינטעלי־גענץ, אויך געזוכט תכלית, אָבער ער איז נישט נאָר בטבע, נאָר אויך בעצם געווען אַ יומטובדיקע, רחבותדיקע פערזענלעכקייט. די דאָזיקע אייגנשאַפט פון זיין פערזענלעכקייט האָט אים פּרעדיספּאָנירט און געבראַכט צו זיין פירערשאַפט אין דער יידישער ליטעראַטור, זי איז אויך געווען די סיבה דערפון, וואָס נאָך מער ווי אַ ליטעראַרישע דערשיינונג איז פּרץ געווען ביי אונדז אַ קולטור־דערשיינונג. דאַקעגן דער קיעווער בערגעלסאָן (און אין אַ געוויסער מאָס, אָבער אין לגמרי אַן אַנדערער פלאַך, ה. ד. נאָמ־בערג פון דער וואַרשעווער גרופּע) — איז געווען אין די דאָזיקע יום־טוב־טעג אַ פאַרטראַכטער, אַ פאַרבענקטער, אַן אינטעליגענטער תכלית־זוכער.

וואָלט די יידישע ליטעראַטור נישט געווען קיין ליטעראַטור פון שיל־דערונגען, אַ ליטעראַטור וועגן עבר, נאָר וועגן פּראָבלעמען פון היינטיקן, לויפנדיקן טאָג, וואָלט זיך אפשר בערגעלסאָן פערזענלעך מיט זיין תכלית־זוכעריי נישט געפילט אַזוי עלנט אין דער יידישער ליטעראַטור און צווישן אירע שעפערס (נישט געקוקט דערויף וואָס ער איז אָנערקענט ביים בעסערן לייענער און בעסערן קריטיקער). ער וואָלט זיך אפשר דעמאָלט אויסגעלעבט אין איר קרייז און נישט געמוזט זוכן קיין פאַרענטפערונג פון די פּראָבלעמען, וואָס האָבן אים געמאַטערט, אויף אַזעלכע ווייטע וועגן.

אָבער דוד בערגעלסאָן איז געווען איינציק אין זיין אופן צוגיין צו דער יידישער ליטעראַטור, און אין זיין אופן שאַפן. און איינציקייט האָט ער אָנגענומען פאַר איינזאַמקייט. און אפשר איז טאַקע איינציקייט איינ־זאַמקייט? ביי סענסיטיווע נאַטורן איז עס זיכער אַזוי.

צו גליק, צו ריין מענטשלעך גליק, האָט ער געהאַט אַ ראָמאַנטישן צוגאַנג, אַ צוגאַנג פון אַן אַמאָליקן ראָמאַנטיקער. ער האָט נישט געגלייבט אין זיין רעאַליטעט, ער האָט נישט געגלייבט אַז גליק איז דערגרייכלעך פאַר די, וואָס גאַרן נאָך אים. ווי זאָגט די אַקושערקע שאַץ אין נאָמען פון איר פריינד, דעם שרייבער הערץ: „גליק קאָן מען שוין געפינען נאָר ביי די קאָמיוואָיאַזשאָרן; ס'וואָלט זייער פאַרדראָסלעך געווען, נאָר ס'איז ד'ערביי אַ נחמה פאַראַן: זיי, די קאָמיוואָיאַזשאָרן, זענען שטענדיק מיט קאָרטנשפּיל פאַרנומען און ווייסן וועגן דעם נישט" („נאָך אַלעמען").

*

ווען מען וואָלט געמעגט און געקאָנט שטעלן די פראַגע: וואָס האָט אונדז בערגעלסאָן מיט זיינע ראָמאַנטיש־אימפּרעסיאָניסטישע שאַפונגען געוואָלט זאָגן, געוואָלט וויזן? וואָלט איך געענטפערט: ער האָט געוואָלט וואָס ווינציקער זאָגן און וואָס ווינציקער וויזן. ער האָט ווייט נישט אויס־געזאָגט אַלץ וואָס ער האָט וועגן זיינע העלדן, וועגן זייער לעבן, זייערע געדאַנקען און פאַרלאַנגען געוווּסט. ער האָט נישט אויפגעדעקט, ווי די דעקאַדענטן, די קרענקלעכקייט פון דער סוחרישער סביבה מיט אירע יורדים און אויפגעקומענע גבירים און מיט די האַלבע שאַטנס, וואָס האָבן זיך סיי אַרום די אויפגעקומענע און סיי אַרום די אַפּגעקומענע הייזער געקלאָמערט. ער האָט דאָס נישט אויפגעדעקט, ער האָט דאָס גיכער איינגעדעקט, ער האָט גערעדט מיט רמזים, געצייכנט מיט קורצע שטריכן.

בערגעלסאָנס שאַפן פון זיין ראָמאַנטיש־אימפּרעסיאָניסטישער תקופה איז אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטע קאַנווע פאַר אַ פּסיכאָלאָגישער סטודיע. דוד בערגעלסאָן פון דער אויבנדערמאָנטער תקופה, איז דער דיכטער פון העמונגען. זיינע אַלע העלדן זענען קרבנות פון פּסיכישע העמונגען. זיינע העלדן (די פון זיינע ראָמאַנטיש־אימפּרעסיאָניסטישע און נישט־רעאַליס־טישע זאַכן) לעבן נישט אויס קיין איין געפיל ביזן דנאָ. כאָטש זיי האָלטן אין איין פילן, האָבן זיי קיין איין מאָל גאָרנישט נישט דערפילט. זיינע העלדן דערטראַכטן נישט קיין איין געדאַנק ביזן סוף. כאָטש זיי הערן נישט אויף צו טראַכטן, דערטראַכטן זיי זיך צו גאָרנישט. ווען דער איידעלער, שלימזלדיקער טוחר, בייניש רובינשטיין (פון „אַרום וואָקזאַל") דערלאַנגט אַ פּאַטש דעם פאַרפרעסענעם מעקלער, פּיווניאַק, וואָס חוזקט כסדר פון אים אָפּ, איז עס אַזאַ געשעעניש, אַז בייניש אַליין קרענקט דאָס שווער איבער, ער באַצאָלט דערפאַר שיער נישט מיטן לעבן.

בערגעלסאָנס העלדן האָבן געלעבט אין דער צייט ווען ס'איז רייף געוואָרן און ס'האָט זיך געגרונטפעסטיקט די פּסיכאָאַנאַליטישע לערע פון פרוידן. דער שטאָטישער סוחריש־באַנקירישער עלעמענט, די שטאָטישע (און אַפילו קליין־שטעטישע) גרויס־ און קליין־בורזשואַזיע, האָט איבער־

געכאַפּט ברעקלעך פון די אַריסטאָקראַטישע טראַדיציעס. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט בשעתה דעם דאָזיקן דריטן שטאַנד גיך אַרויסגעפירט אין פאָדערגרונט פון דער סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכער און פּאָליטישער פּאָזיציע אין מערב־אייראָפּע. דער דאָזיקער קלאַס האָט פּשוט נישט געהאַט קיין צייט זיך צו שאַפן אייגנאַרטיקע לעבנס־פאָרמען, מנהגים, נטיות אאַז״וו. זיי האָבן אַפילו די טראַדיציעס, איבערגעכאַפּטע ביי דער אַריסטאָקראַטיע, צי נאָר ברעקלעך פון זיי, נישט געהאַט קיין צייט זיך צו פאַראייגענען, פאַרפעסטיקן. אינסטינקטיוו, האָבן זיי געפונען נאָר איין מיטל זיי אויפצוהיטן. דאָס מיטל איז געווען: — העמונגען. זיי האָבן דאָס איבערגעגנומענע פון דרויסן אָנשטאָט אַנטוויקלען, פאַרדרענגט אין זיך. די קולטור־געשיכטע פון דער שטאָטישער בורזשואַזיע איז, אין אַ גרויסער מאָס, די געשיכטע פון העמונגען מכל המינים (נישט נאָר סעקסועלע).

אגב ליידן כמעט אַלע בערגעלסאָנס העלדן אויך פון אַן אויספעלן פון סעקסועלן דראַנג, פון ליבידאָ (אַפילו אין ברייטן זינען פון דעם וואָרט). ווען מירעלע הורוויץ (פון „נאָך אַלעמען״) באַשטימט חתונה צו האָבן מיט שמואל זיידענאָווסקין, נעמט זי ביי אים אויס אַ תנאי, אַז זיי זאָלן נישט לעבן ווי מאַן און ווייב. אויב דאָס שיינע, אײדעלע ווייב פון דעם רייכן גראָבן יונג אברהמטשיק, לאָזט זיך פאַרפירן פון דעם אויסגעפוצטן, פריילעכן קאָמיסיאָנער, איז עס נאָר פון אומעט און פון גרויסער פאַרלוירנקייט („אָרום וואָקזאַל״). די דינסט ביילע־העניע (פון דער דערציילונג „דרויב״) באַשטייט אַז איר מאַן זאָל אַפילו צו איר נישט רעדן, נישט נאָר נישט דערנענטערן זיך צו איר, אַבי זי שטילט איר בענקשאַפט צו האָבן פאַר אַ מאַן אַן איידעלן ייד. ווען נאָטע קאַץ (פון דער דערציילונג „נאָטע״) האָט אָפּט חתונה און גט זיך אָפּט, איז ער דאָך, ווי בערגעלסאָן אַליין באַצייכנט אים, אַ פאַטאָלאָגישער טיפּ.

אין רוסלאַנד, ווו האַנדל און אינדוסטריע האָבן זיך אָן אַן ערך שפּעטער אַנטוויקלט און דערשינען אין אַ קלענערן מאָסשטאַב ווי אין מערב־אייראָפּע; אין רוסלאַנד, ווו אַ גרויסער טייל פונעם האַנדל איז געלעגן אין די הענט פון רייך געוואָרענע פויערים, איז דער גאַנצער אויבן דערמאָנטער קולטור־פּראָצעס פאַרלאָפן אַנדערש ווי אין מערב־אייראָפּע. בערגעלסאָנס אויסגעאיידלט און דורכדרינגלעך אויג האָט די קליינשטעטלדיקע

יידישע גבירים געגעבן טאָפּעלע שטריכן: מערב־אייראָפּעישע און רוסישע. ער האָט זיין טיפּאַזש (חוץ פון זיינע רעאַליסטישע דערציילונגען) באַשאַפן, געקרייצט פון צוויי מינים; פון יידישן סוחר מיט מערב־אייראָפּעישע מנהגים און פון דעם רוסישן אינטעליגענט מיט דער ספּעציפיש רוסישער און יידיש־רוסישער פּראָבלעמאַטיק (צום מערסטן כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם געקרייצטן טיפּ איז דאָס הויז פון אַבראַם ראַפּאָפּאָרט, פון דער דערציילונג „יוסף שור").

## 4

בערגעלסאָנען איז נישט געגאַנגען אין די דערציילונגען און ראָמאַנען ביז זיין „מידת הדין" צו ווייזן און באַווייזן דעם פונאַנדערפאַל פון סוחרישן סעקטאָר ביי יידן, ווי טייל קריטיקער מיינען דאָס. ער האָט קיין מאָל אין די דאָזיקע זאַכן זיינע נישט געגעבן דעם סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכן הינטערגרונט, ווי אַ סיבה פון דעם פונאַנדערפאַל־פּראָצעס. ער איז דאָס, אגב, גאָרנישט אויסן געווען.

זינט סוחרים און סוחרעריי עקסיסטירן זענען ביי זיי פאָרגעקומען ירידות און עליות. איינע זענען געפאַלן און די אַנדערע האָבן זיך אויפגעהויבן. טייל פון זיי זענען געגאַנגען אַראָפּ און די אַנדערע אַרויף. סיבות דערצו זענען געווען פאַרשידענע: אינדיווידועלע און אַלגעמיינע. אַ מאָל איז די סיבה פון אויפשטייג געווען די פעיקייט פון גרינדער פון דער סוחרישער פירמע, און דער אַראָפּפאַל פון דער זעלבער פירמע איז געלעגן אין דער אַבסאָלוטער אומפעיקייט פון דעם גרינדערס יורשים (ווי מיר זעען דאָס אין „ביים דניעפּער"). אַ מאָל איז די סיבה פון פאַלן פון דער סוחרישער פירמע געלעגן דערין, וואָס אירע יורשים האָבן זיך גאָר אָנגעהויבן שעמען מיטן האַנדל. טייל מאָל האָט אין דעם דעצידירט אַ צופאַל, טייל מאָל דער גורל. אַ מאָל זענען די סיבות געווען אַלגעמיינע עקאָנאָמישע, למשל, ווירטשאַפטלעכע קריזיסן ווי אַ פּועל־יוצא פון איבערפּראָדוקציע, מלחמות אאַז"וו.

ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַר בערגעלסאָנען, וואָס ער האָט קיין מאָל נישט געשילדערט די סאָציאַל־עקאָנאָמישע סיבות פון די סוחרישע ירידות.

ער האָט נאָר געגעבן זייער פּסיכאָלאָגישע באַגלייט־מאָטיוון. די פּסיכאָלאָגיע פֿון ירידה און יורד, דאָס האָט אים אינטריגירט. ער האָט זיי נישט געשילדערט ווי אַ קלאַס, נאָר ווי יחידים, יעדער מיט זיין אופן פאַלן און מיט זיין אייגענער, נאָר פאַר אים אייגנדיקער געפאַלנקייט.

אפילו די אויפשטייגן פֿון סוחרים און פאַבריקאַנטן זענען ביי אים אויך אָן אַן עקאָנאָמישן פּאָן. ער גיט זיי שטענדיק פֿון זייער פּריוואַטער זייט. נישט זייערע געשעפטן, קאַנטאָרן, זייערע רויכנדיקע קוימענס ווייזט ער, נאָר זייערע נשמות, צי ברעקלעך פֿון זייערע נשמות. נישט די בירזשעס און בענק מיט זייערע פאַרוויקלטע געלטגעשעפטן (ווי, למשל, ביי באַלזאַקן) ווייזט ער, נאָר אָפּט קליינע מענטשן, קליינע געשעפטן און אויך נאָר דאָס וואָס איז אָרום דעם. זיין גאַנצע שאַפונג פֿון דער ראָמאַנטיש־אימפּרעסיאָניסטישער תקופה איז אַ שאַפן פֿון „אָרום“. אָרום געשעענישן, אָרום מענטשן, אַרום זייער לעבן, זייערע געפילן און זייער טראַכטן. נישט בחינם הייבט זיך אָן דער נאָמען פֿון זיין ערשטער גרעסערער שאַפונג מיטן וואָרט „אַרום“. דאָס וואָרט, די באַצייכענונג איז סימבאָליש פאַר דער גאַנצער ערשטער תקופה פֿון בערגעלסאָנס שאַפן פֿון „אַרום וואָקזאַל“ ביז „מידת הדין“.

בערגעלסאָן האָט געזען די מענטשן און זייער וועלט נאָר ווי אַ קינסטלער. און ווי אַן עכטער קינסטלער האָט ער געשריבן נאָר דאָס וואָס ער האָט געזען, וואָס ער האָט גוט געקענט. מענטשלעכער גורל, די גרויסע טעמע פֿון גרויסער ליטעראַטור, איז אויך געווען זיין גורל און זיין קנין, ווי אַ שרייבער.

ער איז געווען דער דיכטער פֿון פּסיכישע העמונגען. ער האָט זיי נישט פונאַנדערגעוויקלט. נישט אינהאַלטלעך און נישט פאָרמעל. זיין סטיל איז אַ געהעמערטער. אַפילו אין כמות פֿון זיין שאַפן איז ער געווען איינגעהאַלטן. אָט האָט ער פאַרטראַכט טרילאָגיעס (למשל „נאָך אַלעמען“ האָט געזאָלט זיין אַ טרילאָגיע) און אַרויסגעקומען איז דערפֿון נאָר אַ זשמעניע. ער איז געווען דער מייסטער פֿון איבערגעבן שטימונגען, געמיט־צו־שטאַנדן, אַטמאָספער. איז אים עפּעס אין דער שטימונג פּסול געוואָרן, האָט ער פֿון ווערק רעזיגנירט, ווען אַפילו ער האָט שוין געהאַט דערפֿון אַ שפּאָרן חלק (אַזוי איז עס געווען מיט זיין ראָמאַן „רב־רבי“).

זיינע העלדןליידן אויף אַ פּאַראַליז פון ווילן. זיי זענען ווי פייגל אָן פליגל, צי גאָר ווי בלויז פליגל אָן פייגל. וואָלט ער געווען אַ פראַנצויז, וואָלט ער זיך פּואַנדערגעגאַנגען, אויפגעלייזט אין ווערטער, אין בילדער. איז ער אָבער געווען אַ ייד, פון אַ לומדישער שטוב, אַ פּיקח און אַ שווייגער. האָט ער נישט נאָר געשוויגן בעתן רעדן, נאָר ער האָט אויך געשוויגן ביים שרייבן.

*

מיט מידת־הדין (אויפגעשריבן אין יאָר 1925) האָט דוד בערגעלסאָן איבערגעלעבט זיין ראָמאַנטישע תקופה מיט דער רוסישער אָקטאָבער־רע־וואָלוציע, זיין חתן־כלה צייט מיט איר. כאָטש ער האָט שוין דעמאָלט גע־זען, געוווּסט און באַצייכנט איר כאַראַקטער („אַ קאַלטער, אייזערנער טראָפּן יושר"), האָט ער דאָך איר העלד, פיליפּאָוו, געזען ווי אַ ראָמאַנטישע פי־גור.

וואָלטן מיר איצט אַזוי פיל נישט געוווּסט, און נאָך אַלץ אַזוי ווייניק געוווּסט וועגן דעם רעזשים וואָס איז געווען בשעת און, דער עיקר, נאָך פיליפּאָוון, וואָלט ער געווען און געבליבן פאַר אונדז ווי אַ סימפּאַטישע העלדן־פיגור פון דער רעוואָלוציע. בערגעלסאָן האָט אַפילו זיין קאַלטקייט געמאָלן מיט וואַרעמע פאַרבן.

נאַטשאַלניק פיליפּאָוו איז אַ קראַנקער. ער האָט געבראַכט פון די קוילנשאַכטעס, וווּ ער האָט יאָרן־לאַנג געאַרבעט, אַ שווערע, צי גאָר אומ־היילעוודיקע קראַנקייט. זיין זיצאָרט איז ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן גרענעץ־דאָרף, וווּ ס'איז נישט פאַראַן קיין מעגלעכקייטן זיך צו היילן. דער קאָפּ איז אים אויך נישט דערביי. זיין באַציונג צו זיך איז מער ווי אַ שטרענגע, מער ווי די באַציונג פון אַ נזיר צו זיינע גלוסטונגען. זי איז אָן אַכזריותדיקע.

דאַקעגן זיין שטעלונג און צוגאַנג צו פינקע ווייל, דעם קעגן אייגענעם ווילן געוואָרענעם רויט־אַרמייאישן דעזערטיר און גרענעץ־שמוגלער, איז דורך און דורך אָן איידעלע. זיין באַציונג צום עס־ער יוזי ספּיוואַק איז אַ קלוגע, דורכגעטראַכטע, פּסיכאָלאָגיש דינע און מענטשלעכע. פיליפּאָוו פרעגט אויף די הענט דאָס קינד פון דער דורך אים אַליין אַרעסטירטער „בלאָנדע". ווען ער ליגט אין שווערע יסורים, זאָרגט ער וועגן מילך פאַר

דעם קינד (די שטריכן האָט בערגעלסאָן אויסגעבאָרגט פאַר זיין העלד ביים טשעקאַ־פירער, פעליקס דזיערזשינסקי). אָבער דער עיקר איז, אַז ווען ס׳יאָוען זיך פאַרשידענע באַנדעס אין די שכנותדיקע גרענעץ־דערפער און פיליפאָווס קליינע אָפּטיילונג וויזט נישט אַרויס קיין גרויסן חשק אַרויס־צוטרעטן קעגן זיי אָפן, אין אַן אָפענעם קאַמף, דעמאָלט גיט פיליפאָוו אַוועק באַוווסטזיניק זיין לעבן, כדי צו באַוועגן זיינע חברים צום קאַמף. פיליפאָוו קומט אום מיט אַ העלדישן טויט.

ווייל בערגעלסאָן איז געווען אַ מענטש פון סתירות; ווייל זייענדיק דורך און דורך שטימונגמענטש איז ער דערביי געווען אַ תכלית־זוכער; ווייל ער איז געווען אַ טיפּישער רוסיש־יידישער אינטעליגענט מיט דער אינקלינאַציע צו זוכן פאַרענטפערונגען אַפילו פאַר יחידישע קוועלן אויף כּאַציאַל־פּאָליטישע דרכים; ווייל ער איז געווען דער דיכטער פון פּסי־כישע העמונגען און האָט נישט געזוכט די תרופה אין זיי אַליין, אין זייער אייגענער אויפלייזונג, — איז געקומען אַ צייט, ווען די רוסישע אָקטאָ־בער־רעוואָלוציע, וועלכע האָט דעמאָלט, נישט געקוקט אויף איר בלוטי־קייט, געהאַט פאַר אַ סך זוכנדיקע און בלאָנדזשענדיקע צוזאַגנדיקס און לאַ־קנדיקס, אויך אים, און אפשר דער עיקר אים, געלאָקט און גערייצט.

מיט „מידת־הדין", וואָס בערגעלסאָן האָט אָנגעהויבן שרייבן כמעט צען יאָר איידער ער האָט זיך אומגעקערט אויף שטענדיק אין ראַטן־פאַרבאַנד, האָט ער איבערגעלעבט און אויף שטענדיק אויסגעלעבט זיין קורצע ראָמאַנ־טיש־רעוואָלוציאָנערע תקופה. כאָטש קיין העלדן האָבן אין דער צייט פון בירגערקריג אין רוסלאַנד נישט געפעלט, איז אָבער פיליפאָוו אויפגעשריבן געוואָרן דורך בערגעלסאָנען מיט דער בולטער כוונה אויפצוהאַלטן אין זיך אַליין דעם רעוואָלוציאָנערן ראָמאַנטיזם. זייענדיק אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע קודם־כל אַן אויפלייזונג פון אַלע העמונגען, נישט נאָר אַ פאַר־ענטפערונג פון אַלע סאָציאַלע עוולות, איז אים דער רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיזם געווען אומבאַדינגט נייטיק.

ס׳איז שווער פעסטצושטעלן צי און אויף וויפל האָט בערגעלסאָן דער קינסטלער, דער פרייער קינסטלער, געליטן דערפון, וואָס ער האָט אין „מידת־הדין" אָפן און דעצידירט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער רע־וואָלוציע און אירע פאַרווירקלעכער. קונסט לאָזט זיך נישט אָפּפטרן מיט

ס׳ראַפּאַרעטן און איר גרויסקייט לאָזט זיך נישט מעסטן מיט קיין שניידע־רישער מאָס. פאַרהוילן זענען די וועגן פון קונסט. זיכער איז, אַז אַפּאָלאָ, דער גאָט פון קונסט, האָט נישט איין מאָל אויסגעבאָרגט ביי טעמידען, דער געטין פון גערעכטיקייט, איר טיכל, מיט וועלכן זי גייט אַרומגעבונדן די אויגן, בכדי זיך אַליין צו פאַרשטעלן די אויגן פון חרפה. מען קאָן שוין היינט זאָגן מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז אונטערן סאָוויעטישן רעזשים האָט די פּאָעזיע אומפאַרגלייכלעך מער געליטן ווי די פּראָזע. עפּעס גיט זיך די פּראָזע גיכער אַן עצה ווי די פּאָעזיע. פּראָזע איז כיטר׳ער און קלי־גער ווי פּאָעזיע (און דערפאַר איז עס נישט קיין צופאַל, אַז שרייבער, וואָס זענען נישט קיין קלוגע מענטשן, אָדער מענטשן אָן הומאָר זענען שלעכטע פּראָזאַיקער).

אין „מידת־הדין״ איז בערגעלסאָן נאָך אַלץ נישט קיין דיאַלעקטיקער, ער גיט דאָ ווידער נישט דעם סאָציאַלן פּאָן פון דער רעוואָלוציע, אירע סיבות און רעזולטאַטן. ער איז דאָ ווייטער נאָר און דורכויס פּסיכאָלאָג. בלויז די העלדן זענען דאָ אַנדערע. די צייט אַן אַנדערע. די טראַכטונגען פון יוזי ספּיוואַק וועגן זיך, ווי וועגן אַ טויטן, איז אַ פּסיכאָלאָגיש מייסטערשטיק. אָבער דער אַרום איז שוין דאָ נישט קיין פאַרנעפּלטער, קיין פּאַסטעל־אַרטיקער, נאָר אַ רעאַלער, געמאָלן מיט אייל־פאַרבן. ער האָט נאָך דאָ אויך, ווי אין זיינע ראָמאַנען, גענומען זיך נאָר אַ ווינקל, אַ גאָר קליינעם אָפּשניט פון דער וועלט, וואָס ער האָט עס געוואָלט באַשרייבן.

ער האָט געקוקט אויף דער וועלט דורך אַ פאַרקלענער־גלאָז. אפשר איז עס געווען ביי אים אַזאַ מעטאָדע, אַזאַ אופן פון שרייבן, און אפשר האָט ער אַנדערש נישט געקאָנט. אַ פאַקט איז, אַז מיט זיין „מידת־הדין״ הייבט זיך אָן זיין תקופה ווי אַ ריינער רעאַליסט. שוין דעמאָלט האָט ער אויסגעצויגן די האַנט אָנצושרייבן (קעגן אַלע באַוואָרענישן) זיין גרעסט און בעסט ווערק, זיין „ביים דניעפּער״.

5

ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען, האָט דוד בערגעלסאָן ערשט מיטן ביים דניעפּער זיך געלייזט און אויסגעלייזט ווי אַ שרייבער. אייגנטלעך

זענען זיינע ביז־דעמאָלטיקע ראָמאַנען קיין ראָמאַנען נישט. דאָס זענען סטע־נאָגראַפּישע פאַרצייכענונגען אין דער טיף פון שטיקלעך לעבנס, וואָס האָ־בן נישט באַוויזן אויפצולעבן. ביים דניעפּער הייבט ער אָן אַזוי: „אָדאָם, שייס, ענויש. אַזוי האָט אַ טייל פון זיי געוואָלט, זאָל מען וועגן זיי דער־ציילן: ווי וועגן אָוועס". און מען קאָן דרייסט זאָגן: אַזוי האָט בערגעל־סאָן געוואָלט אָנהייבן. ער האָט געוואָלט די וועלט אָנהייבן פון בראשית, פון די אבות.

דאָס ווערק איז אויסגעצייכנט פּלאַנירט. ווען אַנדערע שרייבער וואָלטן געקאָנט אַזוי פּלאַנירן דאָס וואָס זיי ווילן, ווי ער האָט געקאָנט פּלאַנירן דאָס וואָס איז במילא געווען פּלאַנירט, וואָלטן זיי געווען גאָר גרויסע קינס־טלער. דאָס ווערק איז אַ קאַפּעלע פראַגמענטאַריש. ס׳פּליסט נישט. ס׳איז אָבער וווּנדערלעך מאָנטירט. און וויפל ווערק, וואָס ביים לייענען פליסן זיי ווי מיט אַ נאַטירלעכן שטראָם, זענען גאָר צונויפגעשטעלט פון פּיצ־לעך? זעלטן זאָגט מען אויס דעם סוד פון דער ליטעראַרישער קיך. אָבער דער עיקר איז נישט ווי אַזוי אַרום איז דאָס ווערק באַשאַפן געוואָרן, נאָר וואָס פאַר אַ ווערק איז עס.

„ביים דניעפּער" ווערט באַצייכנט דורך אַלע קריטיקער, פון רעכטס און פון לינקס, ווי אַן אויטאָביאָגראַפישער ראָמאַן. און דאָ פרעגט זיך אַ האַרבע קשיה. פאַר וואָס איז ער אַן אויטאָביאָגראַפישער ראָמאַן, ווען ער איז דאָס אַבסאָלוט נישט? נישט די באַציונג פון בערגעלסאָנס פאָטער צו אים איז געווען ווי די באַשריבענע באַציונג פון מיכאל לעווין צו פענעקן, נישט די באַציונגען פון זיין מוטער און שוועסטער־ברודער זענען געווען אַזעלכע, ווי זיי ווערן באַשריבן אין „ביים דניעפּער". נישט בערגעלסאָנס קינדער־ און יוגנט־יאָרן זענען פאַרלאָפן אַזוי ווי פענעקס. נישט זיינע מעשים און זי־כער אויך נישט זיינע מחשבות זענען געווען די זעלבע ווי פענעקס.

אמת איז, אַז בערגעלסאָן האָט געוויסע דרויסנדיקע שטריכן פון פע־נעק און זיין סביבה זיך אויסגעבאָרגט ביי זיך אַליין און ביי זיינע נאָענטע. אויך איז די סטרוקטור פון דעם נגידישן הויז גענומען פון זיין אייגענער שטוב. אָבער דאָס טוען אַלע שרייבער, און דווקא די גרויסע. ווייל די בעס־טע און עכטסטע מאָלעריי איז און וועט אויף שטענדיק בלייבן די, וועלכע איז געמאָלן פון דער נאַטור.

אַחוץ די דרויסנדיקע שטריכן, איז דאָס ווערק אין גאַנצן אַ פּראָדוקט פון בערגעלסאָנס שעפּערישער פאַנטאַזיע. ער האָט אויסגעמיטן אַ סך נסיונות אַ דאַנק דעם, וואָס זיינע צוויי בענד „ביים דניעפּער" שפּילן זיך אָפּ אַ שטיק צייט נאָך פאַר דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905. זיין שעפערישע פאַנטאַזיע האָט אַזוי אַרום געהאַט מער באַוועגונג־מעגלעכקייט, ווי ביי די שרייבער, וואָס האָבן געשריבן דירעקט וועגן די יאָרן פון און נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

ערשט איצט שטעלט ער פאַר זיך די אויפגאַבע צו דערקענען די דיאַלעקטיק פון די געשעענישן, פון די היפּוכדיקע מענטשלעכע אינטערעסן, פון גאַנצן מעכאַניזם פון מענטשלעכע און געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען. אָט וואָס ער שרייבט וועגן דעם אין צווייטן בוך „ביים דניעפּער":

„פּענעק רעכנט איצט, אַז ער האָט נישט קיין מינדסטן באַרוף צו שרייבן — ס'איז געוועזן ביי אים נישט מער, ווי אַן איינרעדעניש און שוין. וואָ־ו׳עם שרייבן וועגן דעם לעבן פון מענטשן, איז אים קלאָר געוואָרן, קאָן מען נאָר דענסטמאָל, ווען מען ווייס פון וואַנען דאָס לעבן גייט און וווהין עס פירט.

און גראָד אויף דעם געביט — איז ער זיך ווידער מודה פאַר מאַניען — איז ביי מיר אין קאָפּ פינצטער, וואָס פינצטער הייסט.

צו וואָס איז ער מיט זיינע שרייבעכצן געגליכן? — צו אַ מענטשן, וואָס באַשרייבט יעדער רעדעלע פון אַ צענומענעם מעכאַניזם, און דעם שכל פונעם גאַנצן מעכאַניזם הייבט ער נישט אָן צו וויסן. און נאָך אָט צו וואָס ער איז מיט זיין שרייבן געגליכן — צו אַ גריל, וואָס ליגט אין גראָז און האָט הנאה פון צוויטשערן, און ווער האָט אים געהייסן צוויטשערן, ווייסט ער נישט" — —

בערגעלסאָן האָט נישט געוווסט, צי נישט געוואָלט וויסן, אַז די שכל־דיקייט פון גאַנצן מעכאַניזם קאָן אין דער קונסט אַרויסקומען במילא. אַז קונסט איז גאָר אפשר דאָס וויסן וועגן זאַכן, וועגן וועלכע מען ווייס נישט. אָבער וויסן האָט נאָך קיין מאָל קיין קונסטווערק נישט געשאַט. אויב דאָס וואָס מען ווייס, איז נישט מלכתחילה קעגן דער קונסט.

אין „ביים דניעפּער" איז פאַראַן אָן אַ שיעור שרייבערישע סבלנות. ער האָט זיכער אַ סך ליידן איבערגעטראָגן. ער האָט זיין ווערק נישט דער־

טראַגן ביזן סוף. איבעריקנס, ווו איז דען פאַראַן די גרענעץ פאַרן שריי־בערישן סוף? מיטן „לא עליך למלאכה לגמור" — האָט מען קודם־כל געמיינט די קינסטלער.

*

פענעק איז פשוט אַ ייִנגל מיט זייער אַ גוט האַרץ. און ווייל ער איז געווען פון געבוירן אָן אַ באַוועלטער, איז ער במילא אינסטינקטיוו געווען פילעוודיק פאַר יענעמס שלעכטן גורל.

„ביים דניעפּער" איז אַן אוצר פון יידישן שטייגער.

ס'איז נישט ריכטיק, אַז בערגעלסאָן האָט געמאָלן אַלע זיינע גע־שטאַלטן נאָר אין צוויי פאַרבן: ווייס און שוואַרץ (דאָס איז אַפילו נישט ריכטיק לגבי „מידת־הדין"), אַז אַלע אָרעמעלייט זענען ביי אים ווייס און אַלע נגידים שוואַרץ. ער האָט זיי געמאָלן אין זייערע נאַטירלעכע פאַרבן. ווער עס קען גוט נגידישע שטובן, פאַר דעם איז פענעקס שוועסטער, „שיינדל די גרויסע", גאָר אַ נאָענטער און באַקאַנטער טיפּ. (אגב, ווען מען קאָנען שוין איבעראַשן בונטע, צי אַפילו טונקעלע פאַרבן נאָך באַלזאַקס „דער פאָטער גאָריאָ").

אַפילו „שיינדל די גרויסע" איז טראַגיש ווען זי טענהט אירע טענות צום פאָטער, וועלכער האָט זי אין זיין גבירישן דעספּאָטיזם חתונה געמאַכט מיט דעם, וועמען ער האָט געוואָלט, און נישט מיט דעם, וועמען זי האָט ליב געהאַט. שיינדל די גרויסע איז אויך נישט מער ווי אַ קרבן, וואָס קאָמ־פּענסירט איר אַנטוישונג אין פּערזענלעכן לעבן מיט צונויפשאַרן געלט. ס'איז אויך נישט קיין צופאַל וואָס יעדעס יאָר, ווען מיכאל לעווין איז גע־פאָרן אין די וואַרעמבעדער קיין אויסלאַנד, האָט ער אין אַלעם געדענקט, אין די קלענסטע קלייניקייטן, נאָר אַז מען זאָל אויסצאָלן דעם אָרעמאַן יהו־שען, דעם קלוגן און למדן, וואָס איז געווען מיכאלס חבר פון די קינדער־יאָרן און די פריינדשאַפט כסדר אונטערגעהאַלטן ווען מיכאל לעווין איז געווען דער גרויסער גביר, אַז מען זאָל אָט אים אויסצאָלן די דריי רובל, וועלכע מיכאל פלעגט אים געבן אויף יעדן שבת, גראָד דאָס האָט ער קיין מאָל נישט געדענקט אָנצוזאָגן. ווי וווּנדערלעך, מיט וויפל פאַרשטענ־דעניש פאַר כאַראַקטער, מיט וויפל הומאָר, איז באַשריבן די רעאַקציע

פון יהושען, ווען דערוויסנדיק זיך אַז ער איז געבליבן אָן די דריי רובל, אָן דער מעגלעכקייט צו מאַכן שבתים (און אַדורכצוקומען די וואָך), האָט ער פון דעסטוועגן הנאה געהאַט דערפון, ווייל ער האָט זיך נאָך אַ מאָל איבערגעצייגט, אַז אַ גביר, מעג ער זיין אַ יודע ספר און אַ פרומער, איז ער און בלייבט פאָרט אַ חזיר.

מיט צוויי שטריכן האָט בערגעלסאָן געגעבן דעם דואַליזם, דעם ויתּ־רוצצו אין פּענעקס פּאָטער: אַ יום־טובדיק פּנים און וואָכעדיקע באָרד. בערגעלסאָן האָט נישט זעלטן איבערגעכאַפּט די מאָס, געווען טייל מאָל טענדענציעז, נישט גערעכט. פאַר וואָס, למשל, האַלט ער, אַז מיכאל לעווין איז רייך געוואָרן אויפן חשבון פון דער אָרעמקייט פון זיין שטעטל? דאָס איז מיט גאָרנישט באַגרינדעט. וואָס פאַר שייכות האָבן געקאָנט האָבן זיינע געשעפטן מיט וועלדער, גוראַלניעס, מיט מילן און צוקער־זאַוואָדן ערגעץ ווו, מיט די אָרעמעלייט פון זיין שטעטל, ווו ער האָט גע־וווינט? און וואָס האָט דאָס שטעטל פאַרלוירן דערפון, וואָס צווישן זיי האָט אין אַ ווייס הויז געוווינט דער גביר, מיכאל לעווין?

האָט ער דען נישט צו גרויזאַם געמאָלן דאָס, אָביעקטיוו גענומען, גראַנדיעז, בייז בילד, ווי אַזוי צום גוססדיקן מיכאל לעווין אין שלאָפצימער רייסט זיך אַריין אַ שטראָמענדיקע מאַסע שטאָטישע אָרעמעלייט, בכדי זיך צוקוקן און הנאה האָבן פון צוזען ווי אַזוי ס׳שטאַרבט אַ גביר?

אָבער פון דער צווייטער זייט, וויפל אמתדיקע, גבירישע אכזריות ליגט אין דער האַנדלונג פון מיכאל לעווינען און זיין הויזגעזינד לגבי יאַנקלען, דעם קיילעכדיקן יתום, וואָס מיט אים צוזאַמען האָט געזייגט ביי זיין מאַמען „שיינדל די גרויסע". זיי לערנען אים נישט קיין פאַך, קיין מלא־כה, נאָר מאַכן אים ביי זיך פאַר אַ פורמאַן. נאָכן טויט פון מיכאל לעווין, ווען זיינע שלימזלדיקע זין פאַרטאַכלעווען זיין פאַרמעגן, ווען מען באַשליסט זיך איבערצוטראָגן אין דער גרויסער שטאָט (קיעוו), לייגט פאַר שיינדל די גרויסע יאַנקלען, ווי אַ באַלוינונג פאַר זיינע יאָרן אַרבעט, אונ־טערצוצינדן דאָס הויז, אויף וועלכן ס׳איז קיין קונה נישט געווען, בכדי זיי, לעווינס יורשים, זאָלן קאָנען אָפּנעמען פייער־קאַסע. ווען יאַנקל זאָגט זיך אָפּ פון דער בכבודיקער מיסיע, גייט ער אַוועק אָן גאָרנישט פון הויז און שטעלט זיך ווי אַ שוואַרצער אַרבעטער צו דער אַרבעטביים בויען די

באַן. מען דאַרף נישט זיין קיין געשווירענער קאָמוניסט צו פילן צו גבירים אַ בעלעטריסטישע שנאה (פונקט ווי משה לייב האַלפּערן האָט געפילט צו זיי אַ פּאָעטישע שנאה).

וויפל אכזריות ווייזט אַרויס מיכאל לעווין צו זיין אייגענער טאָכטער, צירל, ווען זי בלייבט אַן אַלמנה מיט קינדער אָן מיטלען צום לעבן. וויפל גבירישע אומברחמנותדיקייט ליגט אין דעם געשפּרעך מיט זיין אייגן בלוט און פלייש, טאַקע מיט צירלען, ווען ער זאָגט זיך אָפּ צו געבן מער ווי דריי רובל אַ וואָך אויף אויסקום. דאָס איז שוין נישט קלאַסנקאַמף, דאָס איז שוין ריין נגידישע אכזריות אַפילו צו אַן אייגן קינד. ווייל נאָך מער ווי דער אָרעמאַן האָט פיינט דעם גביר, האָט דער גביר פיינט דעם אָרעמאַן.

יהושע, משה דער קאַסירער, אַלטער פון דער זשאַרנע, זענען ווונ־דערלעכע געשטאַלטן. כאָטש פון אַלטן דור. אַזאַ זאָג: „אינעם לעבן פון יעדן מענטשן איז פאַראַנען אַ שעה, ווען מען גיט אים אָפּ די גאַנצע וועלט: „נאַ האַלט זי אַ ביסעלע”, אַזאַ זאָג איז ריינע פּאָעזיע. און אַזעלכע שטעלן, און וווּנדערלעכע נאַטור־באַשרייבונגען, און געשניצטע ווי אין ביין גע־שטאַלטן, זענען פאַראַן אין בוך אין די הונדערטער.

אויב ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס, געגעבן אַ צו געדיכטע פאַרב, דאַרף מען אים מוחל זיין. זענען דען אויף דער וועלט פאַראַן אין גאַנצן פרייע קינסטלער? פונקט ווי עס איז נישט פאַראַן אין גאַנצן קיין פרייער ווילן, אַזוי איז נישט פאַראַן אין גאַנצן קיין פרייע קונסט. יעדער קינסטלער ברענגט אויף דער וועלט זיין ירושה, און יעדע סביבה לייגט איר חותם אויפן קינסטלערס נשמה.

אַחוץ דעם זענען קינסטלער, מיט קליינע אויסנאַמען, פעמיניסטישע נאַטורן, מיט אַ דראַנג געפעלן צו ווערן. און יעדער וואָס וויל געפעלן ווע־רן דינט שוין במילא צו עמעצן. אין דעם פּרט איז בערגעלסאָן אַ סך ווייני־ניקער שולדיק ווי אַנדערע פרייע קינסטלער, ווייל ער האָט געמוזט געפעלן ווערן און אַנדערע ווילן געפעלן ווערן.

און וועלן געפעלן ווערן איז שוין גאָר א מיאוסע זאך. אַפילו ווען מען וויל געפעלן ווערן גאָט אליין איז עס אויך שוין גאָר נישט קיין שיינע מידה.

*

ער האָט נישט געהאַט קיין הצלחה צו דער וועלט, און ווען זיין יידישע וועלט איז אים אין דער פינצטערער היטלער־תקופה אונטערגעגאַנגען, האָט ער נאָך אַלץ אין נאָמען פון פעלקער־פאַרברידערונג, אין וועלכער ער האָט, מן הסתם, אויפריכטיק געגלויבט, געמוזט זיינע יידישע קדושים פּלאָנ־טערן מיט נישט־יידישע העלדן.

וויפל טראגיזם ליגט אין די ווערטער פון דעם אַלטן ייד אין בער־געלסאָנס נאָכמלחמהדיקער דערציילונג „אַן עדות", ווו אַן אַלטער ייד, אַן על פּי־נס אַנטרונענער פון אַן אומקום־לאַגער פאַר יידן, גיט איבער זיין גבית־עדות וואָס ווערט איבערגעזעצט און פארשריבן אויף רוסיש:

„פול מיט ערנסט איז דאָרעס פּנים און איר קול, בעת זי לייענט אי־בער פאַרן יידן אייניקע פון זיינע ווערטער, איבערגעזעצט אין רוסיש, און וויל וויסן, צי האָט זי זיי ריכטיק פאַרטייטשט.

— יאָ, — טוט אומעטיק זיך אַ שאָקל דער ייד און טראַכט אַ ווײַלע — אַזוי אפּנים איז עס.

ער האָט איר איין מאָל אין אַזאַ פאַל שוין געענטפערט:

— מיך פרעגט איר דאָ מבינות?.. וואָס קען איך אייך דערויף זאָגן?.. די צרות זענען געווען אויף יידיש..."

די צרות זענען געווען נישט נאָר אויף יידיש, די צרות זענען קודם־כל געווען יידישע, כאָטש ס'האָט דעמאָלט קיינעם קיין צרות נישט געפעלט.

דוד בערגעלסאָן איז זיכער געווען אַן אמתער, טיף גלייביקער קאָמו־ניסט. אַנדערש וואָלט ער קיין ראַטנפאַרבאַנד נישט געווען געפאָרן. ס'האָט אים קיינער דערצו נישט געצוואונגען. ווער ס'ווייסט עפּעס וועגן בערגעלסאָנס כאַראַקטער דער ווייסט ווי שווער ס'איז אויף אים געווען משפּיע צו זיין. ער, וואָס איז געווען יאָרן־לאַנג דער שרייבער פון די העלדן און פון דער וועלט פון נאָך אלעמען, האָט געגלייבט, אַז מען מעג און מען קאָן און מען דאַרף אָנפאַרטרויען דעם יידישן און פערזענלעכן גורל דעם קאַלטן, איי־זערנעם טראָפּן יושר פון נאַטשאַלניק פיליפּאָוו. בערגעלסאָן האָט אָבער געהאט א צו שארף אויג, אַ צו וואַך האַרץ, אַז ער זאָל נישט דערזען און

דערפילן די טראַגישע דיספּראָפּאָרץ צווישן דעם „טראָפן קאַלטן יושר" און דעם ים פאַרגאָסן יידיש בלוט.

*

ער האָט נאָך אַלץ געגלייבט אין דעם טראָפן יושר. ער, דער אַמאָליקער שטימונג־מענטש, איז אין די לעצטע פופצן יאָר פון זיין שאַפן געווען שטרענג צו זיך, זיך נישט געלאָזט באַהערשן פון עמאָציעס. זיך געהאַלטן גענוי אין די ראַמען פון שכל און טאַלאַנט. זיינע צייכענונגען זענען בולטע, זיינע פּסיכאָלאָגישע אַנאַליזן — טיפע. פון אַ ראָמאַנטיש־אימפּרעסיאָניסטישן איז ער געוואָרן א רעאַליסטישער קינסטלער. אָבער, זעט אויס, אַז אַ טראָפּן יושר איז צו ווייניק צו נייטראַליזירן אין זיך אַ ים פון אכזריות.

און אפשר איז דער „קאַלטער, אייזערנער טראָפן יושר" אויך נאָר געווען אַ ראָמאַנטישע אילוזיע פון בערגעלסאָנען. ווי ס׳זאָל נישט זיין, דער „קאַלטער טראָפן יושר" האָט פאַרראַטן, מוראדיק פאַרראַטן.

דוד בערגעלסאָן איז אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט כמעט אַלע יידיש־סאָוויעטישע שרייבער, מיט דער גאַנצער יידיש־סאָוויעטישער ליטעראַטור און מיט דער גאַנצער יידישער קולטור פון די צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָן יידן, וואָס געפינען זיך אין ראַטנפאַרבאַנד. די קולטור וואָס מיט אַלע באַוואָרענישן איז זי און איז געווען אַן אינטעגראַלער טייל נישט בלויז פון דער מאָדערנער, נאָר אויך פון דער אַלטער יידישער קולטור.

און מיר ווילט זיך ענדיקן מיט אַ ציטאַט וועגן אייביקן (צי טאַקע אייביקן?) יידישן גורל פון בערגעלסאָנס הויפּטווערק „ביים דניעפּר":

„פאַר פענעקס אויגן האָט אַ יידישע משפחה געפירט פון ערגעץ אהיים איר געשענדעט שיינדלינג — זייער אַ וווקסיקן און שיינעם צעשלאָגענעם זקן אין אַ שוואַרץ היטל און אין שבתדיקע קליידער. די משפחה, אַ גרויסע, איז אפנים באַשטאַנען פון אויסגעגעבענע זין און טעכטער, פון איידעמס, שניר און אייניקלעך. פאָרויס, מיט אַ פאַרבלוטיקט אָרט אויף דער באַק ווו מען האָט אים אויסגעריסן אַ שטיק באָרד, האָט געשפּאַנט דער זקן מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ, איבערנעמעריש, ווי דאָס וואָלט שפּאַנען געשענדעטע צוויי טויזנט יאָר פון יידן, — מען האָט זיך געיחוסט מיט זייערע אבות, מען האָט דאָ אין שטאָט אויפן הויפּטאיינגאַנג פון א מאָנאַסטיר מיט די אותיות

פון זייער אוראַלטער שריפט אָנגעשריבן דעם נאָמען פון זייער גאָט יהוה (יעהאָווא) — — און מען האָט זיי געשענדעט".

נישט קיין איינגאַנג אין אַ מאָנאַסטיר איז עס געווען; נישט יהוה איז מיט יידישער אַלטער שריפט געווען דאָרט אויפגעשריבן; קיינער פון דער משפחה האָט אים נישט באַגלייט; און אונדזער אַלעמענס שיינדלינג, אונדזער זקן איז נישט צעשלאָגן געוואָרן, ער איז דערמאָרדעט געוואָרן!!!

(„די גאָלדענע קייט", נומער 23, 1955)

# דער רעוואָלט פון בענקשאַפט

## 1. פּראָזע אין פּאָעזיע

נישט וועגן דעם אָנהייב פון דעם נוסח, פון אַריינפירן פּראָזאַישע עלעמענטן אין דער פּאָעזיע וויל איך דאָ רעדן. קאָן זיין, אַז דער נוסח האָט זיך אָנגעהויבן מיטן צילבאַוווסטזיניקן אַריינפירן פון סאָציאַלע מאָמענטן אין דער פּאָעזיע; קאָן זיין, אַז פּאַקטיש האָט ער זיך אָנגעהויבן נאָכן קראַך פון נעאָ־ראָמאַנטיזם (אַזוי איז עס יעדן פאַלס געווען אין אייראָפּע); און קאָן זיין, אַז דער נוסח געדויערט אַזוי לאַנג, ווי לאַנג ס׳דויערט פּאָעזיע בכלל. ווארעם, איז דען מעגלעך אַפילו די סאַמע פּאָעטישסטע פּאָעזיע אָן פּראָזאַישע עלעמענטן? ס׳גייט דאָך נאָר אין די פּראָפּאָרצן. ס׳גייט נאָר אין דעם, וויפל קאָן אַ פּאָעטיש ווערק אַסימילירן, צוייגענען, פאַרדייען פּראָזאַישע עלעמענטן, אָן וועלכע אַ פּאָעטיש ווערק קאָן גאָרנישט עקזיסטירן. שטילערהייט, אָן וויכוחים, אונטער פרעמדע נעמען און פרעמדע פּראָבלעמען, זענען וועגן דעם מחולק אַלע פּאָעטישע שולעס און ריכטונגען און שטרעמונגען — זינט פּאָעזיע איז געקומען אויף דער וועלט.

און אָט אין דעם, אין שאַפן און פעסטשטעלן די פּראָפּאָרצן צווישן די פּאָעטישע און פּראָזאַישע עלעמענטן אינעם ליד, איז משה לייב האַלפּערן געווען אַ נאָוואַטאָר, ממש אַ רעוואָלוציאָנער.

וואָס האָט ער אַזוינס געטאָן?

ער האָט גענומען הונדערט פּראָצענט פּאָעזיע און הונדערט פּראָצענט פּראָזע און געמאַכט דערפון אַ הונדערט־פּראָצענטיק ליד (ובכן ווידער הונדערט פּראָצענט פּאָעזיע). ער האָט געטאָן אַ זאַך, וואָס אין דער וועלט פון חשבון איז עס נישט מעגלעך, וואָס איז נאָר אפשר מעגלעך אין דער וועלט פון פּאָעזיע. ער האָט פון איינס פּלוס איינס געמאַכט איינס, נאָר אַ גרויסע איינס ($1=1+1$). האַלפּערן אַליין וואָלט געוועזן געזאָגט, אַז ער האָט אַריינגעגנאַרט צוויי קעץ אין איין זאַק אַריין. ער שלאָגט מיטביידע פויסטן. ער האַלט אין די הענט ביידע פּאָלוסן. און די פּאָעזיע און די

פראָזע נעמען זיך אין זיין ליד ביי די קעפּ. און דער דיכטער איז דאָ נישט קיין סתם צוקוקער. ער האָט נישט סתם אַזוי זיך אָנגערייצט די פּאָעזיע און די פּראָזע איינע אויף דער אַנדערער. ער איז דאָ אַ שטאַרקער מחותן אין דער שפּיל, משה לייב האַלפּערן. ער איז דער פּאָעט פון די צוויי כוחות. ער געוועלטיקט איבער זיי ביידע. אין זיין האַרץ און אין זיין מוח גייט עס אָן דער קאַמף. אין זיין האַרץ און אין זיין מוח נעמען זיך דאָס פּאָעזיע און פּראָזע ביים האַלדז.

זיי נעמען זיך, די פּאָעזיע און די פּראָזע, אין האַלפּערנס ליד ביים האַלדז, נישט דערפּאַר ווייל זיי זענען זיך בעצם שונאים, ניין! נאָר ווייל ס'איז ענג די צוויי באַזונדערע פאָרמען אין דער ראַם פון דעם ליד. און אַלע רגע רעוואָלטירט דעריבער עפּעס. אַלע רגע רייסט עפּעס אויף. אין דעם אופן פון שרייבן לידער, אין דעם „מעטאָד" ליגט דער שליסל צו דער פּסיכאָלאָגישער רעטעניש: וואָס שטעלט מיט זיך פאָר האַלפּערנס פּאָעטישער כאַראַקטער?

איז ער געווען אַ כעסן, מ. ל. האַלפּערן? ווער האָט געקאָנט האָבן אַזוי פיל געדולד פאַר אַ מענטשנס ליידן, ווי ער? ווער וואָלט געהאַט אַזוי פיל מענטשלעך און פּאָעטיש סבלנות צו דעם „פּאַן יאַבלאָנסקי", למשל, ווי ער? ווער וואָלט אויף דעם גוי, מיט פּאַסן פון שמיץ אויף יידישע לייבער פאַר זיינע אויגן און מיטן שאָטן פון דער געהאָנגענער דינסט, מאַרינקאַ, אויף זיין געוויסן, — ווער וואָלט אויף אים רחמנות געהאַט, ווען נישט האַלפּערן? ווער וואָלט דעם געוועזענעם פּוילישן פּאַן יידישע טרערן געשאָנקען, ווען נישט ער? („פּאַן יאַבלאָנסקי", פונעם בוך: „אין ניו־יאָרק").

איז ער געווען אַן אַכזר, משה לייב האַלפּערן? ווער ווי ער האָט געקאָנט אַזוי ווייגען און אַזוי מיטוויינען, אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט שענקען די סאַמע פאַרבאָרגנסטע מענטשלעכע קוועלן? ווער האָט געקאָנט אַזוי סובטעל, מיט אַזוי פיל נשמה־דינקייט ארויסברענגען די טיפע פאַר־לוירנקייט, למשל, פון פרויען מיט גרויסע פיס? („וועגן גרויסע און קליינע פיס", פונעם בוך „די גאָלדענע פּאַווע").

איז ער געווען אַ גאָט־לעסטערער משה לייב האַלפּערן? ווער קאָן דען אַזוי לעסטערן, ווי נאָר אַ טיף גלויביקער קאָן דאָס טאָן?

האָט ער געהאַסט די שטאָט? צי קאָן מען דען מיט אַ זאַך וואָס מען האַסט זיין אַזוי שטאַרק נאָענט, ווי נאָענט ס׳איז געווען האַלפּערן מיט דער שטאָט? (לאָמיר זאָגן מיט ניו־יאָרק); צי קאָן מען דען אַ פאַרהאַסטע זאַך קוקן אַזוי אין פנים אַריין, ווי ער האָט דאָס געטאָן? צי קאָן מען דען וועלן אַזוי קענען דאָס וואָס מען האַסט, ווי מ. ל. האַלפּערן האָט געוואָלט קענען און געקענט די שטאָט?

ניין! דאָס אַלץ, וואָס איך האָב אויבן, אונטער פרעג־צייכנס, אויסגע־רעכנט, דאָס אַלץ איז דער פּאָעט נישט געווען.

מ. ל. האַלפּערן האָט נאָר געטאָן אַ זאַך, וואָס אַפילו אין דער פּאָעזיע קאָן מען דאָס אויך נישט טאָן. ער האָט באַהאַפטן צוויי ווירקלעכקייטן, די טאָג־טעגלעכע און די פּאָעטישע, אין איין גרויסער דיכטערישער ווירק־לעכקייט. ער האָט נישט גענומען קיין שטיקל הימל מיט אַ שטיקל ערד, נאָר ער האָט גענומען דעם גאַנצן הימל מיט דער גאַנצער ערד; ער האָט גענומען דאָס גאַנצע האַרץ מיטן גאַנצן מוח; ער האָט גענומען די גאַנצע פּראָסטע (נישט פּשוטע, נאָר טאַקע פּראָסטע) שפּראַך מיט דער גאַנצער פּאָעטישער שפּראַך. און צוויי ווירקלעכקייטן קאָנען צוזאַמען און אויף איין אָרט נישט עקזיסטירן. דאָס דאָזיקע געזעץ איז חל נישט נאָר אויף דער געאָמעטריע, נאָר אויך אויף דער פּאָעזיע, ווי אויף דער קונסט בכלל.

איז געשען, אַז ווען פּאָעזיע קומט צום וואָרט, איז עס אויפן חשבון פון אַ שטיק ווירקלעכקייט, מוז אַ שטיק ווירקלעכקייט אַרונטערגעריסן ווערן. קומט ווירקלעכקייט — מוז אַ שטיק פּאָעזיע אַראָפּגעריסן ווערן; קומט פאַנטאַזיע, מוז די וואָר אַוועק, קומט די וואָר, איז זי אַזוי נאַקעט און ברוטאַל, אַז פאַנטאַזיע האָט קיין אָרט נישט אין דער וועלט; קומט אמת, מוז דער שקר פאַרשווינדן, און מאָלט ער דעם שקר, איז ער אַזוי גרויזאַם, אַז דער אמת קאָרטשעט זיך אין דרייען; קומט שיינקייט, קאָן מיאוסקייט קיין שום קיום נישט האָבן, מאָלט ער מיאוסקייט, איז זי אַזוי גרויליק, אַז די שיינקייט פאַרשטעקט זיך ערגעץ ווו פאַר חרפּה. אַלץ איז קאַליזיע, אַלץ איז צוזאַמענשטויס, אַלץ איז קאַטאַסטראָפע.

נאָר דער סובטילער האַלפּערן האָט געקאָנט זיין אַזוי ברוטאַל. נאָר ער, וואָס האָט געקאָנט אַרויסהויבן די סאַמע דינסטע געפילן, האָט געקאָנט

דערצו באַנוצן אַזאַ „גראָבע“ שפּראַך. ווייל די שפּראַך איז שוין דאָ גאָר־נישט מער ווי סימבאָל. און וועמען אַרט דעמאָלט וווּלגאַריטעט? ווער האָט שוין בכלל מורא פאַר דרייסטע און דראַסטישע אויסדרוקן אין דער פּאָעזיע נאָך באָדלערן און נאָך אַרטור רעמבאָ?

איך וויל דערמיט נישט צווינקען און אָנדייטן אויף השפּעות. וועגן השפּעות האָט שוין געזאָגט מיין רבי, ר׳ שמחה. ווען די תּלמידים האָבן אים געפרעגט, הלמאי אַז מען לערנט ביי אונדז אין חדר גיטין צי שבת, לערנט מען די זעלבע מסכתא אין אַלע חדרים, האָט ר׳ שמחה געענטפערט, אַז דאָס איז נישט קיין אָפּגעשמועסטע זאַך. נאָר יעדן זמן גייט אַראָפּ אַ בת־קול פון הימל און רופט אויס, אַז דעם זמן זאָל מען לערנען די אָדער אַן אַנדערע מסכתא. אַזוי איז אויך מיט פּאָעזיע. פון צייט צו צייט גייט אַראָפּ אַ בת־קול פון הימל און רופט אויס אַזאַ צי אַנדער נוסח אין דער פּאָעזיע, ווי אין דער קונסט בכלל. נאָר די צייט (דער זמן) אין פּאָעזיע איז נישט די זעלבע, וואָס אין חדר. דערנאָך קומען נישט־באַרופענע פּאָעטן און נאָך מער נישט־באַרופענע קריטיקער און מאַכן פון בת־קול אַן „איזם“.

צוריקגייענדיק צו די צוויי ווירקלעכקייטן (די טאָג־טעגלעכע און די פּאָעטישע), דאַרף געזאָגט ווערן, אַז מ. ל. האַלפּערן האָט זיי גענומען פאַר זיין פּאָעזיע נישט קיין פּאַרטיקע. פאַרקערט, ער האָט זיי גענומען אין גאַנצן נישט פּאָרמירטע. ער האָט גענומען דעם גאַנצן רוי־מאַטעריאַל פוןביידע ווירקלעכקייטן. דאָרט (למשל, אין דער באַלאַדע), ווו ער האָט יאָ גענומען עפּעס פאַרטיקס, נישט די פאָרעם פון דער באַלאַדע, נישט די באַלאַדע גופא, נאָר דאָס „באַלאַדישע“, דאָרט איז ער אפשר געווען רויִקער און גלייכוואָגיקער, אָבער זיין וואָרט און זיין בילד האָבן דאָרט נישט דער־גרייכט די עקספּרעסיע, ווי דאָס געשעט אין אַנדערע זיינע לידער.

די צוויי ווירקלעכקייטן אין איין דיכטערישער פאָרעם, וואָס איז אין רעזולטאַט כסדר קאַטאַסטראָפע, כסדר קאָליזיע, כסדר רעוואָלט, פירן סוף־כל־סוף אין האַלפּערנס פּאָעזיע צו אַ הויכן אַקאָרד. און זיין אַקאָרד וואָס איז ווי יעדער אקאָרד, בעצם האַרמאָניע, פירט זיין פּאָעזיע ווידער צו רעוואָלט, צום רעוואָלט פון בענקשאַפט.

ווען די אָנהענגער פון „איזמען“ וואָלטן דווקא געוואָלט וויסן צו וואָס

פֿאַרא שול איך פֿאַררעכן מ. ל. האַלפּערנען, וואָלט איך זיי געזאָגט, אַז אַפֿילו אין דער „פּראָלעטאַרישסטער״ צייט זיינער איז ער געווען נישט ווייניקער סימבאָליסט ווי רעאַליסט. ס׳איז גענוג איבערצולייענען אַזאַ ליד זיינס, ווי „סאַקאָ־וואַנזעטי״. („משה לייב האַלפּערן״, ערשטער באַנד, אַרויסגעגעבן פֿון מ. ל. האַלפּערן־קאָמיטעט).

## 2. „די אונטערגייענדיקע וועלט״

אַלע וועלטן, אין וועלכע פּאָעזיע האָט זיך, ווען דאָס זאָל נישט זיין, אַנטוויקלט און דערגאַנגען צו גאָר גרויסע הייכן, זענען געווען אונטער־גייענדיקע וועלטן (גריכנלאַנד, רוים, דער סוף פֿון מיטלאַלטער, דער פּע־סימיסטישער ראָמאַנטיזם. ערשט די צווייטע העלפֿט פֿון נײַנצנטן און דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט, וואָס הערט נישט אויף אונטערצוגיין). און יע־דע פּאָעזיע, יעדער פּאָעטישער אופֿן, יעדער פּאָעטישער נוסח האָט זיך זיין אונטערגייענדיקע וועלט. פּאַקטיש גייט יעדן פּאָעט זיין וועלט אונטער. אַ פּאָעט וואָס זיין וועלט גייט אים נישט אונטער, קאָן זיין אייגענע וועלט פֿון פּאָעזיע נישט אויפֿבויען. ער קאָן העכסטנס מיטבויען, אָבער נישט אויפֿבויען. און פֿון די מיטבויער שטאַמט דאָס דער בבל־טורעם און דער גאַנצער תוהו ובוהו אין דער וועלט פֿון פּאָעזיע.

נישט נאָר דעם פּאָעט, יעדן מענטש גייט זיין וועלט אונטער, נאָר דער פּאָעט קלויבט צונויף ווי אַ גאָלד־זוכער, צי ווי א שמאַטע־קלייבער, די אונטערגייענדיקע וועלטן. אָדער מען וואַרפֿט זיי אים גאָר אונטער פֿאַר זיין טיר.

דער מענטש וויל זיין פֿריי. אפֿילו אַ הונט, ווען מען בינדט אים אָפּ פֿון דער קייט, גיט ער אַ לויף, אַז עס שווינדלט אַזש פֿאַר די אויגן (דאָס איז ביי אים אַ פֿרייהייטס־רעפֿלעקס). דעם מענטשנס ווילן צו פֿרייהייט איז געוואָרן און ווערט אויף פֿאַרשידענע אופֿנים שענדלעך אויסגענוצט. אָבער ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט זיין, זעט מען דאָס דווקא אָן דאָרט, וווּ מען איז צום מענטש ליבעראַל, אין דער אַזוי גערופֿענער ליבעראַלער וועלט. דאָרט, וווּ מען האָט געגעבן דעם מענטש אַ סך פֿרייהייט, און,

קודם כל, די פרייהייט פון ראַנגלען זיך מיטן אייגענעם גורל, צו ראַנגלען זיך פאַר אַ ביסל פרייד און פאַר אַן אָרט אין דער וועלט.

און פשוט, פּראָסט פשוט און שוין גאָרנישט אַזוי פשוט, צו ראַנגלען זיך וועגן ברויט צו דער זעט, צי בלויז אויף צו שטילן דעם הונגער, צו ראַנגלען זיך וועגן אַ גאַנצער זויל צו די שיך, וועגן אַ דאַך איבערן קאָפּ, זאַכן וועגן וועלכע ס'איז שוין היינט נישט „מאָדערן" צו רעדן, און אוודאי נישט צו שרייבן.

מיט וויפל מענטשלעכן עלנט, פאַרלוירנקייט, איינזאַמקייט, דערשלאָגע־נקייט, מיט וויפל אָפּהענטיקייט און פאַרלאָזנקייט זענען אָנגעלאָדן און אָנגעביילט מ. ל. האַלפּערנס לידער. וויפל אוממענטשלעכע בלינדקייט, קאַלטקייט, אַכזריותקייט, געמיינקייט, פאַלשקייט ווערט געשילדערט אין די געדיכט באַשריבענע זייטלעך מיט זיינע לידער.

און ס'וואַקסט אַן דער פּראָטעסט. און אונטער זיין גרויסער פעדער איז דער פּראָטעסט מאַכטיק. און ער זאָגט אָפּ דער וועלט דאָס לעבן. אָבער זיין אָפּזאָגן איז מאַכטיקער פון זיין צוזאָגן. זיינע לידער פון פּראָ־טעסט זענען אָן פאַרגלייכלעך שטאַרקער פון זיינע געציילטע לידער וועגן דעם, וואָס „עס וועט זיין".

ליידן און אומעט — זענען מ. ל. האַלפּערנס קעניגרייכן. אָבער דאָס געהער שוין צו גאָר אַנדערע פּאָעטישע קאַטעגאָריעס.

די אונטערגייענדיקע וועלט — איז די יחידישע וועלט. זי גייט אונטער פאַר יעדן מענטש באַזונדער. דערפאַר גייט זי קיין מאָל נישט אונטער.

זי קאָן נישט אונטערגיין, ווייל מענטשלעכע ליידן זענען אייביקע; ווייל דאָס מענטשלעכע שטרעבן צו שיינקייט איז אייביק, ווייל מענטש־לעכע טרוימען זענען אייביק אָן חילוק ווען זיי ווערן געטרוימט און וווּ; מחמת דאָס פאַרגיין פון צייט און מענטש איז אַן אייביקע דערשיינונג, אָן אונטערשיד פון צייט, פון אָרט און מלוכה־רעזשים אין וועלכן דער מענטש לעבט.

זי קאָן נישט אונטערגיין די אונטערגייענדיקע וועלט, ווייל ליידן — איז לעבן, געראַנגל, און איבערגעליטן — איז טויט, באַנקראָט.

נאָר מיין פרוי — ניט אַנדערש אַ מלאך אין הימל
געשיקט, מיך קראַנקן צו היטן.
צו ליידן — זאָגט זי — איז אַלץ נאָך בעסער
ווי צו האָבן איבערגעליטן.

און דאָס לעבן גייט צוקינד מיט גוטסקייט
אין דער בייזקייט פון פרויען אפילו,
און ביינאַכט ווען מען זעט נישט ווייגען זיי אפשר,
ווי אַ צדיק יום כפור צו נעילה.

מען קאָן דאָך ניט — זאָגט זי — מאָנען ביים שפיגל
וואָס מען זעט ניט מיט די אויגן.
און ס'איז ניט זייער שולד וואָס מיר זוכן אייביק
אין אַלצדינג רעגנבויגן.

(„לאָס־אַנדזשעלעס״, משה לייב האַלפּערן, ערשטער באַנד)

דער כללישער סאָציאַלער פּראָטעסט און די יחידישע אונטערגייענ־דיקע וועלט טרעפן זיך צונויף אין האַלפּערנס ליד. און ווידער איז עס קאָליזיע. ווייל ווען די וועלט פונעם כלל זאָל זיך אַפילו טויזנט מאָל בייטן, וועט די יחידישע וועלט בלייבן די זעלביקע (ד. ה. די וועלט פון אינטימער שיינקייט, פון פערזענלעכן ליידן, פון ווען און שטערבן אאַז״וו). און די יחידישע וועלט, — נישט די וועלט פון אַלץ, נאָר די וועלט פון יעדער זאַך, נישט דער גורל פון אַלע יחידים, נאָר דער גורל פון יעדן יחיד, — איז די וועלט פון פּאָעטן, ווייל אין פּאָעזיע איז: „אין בכלל אלא מה שבפרט״.

אָבער אַפילו דעם יחיד, נישט נאָר דעם קלאַס, באַקומט זיך אין האַלפּערנס ליד לויט זיינע (דעם יחידס) פּאַרדינסטן. וויפל פאַראַכטונג ער האָט פאַרן פּאַרפעצטן, איבערגעפּרעסענעם און צופרידענעם פון זיך „בורזשואַ״, אַזוי פיל עקל האָט ער צום קליינעם, פּחדנותדיקן „פּראָלעטאַ־ריער״, מעג דער לעצטער ציטערן מיטן גאַנצן לייב פאַר זיין און פאַר זיינע קינדערס שטיקל ברויט. טייטלענדיק מיט דעם פינגער אויף דעם מיזער־נעם נפשל, שרייט ער מיט ביטערער איראָניע אין קאָפּ פון זיינס (האַלפּערנס)

אַ ליד: „מאַך פאַר אים די רעוואָלוציע, מאַך אים!" (אָדער נעמט, למשל, אַזעלכע לידער, ווי: „אַט איז ער דאַך", צי „דאָס ליד פון יידישן קאָ־וואַל", פונעם בוך „די גאָלדענע פּאַווע")

בכלל איז מ. ל. האַלפּערנען באַשערט געווען אַפּטער צו שטיין אויפן הר עיבל, ווי אויפן הר גריזים, ס׳איז אים באַשערט געווען אָפּטער צו זאָגן אָרור, ווי ברוך. און קעגן דיכטערישער באַשערטקייט קאָן זיך אַפילו דער דיכטער און די דיכטונג נישט העלפן.

נישט קיין דיכטער פון כעס און נישט קיין דיכטער פון האַס איז ער געווען. ער איז געווען דער דיכטער פון זיין ביטערער באַשערטקייט. אַט וואָס ער זאָגט וועגן זיך אַליין:

מיר איז רעכט ניט איינמאָל אַליין זיך צו וואַרפן<br>ווי אַ זאַק מיט הינט אין וואַסער,<br>און פאַראַן לייט אַזוינע מיט ברילן<br>וואָס רופן מיך מענטשנהאַסער.

דאָס כאַראַקטעריסטישסטע אין דעם אופן פון האַלפּערנס שאַפן, — איז דער מאָמענט פון איבערראַשונג. פּלוצלונג גיט ער אַזוי אַ קער מיטן ליד, פּלוצלונג גיט ער עס אַזאַ דריי אויס, אַז דאָס ליד הייבט אָן צו גיין אויף גאָר אַנדערע וועגן, ווי ביז איצטער. פון שאַרף רעאַליסטישע בילדער גייט ער איבער צו סימבאָליסטישע, פון איידעלער מענלעכער פאַרשעמטקייט — צו אָפענער ברוטאַליטעט, פון דינע לירישע שטימונגען — צום אויסברוך פון שוימיקן געשריי.

יאָ, אַ שטיקל צולהכעיסניק איז ער געווען משה לייב האַלפּערן. אָבער זיין צו להכעיס איז נישט געווען דיך צו רייצן, נאָר אָנצוצינדן. און אין דער פּאָעזיע איז דער דין, אַז דאָס וואָס ברענט נישט, דאָס לייכט נישט און וואַרעמט נישט.

## 3. „ליידן און אומעט"

ווען ס׳וואָלט זיך געפינען אַ בעלן איבערצוציילן וויפל מאָל די ווערטער: „ליידן" און „אומעט", און זייערע עקוויוואַלענטן, חזרן זיך

איבער אין מ. ל. האַלפּערנס פּאָעטישע ווערק, וואָלט זיך באַקומען אַ גאָר בכבודיקע ציפער. אַ ביסל איז דאָס אַ נעאָ־ראָמאַנטישער מאַניער. מ. ל. האַלפּערן איז טאַקע געווען דער „אַנפאַן טעריבל" פון דער יידישע פּאָעזיע, אָבער דאָך אַן אייניקל, צי גאָר אַ בן־זקונים פון דער נעאָ־ראָמאַנטישער עפּאָכע. און גוט וואָס ער איז דאָס געווען. ווייל דאָס איז טראַדיציע. און דער וואָס וויל, זאָל דאָס אָננעמען פאַר אַפּיקורסות, נאָר איך וועל דאָך זאָגן, אַז האַלפּערנס גערייצטקייט און צערייצטקייט, זיין טראָציקייט און זיין קאָקעטירן מיט עם־הארצות, איז געקומען פון דעם, וואָס אים האָט אויסגעפּעלט טראַדיציאָנעלער אָנשפּאַר (נישט אין פּאָעטישן, נאָר אין גייסטיקן זין). ער האָט געזען די אויסגעהוילטע „טראַדיציאָנעלישקייט" פון דער אַלטער היים און די טראַדיציעלאָזע פּוסטקייט פון דער נייער היים. פון דעם אויסּפעלן פון טראַדיציאָנעלן אָנשפּאַר נעמט זיך, אין אידעישן זין, דער טראַגישער מהלך, לאָמיר זאָגן, צווישן ח. נ. ביאַליקס „המתמיד" און משה לייב האַלפּערנס „לייב־בער".

זיין ברעכן אַלע פּאָעטישע טראַדיציעס, אין בילד און אין אויסדרוק, איז אַ פּועל־יוצא פון זיין פּראָטעסט קעגן אויספּעל פון טראַדיציע. טראַדי־ציע געמיינט קודם־כל ווי אַ קאָמפּלעקס פון יסודות אויף וועלכע ס׳שפּאַרט זיך אָן פון אייביק און אויף אייביק די האַרמאָניע פון וועלט און מענטש, און דאָס איז אין דער ערשטער ריי: אמת, יושר, פרייהייט, ברידערלעכקייט און שיינקייט.

ער האָט דערפּאַרמירט דאָס ליד. ער האָט עס אַרויסגעריסן פון די ביז איצטיקע גרענעצן. ער האָט געזוכט פאַר דעם לידס אינהאַלט נייע אופנים און נייע וועגן. ליד איז ביי אים קיין מאָל נישט געווען קיין ציל פאַר זיך. ליד איז געווען זיין אויפרייס־שטאָף. מיט זיין צעטרייסלען האָט ער געוואָלט אויפטרייסלען. ער האָט געזוכט אַ וועג. ער האָט זיך געוואָרפן אויף גראָטעסק, הומאָר און אַפילו שאַרזש. זיין באַרעדעוודיקייט האָט זיינע לידער נישט אַלע מאָל אַ טובה געטאָן, אָבער ער האָט אין יעדן ליד זיך געוואָלט אַרויסזאָגן אין גאַנצן און אין יעדן ליד זיך אָנהייבן פון דאָס ניי.

ער פלעגט יעדעס מאָל אָנטאָן אַ נייעם לבוש. ער האָט זיך יעדעס מאָל אַנדערש פאַרשטעלט, בכדי זיך כסדר צו אַנטפּלעקן. ער האָט געזוכט אמת אויף אַלע וועגן, און אַלע זיינע וועגן האָבן געזאָלט פירן צום אמת.

אין אַלע זיינע ראָלעס האָט ער קיין איין מאָל נישט פּאָזירט. אַמבעסטן האָט אים געפּאַסט די ראָל פון אַ קעניג, אָבער:

פרעגט מען ביים לאַמטערן־שיין,
צי איך וויל אַ קעניג זיין,
זאָג איך — ניט פון אַט דער וועלט.

זיין פאַנטאַזיע איז נישט געווען קיין דורכויס פאַנטאַסטישע. זי האָט שטענדיק אַ רעאַלן רוקנביין, אָדער אַן איבערראַשנדיקע רעאַלע „פּוענטע" (נעמט למשל אַזאַ ליד, ווי „האָרש־בער דער קוילנטרעגער"). אין טייל לידער דערמאָנען זיינע פאַרבן און זיינע בילדער די בעסטע מוסטערן פון פראַנצויזישן אימפּרעסיאָניזם.

זיין פאַר־טעכניק (אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן) איז געווען אַ מאָלערישע. ווען ער פלעגט פון עפּעס אינספּירירט ווערן, האָט ער פריער געזוכט אַ פאַרענטפערונג פאַר דעם אופן פון אויסדרוק, ווי פאַרן אויסדרוק גופא, און ווּעלכן ער איז אגב געווען זיכער. ער האָט טאַקע געקענט די שוואַכקייט פון ווערטער, ער האָט אָבער אויך געקענט דעם כוח פון דעם פייער, וואָס צינדט זיי אָן:

נאָר אַפילו ווען איך טראַכט אַז איך פּלאַפּל
ווי אַ קימפּעטעאָרן וואָס רעדט פון היץ —
וואָס טויג דאָס מיר,
אַז דאָס וואָרט, מיין ציר,
גיט זיך אייביק פון מיר אַרויס אַזאַ צאַפּל,
ווי ביינאַכט אַ בוים ווען עס טרעפט אים אַ בליץ
וואָס צינדט אים אַ צעבראָכענעם אונטער.

(משה לייב האַלפּערן, ערשטער באַנד)

ער האָט וווּנדערבאַר אין זיך פאַראייניקט שכל מיט עמאָציע. ער האָט געהאַט אַ שאַרף אויג פאַר מענטשלעכע שוואַכקייטן. ער, דער קליינשטעטלדיקער בחור, האָט זיך נישט דערשראָקן פאַר דער גרויסשטאָטישער טעכניק (וואָס רופט זיך ציוויליזאַציע), אים האָט נאָר געאַרט און פאַרדראָסן דער פוסטער געטומל, וואָס דאָס ביסל שטאָל און אייזן מאַכט אָן. ער

**איז געוואָרן אומברחמנותדיק סאַרקאַסטיש. ער האָט געביסן מיט בייסיקער איראָניע. ער איז אָבער אויך געווען פול מיט איידעלער גוטסקייט:**

נאָר דאָ לאָזט ער ווידער רעדן זיין פרוי
וואָס איז ליבער פון אים און בעסער אויך:
— ווי גרויס אַ רויך זאָל נישט זיין, משה לייב,
איז נאָך אַלץ דאָ אַ הימל אין דער הויך,
און אַזוי, זאָגט זי, איז מיט אַלצדינג אויך.

אַ מענטש זאָל ליב האָבן די זון
באַדאַרף ער זען, אַז ס׳איז דאָ אַ נאַכט,
און אַ טויטן באַווײנט מען צוליב דעם,
מען זאָל זיך פרייען מיט אַ קינד, וואָס לאַכט,
ווי מיט דער זון וואָס פאַרטרייבט די נאַכט״.

(„דער מוסר־זאָגער און פאַלשער פּאָעט״. פונעם בוך: „די גאָלדענע פּאַווע״)

**מען דאַרף נישט האָבן צו אים קיין טענות, אַז ער האָט געוויסע פּראָבלעמען נישט ריכטיק באַהאַנדלט, נישט ריכטיק אָפּגעשאַצט. צום עיקר האָט ער שטענדיק געהאַט אַ גערעכטן צוגאַנג, בעסער געזאָגט, אַ צוגאַנג פון אַ גערעכטן. נאָר די קליין־מענטשלקייט און קליינלעכקייט און נישט־אויפריכטיקייט האָט אים געאַרט, גערייצט, אָפּגעשטויסן און פון אַ יאָ־זאָגער, געמאַכט פון אים אַ ניין־זאָגער. ער איז אויך ביי זיין גאַנצן אינטערנאַציאָנאַליזם געווען אַ פייערדיקער ייד, א קנאי, הערט:**

איך זאָג:
אַזוי ווי מען פילט צו אַ פּנים פון פייער פאַרברענט,
אַזוי ווי מען פילט צו אַ מענטש וואָס האָט אָרעמס אָן הענט, —
אַזוי פיל איך מיטלייד און עקל צום יידישן ווייב,
וואָס לאָזט פון אַ גוישער האַנט זיך באַרירן דאָס לייב.
דריי מאָל שפּיי איך אויס ווען איך גיי פאַר אַ קלויסטער פאַרביי, —
ווען איך וואָלט געקאָנט וואָלט איך שפּייען מיט גליענדיק בליי
אויף קינדער, וואָס טראָגן אין זייערע בלוטן די זינד
פון יידישע טעכטער וואָס שלאָפן מיט גוישע הינט.

(פון דעם בוך: „אין ניו־יאָרק״)

צום שענסטן איז אים, משה לייב האַלפּערנען, געווען אינעם ראָמאַנ־טישן שלייער, אַ ליידנדיקן און אַן אומעטיקן. ער פּאָרט „אין דער פרעמד״, אויף אַ שיף, ער טוט גאָרנישט, נאָר אין אים טוט זיך אַלץ. ער האָט צייט, ער יאָגט זיך נישט. ער זאָגט אַלץ אויס און אַרויס. ער גייט איבער פון שטי־מונג צו שטימונג, פון טאָן צו טאָן. ער אַקטואַליזירט נישט, ער אייביקט (זע זיין פּאָעמע „אין דער פרעמד״ פון בוך „ניו־יאָרק״).

ס׳איז אַ גרויסער מהלך צווישן די צוויי פּאָעמעס (אין דער פרעמד״ און „אַ נאַכט״), וואָס פאַרמאַכן דאָס גרויסע בוך „אין ניו־יאָרק״, ווי מיט אַ קלאַמער. די ערשטע פּאָעמע הייבט זיך אָן אַ ביסל בייראָניסטיש, מיט געזעגענען זיך, מיט פאַרלאָזן די היים, מיט לאָזן זיך שווימען ערגעץ אין דער פרעמד. פאַראַן ראָמאַנטישע שטימונגען אין dolce far niente, און שווערע רעאַליסטישע בילדער און שטימונגען פון אַן אומעטיקער, גרויער היים (ביי האַלפּערנען — מיינט „היים״ נישט דורכאויס זיין אייגענע, דאָרט ווו ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן, נאָר „היים״ איז דער טייטש און דער מיין — דער אַלגעמיינער פּאָן פון יידישן קליינשטעטלשן לעבן). און איבער דעם אַלעם שוועבט דער גייסט פון אַ גרויסער פּאָעטישקייט, פון אמתן נישט פאַרפּאָעטיזירטן אומעט און פון אמתן ליידן.

אין דער פּאָעמע „אַ נאַכט״ געפינען זיך אַלע עלעמענטן פון האַלפּערנס שפּעטערע שאַפונגען. פאַראַן דאָרט אַן אומרויִקער, געריסענער ריטעם, אַ גערייצטקייט, גראָטעסק, פאַראַן אַ סך וויזיע, אַ געוואַגטקייט און אַ געוואַל־טיקייט. אין דער פּאָעמע „אַ נאַכט״ איז אויך דעצידירט געוואָרן האַלפּערנס גורל, צו זיין אָפּטער דער פּאָעט פון הר עיבל, ווי פון הר גריזים. דאָ, אין דער פּאָעמע, האָט דער דיכטער זיך אויך אַליין באַשטימט, זיין ראָל נאָכן טויט:

און שטאַרבנדיק זאָלסטו אַרומוואָגלען אויך,
און קיינמאָל געשטאָרבן ניט זיין,
דערפאַר וואָס דו שלעפּסט מיט דיין קעניגס־טרוים אונדז
אַן אויפהער, לאַנד אויס און לאַנד איין.

(„אַ נאַכט״)

משה לייב האַלפּערנס קללה אויף זיך אַליין האָט פאַרוואַנדלט זיין קעניג־טרוים, זיין אומרויִקן און קיין מאָל נישט באַפרידיקטן גייסט — אין אַ ברכה פאַר דער יידישער פּאָעזיע און פאַרן יידישן שעפערישן וואָרט.

## 4. די רעוואָלט פון בענקשאַפט

בדרך־כלל איז אָנגענומען צו באַטראַכטן בענקשאַפט, ווי אַ פּאַסיוון צושטאַנד (אויב מען קאָן בכלל אַ נאָרמאַלן פּסיכישן צושטאַנד באַצייכע־נען ווי אַ פּאַסיוון). דאָס אויבן געזאָגטע נעמט זיך דערפון, וואָס בענקען בענקט מען געוויינלעך נאָך אַ זאַך, וואָס מען האָט שוין אַמאָל געהאַט; נאָך אַ מענטש, וועלכער איז געווען (שוין געווען) נאָענט; נאָך אַן איבערלעבע־ניש, וואָס איז אונדז געווען טייער; נאָך אַ געשעעניש, וואָס איז אונדז געווען ליב. הייסט עס: מיר בענקען נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס איז שוין אַמאָל געווען אין קרייז פון אונדזער אַרביטע, פון אונדזער רשות־היחיד.

פאַרלאַנגען נייע זאַכן, נייע געשעענישן, נייע איבערלעבענישן, איז אַן ענין פון שטרעבן און נישט פון בענקען.

בענקשאַפט, ווי אינטענסיוו זי זאָל נישט זיין, איז פאַרבונדן מיט קאָנ־טעמפּלאַציע. זי איז אַפילו פאַרבונדן מיט אַ סטאַטישע פּאָזיציע. למשל: מען זיצט און מען בענקט, מען ליגט און מען בענקט, צי האָט איר שוין געהערט, אַז מען זאָל לויפן און בענקען?

ווייל בענקשאַפט איז אַ געוואַלטיק אינטענסיוו געפיל מוז עס זיך אָנקערן מיט עפּעס קאָנקרעטס, אויף עפּעס אַזוינס וואָס איז שוין אַמאָל געווען, אָדער אפשר פאַרקערט, ווייל דער צושטאַנד (בענקשאַפט) קערט זיך אָן מיט אַ קאָנקרעט, איז ער אַזוי אינטענסיוו.

בענקשאַפט איז אַחוץ אינטענסיוו אויך עקסקלוזיוו און יחידיש. איר אינטענסיווקייט נעמט זיך פון איר יחידישקייט און איר יחידישקייט פאַר־שטאַרקט איר אינטענסיווקייט.

שטרעבונג קאָן פאַרווירקלעכט ווערן דורך אָרגאַניזאַציע, דורך אַ קאָלעקטיוו. בענקשאַפט קאָן רעאַליזירט ווערן נאָר אינעם יחיד אַליין און דורכן יחיד אַליין.

די אַלע כּללים וועגן בענקשאַפט זענען אָבער נישט חל אויף משה לייב האַלפּערן.

זיין בענקשאַפט איז נישט געווען קיין פּאַסיווע, נאָר אַן אַקטיווע; זיין בענקשאַפט איז געווען רעוואָלט, רעוואָלט קעגן דעם אַלעם, וואָס רויבט אַוועק פון דעם יחיד דאָס יחידישע: דאָס רעכט צו דיספּאָנירן מיט זיך אַליין, צו זיין דער בעל־הבית איבער זיך אַליין, איבערן אייגענעם בלוט און פליש, איבער די אייגענע געפילן און אייגענעם געוויסן. זיין בענקשאַפט איז די בענקשאַפט צו אַ וועלט, וואָס דאַרף ערשט רעאַליזירט ווערן, צו אַ וועלט פון שיינקייט, פון אידעלע געפילן, פון געלויטערטער עראָטיק, פון געטריישאַפט, פון אמת, פון אויפריכטיקייט, פון דרייסטקייט, פון פריי־הייט און גערעכטיקייט.

אויף משה לייב האַלפּערן קאָן מען זאָגן, אַז ער איז געלאָפן און געבענקט. ער האָט זיך אַריבערגעטראָגן ווי אַ שטורעם אין דער יידישער פּאָעזיע. ער האָט געריסן און אויפגעריסן. ער האָט דינאַמיזירט דאָס יידישע וואָרט, דאָס פּאָעטישע וואָרט.

ליידער איז דאָס יידישע לעבן אַזוי שטורמיש, אַזוי פיל איז דורך דער צייט אין בייזן רעש אומגעקומען און פּאַרטיליקט געוואָרן, אַז וואָס איז שוין אפילו דער שטאַרקסטער שטורעם פון אַ פּאָעט קעגן דער מהומה פון די פינצטערע כוחות, וואָס האָבן זיך געטראָגן און געהערשט איבער אונדזער פאָלק? אין דעם שטורעם, וואָס איז אַריבער איבער די יידישע קעפּ האָט אַפילו די מאַכטיקע פּאָעטישע שטים פון מ. ל. האַלפּערן פאַר־לוירן אַ סך פון איר ראשית כוחה, פון איר ערשטער קראַפט.

ער האָט להיפּוך צו אַלע בענקשאַפטן נישט געבענקט צו דעם וואָס איז שוין געווען, נאָך דעם, וואָס ער האָט שוין געקענט. ער האָט צו פיל געקענט די אָפּהענטיקייט און אָפּגעלאָזנקייט און נישט־שיינקייט פונעם קליינשטעטלשן לעבן ער זאָל נאָך דעם בענקען. ער האָט צו פיל געפילט די האַרטקייט און אומדערבאַרעמדיקייט פונעם קליינשטעטלשן מענטש — ער זאָל נאָך אים בענקען. ער האָט צו פיל געזען קליינע מענטשעלעך אַרום זיך, אַז ער זאָל נאָך זיי בענקען. בירושה האָט ער געבראַכט אויף דער וועלט די נייגונג זיינע צו הומאָר, גראָטעסק און שאַרזש. צו זיין קרום־שפּיגלדיקן משפּט איבער דער וועלט האָבן זלאָטשעוו און ניו־יאָרק, אָט

דער דאָזיקער משוגהדיקער צונויפפּאָר, אים צוגעגעבן אַ שפּאָר ביסל גאַל און פאַרביטערונג.

ער איז געווען צו קלוג — ער זאָל נישט וויסן דעם בייזן כוח פון אַ הערשנדיקן קלאַס. ער האָט אָבער נישט נאָר דעם הערשער נישט געטרויט, ער האָט דעם באַהערשטן אויך נישט געטרויט.

אַ חוץ אין דער פּאָעמע „אין דער פּרעמד״, וועלכע איז אַ געמיש פון ראָמאַנטיזם און רעאַליזם, אין וועלכער ס׳איז פאַראַן בייראָניסטישער יאוש און מכלומרשטע רו׳קייט, האָט האַלפּערן כמעט מער נישט גערוט. זעלטן ווען אין אַ קליין ליד, אָפּטער אין עטלעכע סטראָפן פון אַ ליד, ווו ער לייגט אַריין אין מויל פון זיין פּרוי זיינע רירנדיקסטע טענער און ווערטער, אָדער אין סטראָפעס וועגן זיין בן־יחיד. בדרך כלל איז ער געווען ריינער אומרו.

אין זיין בוך „אין ניו־יאָרק״ איז זיין אומרו געהאַלטן געוואָרן אין שטרענג פאָרמעלע ראַמען. אין „די גאָלדענע פּאַווע״ איז זיין אומרו׳קייט אָפּטמאָל איבערגעגאַנגען אין טראַציקייט (הן אין אינהאַלט, הן אין די בילדער, פאַרב, וואָרט). ער האָט נישט געזוכט קיין מיטלען געפעלן צו ווערן. ער וואָלט זיך געפילט אומגליקלעך, ווען ער וואָלט געוווסט, אַז זיינע לידער געפעלן אַלעמען. ער האָט נישט געוואָלט סתם אימפּאָנירן, ער האָט געוואָלט, אַז זיין וואָרט זאָל האָבן די שווערסטע וואָג. ער האָט אויף איין שאָל פון דער וואָג געלייגט זיינע לידער און אויף דער צווייטער שאָל — זיין גאַנץ לעבן. און עס האָט זיך געדאַרפט באַקומען אַ גלייכוואָג.

נישט אַלע מאָל האָט זיך עס באַקומען. אַ מאָל האָט אים זיין פּאָעטי־שער טעמפּעראַמענט אַוועקגעפירט צו ווייט. אַ מאָל האָט אים זיין טראַצי־קייט פאַרראַטן. אָבער פּאָעט איז ער געווען אויף יעדן טריט און אויף יעדן שריט. אַן אַ שיעור ליריזם ליגט פּזרנותדיק צעוואָרפן אַפילו אין די גראָטעסק־לידער זיינע.

אין זיין בוך „אין ניו־יאָרק״ איז אויך פאַראַן טראַציקייט, אָבער נאָר אין אינהאַלט און אין וואָרט, נישט אין דער פאָרעם גופא. דאָ ווערט זיין אומרו רעגולירט דורך אַ גאַמע, ס׳איז אַזוי ווי די כוואַליעס פון אַ שטור־מישן ים, ס׳שאַפט זיך דער אַזוי גערופענער אַריטמישער ריטעם. אין די

לידער פון נאָך „די גאָלדענע פּאַווע" איז האַלפּערן טיילוויז צוריקגעקומען צו דעם אופן פון „אין ניו־יאָרק".

ער האָט אויפגעהויבן דאָס ליד אויף די העכסטע הויכן און טייל מאָל עס געשליידערט צו דער ערד. ער האָט דאָס געטאָן נישט בכדי דאָס ליד צו צעברעכן, נאָר כדי בעתן אַראָפּפאַלן זאָל זיך פון דעם ליד אָפּשיילן די שאָל און ס׳זאָל זיך ווייזן זיין ריינע אוממיטלבאַרקייט. אַפילו דורך די סאַמע פאַרפלאָנטערסטע וועגן האָט ער געוואָלט דערגרייכן די אוממיטל־באַרקייט אויב זי האָט זיך נישט געלאָזט נעמען פּנים אל פּנים.

ביי זיין גאַנצן אומגלויבן און אומצוטרוי האָט ער דאָך געגלייבט אין דעם כוח פונעם וואָרט, און דאָס וואָרט האָט אים זעלטן ווען גענאַרט, דאָס וואָרט האָט נישט געוואָגט אים צו נאַרן.

זיין גאַנצע פּאָסיע און זיין גאַנצן טעמפּעראַמענט האָט ער אַריינגעלייגט אין דעם, אַז זיין וואָרט זאָל זיין איבערצייגעוודיק. עס איז אים נישט גע־גאַנגען אין דעם, אַז זיין וואָרט זאָל זיין דורכויס שיין, נאָר אַז די סענסי־טיוויטעט, וואָס דאָס וואָרט רופט אַרויס, ווען ס׳ווערט געשטעלט אין אַ פאַרבינדונג מיט אַנדערע ווערטער, זאָלן זיין ניי. אים איז ווייט נישט געגאַנגען אין דעם, אַז זיין וואָרט זאָל זיין שיין (אין דעם אַלגעמיין אָנגע־נומענעם באַגריף), נאָר אַז זיין וואָרט זאָל געשטעלט ווערן אין אַ נייער פאַרבינדונג מיט אַנדערע ווערטער, אַז עס זאָל וועקן אונדזער בענקשאַפט נאָך אַ געהויבענעם מין שיינקייט, וועלכן האַלפּערן האָט קיין מאָל נישט אָפּגעטיילט פון אמת.

דער גרויסער וואָלט וויטמאַן האָט שוין געהאַט לאַנג געעפנט ברייט די טויערן פון פּאָעזיע פאַר יעדער מין סענסיטיוויקייט. מ. ל. האַלפּערן האָט דורך דעם ברייטן טויער אַריינגעפירט דאָס יידישע וואָרט, די יידישע פּאָעזיע. קיין שום סענסיטיוויקייט האָט נישט געקאָנט און נישט געטאָרט בלייבן פרעמד דער פּאָעזיע, און פון פּאָעזיע וואָס איז נישט דער וועג צו אַלע הרגשותן האָט ער נישט געהאַלטן.

מ. ל. האַלפּערנס בענקשאַפט צו אַ פולן, אַדעקוואַטן אויסדרוק האָט רעוואָלטירט קעגן יעדן מין שאַבלאָן. ער האָט געצילט אין צענטראַלן פּונקט, אינעם האַרץ פון דער פּאָעזיע, און די פּאָעזיע האָט געצילט אין זיין האַרץ.

מיט אַ מאָל האָבן זיי זיך ביידע אָפּגעשטעלט. דאָס האַרץ אויף אייביק, די פּאָעזיע — אויף אַ מינוט שטילשווייגן.

די פּאָעזיע זיינע איז ווייטער געגאַנגען. זיין פּאָעזיע האָט מען אָנגעהויבן באַנוצן צו „כירורגישע" צוועקן. דאָרט וווּ מען האָט געדאַרפט אַ שאַרפן שנייד טאָן, האָט מען ציטירט זיין ליד. ער אַליין אָבער האָט געשניטן מיט שאַרפקייט און געבונדן מיט גוטסקייט. צו קליינקייט, קליינלעכקייט און פאַלשקייט איז ער געווען אומברחמנותדיק. זיין גרויס וואָרט האָט איבערגעשפּרייזט און געטראָטן אַלץ, וואָס איז קליין און מיזערנע. זיין רעוואָלט פון בענקשאַפט גייט ווייטער אָן, כל זמן ס׳גייט אָן דער קאַמף פאַר אמת און פאַר אמתער פּאָעזיע.

(„די גאָלדענע קייט", נומער 23, 1955)

# דער פּאָעט און די וועלט

## 1. וואָס וויל דער פּאָעט?

וואָס וויל דער פּאָעט? וויל ער אַראָפּברענגען דעם הימל אויף דער ערד, צי וויל ער גאָר די ערד אויפהייבן צום הימל? וויל ער גיין אויף דער ערד מיט הימלישע טריט, צי וויל ער גיין אויף דעם הימל מיט ערדישע טריט? ווי אַזוי טראַכט ער צוזאַמענצוברענגען ביידע וועלטן, די ווירקלעכע און די פּאָעטישע? ווי אַרום טראַכט ער צו פֿאַרבינדן וואָרט מיט געפֿיל, געפֿיל מיט טאַט? ווי אַזוי מיינט ער דאָס אַלץ? ווי אַזוי פֿאַר־שטייט ער דאָס אַלץ? ווי אַזוי פֿילט ער דאָס אַלץ?

די דאָזיקע פֿראַגעס זענען אייביקע. מען קאָן זאָגן, אַז זיי זענען שוין אַפֿילו באַנאַלע. פֿאַרשטייט זיך, אַז נישט דערפֿאַר זענען זיי באַנאַלע, ווייל זיי זענען אייביקע. באַנאַל קאָן ווערן נאָר דאָס, וואָס חזרט זיך כסדר, אין דער זעלבער פֿאָרעם איבער. אָבער „אייביק" אַליין דויערט נישט און חזרט זיך נישט איבער. אין דער אייביקייט גערדויערן געוויסע צייט־אָפּ־שניטן, כאָטש די אייביקייט גופא געדויערט נישט. ווייל אייביקייט איז נישט צייט, נאָר געפֿיל. יעדן פֿאַלס איז עס אַזוי אין פּאָעטישן זין.

נישט די אויבנדערמאָנטע פֿראַגעס זענען באַנאַלע, נאָר דאָס שטעלן די פֿראַגעס איז אַ באַנאַליטעט. ס׳האָט נאָך קיינער אויף זיי קיין גענעראַ־ליזירטן ענטפֿער נישט געגעבן. נאָר יעדער פּאָעט, אויב ער איז עס אויף אַן אמת, געפֿינט זיך זיין ענטפֿער (אָן אַן ענטפֿער) אויף אַלע די דאָזיקע פֿראַגעס.

און דאָך? און דאָך איז פֿאַראַן אַ געוויסער כלל, עפּעס אַ פּאָעטיש געזעץ, אַ פֿאָרעם אַזאַ, וואָס נעמט דעם קאָמפּלעקס געשטעלטע פֿראַגעס אַרום, פּונקט ווי אין דעם משונהדיק וואַריאירטן לעבנס־געשעען איז פֿאַראַן אַ פֿאָרעם: דער אָנהייב און דער סוף, דאָס געבוירן ווערן און דער טויט.

דער אמתער פּאָעט פֿירט אַרויס סיי די ווירקלעכע און סיי די פּאָעטישע וועלט פֿון זייערע ביז איצטיקע דימענסיעס. אויף וויפֿל ס׳געלינגט אים צו געווינען פֿאַר זיי אַן אָרט און אָנשפּאַר אויסער זייערע אייגענע דימענסיעס

(דאָס אויף וואָס אַרכימעדעס האָט אַזוי געבעטן פֿאַר דער אַסטראָנאָמישער וועלט), אויף אַזוי פֿיל קאָן אים אויך געלינגען זיי צו פּאַראייניקן (און פּאַר־אייביקן) און זיי צוריקברענגען, שוין פּאַראייניקט און פּאַרגאַנצט, אין דער רעאַלער וועלט, אין דער קינסטלערישער רעאַלער וועלט.

פּאָעטן געאָרדנטע, מיט גוטע מאַנירן, וואָס לעבן שוה־בשוה מיט דער געזעלשאַפֿט (מיט יעדער געזעלשאַפֿט), און מיט דער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדענונג — פֿירן אַרויס זייערע וועלטן עלעגאַנט, אונטער דער האַנט, געאָרעמט. פּאָעטן רעוואָלטירטע, וואָס לעבן נישט שוה־בשוה נישט מיט דער געזעלשאַפֿט, און נישט מיט דער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדענונג, און נישט מיט זיך און נישט מיט יענעם, אַזעלכע פּאָעטן נעמען זייערע וועלטן, סיי דיווירקלעכע און סיי די פּאָעטישע, ווי משה לייב האַלפּערן האָט דאָס געטאָן, מעשה קונדס, ביי די אויערן און שטעלן זיי קודם־כּל אַרויס אונטער דער טיר.

און ווי לעכערלעך ס׳איז דער קעניג, וואָס באַפֿעלט איינצונעמען די וועלט און שפּעטער ווייזט זיך אַרויס, אַז אין זיין שלאָס קאָן די איינגענומענע וועלט נישט אַריין, ווייל מען האָט פֿאַרגעסן צו נעמען פֿון איר אַ מאָס, ווען מען האָט געמאַכט די טיר (זע מ. ל. האַלפּערן „די מעשה מיט דער וועלט״, פֿון זיין בוך „די גאָלדענע פּאַווע״), אַזוי לעכערלעך זענען די פּאָעטן, וואָס פֿירן אַרויס זייערע וועלטן פֿון זייערע ביז־איצטיקע דימענסיעס און דערנאָך קאָנען זיי נישט זיי צוריקפֿירן אין דער קינסטלעריש־רעאַלער וועלט, ווייל זיי האָבן נישט קיין מאָס, נישט אין זיך און נישט אויסער זיך, פֿאַר דעם וואָס זיי ווילן, צי פֿאַר דעם וואָס זיי האָבן שוין אַפֿילו געשאַפֿן. אַרויספֿירן די וועלטן פֿון זייערע דימענסיעס איז אויך נישט לייכט, נאָר דער שווערפּונקט פֿון קינסטלערישן פּראָבלעם ליגט אין דעם צוריקברענגען זיי אין דער קינסטלעריש־רעאַלער וועלט. נישט דעמאָלט, ווען דאָס געפֿיל איז אין פּאָעט, ווען עס וויברירט אין אים, קאָן עס ווערן קינסטלערישע פֿאָרעם און אינהאַלט, נאָר ווען דאָס געפֿיל גייט פֿון פּאָעט אַוועק און קומט צוריק, ווי די טויב אין נחס תּיבֿה, ערשט דעמאָלט ווערט עס מוכשר פֿאַר פּאָעטישער פֿאַרפֿיקסירונג. דעצידירנדיק אין קינסטלערישן פּראָצעס איז דער מאָמענט פֿון צוריקקומען, ווען דאָס פּאָעטישע געפֿיל קומט צוריק צו דעם אָרט, פֿון וואַנען עס איז אַרויס. דאָס איז דער מאָמענט פֿון סוביעקטיווער אָביעקטיוויזאַציע.

„די מעשה מיט דער וועלט" איז נישט סתם אַ ליד, ס'איז מער ווי אַ ליד. ס'איז אַ וועלט־אויסבליק, כמעט אַ שיטה. תלי תלים געדאַנקען קאָן מען אין דעם אָנהענגען. מ. ל. האַלפּערן האָט דאָס ליד געקאָנט פאַרשטיין ווי ער האָט געוואָלט, ווי זיין געפיל האָט אים דיקטירט, אָבער קאָנען קאָן מען עס קאָמענטירן, מפרש זיין אויף די פאַרשידנסטע אופנים. ווייל עין פּנים לקונסט, אויף זיבעציק אופנים קאָן קונסט פאַרטייטשט און פאַרשטאַנען ווערן.

מ. ל. האַלפּערן האָט נישט געהערט צו די פּאָעטן, וואָס ווילן צוריקפירן זייערע אַרויסגעפירטע וועלטן און קאָנען נישט, ווייל זיי האָבן נישט געפונען קיין פּאַסנדיקע מאָס פאַר דעם, וואָס זיי אַליין ווילן שאַפן. ניין. ער האָט דאָס יאָ געקאָנט טאָן, ער האָט דאָס דווקא יאָ געקאָנט באַווייזן, נאָר זייער זעלטן האָט ער דאָס געוואָלט. ער האָט נישט געוואָלט אָביעקטיוויזירן. ער האָט געוואָלט, אַז זיין ליד זאָל כסדר און אומאויפהערלעך זיין דינאַמיש. ער האָט געוואָלט, אַז דער קאַמף וואָס גייט אָן צווישן די וועלטן (דער פּאָעטישער אוןווירקלעכער), ווען זיי געפינען זיך אויסער זייערע דימענסיעס, אָט דער קאַמף זאָל ווייטער אָנגיין, אַפילו שוין דעמאָלט, ווען די צוויי וועלטן פאַראייניקטע (לויט האַלפּערן: מכלומרשט פאַראייניקטע) קומען צוריק, ווערן צוריקגעבראַכט אין דער רעאַלער וועלט (אין דער קינסטלעריש־רעאַלער וועלט).

אַזוי אַרום ווערט קלאָר, פאַר וואָס זיין פולשטענדיק געענדיקט ליד, אַפילו דאָס, וואָס איז שלימותדיק אין דער פאָרעם, האָט אין זיך עפּעס אַזעלכעס, פון וועלכן עס באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז דאָס ליד איז נאָך אַלץ אין צושטאַנד פון „ווערן".

האַלפּערן האָט אפשר גאָר אין דער כסדרדיקער דינאַמישקייט פון זיין מכלומרשט נישט־פאַרענדיקטן ליד געזוכט די שלימותדיקייט פון פאָרעם. יעדן פאַלס האָט זיין תשוקה, זיין גוואַלדיקע בענקשאַפט צו פאַראייניקן ליד און טאַט באַקומען אַזוי אַרום, אויף דעם אופן, אויב נישט קיין פולשטענדיקן תיקון, איז על־כל־פּנים אַן עקוויוואַלענט פון תיקון, אַ וועג צום תיקון.

האָט אים אפשר אין דעם כסדרדיקן קאַמף צווישן דער ווירקלעכער און

פּאָעטישער וועלט, מיט וועלכן זיין ליד איז פול, — געצויגן און געלאָקט דאָס הפקרדיקע פון וועלכן אַזאַ קאַמף איז קיין מאָל נישט פריי?

נישט פאַראַן קיין מער סתירותדיקע באַגריפן ווי — הפקר און קונסט. דאָס איז אַ contradictio in adjecto. מעג דער פּאָעט זיך אויסטאָן נאַקעט, מעג ער רעדן די ברוטאַלסטע רייד, מעג ער זיך פאַרשטעלן פאַר אַ קלאָון צי פאַר אַ גאַסן־פויקער, מעג ער טאָן וועד ווייסט וואָס, מוז ער אָפּגעבן פון דעם אַלעם אַ גענויען קינסטלערישן דין וחשבון (יעדער קינסטלערישער דין וחשבון איז במילא גענוי). אויף וויפל דער קינסטלערישער חשבון שטימט, אויף אַזוי פיל איז אפילו די משונהדיקסטע שאַפונג פּאָעזיע. שטימט אָבער נישט דער קינסטלערישער חשבון, וועט דאָ גאָרנישט העלפן, קיין שום דרייעכצער און אַרויסדרייעכצער, קיין שום קונצנמאַכעריי האָט נאָך קיין מאָל דער קונסט נישט געהאָלפן און נישט פאַרטרעטן.

משה לייב האַלפּערן האָט פיינט געהאַט הפקרות, יעדער מין הפקרות און קינסטלערישע — אוודאי און אוודאי. נאָר אין זיין פּאָעטישער דינאַמיש־קייט, אין זיין ווידערווילן צו אָביעקטיוויזירן האָט ער אַמשטאַרקסטן באַ־קעמפט די פּאָעטיזאַציע. ער האָט שוין גיכער געוואָלט וווּלגאַריזאַציע ווי פּאָעטיזאַציע. ווייל פּאָעטיזאַציע איז דער סוף פון פּאָעזיע, און וווּלגאַריזאַ־ציע קאָן זיין אַ דערוויייליק מיטל, אַ פּאַליאַטיוו אָפּצוהאַלטן דעם נעקראָטי־זירנדיקן, דעם אָפּטויטנדיקן פּראָצעס פון פּאָעטיזאַציע.

אויב ער האָט אַ מאָל זיך באַנוצט מיט פּאָעטיזאַציע, איז עס נאָר געוועזן אויף אַזוי פיל, אַז ער זאָל קעגן דעם אימוניזירט ווערן. אויב ער האָט אַ מאָל אָנגעטאָן אויפן פּנים אַ פאַלשע מאַסקע, איז עס געוועזן צוליב דעם, אַז זי זאָל אים פאַרהיטן פאַר אַן אמתער, ד. ה. פאַר אַ שטענדיקער.

ער האָט בתכלית השנאה פיינט געהאַט דעם פאַלשן פּאָעט. ער האָט אים געשמיסן מיט דער קאַלטער רוט פון פרעמדקייט:

נאָר דער מוסר־זאָגער און פאַלשער פּאָעט, —
זייער געוויין איז אונדז אייביק פרעמד,
אַפילו אין נאַכט־אַזיל דער באָסיאַק,
וואָס טרייסלט אויס אויף אונדז דאָס העמד,
איז אונדז קיין מאָל נישט ווי זיי אַזוי פרעמד.

(„ליכט — מיין וואָרט". מ ל. האַלפּערן, ערשטער באַנד)

אַלע מ. ל. האַלפּערנס אופנים צו פּאַרפּיקסירן קונסט זענען פּאַקטיש און אייגנטלעך גאָרנישט צו דעם צוועק. זיי זענען נאָר נאָך און נאָך פּרוביר־שטיינער פאַר זיין פּאָעטישער עכטקייט. ער האָט זיך אַליין נישט געטרויט. אָבער אויף וויפל ס׳געלינגט אים אַפילו אין די סאַמע משונהדיקסטע אופנים (פון גראָטעסק און בורלעסק) אַרויסצובאַקומען די לירישע שטי־מונג, און נישט נאָר די שטימונג, נאָר דאָס יחידישע אין דער שטימונג, אויף אַזוי פיל איז אַפילו דער עקספּערימענטירנדיקער אופן זיינער, דער וואָס דינט נאָר ווי אַ קינסטלערישער פּרוביר־שטיין — אויך אמתע קונסט.

משה לייב האַלפּערן האָט נישט געוואָלט פּאָעטיש אָביעקטיוויזירן, ווייל ער האָט געגלייבט, אַז נישט נאָר יעדער פּאָעט, נאָר יעדעס ליד האָט זיך זיין גורל. ער האָט נישט געוואָלט אָביעקטיוויזירן, ווייל ער האָט נישט געוואָלט פאַרלויפן דעם לידס גורל. אין דער פּאָעטיזאַציע, וואָס איז אַן אומגליקלעכער פּועל־יוצא פון אָביעקטיוויזאַציע, האָט ער געזען די ענד־גילטיקע און ווילקירלעכע אָפּשליסונג פון לידס גורל. די אָפּשליסונג, וואָס איז אַזוי פול מיט פּאָעטיזאַציע און אַזוי ווייניק פּאָעזיע.

דער פּאָעט משה לייב האַלפּערן האָט געוואָלט, אַז אין מדבר פון צוואַקסענע פּאָעטישע געוויקסן און ווידערגעוויקסן זאָל דווקא ברענען דער פּאָעטישער סנה, דער פּאָעטישער דאָרן — און דער דאָרן זאָל קיין מאָל נישט אויפהערן צו ברענען. און זיין פייער זאָל קיין מאָל נישט פאַרלאָשן ווערן.

## 2. דער גורל פון אַ ליד

משה לייב האַלפּערן האָט אָנגעצונדן דעם פּאָעטישן דאָרן, וואָס האָט געברענט און געשמאָכט. קיינער האָט צו אים און צו זיין פּאָעזיע נישט געקאָנט בלייבן גלייכגילטיק. אָדער מען האָט אים פיינט געהאַט, אָדער מען האָט אים פאַרערט. אָדער מען איז מיט אים און נאָך אים מיטגעגאַנגען, אָדער מען איז פאַר אים אַנטלאָפן מיילן ווייט.

אַזוי האָט ער געוואָלט, אַזוינער האָט ער געוואָלט זאָל זיין דער גורל פון זיין ליד:

אַט אַזוי ווי דורכגעריסן,
דורכגעריסן, דורכגעביסן
מיטן קאָפּ ווי דורך אַ וואַנט,
איבער שטעג און וועג און לאַנד״...

(מ. ל. האַלפּערן: „דער גאַסן־פּויקער״, פון בוך „ניו־יאָרק״)

אַזאַ גורל האָט ער אויסגעקליבן פאַר זיין ליד כמעט אין אָנהייב פון זיין שווערן און מיפולן פּאָעטישן וועג. אָבער גורל קאָן מען זיך נישט אויסקלייבן, נישט נאָר פאַר זיך נישט, נאָר אפילו נישט פאַרן אייגענעם ליד, וואָס ווערט דאַכט זיך דורכן פּאָעט, און נאָך דערצו דורך אַזאַ ציל־באַוווסטזיניקן פּאָעט ווי האַלפּערן, פאָרמירט און איבערפאָרמירט אין יעדער איינצלהייט. אויב מען גלייבט, אַז יעדעס ליד האָט זיך זיין אייגענע נשמה (נישט נשמהדיקייט), און יעדער אמתער פּאָעט מוז אין דעם גלייבן, נישט ער מוז, נאָר ער קאָן אַנדערש נישט, ווי אין דעם גלייבן, מוז ער אויך גלייבן, אַז יעדעס ליד האָט זיך זיין גורל, וועלכער איז אי פאַרבונדן אי אומאָפּהענגיק פון דיכטערס גורל.

דער גורל פונעם ליד הייבט זיך נישט אָן דעמאָלט, ווען דאָס ליד ווערט געבוירן, ווען ס׳שניידט זיך אָפּ, אַזוי צו זאָגן, פון דיכטערס נאָפּל, ווען דאָס ליד הייבט אָן צו לעבן אַ זעלבשטענדיק לעבן, ווען ס׳געזעגנט זיך מיטן פּאָעט און ס׳הייבט אָן דעם אייגענעם גאַנג איבער דער וועלט. ניין. עס הייבט זיך אָן ווען דאָס ליד געפינט זיך נאָך אין זיין עמבריאָנאַלן צו־שטאַנד, אין מוח צי אין האַרץ פון פּאָעט. ווען דאָס ליד איז נאָך דערווייל נישט מער, ווי אַ קלאַנג, אַ בילד, א זעונג, אָן אידעע. אָט דעמאָלט אין דער רגע איז דער גורל פון דעם ליד און פון דעם פּאָעט פאַרקניפּט און פאַרבונדן, אָבער וואָס ווייטער און וואָס מער, וואָס גרעסער און רייפער ס׳ווערט דאָס ליד, אַלץ מער צעגייען זיך זייערע גורלות. טייל מאָל ווערט דאָס געשאַפענע ליד מיט זיין שעפער, דעם פּאָעט, אייביקע פריינד, און נישט זעלטן ווערן זיי זיך דם שונאים.

פאַראַן דיכטער, וואָס גיבן זיך אונטער פון דער ערשטער רגע אָן דעם גורל פונעם ליד, דאָס זענען דיכטער פאַטאַליסטן. פאַראַן דיכטער, וואָס וואַרפן אָן דעם ליד אויסשליסלעך זייער אייגענעם גורל, זיי מאַכן באַדיי

שלום מיטן אייגענעם גורל, אַבי צו באַהערשן דאָס ליד. דאָס זענען דיכטער סאַטראַפּן, באַצווינגער (מכלומרשטע באַצווינגער). פאַראַן דיכטער, וואָס פאַרטוישן גורל מיט מאַניר, מיט פּאָזע. זיי נעמען אָן זייער אייגענע מאַנירקייט, זייער פּאָזע — פאַרן גורל פון זייער ליד. דאָס זענען דיכטער פּאָעטיזאַטאָרן. און פאַראַן דיכטער, וואָס שטייען כסדר און אומאויפהער־לעך אין קאַמף מיט זיך, מיט דער וועלט און מיטן ליד. דאָס זענען דיכטער רעבעליאַנטן.

צו דער קאַטעגאָריע דיכטער געהער משה לייב האַלפּערן.

ער האָט געוווסט און געפּילט דעם גורל פון ליד און האָט זיך אים געוואָלט קעגנשטעלן, ער האָט געקענט דעם כוח פון גורל, דאָך האָט דאָס אים נישט אָפּגעהאַלטן פון ווידערשפּעניקן אים. ער האָט ווידערשפּעניקט דעם גורל (זיין לידס גורל), ווייל ער האָט געוואָלט פון אים נאָך, ווייל ער האָט געוואָלט פון אים אַלץ, ער האָט געוואָלט פון אים עכטקייט.

ווייטקייט — דערנענטערט, און די משונהדיקסטע פּאָזעס (אויב זיי ווערן נישט קיין ציל) קאָנען פירן צו עכטקייט. ער האָט זיך נישט געוואָלט מאַכן באַקוועם. ער האָט נישט געזוכט דעם נאָענטן וועג. פאַרקערט, ער האָט געזוכט דעם ווייטסטן. ער האָט נישט געזוכט דעם לייכטסטן אופן (פאָרעם). פאַרקערט, ער האָט געזוכט דעם שווערסטן. געווען אַ צייט, ווען ער האָט אויפגעהערט רעדן אוממיטלבאַר. ער האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן די פאַרשידנסטע געשטאַלטן, אָבער ער האָט אויף זיי אַלע געקאָנט מוותר זיין פאַר איין מאָל טרעפן אין פינטל. ער האָט נישט געזוכט געפעלן צו ווערן, ער האָט נאָר געוואָלט ווירקן. ווי יעדן ביז גאָר ערלעכן מענטש האָט אים געמאַטערט די וואָג (צי די גראַדאַציע) פון די עטישע ווערטן.

אָ, ברידער מיינע!
ווער עס וויל מיין פּאַיאַצן־מיץ מיט די זילבערנע גלעקלעך,
ווייל ער מיינט, אַז ס׳איז גוט געפעלן צו ווערן,
אפשר ווייבער, וואָס זעען אויס ווי שמוגלערס אין די בוזעמס מיט
פּעקלעך,
זאָל עס וויסן, אַז איך גיב אים דאָס אָפּ מיט מיין טיפסטן פאַרנויג
און איך שענק אים (אויב ער באַדאַרף נאָר), אַפילו מיין פויק.

און איך לערן אים אויס, ווי צו קלאַפּן אַזוי מען זאָל הערן,
און מען זאָל זען, אַז פון היינט אָן איז ער דער נאַר,
אויב עס פּאַלט וועמען איין אים אָפּצוגעבן כבוד דערפאַר.
איך אַליין וועל צוריקגיין אַהיים און מיט אַ פאַרקאַטשעטער פּאָלע,
ווי רב משה דער אָרעמער קבֿרן פון ביאַלעקאַמען
וועל זיך אָוועקשטעלן דאָרט ביי אַ פעסל מיט סמאָלע
אויפן מאַרק דעם אַלטן, און אַז סע וועט קומען אַן אָרעמער גוי
ביי וועמען כ׳וועל זען, אַז סע סקריפּעט זיין וואָגן אַזוי,
ווי ביי מיר די נשמה, וועט ער קאָנען ביי מיר
די רעדער אָרומשמירן, אַלע פאַרבלאָטיקטע פיר
פאַר אַ האַלבן גראָשן, און זיך ווייטער פאָרן
געזונטערהייט וווהין ער וועט וועלן.
לאָמיר זאָגן קיין סאַסאָוו, אויב סע וועט אים געפעלן,
אָדער אַפילו קיין סטרעמבליע צי גאָר פּאָמאָרן.

(„דער פויגל מערציפינט״. מ. ל. האַלפּערן, ערשטער באַנד)

**ס׳האָט אים געמאַטערט די פראַגע וואָס איז בילכער: ליד צי טאַט. ער, דער „פּאַרריסענער״ פּאָעט, דער ווידערשפּעניקער, דער צו־להכעיסניק, ער, דער שטורמישער פּאָעט, דער שטירצער, דער צעשטערער פון אַלע ביז דעמאָלט אָנגענומענע פּאָעטישע טראַדיציעס, ער, דער מענטש מיט כוח פון וואָרט, מיט האַסטיקייט פון בילד, ער האָט נישט געהאַט אין זיך קיין שפּור פון דער זעלבסטזיכערקייט, וואָס ס׳האָבן די קליינע פּאָעטלעך, וואָס מיינען, אַז מיטן אָנשרייבן אַ ליד איז מען יוצא כלפּי זיך, כלפּי דער וועלט און דער קונסט.**

**ער, דער „בייזער״ פּאָעט, דער „כעסן״, דער „האַסער״, ער האָט נישט זעלטן געוואָלט פאַרטוישן שיינע מעשים פאַר גוטע מעשים, ער איז גרייט געווען אַוועקצושענקען זיין „מוזע״ און פאַר אַ האַלבן גראָשן שמירן די סקריפּעדיקע רעדער פון אַן אָרעמען פּויערס פור.**

**ווען מען לייענט געטרוי משה לייב האַלפּערנס פּאָעזיע, זעט מען בפירוש, אַז אין דער דאָזיקער שטעלונג זיינער איז נישטאָ קיין שמץ איבערטריי־**

בערישקייט, נישטאָ אַפילו קיין לייכטסטער שאָטן פון פּאָזע. ער האָט מדקדק געווען אויף זיין ערלעכקייט כחוט השערה.

ווען מען זעט וויפל מאָל ס׳חזרט זיך אין זיינע לידער איבער דאָס וואָרט: געוויין (אויב געוויין קאָן בכלל זיין אַ וואָרט), דער פילט ווי דער דאָזיקער זיכערער פּאָעט איז ביי זיך נישט זיכער געווען מיט דער נישט־זיכערקייט פון אמתע פּאָעטן.

און סע ווײנט דאָך שוין אַ יעדער שטיין
אין אָט דעם קעניגלעכן הויז מיינעם;
און בלויז דער קוימען אויפן דאַך
איז ענלעך צו דעם צער וואָס רייסט זיך
אין איין אָטעם צו דער הויך
ווי איבער אים דער רויך — צו ליכטיקייט און גאָרנישט.

(„דאָס קלאָג־ליד פון דעם לעצטן קעניג״. מ. ל. האַלפּערן. באַנד 1)

כאָטש צו ליכטיקייט און דאָך צו גאָרנישט, ווייל אַלץ איז אים געווען וויניק. ער האָט געזען און געפילט, אַז דאָס איז נאָך אַלץ נישט דאָס, וואָס ער וויל. אין דער אוממעכטיקייט צונויפצופּאָרן וואָרט און טאָט, האָט ער אויך, אפשר שוין צו פיל, געזען די אָפטע נישט אַדעקוואַטקייט פון וואָרט און געפיל. לאָמיר דערלויבט זיין צו ציטירן דאָס נאָרוואָס ציטירטע ליד „דאָס קלאָג־ליד פון דעם לעצטן קעניג״:

איך האָב באַשטעלט אַ קרוין,
וואָס זאָל אינגאַנצן איבערגעבן מיין קאַשמאַר, —
דאָס וואַלד־פייער, וואָס ברענט אין מיר,
און וואָס האָט מיר געבראַכט דער גאָלדשמיד מיינער, —
אַ טאָפּ וואָס בלישטשעט ווי אַ ליסע קאָפּ —
אַ סאַמאָוואַר אַ מעשענעם.

יידיש, הונדערטפּראָצענטיק יידיש, איז האַלפּערן געווען אין זיין פּאָעטיש געמיט. ער האָט געהאַט דאָס געמיט פון אַ ייד, פון אַן אייביקן ייד. זיין אינערלעכע אויפגעברויזטקייט איז אַ יידישע, זיין צעבראָכנקייט איז אַ יידישע, זיין אינערלעכע צעטרייסלטקייט איז אַ יידישע. זיין יידישקייט איז

נישט קיין פּראָגראַמאַטישע (פּראָגראַמאַטיש קאָן ער אפילו זיין קעגן יידישקייט, קעגן דער אָדער אַנדערע פּאָרעם, צי אפילו אינהאַלט פון יידישקייט), זיין יידישקייט איז געווען אַ געפילמעסיקע. ער, דער אוני־ווערסאַלער אינדיווידואַליסט, וואָס האָט געהאַט אַזוי פיל קעגנערשאַפט צום סטאַדע־אינסטינקט, האָט אויך געקאָנט האָבן זיין ווידערגעפיל צום וואָרט „פאָלק״, וואָס קלינגט און פאַרקלינגט אַזוי פּראָגראַמאַטיש. אָבער זיין שטאָלץ ווי אַ יחיד איז געווען דער שטאָלץ פון אַ יידישן יחיד, זיין יחידישער גורל איז געווען דער גורל פון אַ יידישן יחיד, און ווייל ער האָט אַזוי גוט און דורכדרינגלעך געפילט גורל, האָט ער געפילט און פאָרויס־געפילט דעם יידישן גורל.

יחידיש קאָן אַ גורל זיין נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל ער איז בשות־פותדיק, אָן בשותפותדיקייט איז בכלל נישט פאַראַן גורל, נאָר אַ קייט פון צופעליקייטן, מעגן די צופעליקייטן זיין ווי אויסטערליש, זענען זיי נאָר פּאָרט צופעליקייטן.

דער גורל פון אַ יידיש ליד איז נישט דער גורל פון סתם אַ ליד, פונקט ווי דאָס יידישע פּאָעטישע געמיט איז נישט דאָס זעלבע וואָס סתם פּאָע־טיש געמיט. סיי דער גורל פון יידישן ליד, סיי דאָס יידישע פּאָעטישע געמיט, זענען פאַרבונדן מיטן יידישן גורל. און דער יידישער גורל איז אַ פּאַטעטישער.

משה לייב האַלפּערן האָט זיך אָפּט דערשלאָגן צו פּאַטאָס. ער האָט אַריבערגעהיפּערט די געשיכטע. ער האָט נישט אָנגעשלאָגן אין פּאַטאָס פון די נביאים (אמתע צי פאַלשע), ער האָט נישט אָנגעשלאָגן אין דער גרויסער דיכטונג, ער האָט אָנגעשלאָגן אין פּאַטאָס פון טאָג־טעגלעכקייט. טאָג־טעגלעך הייסט נישט וואָכעדיק, טאָג־טעגלעך הייסט כסדרדיק און במילא פּאַטעטיש. טאָג־טעגלעך הייסט דער קרבן־תמיד, וואָס מענטשן, פּילנדיקע מענטשן, זענען פון זיך מקריב יעדן טאָג. דאָס איז דער קרבן־תמיד, וואָס אַפילו אין בית־המקדש האָט מען אים מקריב געווען פאַרן קרבן פון שבת און יום־טוב.

אַזוינער האָט מ. ל. האַלפּערן געוואָלט זאָל זיין דער גורל פון זיין ליד. פון פּראָסטע, די סאַמע פּראָסטע ווערטער — צו געלייטערטער פּאָעזיע, פון טאָג־טעגלעכן, כסדרדיקן טאָג־טעגלעכן — צו כסדרדיקער געהויבנקייט.

און ווען עפּעס געלינגט אים פון דעם, שטייט ער אַ זיכערער־נישט־זיכע־רער און שרייט פון פאַרגאַפּונג:

ווער בין איך ? ווער בין איך ? ווער וואָלט זיך געריכט
אַז אַלץ וואָס איך טראַכט, זאָל ווערן ליכט ?

(„ליכט — מיין וואָרט". מ. ל. האַלפּערן, ערשטער באַנד)

## 3. ליריק

ווער עס וויל איצט, ביים היינטיקן טאָג, נעמען האַלפּערנס ליד הונ־דערטפּראָצענטיק, אַזוי ווי ס׳איז בשעתו אויפגעשריבן געוואָרן, דער מוז אויך צוזאַמען מיטן ליד נעמען האַלפּערנס צייט. די צייט פון גוואַלדיקע אויפברויזן, פון מלחמות און רעוואָלוציעס, פון גרויסע דערוואַרטונגען און פון נאָך גרעסערן נישט דערוואַרטן זיך, פון דער צייט פון אַ גרויסער רעוואָלוציע אין יידישן לעבן, פון אַ צייט פון רעוואָלוציאָניזירטן פּאָעטישן וואָרט, פון פאַרפלאָנטערן דאָס וואָרט און פונאַנדערפלאָנטערן עס (נישט דורכויס אויפפלאָנטערן), פון נעמען עס פון אומעטום, פון אַלע פלאַכן, און פון אַלע טיפקייטן.

ווער עס וויל היינט נעמען האלפּערנס ליד הונדערט־פּראָצענטיק, דער מוז גוט אַריינטראַכטן וואָס איז געשען אין האַלפּערנס צייט, אין דעם אופן ווי אַזוי האַלפּערן האָט געזען זיין צייט, וואָס האָט ער געוואָלט פון זיין צייט, ווייל זיינע לידער זענען אַ קורצע, אָבער א ביז גאָר אינטערעסאנטע געשיכטע פון די באַציונגען צווישן פּאָעט און וועלט.

מען קאָן אויך נעמען האַלפּערנס לידער (פאַרשטייט זיך, נישט אַלע), אָן דעם וואָס איז ספּעציפיש פאַר זיין צייט. זיינע לידער האָבן די מעלה, וואָס ווען אַפילו מען נעמט זיי נישט אין גאַנצן, פאַרלירן נישט די טיילן, וועלכע מען נעמט יאָ, גאָרנישט פון זייער גאַנצקייט. דאָס איז נישט דער־פאַר, ווייל האַלפּערנס ליד איז בעצם נישט גאַנץ, שאַפט נישט קיין גאַנצ־קייט. נייך. דאָס נעמט זיך נאָר פון דער שוין אויבנדערמאָנטער דינאמיש־קייט זיינער, פון זיין ווידערווילן צו אָביעקטיוויזירן, וואָס דאָס מאַכט, אַז

אפילו זיין געענדיקט ליד איז נאָך כסדר אין צושטאַנד פון „ווערן". און אין צושטאַנד פון „ווערן" קאָן אַלץ געשען, קאָן אַלץ ווערן און אַלץ ווידער־ווערן.

פון געוויסע האַלפּערנס לידער קאָן דער, וואָס וויל דאָס דווקא, נעמען נאָר טיילן פון זיי. די טיילן וואָס, ווי שטאַמען פון ביימער, פאַרבאַהאַלטן אין זיך די ביאָלאָגישע, צי אַפילו פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן פון וווקס און דויער. די דאָזיקע פּראָצעסן זענען אין אַ געוויסער מאָס זשענירנדיקע, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן. אין טייל האַלפּערנס לידער זענען זיי אויך זשענירנדיק. עפּעס איז אין אים געווען אַ ווילדער ווילן די דאָזיקע פּראָצעסן אויפצודעקן, דעמאַסקירן, און אַ מאָל אויך דיסקרעדיטירן. ער האָט עס נישט געטאָן צוליב שלעכטקייט, צוליב הוילער טראָציקייט, ער האָט נישט געוואָלט קיינעם דענערווירן, אַרויספירן פון געדולד, ער האָט נאָר געוואָלט ארויספירן פון דער גלייכגילטיקייט, ער האָט נישט פאַרטראָגן קיין גלייכגילטיקייט און געוואָלט זי פאַר יעדן פּרייז אויפרייסן, צעשטערן.

האַלפּערן דער עסטעט (דער אמתדיקער, נישט דער סנאָב און נישט דער דענדי), וואָלט אויך געוואָלט באַנוצן שיינע ווערטער אָנשטאָט „מיאוס", דינע אָנשטאָט גראָבע, ער האָט אָבער געזען, אַז זיי זענען נישט צו־געפּאַסט פאַר זיין דור; זיין דור האָט זיך איבערגעגעסן מיט שיינע ווער־טער און איז פאַרסמט געוואָרן פון זיי:

נאָר אומזיסט, וואָס דער פּראַנט באַניוכעט מיין ליד,
ווער סע גאַרט נאָך אַ גאָרטן, ווו אַלצדינג בליט,
און נאָך רייד, ווי נאָך הורן אין די נעכט,
באַשמינקט און באַצירט. — זאָל ער גיין צו דעם קנעכט,
דעם באַרימטן פויגל אין פראַק און שניפּס,
וואָס קניט, ווי אַ כאַם פאַר אַ געץ פון גיפּס;
פאַר זיך אַליין דעם געץ פון גיפּס;
נאָר אויך אים זאָל איינשלינגען די ערד.
איך בין ביי אים דאָס לעבן נישט ווערט
צוליב דעם, וואָס איך האַלט נישט צונויפגעפּאַרט,
ווי אַ הונט מיט אַ צויג, שיינקייט און וואָרט.

(„פאַרדאַמט זאָל ער זיין דער פּראַזן־דרעשער".
מ. ל. האַלפּערן, „די גאָלדענע פּאַווע")

ער איז אָפט מאָל פאַרצווייפלט. ער זעט נישט קיין עצה צו דער פאַרסמונג מיט „זיסקייט און שיינקייט" פון ווערטער און ער שרייט אין גרויסער דעספעראַציע (ווי אין „אַ תפילה פון אַ לומפ") און ער בעט גאָט:

„אָ, העלף מיר, גאָט,
אַז עקלען זאָל פון מיינע רייד".

און ווען ער זעט, אַז ס'איז אָפּגעטראָטן די פאַרסמונג מיט די אַלע ווערטער פון די „פראַזן־דרעשערס", פון די „מוסר־זאָגערס און פאַלשע פּאָעטן" און פון „די זונה — אונדזער פירערשאַפט", גיט ער זיין לעזער, דעקט ער פאַר אים אויף די אמתע און ריינסטע ליריק. אַזוי טוט ער אין אַלע זיינע „זשענירנדיקע" לידער.

און אַז מען דערגייט שוין אין זיין ליד צו דער אמתער האַלפּערנישער ליריק, איז מען אים מוחל דעם איבערגעוווקס פון די ווערטער, אין וועלכער זיין ליריק איז טיילמאָל פאַרפּלאָנטערט, מען איז מוחל די זשענירנדיקייט פון זיינע לידער־שטאַמען, מען איז אים אַלץ מוחל, ווייל דאָמינירנדיק איז אין זיינע לידער די ליריק.

ליריק הייסט נישט דאָ שלום מאַכן, מוחל זיין. ליריק הייסט דערפירן דאָס געפיל צו אַן אַלץ דורכלייכטנדיקער פאַרשטיינשאַפט. ווען האַלפּערן וויל אַלץ וויסן, ווען ער שרייט: „פאַר וואָס?!" דעמאָלט איז ער סאַרקאַסטיש (ליריש־סאַרקאַסטיש), איז ער טראַציק (ליריש־טראַציק), אָבער ווען ער וויל אַלץ פאַרשטיין, ווען ער פרעגט שטיל, פליסטערנדיק: „פאַר וואָס?" דעמאָלט איז ער ליריש (ליריש־ליריש).

מ. ל. האַלפּערן האָט געקאָנט מיט דער צייט בייטן זיינע מיינונגען וועגן פאַרשידענע פּאָליטישע, סאָציאַלע, צי קינסטלערישע פּראָבלעמען. ער האָט געקאָנט אַפילו זיין סתירותדיק אין איין און דעם זעלבן ליד. ער האָט געקאָנט געשליידערט ווערן צווישן עקסטרעמען, געריסן ווערן פון פאַרשידענע שטרעמונגען, אָבער דער עיקר: דער פּאָעטישער טאָן זיינער, זיין פּאָעטיש געמיט איז שטענדיק געווען דאָס זעלבע: — פּאַטעטיש.

האַלפּערן איז געווען אַ פּאַטעטיקער און פאַרבליבן אַ פּאַטעטיקער. ער איז דאָס געווען פון זיין ערשטן ביזן לעצטן ליד, און דורך אַלע זיינע לידער. אַ מאָל האָט ער געשריגן מיט פּאַטאָס, און אַ מאָל האָט ער געפליסטערט מיט פּאַטאָס, און אַ מאָל האָט ער געחוזקט מיט פּאַטאָס.

מיט דעם איז ער נישט געווען קיין יחיד אין זיין דור, נישט ביי אונדז און אוודאי נישט ביי דער וועלט. אָבער מיט זיין ערלעכקייט (מיט זיין פּאָעטישער ערלעכקייט) איז ער געווען אַ יחיד במינו.

ער האָט געקאָנט צוימען זיין פּאַטאָס און יאָרן לאַנג נישט שרייבן. ער האָט געקאָנט שרייבן און יאָרן לאַנג נישט דרוקן דאָס אָנגעשריבענע. ער האָט פּאַמעלעך און אָנשטרענגענדיק געצילט און אָפט געטראָפן.

דאָס וואָס מיר האָבן אויבן געזאָגט, אַז פון געוויסע האַלפּערנס לידער קאָן מען, אויב מען וויל, נעמען נאָר אַ טייל פון זיי, באַציט זיך צו די לידער, אין וועלכע גראָטעסק און בורלעסק פאַרנעמען אַ גרויס אָרט. דער עיקר ווערן דאָ געמיינט די לידער פון בוך „די גאָלדענע פּאַווע". אויך אין די לידער איז פאַראַן אַ שלל פון ליריק, דאָס וואָס איז סוף־כל־סוף דאָס דאָמינירנדיקסטע אין האַלפּערנס פּאָעזיע.

מיר האָבן דאָס געזאָגט בכוונה תחילה. ווייל ס׳קאָן געשען, אַז די וואָס וועלן נישט קאָנען, צי נישט וועלן די אויבנדערמאָנטע האַלפּערנס לידער אָננעמען אין גאַנצן, די וואָס וועלן זיי נישט קאָנען מאַכן אין גאַנצן פאַר אייגן, וועלן גאָר וועלן פון די לידער רעזיגנירן (סימנים דערויף זענען אין אונדזער לעצטער האַלפּערן־קריטיק שוין פאַראַן). אָבער די, וואָס ווילן נישט רעזיגנירן פון קיין איין האַלפּערנס ליד (און באמת, ווי קאָן מען וועלן רעזיגנירן פון איין ליד אַפילו פון זיין ציקל, למשל, „זרחי ביים ברעג ים"?), דער מוז אָננעמען די אויבנדערמאָנטע איינטיילונג, אויף דעם וואָס איז אין איין און דעם זעלבן ליד היינט צו טאָג יאָ אָנצונעמען און וואָס נישט.

דער וואָס וועט זיין קעגן אַזאַ צי אַנדערע איינטיילונג, וועט סוף־כל־סוף דערפירן צו דעם, אַז ער וועט זיך לגמרי אָפּזאָגן פון אַ טייל האַלפּערנס לידער, אָדער האַלטן אַז מען דאַרף זיי איבערשיקן אין קינסטלערישן אַרכיוו. אָבער דער, וואָס וועט יאָ איינגיין אויף אַזאַ איינטיילונג, וועט דורכן אָננעמען אַ טייל פון דעם ליד דערגיין צו זיין גאַנצקייט.

דורך טיילן, דורך פאַנאַנדערטיילן, דורך אַנאַליז, דערגייט מען אָפט צום גאַנצן, צו אַלץ, צום סינטעז. דורך סינטעז, דורך גאַנצן, דורך אַלץ — דערגייט מען נישט אַלע מאָל צום אַנאַליז, צום טייל, צום פּינטל, צום עיקר.

האַלפּערן האָט גאָרנישט געוואָלט מען זאָל אַלע לידער זיינע נעמען

אין גאַנצן. ווען ער זאָל דאָס האָבן געוואָלט, וואָלט ער זיין ליד גאָר אַנדערש פאָרמירט, וואָלט ער עס גאָר אַנדערש צוגעגרייט. ער האָט געפויקט און געשאָלט, ווייל ער האָט געוואָלט צוגרייטן אַן אויער, וואָס זאָל דערהערן דעם עיקר, פונקט ווי עס דונערט און עס בליצט, אָבער דער עיקר איז דאָך דער רעגן, וואָס אַזאַ אַטמאָספערישע אויסלאָדונג ברענגט מיט זיך.

ער האָט געקוועלט און זשעגירט. ער האָט געשפּעט און געשאָלטן, געיאָגט און געשמיסן, ער האָט אויסגעשטעלט די פריינדשאַפט צו זיין פּאָעזיע אויף צענדליקער נסיונות, אָבער דער וואָס איז פאַרבליבן טריי זיין פּאָעזיע, איז ער עס פאַרבליבן אויף לעבן און אויף טויט.

און נאָר דאָס האָט ער געוואָלט. און נאָר וועגן אַזאַ באַציִונג צו זיין ליד האָט ער געטרוימט. משה לייב האַלפּערן האָט אַנדערש נישט געקאָנט שרייבן ווי ער האָט געשריבן, ער, דער פלאָם־פייערדיקער אינדיווידואַליסט, האָט געמוזט האָבן זיין אייגענעם אופן פון אויסדרוק און בילד. ער האָט נישט אינדיווידואַליזירט (פונקט ווי ער האָט נישט פּאָעטיזירט), נאָר געווען דורך און דורך אינדיווידועל, אייגנאַרטיק. און ווייל ער האָט נישט אינדיווידואַליזירט, האָט ער נישט גענומען פון זיך, בלויז פון זיך, פון זיינע אינערלעכע פאַרבאָרגנקייטן, נאָר ער האָט גענומען פון אַלץ און פון אומעטום פאַר זיך, פאַר זיין פּאָעזיע. און דעריבער איז ער ביי זיין גאַנצער אינדיווידועלקייט, עקסקלוזיווקייט און איזאָלירטקייט, געווען דער אַממייסטן מענטשלעכער פון אַ סך מענטשלעכע (נישט מלאכישע) פּאָעטן פון זיין דור.

אין זיינע שטורמישסטע צייטן האָט ער געהאַלטן דעם לירישן קאָמפּאַס אין דער האַנט. לויט אים האָט ער געצייכנט זיין וועג. מיט זיין לירישער פּוֹענטע פלעגט ער אַנקערן אין די סאַמע געפערלעכסטע מאָמענטן. ער האָט נישט גערעדט פון זיך, ער האָט נישט דערציילט פון זיך, ער האָט גערעדט מיט זיך (נישט צו זיך), מיט זיין גאַנצן איך, ער האָט מקיים געווען דעם יידיש־פּאָעטישן „כל עצמותי תאמרנה“, ער האָט אין יעדן ליד זיך געגעבן אין גאַנצן, און אין יעדן ליד זיך אָנגעהויבן פון דאָס ניי.

טאָ וואָס האָט ער שוין געהאַט מורא צו האָבן פאַר אַן איבערפלוס פון ווערטער, פאַר דער דראַסטישקייט פון אויסדרוק, פאַר דער ברוטאַלקייט פון בילד, ווען ער האָט געוווּסט, אַז וויפל איר זאָלט פון אים נישט נעמען, וועט איר אים סיי ווי האָבן אין גאַנצן.

דאָס איז דער סוד פון ליריק. דעם סוד האָט משה לייב האַלפּערן גע־וווּסט. ווייל דאָס איז אויך געווען זיין סוד.

און אַזעלכער ווי האַלפּערן האָט געוואָלט ס׳זאָל זיין דער גורל פון זיין ליד, אַזעלכער איז ער געווען ביי זיין לעבן און אַזעלכער איז ער איצט, איבער צוואַנציק יאָר נאָך זיין טויט. און אַזעלכער וועט זיין דער גורל פון זיין ליד אַזוי לאַנג, ווי לאַנג דער גורל פון יידישן וואָרט און דער גורל פון יידישן ליד וועלן דויערן און גיין איבער דער וועלט.

1955

# אינהאַלט און פאָרעם

## 1. אינהאַלט

נישט פאַראַן אַזאַ אינהאַלט אין דער וועלט, וואָס זאָל נישט קאָנען ווערן פּאָעטישער אינהאַלט. נישט פאַראַן און ס'איז נישט געווען אַזאַ פאַקט אין דער וועלט, וואָס זאָל נישט קאָנען ווערן פּאָעטישער פאַקט.

יעדער אינהאַלט האָט זיך זיין צייט, ווען ער ווערט צייטיק, רייף, מוכשר צו ווערן פּאָעטישער אינהאַלט. די פּאָעטישע פאָרעם, דאָס איז די צייט, אין וועלכער דער אינהאַלט ווערט רייף צו ווערן פּאָעזיע (און אַזוי איז אין אַלע געביטן פון עכטער קונסט).

קינסטלער, אַפילו די סאַמע רעוואָלוציאָנערסטע, זענען בעצם געוואַל־טיק קאָנסערוואַטיוו. אַ קינסטלער וויל אָפּשטעלן די צייט, דאָס הייסט — ער וויל שאַפן אַ פאָרעם פאַר זיינע איבערלעבענישן, געפילן, געדאַנקען. אויף דער צייט, ווען ער שאַפט די פאָרעם, מוז ער אָפּשטעלן די צייט. אויף וויפל דאָס לעצטע געלינגט אים, אויף אַזוי פיל איז זיין פאָרעם אַ שלימות־דיקע. דער קינסטלער האַלט אין איין שרייען: „שמש בגבעון דום וירח בעמק אילון" (יהושע י' י"ב). אַפילו דאָס דינאַמישע מוז זיך דאָך אויף אַ רגע אָפּשטעלן בכדי לובש צורה זיין, בכדי אָנצונעמען אויף זיך אַ באַ־שטענדיקע פאָרעם. אַפילו דאָס ברעכן פון אַלע אָנגענומענע קינסטלערישע פאָרמען איז דאָך נאָר אויך דאָס אַוועקגיין פון אַלע ביז איצטיקע צייטן, בכדי צו דערגיין היינט צו דער צייט פון מאָרגן, דאָס הייסט — אויסנוצן היינט די פאָרעם פון מאָרגן, קאָנסערווירן היינט די מאָרגנדיקע פאָרעם.

די קינסטלערישע פאָרעם איז ענג פאַרבונדן מיט דער צייט. נאָך מער, זי איז צייט גופא. קינסטלערישער אינהאַלט קאָן זיין אַלץ, אַפילו די פאָרעם פון ווערק. ווען זי פאַראייניקט זיך האַרמאָניש מיטן אינהאַלט — ווערט די פאָרעם אויך אינהאַלט.

אַ קינסטלער: אַ פּאָעט, אַ פּראָזאַיקער, אַ מאָלער, קאָמפּאָזיטאָר, אַ שעפערישער קינסטלער (נישט קיין ווירטואָז) — זוכט קיין מאָל נישט קיין

אינהאַלטן פאַר זיינע ווערק. אַ קינסטלער, וואָס זוכט אַן אינהאַלט — איז קיין קינסטלער נישט. אַ קינסטלער וואַרט נאָר אויף דער ריכטיקער צייט, ווען אַ געוויינטלעכער אינהאַלט ווערט מוכשר צו ווערן קינסטלערישער אינהאַלט, דאָס הייסט באַקומען די געהעריקע פאָרעם.

אַמאָל זענען די גרויסע וועלט־מייסטערס פון דער קונסט געווען די בעלי־הבתים פון דער וועלט. זיי פלעגן זיך אויסקלייבן (און איבערקלייבן) און זיך צוקלייבן סיי אינהאַלט, סיי פאָרעם, (זיי פלעגן אָבער די אינהאַלטן קיין מאָל נישט זוכן). אין די אַזוי גערופענע, מאָדערנע צייטן, זענען די אינהאַלטן די בעלי־הבתים איבער די קינסטלער, זיי וואַרפן זיי זיך אָן און באַצווינגען זיי. אויף וויפל דעם קינסטלער געלינגט זיי (די אינהאַלטן) צוריקצוּוואַרפן, זיך פון זייער באַצווינגערישקייט צו באַפרייען און ערשט שפּעטער זיי זיך אַליין נעמען, אויף אַזוי פיל איז ער פעיק צו וואַרטן אויף אַ געהעריקער צייט פאַרן אינהאַלט, דאָס הייסט — שאפן פאַר אים די געהעריקע פאָרעם.

פאַר זיין דער בעל־הבית איבער די אינהאַלטן, וואָס די דרויסיקע וועלט האָט זיי אים מיט צודרינגלעכקייט און ברוטאַליטעט אָנגעוואָרפן, האָט געקעמפט ווי אַ לייב משה לייב האַלפּערן. זיין קאַמף איז געווען אַ כסדרדיקער און אַ שווערער. און ס׳איז נישט קיין ווונדער. ער איז אין משך פון יאָרן געווען דער צוזַוּנגס־צענטער פון אַלע פאַרוויקלטע פּראָבלעמען פון זיין צייט. אַלע שאַרפע און האַרבע שאלות האָבן זיך צו אים געצויגן, זיי האָבן זיך געריסן צו זיין ברוויזנדיקן טעמפּעראַמענט, צו דער אָנגעהיצטער אַטמאָספער, וואָס איז געווען אין אים און אַרום אים. זיי האָבן זיך געלייטערט אין זיין הייסן אָטעם און געזוכט אַ תיקון אין זיין שניידנדיק וואָרט.

משה לייב האַלפּערן האָט אָפּגעוואָרפן די אינהאַלטן, וואָס זענען מיט רעכט פון חזקה געשטאַנען אין דער ריי אויפגענומען צו ווערן דורך דעם פּאָעט. ער האָט ביי די אינהאַלטן צוגענומען דאָס פּאָעטישע בירגער־רעכט און עס אַוועקגעגעבן די בירגערלאָזע אין דער פּאָעזיע אינהאַלטן. זיינע פּאָעטישע אויפגאַבן, דאָס הייסט זיינע טעמעס, זענען געווען אַזוינע ברויזנ־דיקע, דינאַמישע, אַז זיי האָבן קיין צייט נישט געהאַט אויף קיין רגע זיך אָפּצושטעלן, בכדי דער פּאָעט זאָל שאַפן פאַר זיי די געהעריקע פאָרעם.

און דאָס האָט אים מוראדיק געמאַטערט. ווען ער האָט ענדלעך איבער־געריסן מיט דער געאָרדנטער פאָרעם, וואָס ווערט ביי אונדז נישט ריכטיק באַצייכנט ווי אַ קלאַסישע, האָט ער גענומען זרחי און אים געהייסן רעדן צו זיך אַליין („זרחי צו זיך אַליין", פונעם בוך „די גאָלדענע פאַווע"). ער האָט געזוכט באַשייד ווי אַזוי צוזאַמענצונעמעןביידע זייטן פון דער וועלט, וואָס הייסט פּאָעזיע: בענקשאַפט און טאַט. ווי אַזוי פירט מען צוזאַמען דעם אינהאַלט מיט דער פאָרעם און מען שאַפט דאָס פּאָעטישע ווערק, די פּאָע־טישע גאַנצקייט, דאָס האָט אים אין דער צעבראָכענער און צעריסענער וועלט קיין רו נישט געגעבן.

אַ, זרחי, זרחי, דו קענסט נישט מאַכן,
עס זאָל זיך אויפבויען אַ בריק
איבערן ים אַהין און צוריק,
און דיין בענקשאַפט שטייט דאָך אויף יענער זייט
מיט רויט אויפגעהויבענע לאַפּעס און שרייט.
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

און אומזיסט, וואָס דו קוקסט אויף די שיפן, זרחי,
דו שלאָגסט זיך בלויז אין דיין קאָפּ אַריין
טשוועקעס — מיט דעם וואָס דו רעדסט זיך איין.
זיי פירן בלויז אַלע אַזוינע לייט,
וואָס האָבן גאָלד און האָבן צייט.
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

(„זרחי צו זיך אַליין" פון בוך „די גאָלדענע פאַווע")

אויב מען קען פּאָעזיע פריי אינטערפּרעטירן, אויב מען קען אין די ווערטער פון אַ ליד, ווי אין די קלאָרסטע ווערטער פון א תפילה אַריינלייגן אייגענע כוונות, וואָלט איך עס געערן אין דעם פאַל געטאָן. און אפשר איז עס נישט קיין אייגענע כוונות. אפשר זענען דאָס טאַקע די כוונות פונעם פּאָ־

עט? ווער ווייסט דען און ווער קען דען וויסן די פאַרהוילענע אונטערוועגן פון די סאַמע אַפילו קלאָרע און באלויכטענע פּאָעטישע וועגן?

אפשר האָט משה־לייב־זרחי זיך געזען שטיין אויף איין זייט ברעג, און זיין בענקשאַפט, זיין „ווילן צו פּאָעזיע" — אויף יענער זייט ברעג, און ביידע שרייען צו זיך און גאַרן נאָך זיך —

ווי אַ דאָרפס־מויד, וואָס דאַרף שוין אַ מאַנצביל האָבן,
אַ מאַנצביל האָבן,
אַ מאַנצביל האָבן.

(„זרחי צו זיך אַליין")

ער האָט געזען זיין אוממעכטיקייט און געוויינט און געשריגן צו זיך אַליין: „אָ, זרחי, זרחי, דו קענסט נישט מאַכן, עס זאָל זיך אויפהייבן אַ בריק איבערן ים אַהין און צוריק". אַהין און צוריק, ווי דאָס מאַכן די זייער געניטע פּאָעטישע־זשאָנגלערס. ער האָט אַ סך מאָל געזען, אַז ס'איז אומזיסט זיין טירחה, ווייל די שיפן וואָס פירן אַהין און צוריק זענען נאָר פאַר די, וואָס האָבן גאָלד, פאַר די, וואָס געניסן פון די אָנגעזאַמלטע פּאָעטישע אוצ־רות, און די, וואָס האָבן צייט, די וואָס האָבן אָנגעגרייטע, פאַרטיקע פאָרמען פאַר זייערע פּאָעטישע שאַפונגען.

ער וואָלט זיך אפשר אויך געלאָזט פאַרהילן אין אַזאַ שווערער מינוט אין אַ מיסטישן וואָלקן, אָבער ער זעט, אַז דער שטורעם פון דער צייט וועט דעם וואָלקן צערייסן און צעיאָגן אויף אַלע פיר ווינטן:

וואָלסט אפשר געקענט ביי דיין חלום פועלן,
אַז ער זאָל מאַכן אַ וואָלקן פון דיר.
נאָר וואָס טויג — אַז איידער מען גיט זיך אַ ריר,
טראָגט זיך אָן יעמאכשמאַי פון דער ווייט,
דער ווינט מיט אַ מעסער אַזאַ, וואָס צעשניידט
דעם שווערסטן וואָלקן, ווי אַ קרויט אַ קעפּל,
ווי קרויט אַ קעפּל.
ווי קרויט אַ קעפּל.

(„זרחי צו זיך אַליין")

און אַפילו צו טראַציקייט, צו וועלכער ער פלעגט נישט זעלטן זיך ווענדן אין אַ שווערער מינוט, אַפילו אין דעם מיטל הייבט ער אָן צו צווייפלען:

און ווייזן די צונג העלפט אויך נישט, זרחי,
אַזוינס קאָן דאָך באַווייזן אויך
אַפילו אַ טויטער, וואָס הענגט אין דער הויך,
אָדער גאָר אַ קינד, ווען עס לויפט נאָך פאַרשייט
אַרום ערגעץ אין אַ העמדל פון זייד.
אָבער דו ביסט דאָך, זרחי, דאַכט זיך, אַ חכם, —
דאַכט זיך אַ חכם,
דאַכט זיך אַ חכם.

(„זרחי צו זיך אַליין״)

איז אים געבליבן זיין אַלט־יונג אויסגעפּרוווטער אינהאַלט — זיין ליריק. זי איז אים נישט געבליבן, ער האָט זי אין יעדן ליד באַשאַפן פון דאָס ניי.

וועט אפשר עמעצער זאָגן, אַז מ. ל. האַלפּערן איז אין זיין פּאָעמע „זרחי ביים ברעג ים״ אויסן געווען דעם סאָציאַלן פּראָטעסט, און איך מאָך גאָר דערפון אַ פּאָעטישן פּראָטעסט. וועל איך ענטפערן, אַז דער פּאָעט, ביי וועלכן זיין סאָציאַלער פּראָטעסט איז נישט איינצייטיק קיין פּאָעטישער, דער איז בכלל קיין פּאָעט נישט, נאָר סתם אַ לידער־שרייבער.

ס׳איז געקומען אַ צייט, ווען טראַציקייט אַליין איז שוין פאַר משה לייב האַלפּערנען געווען צו ווייניק. צו ווייניק בכדי אויסצודריקן זיין שטעלונג צו דער וועלט און צום מענטש. ער איז פון נעגאַטיווער טראַציקייט איבערגעגאַנגען צום פּאָזיטיוון פּראָטעסט. כאָטש זיין טראַציקייט איז קיין מאָל נישט דערגאַנגען צו אַבסאָלוטער נעגאַציע, צו סתם נעגאַציע, צי נעגאַציע לשם נעגאַציע. וואָלט דאָס אַזוי יאָ געווען, וואָלט ער, אַלס פּאָעט, געהאַט אַן אומפאַרגלייכלעך לייכטערע אויפגאַבע, ווי ער האָט פאַקטיש געהאַט, ווי ער האָט גענומען אויף זיך. ווייל אין דעם עצם פון נעגאַציע ליגט אַ באַפרייען זיך, אַ פּריקת עול, אַן אַראָפּוואַרפן פון זיך דאָס אחריות. און האַלפּערן פאַרקערט, ער האָט גענומען אויף זיך אחריותן, ער האָט פאַר אַלע אחריותן געטראָגן די אחריות.

דאָס אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם עול, וואָס איז דער עיקר עבודה פון אַ פּאַרלייקענער (נעגאַטיוויסט), פון אַ סתם פּאַרלייקענער, איז קודם־כל דאָס אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם עול און דאָס אחריות פאַר די אינהאַלטן, מיט וועלכע די וועלט איז פול און איבערפולט. דערפאַר טאַקע קאָנען זיך די פּאַרלייקענער פון די אינהאַלטן אַזוי גוט און אינגאַנצן ווידמענען דער פאָרעם, וועלכע וועט ביי זיי, להיפּוך צום פּאָעט, וואָס טראָגט דאָס אחריות פאַר די אינהאַלטן, קיין מאָל קיין אינהאַלט נישט ווערן.

דער פּאַרלייקענער — ווייל ער באַשעפטיקט זיך שטענדיק און אַלע מאָל בלויז מיט דער פאָרעם, שטעלט ער נישט אָפּ די צייט, נאָר ער נעגירט זי, ער איז זי מבטל, און אַוודאי און אַוודאי איז ער מבטל זיין צייט, די צייט אין וועלכער ער לעבט. ער וויל זי נישט, ער האָט נישט צו איר קיין שום באַציִונג, און ווייל ער קאָן זיך אַזוי לייכט פון איר באַפרייען (ווען אַפילו נאָר אילוזאָריש) — איז אים לייכט און גרינג זיך איר אונטערטעניק צו מאַכן, מאַכן פון זיינע פּאָעטישע שאַפונגען בלויז און הוילע פאָרעם (ווען אַפילו אַזעלכע, וואָס רופט זיך אָן שיינע).

משה לייב האַלפּערן האָט גענומען אויף זיך די אחריות פאַר אַלע אינהאַלטן אין דער וועלט און פאַר אַלע אינהאַלטן פון זיין צייט. זאָל אָבער קיינער נישט מיינען, אַז דערפאַר, ווייל ער האָט זיי (די אינהאַלטן) געהאַט אַ סך, איז אים געווען לייכט מיט זיי אָנצופילן זיין פּאָעטישע וועלט. נאָר די, וואָס קענען אויבערפלעכלעך זיינע ווערק, קאָן זיך אויסדאַכטן, אַז ער איז נישט געווען איבערקלייבעריש אין די אינהאַלטן, אַז ער האָט גענו־מען מן הבא בידו. אָבער דער, וואָס פאַרטיפט זיך גוט אין זיי זעט, ווי שווער ס'איז אים אָנגעקומען דער אָפּקלייב, ווייל אָפּקלייב איז ביי אים נישט געווען לשם אויסקלייב, צי צוקלייב, נאָר לשם פונאַנדערקלייב.

ער האָט געוואָלט, אַז זיין פּראָטעסט זאָל נישט נאָר זיין אַ פּאָזיטיווער, נאָר זאָל אויך אָננעמען אַ רעאַלן לבוש. נישט אויף לאַנג האָט זיך דאָס אים איינגעגעבן. ער האָט געוואָלט נישט נאָר פּראָטעסטירן, נאָר אויך ווייזן אַ קאָנקרעטן וועג, פירן צום פּאָזיטיוון, צו לייזונג און אויסלייזונג. אָבער דאָס איז אים נישט געווען באַשערט. ווייל דאָס איז קיינעם נישט באַשערט, ווייל דאָס איז אפשר בכלל נישט באַשערט. איז אים פאַרבליבן אַליין די בענקשאַפט, מיט וועלכער ער האָט עוקר הרים געווען. זיין פּאָעטישער

ליריזם איז געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט זיין פּאָעטישער חריפות, מיט זיין פּאָעטישער שארפקייט, און באַהערשט פון די אינהאַלטן זענען זיי געגאַנגען שטאָלץ די אינהאַלטן צו באַהערשן.

## 2. פאָרעם

פאָרעם איז, ווי געזאָגט, צייט. אויב מען רופט צוריק די אַלטע צייט, אויב מען באַנוצט זיך מיט אַ געוועזענער פאָרעם, מוז מען במילא אויך צוריקרופן אַ טייל פון געוועזענע אינהאַלטן. דאָס פירט סוף־כל־סוף צו פאַרגליווערטקייט, צו אַ באַלאַסט, צו איבעריקייטן און, ווי אַ פּועל יוצא דערפון, צום אויספעלן פון דעם עיקר, פון דעם אייגענעם, פון דעם וואָס איז נישט בלויז שיינקייט, נאָר אויך עכטקייט. (אַ שניידיקן ביישפּיל דערצו האָבן מיר געזען ביי די פסידאָ־קלאַסיקער).

אַ פּאָעט וואָס איז נאָר, אָדער דער עיקר, פאַרקוקט אין עבר, דער קאָן זיך באַנוצן מיט דער נעכטיקער צייט, מיט דער פאָרעם פון נעכטן, ווייל זיינע אינהאַלטן זענען פון נעכטן, נישט אַזוי פון נעכטן, ווי וועגן נעכטן. (אין גאַנצן נעכטיקע קאָנען קיין שום אינהאַלטן אין קיין שום פאַל נישט זיין). אָבער וואָס זאָל טאָן אַ פּאָעט, וואָס איז אין גאַנצן היינט, וואָס וויל, אַז זיין מאָרגן זאָל זיין — אין גאַנצן מאָרגן? צי אפילו אַז זיין מאָרגן זאָל אויך זיין אין גאַנצן היינט?

וואָס האָט געזאָלט טאָן אַזאַ פּאָעט ווי משה לייב האַלפּערן, וואָס האָט נישט געקאָנט בלייבן גלייכגילטיק צו גאָרנישט און צו קיינעם נישט, וואָס איז געוועזן אין זיין אַרום? וואָס האָט ער געזאָלט טאָן, אַז אַלץ און אַלע פון זיין אַרום האָבן אים נישט געלאָזן זיין צו זיך גלייכגילטיק?

אים איז געקומען צו הילף זיין איינגעבוירענער טעמפּעראַמענט. ער האָט געשטורעמט. ער האָט געדונערט און געבליצט. ער האָט פון תהום פון ווערטער און ווערטער־פאַרבינדונגען ארויסבאַקומען נייע עלעמענטן. ער האָט דעם שטורעם פון דער צייט אַנטקעגנגעשטעלט דעם שטורעם פון זיין טעמפּעראַמענט. ער האָט שטורעם געשטילט מיט שטורעם, פייער געלאָשן מיט פייער (אַזוי ווי מען לעשט אַ גרויסע וואַלד־שריפה).

אַזוי איז אים געלונגען אָפּצושטעלן די צייט, שאַפן פאַר זיינע לידער

די געהעריקע פֿאָרעם. אויב ער האָט נישט געשאַפֿן פֿאַר זיין ליד אַ שטרענג געאָרדנטע פֿאָרעם, האָט ער דאָס געטאָן בכוונה תחילה, צילבאַ־ ווּסטזיניק. ער האָט אָבער געקאָנט און געקענט אַפֿילו די צעשטורעמסטע אינהאַלטן געבן אין אַ גאָר שטאַרק געפּרעסטער פֿאָרעם. ס׳איז גענוג צו ציטירן צוויי סטראָפֿן פֿון דעם ליד זיינס: „צו דעם, וואָס זוכט מיך״ (משה לייב האַלפּערן, ערשטער באַנד):

„אויב דו האָסט ליב די זון, ווייל זי איז בלוטיק־רויט,
ווי שוואַרצער אונטערגאַנג, וואָס ברענגט מיט זיך דעם טויט,
דורך קראַנקע ציין פֿון מייז, ביינאַכט אין קינדערשיך —
אַט האָסטו מיך!

נישט ראָד, וואָס לויפֿט אַהער, נישט שילד, וואָס וויזט אַהין,
אין שטורץ פֿון וועגט אין רויך, אין פֿאַל פֿון פֿלימאַשין,
אין ליכט פֿון אויפֿרייס־הילך שריי איך אַרויס פֿון זיך —
אַט האָסטו מיך!

זאָגן אַז פֿאָרעם גייט איבער אין אינהאַלט איז אַ טרויזם. אָבער פֿאָרעם ווערט, צי קאָן ווערן, אויך אינהאַלט, נישט אויפֿהערנדיק צו זיין פֿאָרעם. אַמבעסטן און אמפּולקאָמסטן זענען די פֿאָרמען, וועלכע מען באַמערקט כמעט נישט, וואָס זענען בבחינה אינם נראים. אָדער אַזעלכע וואָס זענען אַזוי מאַיעסטעטיש מיט זייער אויסערלעכער פּראַכט, אַז זיי וועקן דרך־ארץ (און אויב זיי זענען פּוסט וועקן זיי מיטלייד).

ער האָט געבענקט נאָך דער מאַיעסטעטישער פֿאָרעם, נישט בחינם חזרט זיך דער קעניג־מאָטיוו אַזוי אָפֿט איבער אין זיינע לידער. אָבער זיינע אינהאַלטן האָבן דערצו נישט דערלאָזט. און אינהאַלט קאָן קיין מאָל קיין פֿאָרעם נישט ווערן, קאָן זיך קיין מאָל דער פֿאָרעם נישט אונטערטעניק מאַכן. טוט ער דאָס יאָ, איז דאָס נישט קיין אינהאַלט, נאָר סתם פּוסטע רייד.

זיינע אינהאַלטן זענען געווען גרויזאַם און מאַיעסטעטיש אין זייערע פֿאָדערונגען, און נישט געקאָנט זיין מאַיעסטעטיש אין זייער פֿאָרעם, ווייל פֿאָרעם איז צייט, און צייט איז באַשטעטיקונג און צושטימונג. דעריבער

וועקן זיינע קעניג־געשטאַלטן אַזוי זעלטן דרך־ארץ און אַזוי אָפּט מיטלייד.

פאַראַן אָבער ביי אים אויך גרויזאַם־מאַיעסטעטישע אינהאַלטן, וואָס האָבן אַזוי ווי פון זיך אַליין געשאַפן די מאַיעסטעטישע פאָרעם. פאַראַן געשעענישן, פאַר וועלכע די צייט אַליין שטעלט זיך אָפּ, בכדי דער דיכטער זאָל זיי קאָנען פאַרפיקסירן. פאַראַן געשעענישן ווען די צייט האַלט איין דעם אָטעם און דער פּאָעט (צי אַן אַנדערער מין קינסטלער) נוצט אויס גליקלעך דעם אָטעם־איבעררייס פון דער צייט, בכדי פאַר זיין ווערק צו שאַפן די געהעריקע פאָרעם. אויסדריקנדיק זיך קאָנקרעט וואָלט דאָס געהייסן, אַז די צייט אַליין שטעלט אָפּ די צייט, אַז פאָרעם אַליין זוכט פאַר זיך אויס די פּאַסיקע פאָרעם.

עס וועט קיינער נישט חושד זיין משה לייב האַלפּערן, אַז ער האָט אַריינגעציילט די זילבן אין זיינע פּאָעטישע שורות, אָבער אין די פערצן־זילבנדיקע שורות פונעם ליד „יצחק לייבוש פּרץ״ איז פאַראַן אַזוי פיל מאַיעסטעטישע פאָרעם, וויפל גרויזאַם־מאַיעסטעטישער אינהאַלט ס׳איז פאַראַן אין זיי. דאָ האָט זיך אינהאַלט און פאָרעם ווי צונויפגערעדט אונטער דעם פּאָעטס פּלייצעס, בכדי אים אַליין איבערצוראַשן, בכדי אים צו מאַכן אַ סורפּריז. כאָטש דאָס וואָס קוקט אויס צו זיין אַ סורפּריז, איז נישט מער ווי אַ קליינער פּראָצענט פון פּאָעטס אָנשטרענגונגען, פון זיינע מעגלעכקייטן, פון דעם וואָס ער אַליין לייגט דערין אַריין. וואָרעם אַזוינער איז דער ריווח וואָס די פּאָעזיע צאָלט אויס אירע אמתע פּאָעטן, אירע גרויסע פּאָעטן (אַלע אַנדערע באַקומען גאָרנישט, כאָטש זיי קאָן זיך אויס־דוכטן, אַז זיי קומט און אַפילו אַז זיי באַקומען אַ סך).

אינעם בוך „ניו־יאָרק״ האָט משה לייב האַלפּערן זיך געהאַלטן אין אַמאָליקע פאָרמען. ריכטיקער וואָלט געווען צו זאָגן, אַז ער האָט זיין ליד געהאַלטן אין בדרך־כלל אָנגענומענע ראַמען. דאָס איז ביי אים נישט געווען קיין ענין פון השפּעה. פון אַזאַ אָדער אַנדערן פּאָעטישן גדול. ס׳איז גיכער אַ פראַגע פון זכרון. דאָס האָט זיין זכרון משפּיע געווען לטובת אַזאַ צי אַנדערע ערגעץ־ווו געלייענטע און אין זיך אַריינגעלייענטע פאָרמען. דאָס איז נישט די ריכטיקע דיכטערישע השפּעה ווי מיר פאַרשטייען עס, ווען מיר ריידן וועגן השפּעות. די פּאָקטישע דיכטערישע השפּעה איז אַ וויברירנדיקע, אַ דינאַמישע, אין דער צייט ווען די זכרון־אַרטיקע השפּעות

זענען סטאַטישע. זיי זענען ריין אָפּטישע, וואָס ווערן ערשט שפּעטער טראַנספּאָנירט אין קלאַנג.

ערשט אינעם אַריינפיר־ליד צו דער „גאָלדענער פּאַווע" האָט ער זיך פון זכרון־פאָרמען אויך אין גאַנצן און אויף שטענדיק באַפרייט. ער הייבט אָן מיט אַ „שיר־השירים". „און דאָ", זאָגט ער, „איז דאָס ליד פון אַלע לידער". דאָס ליד דאָס פאָרמעל נישט באַשטימטע. דאָס ליד דאָס כסדר דינאַמישע. דאָס כסדר ווערנדיקע, דאָס כסדר איבערווערנדיקע. דאָס ליד וואָס גייט „אויף דעם וועג, וואָס איז נישט גלייך און נישט קרום..." אין דעם ליד ווו אַלץ לייזט זיך אויף — און ס׳פאַרבלייבט דאָס אייביקע פּאָע־טישע: די ליריק.

משה לייב האַלפּערן, זאָגט מען, האָט לאַנג און שווער געאַרבעט איבער יעדן ליד זיינעם. איך שטעל זיך פאָר, אַז ער האָט געאַרבעט קודם־כל, דער עיקר און אפשר גאָר אויסשליסלעך איבער דעם אויסדרוק פון יעדן אויסדרוק, איבער דער עקספּרעסיע פונעם ליד און נישט איבער דער פאָרעם, וואָס דינט אָפט צו פאַרשטילערן די הויכע טענער פון דער עקספּרעסיע. האַלפּערן האָט געאַרבעט איבערן אויסדרוק, איבער דער עקספּרעסיע, אפשר גאָר בכדי זיך צו באַפרייען פון דער פאָרעם, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז דאָס איז נישט מעגלעך.

ער האָט איבערגעריסן אין גאַנצן מיט די פאָרמען, וועלכע ער האָט זיך קיין מאָל נישט אונטערגעגעבן, נאָר וועלכע האָבן גענעסטעט אין זיין זכרון. ער האָט איבערגעריסן מיט דער געוועזענער צייט, ער האָט אַפילו פאַרלייקנט זיין אַמאָליקן היים־ווײי און געלעסטערט זיין שטעטל און גע־לעסטערט זיין שטאָם, און ער האָט געדאַנקט דעם גורל, וואָס ער איז ווייט פון דעם אַלעם און געזאָגט:

urbi et orbi

איז דאָס טאָקע די איינציקע טרייסט כאָטש פאַר מיר,
וואָס מען וועט מיך נישט באַגראָבן אין דיר, —
מיין היים, מיין זלאָטשאָוו.

(„זלאָטשאָוו, מיין היים" — „די גאָלדענע פּאַווע")

מען דאַרף אין דעם פּרט נישט זען קיין סטרינדבערג־קאָמפּלעקס, קיין ליבע־האַס־קאָמפּלעקס. אַלע אונטערבאַוווסטזיין־קאָנצעפּציעס וואָלטן זיך דאָ אַרויסגעוויזן פֿאַר פֿאַלש. אַלע „איבערטראָגונגען" און פֿאַרדרענגענישן האָבן דאָ, אין פֿאַל משה לייב האַלפּערן, קיין אָרט נישט. ס'איז אָפֿן, קלאָר און פּשוט. אין זיין טראַציקייט־פּעריאָד, ווען אַלץ וואָס איז געווען „אָמע־ריקע" איז אים נישט געפֿעלן, איז אים געווען דערווידער, האָט ער גע־בענקט נאָך דער היים, נאָך די רעמיניסצענצן פֿון דער היים, און אַפֿילו נאָך די פּאָעטישע פֿאָרמען, וואָס זענען געווען באַהאַלטן אין זיין זכרון. אָבער אין זיין פּראָטעסט־פּעריאָד, ווען ער האָט נישט געוואָלט בלויז פֿאַר־לייקענען, ניין זאָגן, נאָר אַלץ איבעראַנדערשן, אַלץ בעסער און שענער מאַכן, האָט ער פֿון נעכטן גאָר נישט געוואָלט נעמען, פֿונעם נעכטן, וואָס איז אָפּט מאָל ווייט געווען אי פֿון גוטס אי פֿון שיינס. ער האָט זיינע זכרון־פֿאָרמען פֿאַרוואָרפֿן, און זיך געווידמעט דעם זכרון פֿון מאָרגן, אויב אַזעלכעס עקזיסטירט.

זיין בענקשאַפֿט נאָך פֿאָרעם האָט ער אויסגעלעבט אינעם מאָלן בילדער. דאָ, אין זיינע בילדער אויף וויפֿל זיי זענען אונדז באַקאַנט, האָט זיין טיפֿע עקספּרעסיע געפֿונען אַ באַרויִקונג אין דער פֿאַרענדיקט־קייט פֿון דער פֿאָרעם. ער האָט זיין בענקשאַפֿט נאָך שיינקייט אויסגעלעבט אין דעם אויסערלעכן גלאַנץ, אין וועלכן ער האָט ליב געהאַט זיינע נאָענטע און זיך צו צירן. אָבער זיין פּאָעטישע שיינקייט איז פֿאַרבליבן די אינער־לעכע שיינקייט, זיין פּאָעטישע פֿאָרעם איז געווען און פֿאַרבליבן אונטער־טעניק זיינע אינהאַלטן.

פֿאָרעם — איז צייט. אָבער וואָס טוט זיך דאָס אין דער צייט? וואָס באַדייט דאָס אַלץ? וואָס געשעט אין דער צייט?

וואָס נעמט ביי אונדז דעם טאָג, די נאַכט, דאָס ביסל לעבן צו
מיט גאָר דער שיינקייט פֿון דער גאַנצער וועלט. איז דאָס די רו?
איז דאָס דער טרויס פֿון אייביקייט אויף אונדזער טונקלען גאַנג?
פֿאַרוואָס־זשע בייגט דער מענטש זיך טיף ביים בלויזן טויט־געדאַנק
און וויינט פֿאַרווייטיקט, ווי אַ קינד, אין טונקלער נאַכט אַליין?
ווער פֿירט די וועלט? ווער הייסט דעם פֿרילינג אויפֿבליִען און פֿאַרגיין?
ווער טרייבט אין טעג פֿון האַרבסט דעם ווינט דורך וויסטעניש אין וואַלד?

און ווען דער אַדלער פליט נישט מער און ווען דער אַדלער פאַלט, —
פאַרוואָס מוז זיין די ראָב וואָס רייסט די אויגן אים אַרויס?
פאַרוואָס? פאַרוואָס מוז זיין די האַנט, וואָס שטרעקט, אָן שרעק, זיך אויס
צום טויטן לייב, צי ווינט דעם נישט אין אָפּגעשונדן פעל
די זעל פון אים — פון טויטן לייב די קעניגלעכע זעל?

(„יצחק לייבוש פרץ". פון בוך „ניו־יאָרק")

ער האָט זיך געשטעלט ביי דעם מעבר־לימדיקן צוקאָפּנס פון טויטן יצחק לייבוש פרץ און אין אים אַריינגעפרעגט די דאָזיקע אייביקייט־פראַגן, אויף וועלכע קיינער האָט נאָך קיין תשובה נישט געגעבן און נישט באַקומען.

האָט ער כאָטש געוואָלט דעם מענטש געבן „דעם טאָג, די נאַכט מיט גאָר דער שיינקייט פון דער וועלט". זענען אָבער די מענטשן געווען פאַר־שקלאָפּט, ווער צו אָרעמקייט און ווער צו רייכקייט. די מענטשן זענען פאַר־סמט, ווער פון הונגער און ווער פון איבערגעגעסנקייט.

ער האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די אָרעמע, זיי זענען אים דאָך געווען ליבער, ער האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די אָרעמע — קעגן אָרעמקייט.

קעגן אָרעמקייט, קעגן שיפלות, קעגן אָפּהענטיקייט, קעגן מיאוסקייט, און אַפילו קעגן פוסטער שיינקייט, וואָס איז מוקצה, וואָס איז מוקצה מחמת יופי.

ער האָט אויפגעהויבן זיין ליד צו אַ ליד פון מאָרגן. ער האָט געוואָלט אַז היינט זאָל זיין דער מאָרגן. ער האָט אין גייסט טראַוועסטירט פּרצן און געזונגען: מאָרגן זאָל זיין אויף דער וועלט!

אַלע זיינע פּאָעטישע שוואַכע זייטן, אַלץ וואָס איז ביי אים נישט גאַנץ און דאָס, וואָס איז ביי אים צו פיל, נישט געראָטן און נאָך נישט געראָטן, — ווערן געלייטערט אין זיין גרויסער בענקשאַפט, אין זיין משתוקק זיין צו דער פּאַרעם פון מאָרגן, צו דער צייט פון מאָרגן, ווען שיינער אינהאַלט מיט שיינער פאָרעם וועלן זיין די סיאַמישע שוועסטער נישט נאָר פון יעדן פּאָעטישן ליד, נאָר אויך פון יעדער מענטשלעכער טאַט.

## 3. האַרמאָניע

האַרמאָניע איז אים נישט געווען באַשערט. כ׳מיין די האַרמאָניע פון ערדישע ווערטן. ער איז געווען דיסהאַרמאָניע, גרויס אין זיין דיסהאַרמאָנישקייט. אין דער וועלט אין וועלכער ער האָט געלעבט איז נישט געווען קיין אָרט אויף האַרמאָניע. ער האָט טאַקע מיט פאַרשאַרפן די דיסהאַרמאָניע קעגן דעם פּראָטעסטירט. אין דער וועלט, אין וועלכער מיר לעבן איצט, זעט אונדז אויס נישט איין אופן פון זיין פּראָטעסט צו זיין נאַיוו. אַזוי ווייט זענען מיר שוין דערגאַנגען.

אין אַ געוויסן זין, לויט אָנגענומענע כללים, איז ער געווען טייל מאָל אַנטי־פּאָעטיש. ער איז געווען פּאָעט און אַנטי־פּאָעט אין איין פּערזאָן. ער האָט זיך נישט געשפּילט אין קאָנטראַסטן, נאָר אַזוי איז עס שוין געווען. אַזוינער איז געווען דער משונהדיקער בוי פון זיין פּאָעטישן עגאָ.

פון דער טעזע (פּאָעט) און אַנטי־טעזע (אַנטי־פּאָעט) האָט געזאָלט קומען די סינטעזע, צו וועלכער ער האָט זיין גאַנץ לעבן געגאַרט. די סינטעזע פון מענטש פון שיינער (און במילא פּאָעטישער) טאַט.

צו דער דאָזיקער סינטעזע קאָן מען נישט קומען ביחידות. איז ער געבליבן אין די ד׳ אמות פון דער אייגענער וועלט, פון זיין פּאָעטישער וועלט. דאָרט, אין דער פּאָעטישער וועלט, איז ער טייל מאָל געווען פּאָעט און טייל מאָל אַנטי־פּאָעט, אָבער פון איר גדר איז ער קיין מאָל נישט אַרויס.

איין מאָל האָט ער געפּילט האַרמאָניע. נישט נאָר געפּילט (געפּילט האָט ער זי אַ סך מאָל), נאָר זי געזען מיט די אייגענע אויגן. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען נאָך זייענדיק אַזוי יונג, כמעט אין אָנהייב פון זיין פּאָעטישער שפּע, האָט ער געזען דעם טויט (זע דאָס ליד "Memento mori" אינעם בוך „ניו־יאָרק״). אָבער אויך דעמאָלט האָט אים קיינער נישט געגלייבט. ער האָט געוווסט אַז קיינער וועט אים נישט גלייבן.

און אַז משה־לייב, דער פּאָעט, וועט דערציילן,
אַז ער האָט דעם טויט אויף די כוואַליעס געזען.
אַזוי ווי מען זעט זיך אַליין אין אַ שפּיגל,
און דאָס אין דער פרי גאָר, אַזוי אַרום צען —
צי וועט מען דאָס גלייבן משה־לייבן?

מען האָט אים נישט געגליבט. מען האָט זיך צוגעווינט צו זען אין אים דעם פּאָעט פון סתירות. מען האָט געמיינט, אַז מיט דעם איז אים גוט. אַז אַזוי וויל ער עס זאָל שוין זיין און בלייבן. מען האָט זיך צוגעווינט צו זיינע פּאָעטישע אויסטערלישקייטן און פאַנטאַזיעס. צי מען האָט זיי אָנגענומען, צי מען האָט זיי אָפּגעוואָרפן, האָט עפּעס דאָס אַלץ אָנגעהויבן געשען אַזוי „נאָרמאַל". מען האָט אים אָנגעהויבן טאָלערירן (דאָס איז דאָס ערגסטע, וואָס קאָן אַ פּאָעט געשען), מען האָט אויף אים אָנגעהויבן קוקן ווי אויף אַ „פּאַרפּאַלענעם", ווי אויף אַ פאַרמשפּטן צו אַן אייביקן פּאָעטישן ויתרוצצו.

און אים איז געווען מוראדיק אומעטיק, טויט אומעטיק, אומעטום און כמעט מיט אַלע (אַ חוץ מיט זיין פרוי און קינד). ס'איז אים געווען אומעטיק אין היינט און ס'איז אים געווען אומעטיק אין נעכטן, און פון מאָרגן האָט ער אויפגעהערט רעדן.

די שטאָט מיט אירע גרויסע גלעקער
האָט איר זשאַווער אין מיר אַריינגעשאָלט,
און מיין רו איז די רו פון אַ שפּאָן אַ צעפּוילטן —
וואָס בלייבט פון אַן אויסגעהאַקטן וואַלד.

די זון איז מיר פרעמד ווי דער רויך פון אַ קוימען
וואָס הייבט זיך אויף איבער מיר צום פלי,
ווי אַ וואָלף אַ שאָף, האָט מיך אויפגעגעסן
מיין אייגענע גריבלעניש און מי.

ווי אַ שטער זענען מיר די אויגן מיינע,
ווי אַ באַרג, וואָס שטייט דאָ זינט אַלע יאָר,
און די פליג, וואָס קריכט אויף מיר איז ברוגז
אַזוי ווי דער ווינט אין מיינע האָר.

ווי אַן אונטערגעשאָסענער פויגל אין וואַלדגראָז
ווינט אין מיר אַלץ וואָס איז קראַנק און שטאַרבט:
מיין לעבן איז אַ וווּנד וואָס מען זעט נישט —
אַ וווּנד אין דער וועלט אַריינגעקאַרבט.

(„דיכטונג". מ. ל. האַלפּערן. צווייטער באַנד)

**און אויף אַן אַנדער אָרט:**

ס׳איז אַן אומעטיק בילד, אַזאַ קלענערע שטאָט
די שול מיטן קלויסטער צוויי שפּיצן צו גאָט,
ווי להבדיל שטיפברידער צוויי אין אַ הויז,
איינער ביים צווייטן אין די אויגן גרויס.
און אין מאַרק דאָט מיסט פון דער גאַנצער וואָך
מיט אַן עמער ביים ברונעם וואָס האָט אַ לאָך.

**און ווייטער:**

און די ליידיקייט איז נאָך גרויער ווי דאָ,
דאָס רעד איך — פון הימל, — ער פּאַכעט מיט קעלט
ווען ס׳איז דאַכט זיך, תמוז איבער דער וועלט.

(„די באַלאַדע פון ווינטער אין פּאַרק״. מ. ל. האַלפּערן. ב. 2)

די דאָזיקע צוויי ציטאַטן זענען פון לידער, וואָס האַלפּערן האָט זיי ביי זיין לעבן נישט פאַרעפנטלעכט. אפשר האָט ער געוואָלט, אַז זיי זאָלן ערשט דערשיינען נאָך זיין טויט? אפשר האָט ער געוואָלט, אַז זיי זאָלן נאָר זיין זיין פּאָעטישע ירושה? ווי ס׳זאָל נישט האָבן געווען, האָט ער אין זיי שוין גענומען אַ שטילן אָפּשייד סיי פון זיין אַמאָליקער היים, סיי פון זיין דעמאָלטיקער היים און סיי פון הימל. און אַ געזעגענונג איז דאָס אַ מוראדיק אומעטיקע, אַ ליריש פאַרצווייפלענדיקע.

אין זיינע לירישע, צי אַפילו נישט דווקא לירישע, אַקאָרדן, איז ער געווען אָפּט האַרמאָניש. אָבער אין זיין גאַנצקייט, אין זיין פּאָעטישער גאַנצקייט איז ער געווען רעוואָלט. האַרמאָנישקייט איז אים נישט באַשערט געווען. ער איז אַפילו נישט דערגאַנגען צו דער רייפער האַרמאָנישקייט אין יאָרן. ער האָט פריי אויסגעניצט אַלע סתירותדיקע כוחות פון זיין לעבן און זיין האַרמאָניע איז אים פאַרבליבן אויף אייביק אין טויט.

אין די „לידער פאַר מיין פרוי״ קלאָגט ער זיך:

וואָס ווייזט אויס אַז פאַר מיר איז שוין באַשערט, —
ווי אין שפּיגל פון טייך אַ וואָגן מיט פערד —
אַלץ וואָס מיר ווילט זיך צו זען פאַרקערט.

אין לעבן האָט ער געזען אַלץ פאַרקערט, אָבער דעם טויט האָט ער געזען געניי „אַזוי ווי מען זעט זיך אַליין אין שפּיגל״, און אַפילו געניי געדענקט די צייט, ווען דאָס איז געווען. דעם טויט האָט ער געזען „נישט גרויל און נישט פינצטער, נאָר פאַרבנרייך שיין״. און די האַרמאָניע פון טויט האָט אים באַזיגט.

ער האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך דעם אָטעם פון טויט שווימענדיק. און ווען ער האָט שוין גערוט אויף אייביק — האָט זיין ליד איבערגענומען די מיסיע פון זיין לעבן.

זיין ליד איז געבליבן אויף אייביק דאָס ליד פון פּאָעטישן רעוואָלט.

1955

# דער גאון פון פייזאַזש

## 1. די תקופה פון גרויסער פּאָעזיע

די תקופה פון דער גרויסער פּאָעזיע אין אייראָפּע, וואָס האָט אָנגע־האַלטן מיט פאַרשידענע אָפּווייכונגען אַ גאַנצן יאָרהונדערט (פון דער צווייטער העלפט פון אַכצנטן ביזן סוף פון דער ערשטער העלפט פון נײַנצנטן יאָרהונדערט), איז געווען אַ צייט ווען די גאַנצע וועלט, די וועלט פון הימל און פון דער ערד, פון גוף און נשמה, פון רעאַלע מענטשן און פון גייסטער, איז נאָך געווען פאַרן פּאָעט אַ קרקע־בתולה. די דאָזיקע וועלט, צי וועלטן, זענען געלעגן פאַרן פּאָעט אָפן, גרייט ער זאָל זיי קומען און נעמען. דער גאָט פון פּאָעזיע האָט פונאַנדערגענומען די הענט און געזאָגט צום דיכטער: קום און נעם, שעפּ פון שענסטן און בעסטן פולע עמערס.

היינט צו טאָג, ווען אַ פּאָעט וויל עפּעס נעמען פון דער וועלט פאַר זײַן פּאָעזיע, מוז ער דאָס נעמען מיט כוח, מיט געוואַלד, מיט פאַרשידענע נײַע אופנים, מיט מעטאַפאָרן, מיט כלערליי טריקן אַפילו. דעמאָלט, אין דער תקופה פון דער גרויסער פּאָעזיע, איז אַלץ פאַרן פּאָעט געווען אָנגע־גרייט. ער האָט זיך געקאָנט אויסקלייבן דעם וועג, אויף וועלכן ער האָט געוואָלט גיין. ער האָט געקאָנט דערגיין צו זײַן פּאָעזיע דורכן פשט, רמז און סוד (דער פערטער טויער צום פּאָעטישן פרד״ס, דרוש, איז אָפּנים, איבערגעגעבן געוואָרן דעם קריטיקער). ער האָט געקאָנט גיין אין עבר און אין עתיד. ער האָט אָבער אויך געקאָנט בלייבן אין הווה. ער האָט געקאָנט זײַן געטלעך קלאָר און געטלעך פאַרהוילן. ער האָט אַפילו געקאָנט וועלן זיך פאַרמעסטן מיטן טייוול. באַפרייט פון די קלאַסישע גרענעצן און אָפּגרענעצונגען, אָבער נישט נעגירנדיק זיי, האָט דער דיכטער פון דער גרויסער פּאָעטישער תקופה דערזען פאַר זיך און איבער זיך די וועלט אין איר אומענדלעכקייט און די אומענדלעכקייט ווי אַ וועלט פאַר זיך. די וועלט איז פאַר אים געגאַנגען ווי אין אדם הראשונס קליידער אין גן־עדן.

ער האָט זי געקאָנט נעמען אַזוי ווי זי איז, ער האָט זי געקאָנט אָנטאָן אין אַ ראָמאַנטישן שלייער, צי אין אַ מיסטישן וואָלקן.

דאָס האָבן פון צו פיל שפע די דיכטער פון דער גרויסער פּאָעטישער תקופה געזוכט אַנטרינונג, געזוכט גליק אין דער וועלט פון אומדערגרייכ־לעכן; דאָס האָבן זיי פון צו פיל נישט געקאָנט שטילן זייער אייביקן הונגער צו דערפילונג; דאָס האָט זיי די שפע געפירט צו אַ קאָליזיע, צו אַ שטרייט מיט גאָט און מיט דער געזעלשאַפט.

אַדאָם מיצקעוויטש איז אָפּגעהיטן געוואָרן פון אַ סך נסיונות, און אפשר אויך כשלונות פון דעם מין.

דער יאָרהונדערט וואָס נעמט אַרום די תקופה פון דער גרויסער פּאָעזיע איז געווען אַ יאָרהונדערט פון אַנטפּלעקונגען און ווייניקער פון אַנטדעקונגען. אונדזער עפּאָכע איז, פאַרקערט, אַ יאָרהונדערט פון אַנט־דעקונגען און נישט פון אַנטפּלעקונגען. די אַנטדעקונג איז אָפּהענגיק פונעם אַנטדעקער, ער מוז צו איר דערגיין, ער מוז זי אויסגעפינען דורך מי, דורך מאַטער און נישט זעלטן דורך מסירת־נפש און דער עיקר מיטן כוח פון זיין, דעם אַנטדעקערס, טאַלענט. די אַנטפּלעקונג, דאַקעגן, זוכט זיך אַליין אויס איר מעדיום, זי קלייבט זיך אויס דעם פון פאָרויס אויסגעקלי־בענעם, דאָס הייסט אין אונדזער פאַל — די גרויסע פּאָעזיע קלייבט זיך אויס איר דיכטער, וועלכער איז שוין פון פריער און במילא אויסדערוויילט דערצו. זי לייגט אים אַריין די פליט אין דער האַנט אַריין. זי לערנט מיט אים די סודות פון פּאָעזיע ווי די מגידים האָבן געלערנט מיט די מקובלים די סודות פון קבלה.

ווי אַזוי געשעט דאָס דער דאָזיקער נס, ווער ברענגט צונויף און ווי אַזוי קומט דאָס פאַר דער דאָזיקער גורלדיקער זיווג פאַר דער פּאָעזיע און פּאָעט, און פאַר דער וועלט פון פּאָעזיע, דאָס איז שוין אַ הלכתא למשיחא. מיר וועלן עס דעריבער איבערלאָזן מיט אַ תיקו ביזן יום שכולו פּאָעזיע.

מיטן כוח פון דעם אויבן דערמאָנטן נס איז אַדאָם מיצקעוויטש, געבוירן אין יאָר 1798 אין נאָוואָגרודעק (אָדער אין זאַאָשיע) אויף דער ליטע, געוואָרן דער גרעסטער פּוילישער פּאָעט פון אַלע צייטן. אַ זון פון אַ געריכט־אָנגעשטעלטן, אַ מענטש אָן אַ פאַרמעגן, וואָס האָט געגעבן זיין פאַמיליע זייער באַשיידענע לעבנס־באַדינגונגען, איז אַדאָם מיצקעוויטש,

וועלכער האָט זיך מיט גאָרנישט אין אָנהייב אויסגעטיילט פון זיינע שול־ און אוניווערסיטעט־ חברים, געוואָרן מיטן כוח פון אויבן דערמאָנטן נס איינער פון די גרעסטע פּאָעטן אין דער וועלט.

דאָס סלאַוויש פּרימיטיווע און דאָס ליטוויש עקשנותדיקע אין אים איז געווען אַ גליקלעכע שותפות פאַר זיין פּאָעטישן אָנהייב און האָט אויך שפּעטער געפורעמט דעם דיכטערס וועלט־השקפה און זיין קינסטלערישן וועלט־באַנעם. די דאָזיקע שותפות האָט אים באַשאָנקען מיט אַ געזונטן, פּשוטן פאָלקס־שכל און מיט אַ קינסטלעריש געניאַלער פּשטות. גאָר שפּעטער, ווען ער האָט זיך געלאָזט פאַרפירן פון פאַלשע משיחישע אידעען, ווען ער האָט אויסגעטוישט פּאָעטיק אויף מיסטישער היסטאָריאָזאָפיע, האָט זיך די דיכטערישע שכינה פון אים אויף שטענדיק אָפּגעטאָן.

ווען ער האָט געשטעלט זיינע ערשטע טריט ווי אַ פּאָעט, האָט שוין אין דער וועלט דער ראָמאַנטיזם געהאַט פולשטענדיק צעשטערט די באַסטיליע פון קלאַסיציזם, ריכטיקער פון פּסעוודאָ־קלאַסיציזם. דאָס ביסל פּוילישע מאָרודערן פון קלאַסיציזם האָבן מיט זיך נישט פאָרגעשטעלט כמעט קיין שום ליטעראַרישן כוח. דער קאַמף זייערער מיט מיצקעוויטשן איז געווען נישט קיין גלייכער און לכתחילה אַ פאַרשפּילטער.

די העכערע ספערן, די פּוילישע און ליטוויש־פּוילישע שליאַכטע, האָבן זיך געפילט שאָקירט פון זיין אַריינפירן אין דער פּאָעזיע פאָלקס־מאָטיוון, פאָלקס־לעגענדעס, פאָלקס־אמונות און געפילן. דער קאַמף פון די אָנהענגער פון קלאַסיציזם קעגן מיצקעוויטשן איז, בכן, געווען אַ קאַמף וועגן אינהאַלט און נישט וועגן פאָרעם, ווייל פאָרמעל איז מיצקעוויטש דער ראָמאַנטיקער כמעט שטענדיק געווען און פאַרבליבן אַ קלאַסיקער. נישט די העכערע קלאַסן, די שליאַכטע, וואָס האָבן פאַרגעוואָרפן מיצקע־וויטשן דאָס פאַרפּאָעטיזירן עולם־גולמישע פלוידערייען, און נישט דער דיכטער אַליין, האָבן דעמאָלט גאָרנישט פאָרויסגעפילט, אַז דאָס לעצטע, גרעסטע און שענסטע פּאָעטישע ווערק זיינס, „פּאַן טאַדעוש", וועט מיצ־קעוויטש ווידמען גראָד איר, דער שליאַכטע.

אַ מענטש פון אַ גרויס הומאַניסטיש וויסן, אַ פּאָליגלאָט, אַ בקי אין אַלע אייראָפּעישע ליטעראַטורן, איז מיצקעוויטש געווען אויסגעשטעלט אויף אַ סך דרויסנדיקע השפעות. ער איז אַ צייט מושפּע געווען פון דייטשן

ראָמאַנטיזם, צו פיל האָט ער אָבער נישט איבערגענומען פון דאָרט — נישט דעם אינטעלעקטואַליזם, נישט דעם מיסטיציזם און נישט דעם פּאַטאַליזם. ער איז אין ערגעץ נישט אַוועק צו ווייט. ער איז, ווי אַ פּאָעט, נישט אַוועק צו פיל אויפן וועג פון אַבסטראַקציע און איראַציאָנאַליזם. קיין מאָל נישט, אַפילו אין דער סאַמע ראָמאַנטישסטער צייט זיינער. זיין באַגריף פון גורל איז אויך געווען אַ העלער, זעלטן אַ פאַרפאַלענער, דער שלעכטסטער גורל אַפילו האָט געקאָנט אָפּגעווענדט ווערן, לכל הפחות, אויסגעמיטן ווערן, דורך צדק און יושר. זיין גורל־באַנעם האָט גאָרנישט בשותפותדיקס געהאַט מיטן דייטשן מרה־שחורהדיקן גורל־באַגריף. די מרה־שחורה וואָס האָט פון אייביק אָן געטראָגן אין זיך די גרעסטע סכנה פאַר דער וועלט.

דאָס סלאַווישע אין אים האָט אים געשטעלט מיטביידע פיס אויף דער ערד, געגעבן אים אַן אינטימע און אַ געזונטע פאַרבינדונג מיטן פאָלק, מיט פּייזאַזש און שפּראַך. ער האָט געקוקט מיט אַ פּאָר אָפענע, דורך גאָר־נישט נישט פאַרטונקלטע אויגן אויף דער וועלט. זיין פּאָעטישער חוש־הראיה האָט פאַרמאָגט אַ געוואַלדיקע קראַפט, אַ געוואַלדיקן פאַרנעם.

אַ קורצע צייט איז ער באַווירקט געוואָרן פון בייראָניזם. זיין בייראָ־ניזם איז אָבער נישט געקומען פון זיין פערזענלעכער קאָליזיע מיט דער געזעלשאַפט. נישט פאַר זיך האָט ער אים באַדאַרפט. דער בייראָניזם איז ביי מיצקעוויטשן נישט געווען קיין געווער צום אַטאַקירן און אויך נישט צום פאַרטיידיקן. מיטן בייראָניזם האָט ער זיין פאָלק געגעבן דעם הכשר אויף פּאַרראַטן דעם שונא (אין זיין וווּנדערלעכער פּאָעמע „קאָנראַד וואַלענראָד"), ווען ער האָט געזען, אַז זיין פאָלק איז צו לייכט און צו גיך אַריין אין דעם יאָך פון קנעכטשאַפט.

דער נס פון מיצקעוויטשעס גרויסקייט, ווי אַ פּאָעט, ליגט אויך אין זיין בהדרגהדיקער אַנטוויקלונג. נישט פאַראַן אין זיין פּאָעטישער שטייגערונג קיין זיגזאַגן, נישט פאַראַן קיין עליות און ירידות. ער איז, ווי אַ פּאָעט, געגאַנגען מחיל אל חיל.

די פּאָעטישע שכינה האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן, ווען ער האָט זיך געפונען אויפן סאַמע שפּיץ פון זיינע פּאָעטישע דערגרייכונגען. ער איז אַראָפּגעפאַלן פון סאַמע העכסטן באַרג. ער איז קיין מאָל, ווי אַ פּאָעט נישט געוואָרן קלענער. ווען זיין קינסטלערישע האַרמאָניע איז אין די צו פיל

פאַרקאָמפּליצירטע גלות־תנאים פאַרשטערט און צעשטערט געוואָרן, האָט זיך זיין שעפערישקייט מיט אַ מאָל איבערגעריסן. זי איז אָפּגעשניטן געוואָרן ווי מיט אַ מעסער.

זיין גאַנצע שעפערישקייט איז געווען אַ גרויסע האַרמאָניע. אַפילו אין דעם דריטן טייל „דזיאַדי“, דאָרט ווו ער קעמפט פאַר זיין פאָלק מיט גאָט, שטייען אויך גייסטער ביי זיין רעכטער זייט און גייסטער פון זיין לינקער זייט און ער געפינט זיך אין דער מיט.

ער איז נישט געפלויגן צו הויך. אינעם עפּילאָג צו „פּאַן טאַדעאוש“ רופט ער זיך אַליין „דער פויגל פון קליינעם פלי“. ווען אַפילו ער האָט דאָס געזאָגט בלשון סגי־נהור איז עס אויך כאַראַקטעריסטיש. די ראָמאַנ־טיקער האָבן גאָר נישט געהאַלטן פון עניוות. מיצקעוויטש איז אויך ווייט געווען פון צו זיין אַן ענוו. דאָס זעט מען כאָטש בלויז פון זיין באַציִונג צו זיין מיטצייטלער, דעם גאָר גרויסן פּאָעט יוליוש סלאָוואַצקי.

ער איז נישט געפלויגן צו הויך, ער איז אָבער געפלויגן אויסנעמלעך שיין. מיט אַ פּאָר שטאַרקע, האַרמאָניש און סימעטריש אויסגעצויגענע פליגל. ער איז געפלויגן אַזוי, אַז אַלע וואָס געפינען זיך אויף דער ערד זאָלן קאָנען די שיינקייט פון זיין פלי זען און פון איר הנאה האָבן.

ביי אים זענען געגאַנגען האַנט ביי האַנט הימל און ערד, צי ערד און הימל. ביידע זענען געווען ביי אים גלייכבאַרעכטיקט און ביידע האָט ער געזען באַשאָנקענע מיט די זעלבע מתנות —

שטערן איבער דיר און שטערן אונטער דיר,
און צוויי וועסטו זען לבנות.

זאָגט ער אין דער באַלאַדע „שוויטעזש“.

ער האָט בשעתו אַ שטויס געטאָן די פּוילישע פּאָעזיע מיט מיילן און יאָרהונדערטער פאָרויס. ער האָט זי אויפגעהויבן העכער מיט גאַנצע זיבן הימלען. ער האָט זי מיט זיכערע טריט אַריינגעפירט אין דער וועלט־פּאָעזיע, אין דער וועלט־ליטעראַטור. ביז אים איז די פּוילישע ליטעראַטור, מיטן אויסנאַם פון יאַן קאָכאַנאָווסקי (געב. 1530, געשט. 1584) געווען גוואַלדיק צוריקגעשטאַנען לגבי אַנדערע אייראָפּעישע ליטעראַטורן.

די אידעען־וועלט אין וועלכער מיצקעוויטש האָט אַלס סטודענט

געלעבט, די אידעען פון די סטודענטישע קרייזלעך, די „פילאָמאַטן“ און „פילאַרעטן“ (סטודענטישע געזעלשאַפטן צו קולטיווירן גוטע מידות), צו וועלכע דער שפּעטערער דיכטער האָט געהערט און געווען איינער פון זייערע זיילן, איז געווען זייער אַ נאַיווע. אפשר זענען די אידעען נישט געווען אַזעלכע נאַיווע, ווי דער צוגאַנג צו זיי איז געווען נאַיוו, קיין מאָל נישט אַרויסגעגאַנגען פון די גרענעצן פון פרי־יוגנטלעכער פּאַטעטישקייט. אויך מיצקעוויטשעס אוניווערסאַליזם, אין זיינע רייפסטע פּאָעטישע יאָרן, איז נישט געווען קיין אידעישער, נאָר אַ ריין פּאָעטישער, נישט קיין אַבסטראַק־טער, נאָר אַ געפילמעסיקער, נישט געקומען פון דער וועלט פון באַגריפן, נאָר פון דער וועלט פון בילדער. זיין נשמה איז געזעסן פעסט אין זיין גוף. דער רוסישער רעאַליזם, דער עיקר פון פושקינען, איז אים געווען אַ גוטער מלאך.

## 2. דער נאַציאָנאַלער דיכטער

קיין שום אַטריבוטן מאַכן נישט פון קיין דיכטער אַ נאַציאָנאַלן דיכ־טער. נישט די נאַציאָנאַלע טעמאַטיק און אַפילו נישט די נאַציאָנאַלע פאָרעם, נישט דאָס באַנוצן אין די שאַפונגען פאָלקסמאָטיוון, נישט דאָס שילדערן די העלדישקייטן צי די מאַרטיראָלאָגיע פון אַ פאָלק, נישט דאָס שטעלן זיך אין דער פּאָזע פון אַ שליח פון פאָלק, נישט דאָס בענטשן, נישט דאָס שעלטן אָדער מוסר־זאָגן, נישט יעדער אַטריבוט פון די אויבן־דערמאָנטע באַזונדער און נישט אַלע צוזאַמען זענען נאָך נישט בכוח אַפילו פון דעם גרעסטן דיכטער צו מאַכן אַ נאַציאָנאַלן דיכטער. אַ נאַציאָנאַלער דיכטער קאָן מען נישט ווערן דערפאַר ווייל מען וויל עס, אַפילו ווען דער וואָס וויל דאָס, איז גאָר אַ גרויסער, צי לאָמיר זאָגן, אַ געניאַלער דיכטער, ווי דאָס איז געווען מיט זיין מיטצייטלער, יוליוש סלאָוואַצקי.

דאָס ווערן אַ נאַציאָנאַלער דיכטער איז פּונקט אַזאַ אַנטפּלעקונג ווי זיין דיכטונג גופא. פלוצלונג באַמערקט מען, אַז מען איז באַשאָנקען געוואָרן מיט אַ נאַציאָנאַלן דיכטער, כאָטש מען האָט שוין פריער געזען, אַז מען האָט צווישן זיך אַ גרויסן, צי גאָר אַ גרויסן דיכטער. אַ נאַציאָנאַלער דיכטער ווערט פון קיינעם, אַפילו פון זיין פאָלק, נישט אָפיציעל געקרוינט.

נאָר פלוצלונג באַמערקט מען, אַז מען האָט צווישן זיך אַ געקרוינטן. קיינער פּאָדערט נישט פון נאַציאָנאַלן דיכטער קיין קאָראַנאַציע־אַקטן, קיינער גייט נישט קאָנטראָלירן די רעכטלעכע זייט פון זיין באַשטימונג. פאַר יעדן איז אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, אַז דאָס איז טאַקע ער, דער אויסדער־ווײלטער.

מיט די דיכטער איז פונקט ווי מיט די נסתרים. אַזוי לאַנג ווי זיי זענען פאַרבאָרגן, זענען זייערע אויסערגעוויינלעכע מעשים און דרכים נאָר זייערע, זייער אייגענער קנין. אָבער אין דער רגע ווען זיי ווערן נתגלה, ווערן זייערע מעשים און דרכים דער קנין פון אלע. פון דעמאָלט אָן וואַקסן זיי אויס צו אַ לעגענדע, וואָס גייט איבערן פּאָלק מיטן פּאַטאָס פון מידות טובות — אַ לעגענדע, אויף וועלכער ס׳שפּאַרן זיך אָן די יסודות פון דער מאָראַלישער וועלט. אַזוי איז אויך אין דער גרויסער דיכטונג. צוגלייך מיט דעם וווּקס פון דעם דיכטערס פערזענלעכקייט, וואַקסט אין אַ גלייכער פּראָפּאָרץ די באַדייטונג און השפּעה פון זיינע ווערק.

לאָמיר פּאַר אַ משל נעמען די „אָדע צו דער יונגקייט" פון אַדאַם מיצקעוויטש. דאָס ליד האָט נישט קיין גרויסן קינסטלערישן ווערט. ס׳איז אַ רעטאָריש ליד געשריבן אונטער דער השפּעה פון דייטשן אינטעלעקטועלן ראָמאַנטיזם און איז פול מיט נאַיוו אויפגענומענע לאָזונגען פון דער פראַנ־צויזישער רעוואָלוציע, באַפאַרבט „פילאָמאַטיש" און „פילאַרעטיש". בשעתו, ווען דער מחבר האָט דאָס ליד צוגעשיקט זיינע חברים אין ווילנע (1820), האָט עס אויף זיי נישט געמאַכט קיין רושם, זיי האָבן עס פשוט נישט פאַר־שטאַנען. נישט דערפאַר איז אַזוי געשען, ווייל מיצקעוויטשעס חברים זענען געווען אַזוי ווייט אָפּגעשטאַנען, אַז זיי האָבן נישט געקאָנט באַנעמען די אידעען וואָס זענען אין דעם ליד פאַראַן, נאָר פשוט דערפאַר, ווייל מיצ־קעוויטשעס פערזענלעכקייט איז נאָך דעמאָלט נישט געווען גענוג גרויס, אַז זי זאָל קאָנען אויף זיך אויסטראָגן דאָס אַלץ, וואָס ער האָט אַנדערע אין דעם ליד אונטערגעטראָגן. ערשט ווען זיין דיכטערישע פערזענלעכקייט איז אויפגעוואַקסן, זענען צוזאַמען מיט איר געוואַקסן דער אינהאַלט און די השפּעה פונעם ליד. אויף דעם ליד האָבן זיך שפּעטער גאַנצע פוילישע דורות דערצויגן, כאָטש דער גרעסטער טייל פון זיי זענען זייער ווייט געווען פון די אידעאַלן, וועלכע מיצקעוויטש האָט אין דעם ליד פאַרויסגע־

טראָגן, אָבער דאָך איז דער פּלויד פון דעם ליד, זיין פּאַטאָס, געגאַנגען און גייט פון דור צו דור.

לויט דער אָפּיציעלער פּוילישער קריטיק, הייבט זיך אָן אַדאַם מיצקעוויטש ווי אַ נאַציאָנאַלער דיכטער מיטן מאָמענט פון פאַרעפנטלעכן זיין פּאָעמע „קאָנראַד וואַלענראָד" (אין יאָר 1828). אָבער ווען מיר ווען זיך האַלטן ביי אונדזער אויבן געבראַכטן געדאַנקען־גאַנג וועלן מיר דאָס פאָרמולירן אַזוי: מיטן מאָמענט פון פאַרעפנטלעכן „קאָנראַד וואַלענראָד" איז מיצקעוויטש געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער דיכטער פון זיין ערשטן אָנגעשריבענעם ליד אָן.

אַ נאַציאָנאַלער דיכטער מוז זיין אַ געזעצלעך קינד פון זיין פאָלק, פון זיין צייט און פון דער פּאָעזיע פון זיין פאָלק. ער מוז זיין אַ רעזולטאַט אַלץ איינס צי פון דער פאָלקס־פּאָעזיע, צי פון אינדיווידועלער פּאָעזיע. ער מוז זיין געבונדן מיט טראַדיציע, אַפילו ווען ער איז דער גרעסטער בונטאַר אין דער פּאָעזיע. אין דעם זינען וואָלט אפשר גלייכער געווען צו האַלטן מיצקעוויטשעס סאָנעטן (סיי די „עראָטישע סאָנעטן" און נאָך מער די „קרימער סאָנעטן"), אַלס דעם ווענדפּונקט צו אָנערקענען אים ווי אַ נאַציאָנאַלן דיכטער פון זיין ערשטן ליד אָן. אין די סאָנעטן, דער עיקר אין די קרימער, האָט ער אָנגעבונדן אין דער טראַדיציע פון גרויסן דיכטער פון דער פּוילישער רענעסאַנס־צייט, יאַן קאָכאַנאָווסקי, און אין זיי האָט ער דערגרייכט דעם העכסטן קינסטלערישן שטאַפּל, וואָס זיינס גלייכן זעען מיר נאָר אין „פּאַן טאַדעוש".

ווען מיר רעדן וועגן מיצקעוויטשן, ווי אַ נאַציאָנאַלן דיכטער, דאַרפן מיר געדענקען די צייט, אין וועלכער ער האָט געלעבט און געשאַפן. דאָס איז געווען פאַר פּוילן אַ תקופה פון פּאָליטישע קאַטאַסטראָפעס און פון גייסטיקער דערהייבונג. נישט נאָר די שליאַכטע האָט פאַרלוירן איר שליטה איבערן לאַנד, נאָר אויך די יעזויטן האָבן פאַרלוירן די שליטה איבער די פּוילישע נשמות און מוחות, וועלכע זיי האָבן ביז דעמאָלט געהאַלטן אין פינצטערניש, אין אָבסקוראַנטיזם. מיצקעוויטש איז געבוירן געוואָרן דריי יאָר נאָך דער דריטער צעטיילונג פון פּוילן (וועלכע איז פאָרגעקומען אין יאָר 1795). ווען ער האָט אָנגעהויבן שאַפן, זענען די האָפענונגען, וועלכע דאָס פאָלק האָט פאַרבונדן מיט די נאַפּאָלעאָנישע „באַפרייונגס"־מלחמות

און מיט זיין מאַרש אויף רוסלאַנד, שוין לאַנג געלעגן אין חורבות. דאָס וואַרשעווער פירשטנטום איז געווען אויפגעלייזט. אין דעם אַזוי גערופענעם קיניגרייך פּוילן, צי קאָנגרעס־פּוילן, האָט געהערשט דער רוסישער צאַר. דאָס ביסל פּוילישע מענטשן פון גייסט האָט אַרומגעכאַפּט אַ שולדגעפיל. מען האָט געקוקט אויף דער שליאַכטע און אויף אירע פרייהייטן, ווי אויף סיבות פון פּוילנס געפאַלנקייט און צעפאַלנקייט. מען האָט אָנגעהויבן קול־טיווירן די פּאַטריאָטישע געפילן. ס'האָט זיך אין דער פּאָעזיע געענדיקט די תקופה פון אידיליעס, וואָס זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן אַכצנטן יאָרהונדערט, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ צייט פון אָדעס און עלעגיעס, פולע מיט טרויער צוליב דער פאַרלוירענער פּאָליטישער פרייהייט. אין אַזאַ צייט איז פאַרשטענדלעך, אַז ס'איז לייכט געווען צו פאַרטוישן די טערמינען „פּאַטריאָטיש" און „נאַציאָנאַל".

בכדי צו כאַראַקטעריזירן בקיצור די דעמאָלטיקע שטימונגען אין דער פּוילישער ליטעראַטור איז אפשר כדאי צו ברענגען דעם ווייטערדיקן פאַקט. אין יאָר 1828 האָט דער טאַלענטירטער דיכטער סעווערין גאָשטשינ־סקי, פון אוקראַיִנישן אָפּשטאַם, אָבער אַ גרויסער פּוילישער פּאַטריאָט און פרייהייט־קעמפער, פאַרעפנטלעכט זיין פּאָעמע „דער קאַניאָווער שלאָס". די פּאָעמע איז געשריבן שטאַרק אונטער דער השפעה פון בייראָן. ס'איז דאָרט פול מיט קאָכיקע ליידנשאַפטן, מיט בלוט, מיט סטיכישער ליבע, מיט האַס און פאַרראַט. די דאָזיקע פּאָעמע האָט דער דעמאָלטיקער פּוילישער קאָמעדיע־שרייבער, דער כראַביע אַלעקסאַנדער פרעדראָ, באַגעגנט מיט אַ ליד א. נ. „אַ קללה", וואָס הייבט זיך אָן מיט די פיר שורות:

פאַרשאָלטן זיי דו, פאַרשאָלטן!
דו פּאַטערלאַנדס בן סורר ומורה,
דערפאַר וואָס צעגיסט אויף זיין קבר
דיין אייגענע מרה־שחורה.

שוין פון דעם פאַקט אַליין קאָן מען זיך מאַכן אַ בילד פון די דעמאָלט הערשנדיקע שטימונגען אין פּוילן. דער דערוואַכטער פּאַטריאָטיזם האָט באַהערשט די געמיטער, די מוחות און הערצער פון דער קליינער צאָל

שפּעריִשע מענטשן אין פּוילן. אַדאָם מיצקעוויטש איז געווען דער, וואָס האָט נעבן די פּאַטריאָטישע יצירות געשאַפן נאַציאָנאַלע.

די פּאַטריאָטישע שאַפונגען זענען געשריבן מלכתחילה מיט אַ טענ־דענץ, די נאַציאָנאַלע — טראָגן די טענדענץ אין זיך במילא, שוין בלויז מיט זייער עקזיסטענץ אַליין. די פּאַטריאָטישע שאַפונגען זענען צייט־שאַפונגען. זייער טעמפּעראַטור הייבט זיך און פאַלט צוזאַמען מיט דער איבערגעאַנדערשטער פּאָליטישער לאַגע פון לאַנד און פאָלק, צו וועלכע די שעפער געהערן. די טעמפּעראַטור פון אַ נאַציאָנאַלער שאַפונג איז אַן אַבסאָלוטע. זי איז אומפאַרענדערלעך אין אַלע אַן אויסנעם תנאים. די פּאַטריאָטישע שאַפונגען וועקן די ליבע צום לאַנד, די נאַציאָנאַלע — איז די ליבע אַליין. ווען דו באַקומסט ליב די שאַפונג, באַקומסטו ליב אַלץ, וואָס אין דער שאַפונג איז געשילדערט, ווען אַפילו אַ סך וואָס איז דאָרט געשילדערט ענטפערט ווייט נישט דיינע אידעען, דיינע פאָרשטעלונגען וועגן די מענטשן און געשעענישן אַפילו פון יענער צייט. אַ פּאַטריאָטישע שאַפונג קאָן געפינען דעם וועג צום מענטשנס האַרץ אַ דאַנק דער שטימונג וואָס זי שאַפט, די אידעען וואָס זי פּריידיקט, אַ נאַציאָנאַלע שאַפונג נעמט אונדז נאָר מיטן כוח פון איר קינסטלערישן ווערט; אַ פּאַטריאָטישע שאַפונג רעדט צום האַרץ, אַ נאַציאָנאַלע מוז קודם־כל רעדן צו אונדזער עסטעטישן חוש; אַ פּאַטריאָטישע שאַפונג קאָן זיין גוט, אַ נאַציאָנאַלע מוז זיין דער עיקר שיין. מיט איין וואָרט: אַ נאַציאָנאַלע שאַפונג מוז זיין — קונסט, אין דער צייט ווען אַ פּאַטריאָטישע מוז עס נישט זיין.

מיצקעוויטש ווערט פאַררעכנט פאַר אַ נאַציאָנאַלן דיכטער אַ דאַנק זיין פּאָעמע „קאָנראַד וואַלענראָד" און דעם דריטן טייל „דזיאַדי", אָבער דער עיקר באַליבט איז ער פאַר זיין ווונדערלעכער, פול מיט שיינקייטן (כאָטש פול מיט קליינלעכקייטן) עפּאָפּעע „פּאַן טאַדעוש". אין איר האָט ער דערגרייכט דעם העכסטן קינסטלערישן שטאַפּל. אין איר און אין די „קרימער סאָנעטן", וואָס זייער געטלעכע שאָנקייט מאַכט פּשוט שטוינען, און וואָס זיי האָבן מיט איין מאָל אַריינגעשטעלט מיצקעוויטשן אין דער פּלעיאַדע גאונישע דיכטער פון דער תקופה פון דער גרויסער פּאָעזיע. מען מוז אָבער זאָגן, אַז כאָטש דער דריטער טייל „דזיאַדי" מיט איר אימפּראָ־וויזאַציע איז פול מיט דערהויבענעם נאַציאָנאַלן פּאַטאָס, כאָטש „קאָנראַד

וואַלענראָד" איז פול מיט איבערראַשנדיקע שיינקייטן, איז אָבער „פּאַן טאַדעאוש" דאָס נאַציאָנאַלע ווערק פון ערשטער מדרגה. אַ דאַנק זיין רעאַליסטישער עכטקייט האָבן עס די מענטשן ליב באַקומען. די עכטקייט פון ווערק טוט נישט נאָר באַצויבערן, נאָר אויך באַצווינגען. די ליבע צו דעם ווערק האָט אויפגעהאַלטן די ליבע צום לאַנד, ס'האָט געוועקט רעספּעקט פאַר דער שפּראַך, וואָס האָט אויף אַ ווונדערלעכן אופן אויסגע־שפּילט און אויסגעמאָלן אַלץ און אַלע, וואָס האָבן אויף דעם באַשריבענעם שטיקל ערד געלעבט, סיי מענטשן, סיי אַנדערע בעלי־חי און סיי צמחים, און סיי אַלע קלאַנגען און אַלע עכאָס, וואָס האָבן זיך פון די קלאַנגען געטראָגן.

## 3. דער גאון פון פּייזאַזש

דאָס סלאַווישע, דאָס פּוילישע, דאָס מזרח־איראָפּעישע איז ביי מיצקעוויטשן געווען דער גורם, וואָס האָט אים געווענדט צו דער נאַטור, צו חושימדיקייט, צו סטיכיע. זיינע נאַטור־באַשרייבונגען זענען נישט געווען בלויז אַ קאַנווע, ווען אַפילו ווונדערלעך שיינע, אויסצוהעפטן צי בלויז צו שפּינען אויף איר ראָמאַנטישע רעפלעקסן. ביי מיצקעוויטשן זענען די נאַטור־באַשרייבונגען אַ ציל פאַר זיך, ווען אַפילו ער פאַרבינדט זיי מיט זיין געמיט־צושטאַנד, ווי, למשל, אין ערשטן קרימער סאָנעט „אַקערמאַנער סטעפּעס", צי אין סאָנעט „ים־שטורעם" און אין אַנדערע. נישט פאַרבונדן מיטן געמיט־צושטאַנד קאָן קיין קינסטלערישע באַשרייבונג בכלל נישט זיין. נישט אין דער פּאָעזיע און נישט אין דער פּראָזע. אָן דעם קינסטלערס געמיט און אָן דעם קינסטלערס קינסטלערישן געמיט קאָן קיין שום קונסטווערק נישט לעבן, ווי קיין לעבעדיקע באַשעפעניש, צי דאָס איז אַ געוויקס צי אַ בעל־חי, קאָן נישט לעבן אָן לופט. ווער רעדט נאָך וועגן אַזעלכע געניאַלע קינסטלערישע נאַטור־באַשרייבונגען ווי די אויבן דערמאָנטע „קרימער סאָנעטן". זיי זענען אַדורכגענומען, אַדורכ־געווייקט און אַדורכגעזאַפּט מיטן פּאָעטס געמיט. אויב מיר זאָגן, אַז ביי מיצקעוויטשן איז די נאַטור־באַשרייבונג אַ ציל פאַר זיך, איז דאָס דער־פאַר, ווייל זיי, די סאָנעטן, זענען פון אַזאַ קינסטלערישער הייך און פינעזיע,

אַז זיי זענען איבערגעוואַקסן דעם פּאָעטס געמיט און האָבן באַקומען אַן אייגן געמיט, וואָס איז אומפּאַרענדערלעך אויף אייביק, מחמת אייביק און אַבסאָלוט איז זייער קינסטלערישע פאָרעם וואָס פּאַנצערט זיי אַרום.

רעדנדיק וועגן די גורמים פון מיצקעוויטשעס נאַטור־צוגעבונדנקייט און חושימדיקייט, מוזן מיר אָנקומען צו היפּאָליט טענס טעאָריע וועגן דער השפעה פון דרויסנדיקע באַדינגונגען, דער עיקר פון דער נאַטור און נאָענטער סביבה, אויף דער געשטאַלטיקונג פון דעם קינסטלערס פאַנטאַזיע און זיין שאַפונג. דאָס הייסט נישט, אַז טען איז מיט זיין טעזע שטענדיק און אויף אַלע מאָל גערעכט. דאָס הייסט נאָר, אַז אין דעם פאַל, צי אין אַ סך אַזעלכע פאַלן, און אין אַ באַשטימטער צייט, איז ער געווען גערעכט, פונקט ווי אין שייכות, למשל, מיט די שאַפונגען פון אונדזער צייט איז ער לחלוטין נישט גערעכט. מיטן ענדערן זיך פון דער מאַטעריע, וואָס איז אונטערגעוואָרפן אונדזער דערקענטעניש, בייטן זיך אויך די מעטאָדן פון דערקענטעניש־פּראָצעס גופא.

מיצקעוויטש איז געבוירן געוואָרן אין דער ליטע, ווו ס׳האָבן נאָך דעמאָלט געהערשט האַלבע און גאַנצע פעאָדאַלע לעבנס־תנאים. דער שליאַכ־טשיץ און די גאָר גרויסע ערדמאַגנאַטן האָבן געלעבט לויט די מיטל־עלטערלעכע באַגריפן און מנהגים. דער פּויער איז געווען צו זיי פאַר־שקלאַפט. קיין אינדוסטריע האָבן זיי נישט אַנטוויקלט. מיט האַנדל האָבן זיי זיך געמיאוסט. ווילנע, די הויפּטשטאָט פון דער מיט פּוילן פאַראייניק־טער ליטע, איז געווען אַ טיפּישע פּראָווינצשטאָט, נישט געקוקט אויף דעם אוניווערסיטעט וואָס איז דאָרט געווען. אַלע, סיי די וואָס האָבן געלעבט אין רחבות און סיי די וואָס האָבן געלעבט אין דחקות, האָבן געלעבט פון דער ערד. מיצקעוויטשעס פאָטער איז אויך געווען אַ שליאַכטשיץ (ער האָט גאָר האָבן געשטאַמט פון אַדעליקע), נאָר אַן פאַרמעגן, אַן ערדבאַזיץ. אַדאָם מיצקעוויטש איז אַזוי אַרום געפילסמעסיק געווען אַ פאָלקס־מענטש, אָבער באַגריפן האָט ער געהאַט אַדעליקע (דאָס האָט שפּעטער געפירט צו שווערע קאָליזיעס אין זיין פּאָליטישן וועלטבאַנעם און אין זיין פּאָליטי־שער טעטיקייט צווישן דער פּוילישער עמיגראַציע). זיין פּאָעטישע שפּראַך איז געווען אַ בילדערישע, וואָס דאָס ווייזט אַן אויף איר פּרימיטיוון מקור, אָבער אַ דאַנק זיין אַדלקייט האָט ער די בילדערישע שפּראַך דערפירט צו

געוואַלדיקע קינסטלערישע הייכן, צו געניאַליטעט. ער האָט מיט איר אויסגעדריקט די סאַמע אַבסטראַקטע אידעען און פאַרגלייכן.

נישט נאָר אין זיינע באַלאַדן און אין די סאָנעטן, אין די פּאָעמעס און אין דער עפּאָפּעע, נאָר אַפילו אין דער אימפּראָוויזאַציע פון דריטן טייל „דזיאַדי״, ווו ער קומט אַרויס מיט זיינע טענות צו גאָט און וויל זיך מיט אים פאַרמעסטן, אַפילו דאָרט טרעפן זיך בילדער וואָס פאַרכאַפּן מיט זייער עכטקייט און אַדעקוואַטקייט.

מען קאָן, פאַרשטייט זיך, מחולק זיין צי האָבן מיצקעוויטשעס פּייזאַזשן אויסגעזען במציאות אַזוי ווי ער באַשרייבט זיי. נישט אין דעם גייט עס סוף־כל־סוף. אויב מען וויל, קאָן מען זאָגן, אַז דער קינסטלערישער פּיי־זאַזש איז שטענדיק און אייביק געווען אַן אימפּרעסיאָניסטישער, כביכול, ווען אַפילו ער איז אויסגעפירט מיט די סאַמע רעאַליסטישע מיטלען. דאָס הייסט, אַזוי לאַנג ווי מיר האָבן נישט געוווסט וועגן אימפּרעסיאָניזם, האָט מען געזען אַלע פּייזאַזשן רעאַליסטיש. כאָטש נישט פאַראַן קיין אַנדערע קינסטלערישע פּייזאַזשן ווי די, וואָס זענען געמאָלן אַזוי ווי דער קינסטלער האָט זיי געזען און נישט ווי זיי זענען אין דערווירקלעכקייט (וועגן באַנוצן זיך באַוווסטזיניק און פון פאָרויס מיט אימפּרעסיאָניסטישע מעטאָדן, דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך).

מיצקעוויטש האָט אויפגענומען די וועלט ווי אַ מאָלער. געהאַט אַ הוץ־לדרך־הטבע אַנטוויקלט מאָלעריש אויג. זיינע בילדער, געשריבן מיט מאָלערישער טעכניק, ציילן זיך אין טויזנטער און אפשר אין צענדליקער טויזנטער. אַלס קאָלאָריסט איז ער אָוועק זייער ווייט פון דעם דעמאָלט אין דער ליטעראַטור אָנגענומענעם שאַבלאָן.

אין זיין גרויסער צאָל בילדער האָט ער זיך קיין מאָל נישט איבער־געחזרט. ווייל ער האָט שטענדיק געבענקט. ער איז קיין מאָל נישט געווען דאָרטן, ווו ס׳האָט אים געצויגן. און קיין שום זאַך דערנענטערט נישט אַזוי שטאַרק, אין קינסטלערישן זינען, ווי ווייטקייט, ווי בענקשאַפט. אפשר דערפאַר, האָט ער, דער גרויסער פּוילישער פּאַטריאָט, דער שוין דעמאָלט אָפיציעלער אָנערקענטער נאַציאָנאַלער פּוילישער דיכטער, נישט אָנטייל גענומען אין פּוילישן אויפשטאַנד פון יאָר 1831.

מיצקעוויטש איז דער גאון פון פּייזאַזש נישט נאָר דערפאַר, ווייל ער

האָט באַוויזן, ווי אין די „קרימער סאָנעטן", איינצוקלאָמערן נאַטור־באַ־שרייבונגען (דאָס מאָל אָריענטאַלע) אין דער אַבסאָלוטער פאָרעם פון זיינע סאָנעטן, נישט נאָר דערפאַר איז ער דער גאון פון פּייזאַזש, ווייל מיט געטלעכער שאָנקייט זענען זיינע נאַטור־באַשרייבונגען געבענטשט, נאָר קודם־כל, און דער עיקר דערפאַר איז ער דער גאון פון פּייזאַזש, ווייל ווו און ווען ער האָט אַ טראַכט געטאָן, האָט אַ שטיק פּאָטערלענדלעך בילד אים אַ בלענד געטאָן פאַר די אויגן. ער איז נישט געפאָרן קיין מזרח, נישט קיין גריכנלאַנד, בכדי צו זוכן אינספּיראַציע און בילדער פאַר זיין שאַפונג. פון דאָרט ווו ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן, פון דאָרט האָט ער די בילדערישע יניקה פאַר זיין שאַפונג גענומען. זי האָט געסטייעט פאַר אַלע זיינע ווערק, פון זיין ערשט ליד ביז זיין לעצט קינסטלעריש וואָרט. ער איז אין דעם געווען כמעין המתגבר. די בילדער וואָלטן אים געסטייעט, ווען ער וואָלט מיט זיין שעפערישקייט נאָך אָנגעגאַנגען צענדליקער יאָרן. ער האָט די בילדער וואָס אַ מאָל מער געזען און געזען זיי שענער.

ער האָט מיט זיינע פּאָעטישע שאַפונגען געגעבן זיין פאָלק אַ צווייט פּאָטערלאַנד. דאָס מאָל אַ פריי, אַן אומאָפּהענגיק פּאָטערלאַנד, שיין מיט אַלע ערדישע שיינקייטן. קיין צוקונפט־וויזיע פאַר דעם מענטש האָט ער אין זיינע פּאָעטישע שאַפונגען נישט געגעבן. ער איז עס מן הסתם נישט בכוח געווען צו טאָן. ווען ער איז געווען אַ קאָוונער לערער, האָבן זיינע חברים פון ווילנע אים נישט פאַרשטאַנען. ווען ער איז געווען פּראָ־פעסאָר אין פּאַריז האָט ער גערעדט מיט אַ שפּראַך, וואָס איז שוין ווייט נישט געווען די קלאָרע, קוואַלנדיקע שפּראַך פון זיין פּאָעזיע. זיין ראָמאַנ־טיזם האָט אים דערווייטערט פונעם ראַציאָנאַליזם. שפּעטער זענען זיינע ראַציאָנאַליסטישע אידעען געווען פאַר זיינע מיטברידער צו רעוואָלוציאָ־נער, און פאַר רעוואָלוציאָנערן איז ער געווען פשוט אַן אָבסקוראַנט און רעליגיאַנט. זיין הויפּט־כוח, ווי אַ פּאָעט, איז נישט געלעגן אין געדאַנק, נאָר אין בילד. דער בלבול המוחות, וואָס איז אַנטשטאַנען צווישן דער פּוילישער עמיגראַציע, וואָס האָט זיך נאָך דעם אַדורכגעפאַלענעם אויפ־שטאַנד פון יאָר 1831 באַזעצט אין פּאַריז, האָט אים צעטומלט, צוגערויבט זיין רו. ער האָט נאָך אין אָנהייב באַוויזן צו אַנטלויפן אין דעם עבר, און שאַפן זיין גרויס קינסטלעריש ווערק, די עפּאָפּעע „פּאַן טאַדעוש". דאָס איז שוין אָבער געווען זיין שוואַנענליד.

אין אָנהייב האָט דאָס ווערק נישט אַרויסגערופֿן צווישן די פּאָליאַקן קיין ענטוזיאַזם. בלויז יחידי־סגולה האָבן געזען דעם גרויסן קינסטלערישן ווערט פֿון דעם ווערק. דער „ברייטערער" עולם איז געווען אַנטוישט. מען האָט דעמאָלט געזוכט אידעען. מען האָט געוואָלט אין מיצקעוויטשן האָבן אַ וועגווייזער, אַ לערער, אַ נביא. און דאָ איז ער גאָר געקומען מיט אַ קליינער ראַמעאָ און יוליאַ־געשיכטע, לויטן ליטווישן שטייגער און נוסח און מיטן דאָרטיקן פּייזאַזש, מיט אַ סך קליינע מענטשעלעך מיט זייערע גאָר קליינע השגות און נאָך קליינלעכערע חשבונות.

ערשט שפּעטער האָט מען דערזען דעם גרויסן קינסטלערישן און נאַציאָנאַלן און אוניווערסאַלן באַטייט פֿון דעם ווערק. נאַציאָנאַל דערפֿאַר, ווייל יעדן פּאָליאַק, וואָס האָט דאָס ווערק געלייענט, האָט זיך אויסגע־דאַכט, און נישט נאָר אויסגעדאַכט, נאָר יעדער איז געווען זיכער, אַז אויף דעם שטיקל ערד איז ער געבוירן און דערצויגן געוואָרן. יעדער איינער האָט צונויפֿגעוויקלט דאָס אין טיפֿסטער פּאָעטישער ליבע אויס־געזונגענע און איינגעזונגענע שטיק ערד, און געלייגט עס זיך צוקאָפּנס.

אוניווערסאַל דערפֿאַר, ווייל ווען אַפֿילו איין מענטש טוט אַזוי ליב באַקומען אַ פּאָעטיש ווערק, אַז ער פֿילט זיך דורך דעם ווערק געהויבן און דערהויבן, אַז ער קאָן זיך איבערטראָגן איבער צייט און שטח, איבער־שפּרייזן איבער די מענטשן וואָס ווערן אין דעם ווערק געשילדערט און איבער זייערע קליינלעכע אינטערעסן וועגן וועלכע ס'ווערט דאָרט גע־רעדט, קאָן שוין צוליב דער ליבע פֿון דעם איינעם מענטש אַזאַ ווערק ווערן אוניווערסאַל. ווייל דעמאָלט שלאָגט דאָס ווערק אָן אין אַבסאָלוטן, אין אייביקן, ווען אַפֿילו דאָס וואָס פּרעדיספּאָנירט און באַשטימט ענד־גילטיק די אוניווערסאַלקייט פֿון דעם ווערק, איז נאָר דעם ווערקס שיינקייט.

און אויב איבער איין מענטשנס ליבע צו אַ קינסטלעריש ווערק קאָן עס ווערן אוניווערסאַל, על אחת כמה וכמה ווען די ליבע צו דעם ווערק און זיין שאָנקייט קומט פֿון גאַנצן פֿאָלק. דעמאָלט גייט במילא דאָס נאַציאָנאַלע איבער אין אוניווערסאַלן.

ס'איז קיין שום דיכטער פֿון דער תקופה פֿון דער גרויסער פּאָעזיע נישט געווען אַזאַ נאַציאָנאַלער דיכטער ווי מיצקעוויטש. געווען דירעקט אוניווערסאַלע דיכטער ווי געטע, ווי שילער, ווי שעלי. מיצקעוויטשעס וועג

צום אוניווערסאַלן איז געווען דורך דעם נאַציאָנאַלן. ס׳האָט קיינער פון די פּאָעטן פון דער תקופה פון דער גרויסער פּאָעזיע נישט געקאָנט אַזוי זיין בלויז, צי ריינער, קינסטלער (וואָס דאָס איז דעמאָלט נישט פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ מעלה), ווי מיצקעוויטש. ס׳האָט קיינער פון זיי נישט געהאַט אַזאַ חוש פאַר נאַקעטער שיינקייט ווי ער.

נאָר קינסטלער און דורכויס קינסטלער איז מיצקעוויטש ווי אַ דיכ־טער געווען. ער איז געווען און געבליבן דער בעסטער און גרעסטער וואָרטקינסטלער־מאָלער אין דער פּוילישער (און אפשר נישט נאָר אין דער פּוילישער) פּאָעזיע פאַר אַלע, ביז איצט, צייטן. כמעט אַלץ וואָס האָט ביי אים נישט צו טאָן מיט דער מאָלערישער וואָרטקונסט, וועט בלייבן נאָר פאַר דער אָפּיציעלער קריטיק, פאַר אוניווערסיטעט־ און לערער־סעמינאַרן, פאַר ליטעראַטור־היסטאָריקער, פאַר ליטעראַטור־פאָרשער און פאַר סתם ליטעראַטור־ליבהאָבער, אָבער פאַר דעם לעבעדיק־לעבעדיקן אין מיצקעוויטשן פאַרליבטן וועט ער זיין און בלייבן אויף אייביק דער גאון פון פּייזאַזש.

אַלץ אַנדערע וואָס מיצקעוויטש האָט געשאַפן, אַלץ וואָס איז ביי אים נישט קיין קונסט, קאָן נישט שטיין אין איין ריי מיט די גייסטיקע (נישט ריין קינסטלערישע) שאַפונגען פון פּאָעטן־אינטעלעקטואַלן פון זיין צייט, און נישט מיט די פילאָסאָפישע געדאַנקען, וועלכע האָבן דעמאָלט די גרויסע מוחות באַהערשט. אין זיינע זעקס און פופציק יאָר לעבן איז מיצקעוויטש בסך־הכל צוועלף יאָר געווען פּאָעט. נישט אין דעם באַשטייט זיין טראַגעדיע, וואָס ער איז נאָר צוועלף יאָר געווען פּאָעט, ווי אין דעם, וואָס ער איז גאַנצע צוואַנציק יאָר לעבן נאָכן אָנשרייבן „פּאַן טאַדעוּש״, מער קיין פּאָעט נישט געווען.

זיין לערערשאַפט, זיין פירערשאַפט, זיין פראַווען נביאות איז נישט געשטאַנען אין קיין שום רעאַלער פּראָפּאָרץ צו די נויטן פון זיין צייט און צו די גייסטיקע און פּאָליטישע שטרעמונגען פון יענער עפּאָכע. ער איז ווי אַ פּאָליטישער פירער גאַנץ אָפט געווען טראַגיש און אַ מאָל אַפילו אויך כמעט לעכערלעך (זע וואָס ס׳שרייבט וועגן דעם דער שאַרפזיניקער רוסי־שער פּובליציסט און עסייאיסט, א. י. גערצען אין זיין „בילאָיע אי דומי״).

דאָס אַלץ פאַרמינערט אויף קיין האָר נישט מיצקעוויטשעס גרויסקייט

ווי אַ פּאָעט און זיין געניאַליטעט ווי אַ מאָלער פון דער פּוילישער־ליטווישער לאַנדשאַפט. פאַרקערט, דאָס אַלץ הייבט אַרויס און מאַכט בולט זיין באַרו־פנקייט ווי אַ פּאָעט.

ער איז פון דער דיכטערישער השגחה באַרופן געוואָרן צו זיין נאָר־פּאָעט. ער האָט ווי אַ מלאך געהאַט צו טאָן נאָר איין שליחות און ער האָט זי אויסגעפירט מיטן כוח און פּראַכט פון אַ גאון.

(„די גאָלדענע קייט", נומער 24, 1955)

# די הערמעטישע פּאַטעטישקייט

## דריי הויכפּונקטן אין דער אַנטוויקלונג פון דער פּוילישער פּאָעזיע

די פּוילישע פּאָעזיע, די אינדיווידועלע פּוילישע פּאָעטישע שאַפונגען, וואָס הייבן זיך אָן מיט מיקאָלאַי רעי (אין זעכצנטן יאָרהונדערט), האָבן געהאַט אין זייער אנטוויקלונג־וועג דריי הויכפּונקטן.

דער ערשטער וואָס האָט דערגרייכט די סאַמע העכסטע הייכן, און וואָס איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג איינער פון די גרעסטע פּוילישע פּאָעטן, איז דער פּאָעט פון פּוילישן רענעסאַנס און הומאַניזם, יאַן קאָכאַנאָווסקי (געב. 1530, געשט. 1584). די צווייטע, וואָס האָבן בשעתם אַ הייב געטאָן די פּוילישע פּאָעזיע מיט גאַנצע יאָרהונדערטער אין דער הייך, זענען געווען די פּאָעטן פון דער פּוילישער ראָמאַנטישער תקופה פון נייצנטן יאָרהונ־דערט: אַדאַם מיצקעוויטש (געב. 1798, געשט. 1855), יוליוש סלאָוואַצקי (געב. 1809, געשט. 1849), זיגמונט קראַשינסקי (געב. 1812, געשט. 1859) און דער טראַגישער ציפּריאַן קאַמיל נאָרוויד (געב. 1821, געשט. 1883). די דריטע גרופּע פּאָעטן, וואָס האָט דערפירט די דערגרייכונגען פון די פּאָעטן פון די צוויי אויבנדערמאָנטע תקופות צו די סאַמע דינסטע דינקייטן פון וואָרט־שאַפונג און פּאָעטישער טעכניק, זענען געווען און זענען די פּאָעטן פון די לעצטע און פאָרלעצטע (נעאָראָמאַנטישער, סימבאָליסטי־שער, נעאָקלאַסישער און מאָדערניסטישער) פּאָעטישע שטרעמונגען, אָבער שוין נישט תקופות, נעמלעך די פּאָעטן: לעאָפּאָלד סטאַף (געב. 1878, געשט. 1957); באָלעסלאַוו לעשמיאַן (געב. 1878, געשט. 1937) און יוליאַן טובים (געב. 1894, געשט. 1953).

די פּאָעטן פון די ערשטע צוויי הויכפּונקטן זענען דערגאַנגען צו זייער גרויסקייט על־פּי־נס, דורך דעם נס פון פּאָעטישער קפיצת־הדרך. פון מיקאָלאַי רעי, צי אַפילו פון די אידיליסטן פון פאַר דער פּוילישער רענע־סאַנס־תקופה ביז קאָכאַנאָווסקין, איז גאָר אַ קליינער צייט־אָפּשניט, אָבער אין פּאָעטישן זין איז עס אַ מהלך אויף יאָרהונדערטער. צווישן די פּסיידאָ־

קלאַסיקער און סענטימענטאַליסטן, פון פאַר דער פוילישער ראָמאַנטישער תקופה ביז מיצקעוויטשן, איז בכלל נישט פאַראַן קיין צייט־חילוק, און דער קינסטלערישער מהלך צווישן זיי איז אויך אפשר נישט אַזוי ווייט, ווי הויך, העכער מיט גאַנצע זיבן הימלען. דאַקעגן די פּאָעטן פון אויבן־אָנגעוויזענעם דריטן הויכפּונקט זענען שוין דערגאַנגען צו זייערע דערגרייכונגען אָן ניסים, כאָטש נישט אָן נפלאות. ווייל סוף־כל־סוף איז יעדע אמתע פּאָעטישע שאַפונג, פון אַלע צייטן און פון אַלע הויכע הייכן, נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ פלא.

די פּאָעטן פון די ערשטע צוויי הויכפּונקטן זענען געווען אַנטפּלעקער, די פון דער דריטער — אַנטדעקער. כאָטש די צווייטע זייט פון זייערע אַנטדעקונגען איז אויך געווען אַנטפּלעקונג.

די גרעסטע פוילישע פּאָעטישע אַנטפּלעקונג פאַר אַלע צייטן און ביזן היינטיקן טאָג, איז געווען און איז — אַדאַם מיצקעוויטש.

*

אַדאַם מיצקעוויטש איז געבוירן געוואָרן אין דעם זעלבן יאָר ווען ס׳איז געשטאָרבן דער לעצטער פוילישער מלך (סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי), כאָטש קיין אומאָפּהענגיקע מלוכה האָבן שוין דעמאָלט די פּאָליאַקן נישט געהאַט. ס׳איז שוין געווען דריי יאָר נאָך דער דריטער און לעצטער צעטיילונג פון פוילן. פוילן האָט פּאָליטיש ווי אַ מלוכה אויפגעהערט עקזיסטירן. אַ הייפל מענטשן פון גייסט האָבן דעמאָלט געוואָלט כאָטש ראַטעווען איר נשמה.

אַדאַם מיצקעוויטש האָט אָנגעהויבן שאַפן אין דער צייט פון דעם אַזוי גערופענעם „קעניגרייך פוילן" צי „קאָנגרעס־פוילן". אין וואַרשע, דער פוילישער הויפּטשטאָט, און אין ווילנע, דער פויליש־ליטווישער הויפּטשטאָט, האָט געקיניגט דער רוסישער צאַר. ווי אַזוי דאָס איז געשען, וואָס דווקא אין דער נאָך האַלב־פעאָדאַלער ליטע איז געבוירן געוואָרן דער גרעסטער פוילישער נאַציאָנאַלער דיכטער, בלייבט אַ סוד פון דער דיכטערישער השגחה.

אין דער וועלט האָט דעמאָלט געהערשט דער ראָמאַנטיזם מיט אַלע

זיינע גרעסערע און קלענערע, טיפערע און פלאַכערע ניואַנסן. מיצקע־וויטש האָט זיך אונטערגעגעבן דער ראָמאַנטישער שטרעמונג פון זיין צייט. שפּעטער, ווען ער איז געוואָרן דיכטעריש געקרעפטיקט, האָט ער די ראָמאַנטישע שטרעמונג מיטגענומען מיט זיך, אויף זיין אייגענעם פּאָע־טישן וועג.

דער ראָמאַנטיזם מיט זיין טענדענץ זיך אָנצובינדן אין פאָלקס־מאָטיוון, איז פאַר מיצקעוויטשן געווען אַ ברכה. דער אויבן־דערמאָנטער פּאָעט פון דעם פוילישן רענעסאַנס, יאַן קאָכאַנאָווסקי, האָט די בשעתו נאָך געגוג פּרימיטיווע פוילישע שפּראַך, דערהויבן צו דער מדרגה פון אַן אַריסטאָ־קראַטישער שפּראַך. מיט איר איז ער בכוח געווען צו שאַפן קלאַסישע פּאָעמישע פאָרמען, צו שאַפן מיט און אין דער שפּראַך די מאַיעסטעטישע פאָרעם פון אַ סאָנעט. מיצקעוויטש האָט די שפּראַך פון די פוילישע קלאַ־סיקער און פּסעוודאָ־קלאַסיקער פאַרבונדן מיט דער מקורותדיקער שפּראַך פון פאָלק און אַרויסבאַקומען פון דעם אַ ווונדערלעכע אַמאַלגאַם. מיט איר האָט ער אויפגעשריבן זיינע פּאָעמעס און עפּאָפּעע, וואָס האָבן אים געשטעלט אין איין ריי מיט די גאונים פון דער וועלט־ליטעראַטור פון דער תקופה פון דער גרויסער פּאָעזיע.

נאָך קאָכאַנאָווסקין מערקט זיך אַ ירידה אין דער פּוילישער פּאָעטי־שער שפּראַך, ווי אין די פּאָעטישע שאַפונגען בכלל. מיצקעוויטש האָט די פּאָעטישע שפּראַך אַזוי געגרונטפעסטיקט, אַז נאָך אים איז שוין קיין ירידה נישט מעגלעך געווען. פאַרשטייט זיך, קיינער פון די פּוילישע פּאָעטן נאָך אים, האָט זיך מיט אים נישט געקאָנט פאַרגלייכן, נישט אין פאַרנעם, נישט אין כוח, אין קיין שום אויסמעסט נישט. אָבער די פאָדערונג און צוגאַנג צו דער פּוילישער פּאָעזיע איז שוין זינט אים געבליבן די פאָדערונג און צוגאַנג צו אַ גרויסער פּאָעזיע. אגב, די נאָכפאָלגער פון דער תקופה פון דער גרויסער פּאָעזיע האָבן ביי קיין שום פאָלק נישט דערגרייכט קיין מאָל די הייכן, וואָס אויף זיי האָבן זיך געפונען זייערע מייסטערס.

דער גרויסער פּוילישער פּאָעט יוליוש סלאָוואַצקי, מיצקעוויטשעס מיטצייטלער, וואָס איז ממש פאַרברענט געוואָרן פון קנאה צו זיין בסך־הכל מיט עלף יאָר עלטערן „קאָנקורענט״, און וועמען מיצקעוויטש האָט כמעט ווי איגנאָרירט, האָט אין זיין נישט־געצוימטן ווילן און תשוקה

איבערצושטייגן דעם מייסטער, מיצקעוויטשן, זיינע פּאָעטישע כלים, די שפּראַך, אַזוי אויסגעשאַרפט, פאַרשפּיצט, דערפירט צו אַזאַ עלאַסטישקייט, אַז ער האָט ממש מיט איר באַוויזן וווּנדער פון פּאָעטישער טעכניק. דער־פאַר האָבן טייל שפּעטערע קריטיקער געזען אין אים דעם פאָטער פון מאָדערניזם, פון דער אַזוי־גערופענער, נייער קונסט. ס'איז אויך געווען אַ צייט ווען די פּוילישע מאָדערניסטן האָבן אין אים, אין סלאָוואַצקין, און נישט אין מיצקעוויטשן, געוואָלט זען דעם גרעסטן פּוילישן פּאָעט פון דער ראָמאַנטישער תקופה.

דאָס איז אָבער נישט ריכטיק און אַפילו בלויז צוליב דעם, וואָס מיצקעוויטש איז אין זיין שעפערישקייט געווען אויסערגעוויינלעך האַרמאָ־ניש. ער איז ווי אַ פּאָעט געווען אַ גאַנצקייט, כאָטש ווי אַ מענטש און ווי אַ ליטווישער פּאָליאַק איז ער געווען פול מיט סתירות. דאַקעגן סלאָוואַצקי איז נישט געווען אין דער פּאָעטישער שאַפונג זיינער גאַנץ, כאָטש ער האָט אָנגעשריבן אַזעלכע וווּנדערלעכע ליריקעס ווי „ס'איז מיר אומעטיק, גאָט", צי די „צוואה", אַזעלכע פּאָעמעס ווי „אין דער שווייץ", „לאַמבראָ" און אַזאַ וווּנדערלעכע, נאָר ווייניק באַקאַנטע דראַמע ווי „האָרשטינסקי" און צענדליקער אַנדערע גרויסע פּאָעטישע שאַפונגען.

ווען מען זאָל קענען און מעגן אַ פּאָעט שאַצן לויט זיינע באַזונדערע ווערק קאָן מען דרייסט זאָגן, אַז נישט איין מאָל האָט סלאָוואַצקי, מיט זיין פּאָעטישער טעכניק, מיט דער ראַפינירטקייט פון זיין פּאָעטישער שפּראַך, מיט דער פלינקייט פון זיין זאַץ (ווי, למשל, אין זיין גרויסער פּאָעמע „בעניאָוואָסקי") און מיט זיין לירישער התלהבות איבערגעשטיגן מיצקעוויטשן. אַזוי האָט אויך דער טראַגישער פּאָעט און מאָלער קאַמיל ציפּריאַן נאָרוויד, מיט זיינע אוניווערסאַלע אידעען, מיט זיין באַנעמען און מיט זיין פאַר־שטיינגעבן קונסט, אַ סך טיפער געגרייכט, ווי דער מייסטער מיצקעוויטש. אָבער מיצקעוויטש איז פּאָרט געווען און געבליבן דער גרעסטער פון זיי, ווייל זיין פּאָעטישע פעדער איז געבענטשט געווען מיט שלווה, כאָטש זיין לאַנד, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל רויִקייט און שאַנקייט באַשריבן, איז געלעגן צעריסן צווישן די ציינער פון די דעראָבערונגס־דורשטיקע גרויס־מאַכטן: רוסלאַנד, דייטשלאַנד און עסטרייך.

מיצקעוויטש האָט נישט געהאַט אין זיך די אָלימפּישע רויִקייט, ווי

ס׳האָט זי געהאַט, למשל, געטע. מיצקעוויטשעס רוי׳קייט און האַרמאָניש־קייט איז נישט געקומען פון קיין הייכן, און אַוודאי נישט פון קיין הימלען. זי איז געווען אַן ערדישע, זיין האַרמאָניע. ער האָט זיך מיט זיין ליטווישן, עקשנותדיקן כאַראַקטער איינגעביסן אין דער ליטווישער לאַנדשאַפט און אין דער פּוילישער שפּראַך און ביידע וווּנדערלעך באַהערשט און איבער ביידע רחבותדיק געהערשט ווי אַ רייכער, אַ ברייטהאַרציקער און ברייט־האַנטיקער קעניג.

ער האָט נישט געהאַט די אָלימפּישע רוי׳קייט, ווייל ער איז געווען אַ זון פון אַ פאַרשקלאַפט און גערודפט פאָלק. ער איז געווען קודם־כל אַ נאַציאָנאַלער דיכטער. ער האָט נישט געקאָנט און נישט געטאָרט באַלד גרייכן צום אוניווערסאַלן. ער איז צו זיין אוניווערסאַליזם דערגאַנגען דורך דעם נאַציאָנאַלן.

ער איז באַאיינפלוסט געוואָרן פון דייטשן ראָמאַנטיזם, אָבער די טעמאַטיק איז ביי אים געווען שטענדיק אַ ריין פּוילישע, צי אַ ליטוויש־פּוילישע. ער האָט נישט גענומען ווי די דיכטער פון דער דייטשער ראָמאַנ־טישער שולע קיין טעמעס פון דער פרעמד, פון דער וועלט. די וועלט פון זיין גרויסער פּאָעזיע איז געווען און געבליבן (ווי אין זיין עפּאָפּעע „פּאַן טאַדעאוש״) די קליינע וועלט פון זיין לאַנד און פון זיין פאָלק.

מען קאָן, פאַרשטייט זיך, מחולק זיין, צי האָט אַזאַ צוגאַנג צו אַ טעמע געהאָלפן פאַרברייטערן זיין גייסטיקן האָריזאָנט. אָבער אַזוי איז עס געווען. מן־הסתם האָט ער אַנדערש נישט געקאָנט. ווער ווייסט דען די וועגן און אומוועגן וואָס עס מאַכט אַדורך אַ פּאָעטישע קינסטלערישע שאַפונג ביז זי נעמט אויף זיך הויט און ביין?

זיין שעפערישע האַרמאָניע איז אים געקומען ווי אַ געשאַנק פון דער דיכטערישער השגחה. ווען ער האָט אויף זיין פאַרשיקונג אין די דרום־געביטן פון רוסלאַנד באַזוכט קרים, האָט ער אויפגעשריבן זיינע „קרימער סאָנעטן״, וואָס האָבן אים גלייך אַוועקגעשטעלט אין איין ריי מיט די גרויסע וועלט־דיכטער. אָבער נאָך פריער האָט ער פאַרטראַכט זיין פּאָעמע „קאָנראַד וואַלענראָד״ וואָס האָט אים געקרוינט פאַר דעם פּוילישן נאַציאָ־נאַלן דיכטער.

די דאָזיקע פּאָעמע איז געשריבן אונטער דער השפּעה פון ביי׳ראָנען,

ריכטיקער פון בייראָניזם. אָבער דער קאָנפליקט אין דער פּאָעמע, כאָטש ער איז פון אַ יחיד מיט זיין געוויסן, גייט עס אָבער דאָרט נישט וועגן יחיד, נאָר וועגן כלל, וועגן גאַנצן פאָלק. פון זיין פאַרראַט געניסט פאַר זיך דער העלד פון דער פּאָעמע, קאָנראַד וואַלענראָד, גאָרנישט, פאַרקערט, זיין אייגנס פאַרשפּילט ער אין גאַנצן. פון דער צווייטער זייט, איז ווי כלל־פאָלקיש די פּאָעמע זאָל נישט זיין, זענען דאָס שענסטע אין איר די יחידישע, לירישע פּאַרטיעס. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די פּאָעמע איז צוליב דעם געמיש פון כללישן מיטן יחידישן גענרע קאָמפּליצירט אין דער סטרוק־טור, איז זי אָבער אַזוי פיל מיט איבערראַשנדיקע שאָנקייטן, אַז מ׳קאָן זי בלי־ספק פאַררעכענען פאַר איינע פון די שענסטע שאַפונגען פון דער וועלט־פּאָעזיע.

דער געבוירענער אין דער ליטע מיצקעוויטש איז אין זיין קינסט־לערישן געמיט געווען אין גאַנצן און נאָר פּויליש. ער האָט אָבער דערפילט און דערפירט די שאָנקייט פון ליטוויש־פּוילישן פּייזאַזש צו אַזאַ פּאָעטי־שער מדרגה (ווי, למשל, אין זיין פּאָעמע „פּאַן טאַדעוש"), ער האָט די ליבע צו דער דאָרטיקער ערד אויסגעזונגען מיט אַזאַ פייער, אַז אַלץ וואָס ער וויזט דאָרט און אַלץ וואָס ס׳געשעט דאָרט איז שוין למעלה מן הזמן און אַוודאי למעלה מן השטח, און מען קאָן דאָס באַזונגענע דאָרט אַזוי גוט באַוואונדערן אין אַנדערע לשונות, ווי מען באַוואונדערט עס אין פּויליש.

## דער סוד פון די פּאָעטישע זיווגים

אין דער גרויסער פּאָעטישער, ראָמאַנטישער תקופה, זעען מיר אַ מאָדנע דערשיינונג פון פּאָעטישע זיווגים. אין דער דייטשער ליטעראַטור האָבן מיר דעמאָלט — געטע און שילער. אין דער רוסישער — פּושקין און לערמאָנטאָוו, אין דער ענגלישער — שעלי און בייראָן, אָדער וועגן עמעצער וויל, שעלי און קיטס. אין דער פּוילישער — מיצקעוויטש און סלאָוואַצקי.

אויב דער סוד פון יעדן זיווג איז באַפּרוכפּערונג, איז דער געראָטנס־טער זיווג געווען — געטע און שילער. אויב געטעס אָפּשאַצונג איז טאָקע געווען אַ ריכטיקע, האָט ער נישט איין מאָל אונטערגעשטראָכן אין זיינע

שמועסן מיט עקערמאַנען, אַז ער, געטע, און שילער דערגאַנצן זיך קעגנ־זייטיק. אַנדערש איז עס געווען מיט פּושקינען און לערמאָנטאָוון. ווען פּושקין איז אומגעקומען, איז נאָך לערמאָנטאָוו געווען גאַנץ יונג, כאָטש ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט פאַרעפנטלעכט (אַנאָנים) זיין פּאָעמע „וועגן סוחר קאַלאַשניקאָוו", וואָס האָט זיך באַלד דערוואָרבן רום אין רוסלאַנד. אונדז שיינט אָבער, אַז פּושקין און לערמאָנטאָוו האָבן זיך פּערזענלעך אַפילו נישט געקענט. פון דעסטוועגן האָבן זיי זיך אויך קעגנזייטיק דער־גאַנצט. אין דעם זיווג איז לערמאָנטאָוו, אין קינסטלערישן זין, געווען דאָס „שוואַכערע מין", אָבער וואָס שייך גייסטיקער שטאַנדהאַפטיקייט, האָט לערמאָנטאָוו זיך אַרויסגעוויזן פאַר אומפאַרגלייכלעך קאָמפּראָמיסלאָזער ווי פּושקין. אויך אין דער ליבע צום פאָלק און פאָלקסמענטש איז לערמאָנ־טאָוו געווען אוממיטלבאַרער, הייסער און אומפּערזענלעכער ווי פּושקין. כאָטש לערמאָנטאָוו האָט אויך געקאָנט זיין ליריש יחידיש, איז ער אָבער קיין מאָל נישט געווען צו עגאָצענטריש. דער זיווג פון בייראָנען מיט שעלי וואָלט געווען אַ זיווג פון אַ געטלעכן טייוול מיט אַ מלאך. שעלי און קיטס האָבן זיך וווּנדערלעך דערגאַנצט אין זייער טראַגישער געהויבנקייט און טראַגישן טויט.

גאָר אַנדערש איז געווען דער זיווג — מיצקעוויטש און סלאָוואַצקי. דאָס איז געווען אַ צעקריגט פּאָרפאָלק, וואָס איז אייגנטלעך גאָר קיין פּאָר־פאָלק נישט געווען. מיצקעוויטש האָט געהאַלטן אַז סלאָוואַצקי איז אידעענ־לאָז. סלאָוואַצקי האָט מיצקעוויטשן פאַרערט, אָבער אים איז געווען זיין גאווה שטאַרק דערווידער. ער האָט אויך נישט פאַרטראָגן (אפשר פון קנאה) דאָס פאַלן כורעים פאַר מיצקעוויטשן ווי פאַר אַ נביא און דיכטער. אים איז געווען דערווידער דער קולט מיט וועלכן די גאַנצע פּוילישע עמיגראַציע אין פּאַריז האָט מיצקעוויטשן אַרומגערינגלט, אין דער צייט ווען סלאָוואַצקי איז ווי אַ דיכטער כמעט דורך קיינעם דעמאָלט נישט געווען אָנערקענט.

אַ סך זענען געווען די סיבות, וואָס האָבן דערפירט און אונטער־געהאַלטן דעם קידער־ווידער צווישן מיצקעוויטשן און סלאָוואַצקין. געווען סיבות פּאָעטישע, געווען פּאָליטישע און אַפילו ריין פּערזענלעכע. אָבער די עיקר־סיבה זעט אונדז אויס צו ליגן אין דעם, וואָס מיצקעוויטש איז

געווען דער פוילישער נאַציאָנאַלער דיכטער און סלאָוואַצקי האָט אויך דאָס געוואָלט זיין. און דער דין איז אַז יעדעס פאָלק קאָן האָבן נאָר איין נאַציאָנאַלן דיכטער, וועג שמועסט נאָך אין איין און דער זעלבער תקופה.

סלאָוואַצקי האָט געהאַט אַלע אַטריבוטן, געווען פרעדיספּאָנירט צו זיין אַן אוניווערסאַלער דיכטער. אָבער ער האָט זיך נאָר געקלאַמערט אין דער האָפענונג און אין דער אילוזיע צו ווערן ביים לעבן אַ נאַציאָנאַלער דיכטער. ער איז נאָכגעגאַנגען מיצקעוויטשן אין זיינע ליטעראַרישע קאָנ־צעפּציעס און טעמעס ווי אַ שאָטן. וואָלט סלאָוואַצקי נישט געהאַט די אַמביציע צו זיין אַ נאַציאָנאַלער דיכטער, נאָר אַן אוניווערסאַלער, וואָלט ער געווען מיט מיצקעוויטשן, ווי ער זאָגט דאָס אין זיין פּאָעמע „בעניאָוור־סקי״ „ווי צוויי אויף קעגנגעזעצטע פּאָליוסן קעגנערישע געטער״, אָבער ווייל ער האָט נאָר געוואָלט ווערן אַ נאַציאָנאַלער דיכטער, האָט מיצקע־וויטש און זיין סביבה אים אין גאַנצן מבטל געווען.

געטע און שילער זענען געווען אוניווערסאַלע פּאָעטן. זיי האָבן זייערע טעמעס גענומען פון דער גאַנצער וועלט, דער עיקר שילער. אגב, האָט געטע אין זיינס אַ שמועס מיט עקערמאַנען אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז בכלל דאַרפן פּאָעטן נעמען פּאַרטיקע סוזשעטן און נישט פּאַרלירן קיין פּאָעטישע ענערגיע אויף אויסצוטראַכטן אייגענע. מיצקעוויטש, אָבער, ווי אַ נאַציאָנאַלער דיכטער, האָט געמוזט האָבן אַ נאַציאָנאַלע טעמאַטיק. ער האָט אָנגעבונדן אָפּט צו דער אור־געשיכטע פון פוילן, דער עיקר פון ליטע. סלאָוואַצקי, וואָס האָט געהאַט אַ גענוג רייכע אייגענע טעמאַטיק, איז אין זיין בלינדער קנאה צו מיצקעוויטשעס נאַציאָנאַלער באַרופנקייט געגאַנגען אויף זיינע טעמאַטישע שפּורן. אַפילו אַ „פּאַן טאַדעוש״ האָט ער פּרובירט שרייבן.

נישט צוליב זיין פּאָעמע „קאָנראַד וואַלענראָד״ און נישט צוליב דעם דריטן טייל „דזיאַדי״ מיט איר „אימפּראָוויזאַציע״ איז מיצקעוויטש געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער דיכטער, ווי דאָס וויל די אָפיציעלע פוילישע ליטעראַרישע קריטיק, נאָר צוליב זיין גוואַלדיקער קלאָרקייט פון זען, פון זיין קינסט־לעריש זען, פון זיין אַזוי, מיט אַזוי פיל ליבע, זען די לאַנדשאַפט פון זיין פאָטערלאַנד, דאָס האָט אים ענדגילטיק און אויף אייביק באַרופן צו ווערן און צו בלייבן פוילנס נאַציאָנאַלער דיכטער.

נישט מיצקעוויטש און נישט סלאָוואַצקי האָבן נישט אָנטייל גענומען אין פּוילישן אויפשטאַנד קעגן רוסלאַנד, אין יאָר 1831. מיצקעוויטשן האָט מען דאָס שנעל מוחל געווען, כאָטש נישט אַלע. ס'וואָלט באמת געווען אַ גרויס אומגליק פאַר פּוילן, ווען ער קומט אום אין אויפשטאַנד. אַ סך פּאַליאַקן זענען געווען צופרידן וואָס ער האָט זיין קאָפּ נישט איינגעשטעלט אין דעם קאַמף, וועלכן מיצקעוויטש אַליין האָט באַצייכנט ווי אַן אומגליק. מיט רעכט האָט זיין נישט אָנטייל נעמען אין אויפשטאַנד אים נישט געשאַדט צו ווערן דער פּוילישער נאַציאָנאַלער דיכטער, ווייל אַ דיכטער, אַפילו אַ נאַציאָנאַלער, ווערט מען נאָר און אויסשליסלעך מיטן כוח פון דיכטונג.

## די הערמעטישע פּאָעטישקייט

אין יאָר 1822 האָט מיצקעוויטש אַרויסגעגעבן אין ווילנע זיין ערשט ביכל פּאָעזיע „באַלאַדן און ראָמאַנסן" און אין יאָר 1834 האָט ער אַרויס־געגעבן אין פּאַריז זיין לעצט ביכל פּאָעזיע, די עפּאָפּעע „פּאַן טאַדעוש". דאָס אַלץ וואָס ער האָט געשריבן שפּעטער איז שוין קיין פּאָעזיע נישט געווען. ער איז געווען לערער, פּירער, נביא, פּרעדיקער, מוסר־זאָגער, קעמפּער, (גיכער אין דער פאַנטאַזיע ווי אין דערווירקלעכקייט), יעדן פאַלס קיין פּאָעט איז ער מער נישט געווען. זינט ער איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון אַנדזשעי טאָוויאַנסקי, דעם האַלבן פּויער און מוטנעם מיסטיקער און שווינדלער, צי גאָר רוסישער פּאָליטישער אַגענט, האָט שוין מיצקע־וויטש אַפילו מער וועגן פּאָעזיע נישט געטראַכט.

מען קאָן אויך זאָגן פאַרקערט, מען קאָן זאָגן: אַזוי לאַנג ווי ער האָט געשריבן אמתע, קינסטלערישע פּאָעזיע, האָבן די אַלע מיסטישע משיחישע אידעען נישט געהאַט צו אים קיין צוטריט. ער האָט נאָך ביז זיין אָנקומען קיין פּאַריז געלעבט אַ האַלב־זאַרגלאָז לעבן, גענאָסן פון אַלע לעבנס־פריידן מיט גרויס הנאה, נישט געקוקט וואָס זיין פּאָטערלאַנד איז דעמאָלט אָפּגעגאַנגען אין בלוט.

אָבער קומענדיק קיין פּאַריז, באַקענענדיק זיך נאָענט מיט דעם אומ־גליק פון נאָכן דורכגעפאַלענעם אויפשטאַנד, וואָס הייסט: עמיגראַציע, מיט איר אויסגעוואָרצלטקייט, אינערלעכע צעריסנקייט, צעקריגטקייט,

פאַרראַט און מורא פאַרן אייגענעם שאָטן, האָט ער זיך אין גאַנצן געענדערט. פון דעמאָלט אָן האָט ער אַלע זיינע געדאַנקען, זיין גאַנצן מוח און האַרץ געווידמעט דער אידעע וועגן פוילנס צוקונפט, ווי וועגן אַ מלכות שמים אויף דער וועלט.

קאָן זיין אַז די דאָזיקע ענדערונג איז אין אים פאָרגעקומען צוליב דעם נישט ריכטיקן אויפפאַסן און פאַרשטיין זיין באַרופנקייט ווי אַ נאַציאָ־נאַלער דיכטער. אין אַ בריוו צו זיין פריינד, דעם ליטעראַט אָדיניעץ שרייבט מיצקעוויטש אַזוי: „איך האָב זיך איבערצייגט, אַז מען האָט צו פיל געלעבט און געאַרבעט נאָר פאַר דער וועלט (דאָס מיינט ער פאַר עולם־הזה, — י. ה.), אַז כ׳וועל קיין מאָל מער מיין פעדער אויף סתם לייכטע זאַכן קיין מאָל מער נישט באַנוצן. נאָר דאָס ווערק איז עפּעס ווערט, וואָס קאָן דעם מענטש מחזור למוטב זיין און אים ווייזהייט אויסלערנען. כ׳וואָלט אפשר פאַרוואָרפן טאַדעושן („פּאַן טאַדעוש״, — י. ה.), ווען איך וואָלט נישט געהאַלטן מיט אים שוין נאָענט ביים סוף. אַלזאָ, נעכטן האָב איך אים טאַקע געענדיקט״. אַזוי האָט מיצקעוויטש געטראַכט וועגן זיין גרעסט דיכטעריש און קינסטלעריש ווערק, נאָך אין פעברואר 1834 (דע־מאָלט האָט ער געשריבן דעם בריוו).

אמת, אַ יאָר פאַר זיין אויפשרייבן „פּאַן טאַדעוש״ האָט ער פאַרענדיקט זיין „דאָס בוך פון פעלקער און פוילישער פּילגרימשאַפט״, געשריבן אין ביבלישן סטיל, ווו ער האָט פוילן באַשאַנקען מיט דער מיסיע פון אַ משיח צווישן פעלקער. אַ דאַנק די דאָזיקע אידעען, וואָס האָבן אים וואָס אַ מאָל מער פאַרכאַפּט און באַשעפטיקט, האָט ער, ווי מיר ווייסן שוין, שיער נישט פאַרוואָרפן דאָס שרייבן זיין עפּאָפּעע. עס זעט אָבער אויס, אַז זיין געזונטער פּאָעטישער אינסטינקט, זיין גאוניש זען און קענען פּאָעטיש שילדערן, זיין מעכטיקער טאַלאַנט, האָט אין אים געזיגט. דאָס איז געווען מיצקעוויטשעס, דעם פּאָעטס גרעסטער, אָבער שוין לעצטער זיג.

*

ער איז געבוירן געוואָרן פאַר הערמעטישער פּאָעטישקייט. ער איז געבוירן געוואָרן פאַר ריינער פּאָעזיע (פאַרשטייט זיך, אַז נישט אין מאָ־דערנעם זין). אין אַלץ וואָס איז ביי אים פּאָעזיע, וואַקסט די קונסט איבער

די אידעע, דאָרט איז די קונסט דאָס פּרימערע. דאָרט אָבער ווו אידעע איז געשטעלט געוואָרן ביי אים איבער דער קונסט, דאָס אַלץ איז שוין ביי אים קיין פּאָעזיע נישט.

מיצקעוויטש איז געווען דער גרויסער דיכטער פון דער תקופה פון דער גרויסער פּאָעזיע אין איראָפּע. ער איז געווען דער גאון פון פּיזאַזש. ער איז געווען דער פּוילישער נאַציאָנאַלער דיכטער. און דאָס אַלץ נאָר און אויסשליסלעך אַ דאַנק זיין הערמעטישער פּאָעטישקייט.

דאָרט ווו ער איז אַ פּאָעט, דאָרט איז ער עס בלב ונפש. אַנטקעגן זיין פּאָעטיש בילד ווערט די גאַנצע ווירקלעכקייט בטל, כאָטש און טאָקע דערפאַר, וואָס זיין בילד איז נישט קיין אַבסטראַקטס, נאָר און דורכויס אַ רעאַלס. ער האָט אויסגעטוישט דאָס פאַקטישע, צי דאָס ווירקלעך־רעאַלע, מיט דעם פּאָעטיש־רעאַלן — און געוווּנען דערביי אַ גאַנצע, נייע וועלט. אַ פּאָעטישע וועלט.

ער איז געווען אַ ליטווין (געבוירן אין דער ליטע) און געהאַט אין זיך די ליטווישע עקשנות. דאָס וואָס ער האָט זיך אין די יונגע יאָרן אויסגע־לערנט האָט ער אויף שטענדיק שוין געקענט. דאָס האָט ער נישט געקאָנט פאַרגעסן. צו פיל האָט מען מיט אים אין די יונגע יאָרן געלערנט און אַריינ־געלערנט די קלאַסישע ליטעראַטור, אַז ער זאָל קאָנען פון איר, פון אירע פאָרמען זיך באַפרייען. ביי דעם טויער פון דער הויפּטשטאָט פון זיין פריי פּאָעטנלאַנד און פאַרשקלאַפּט פאָטערלאַנד, ווילנע, האָט דער ראָמאַנטיזם אָנגעקלאַפּט מיט אַ גרויסער פאַרשפּעטיקונג. די שטורעם־און־דראַנג צייט פון ראָמאַנטיזם איז שוין אין איראָפּע געהאַט פאַרביי. מיצקעוויטש איז ווי אַ ראָמאַנטיקער אויך פאַרבליבן אַ קלאַסיקער, פּונקט ווי ער איז ווי אַ פּאָעט פאַרבליבן אַ רעאַליסט, כאָטש אַלץ וואָס איז רעאַל־פּאָעטיש ביי אים, איז עס פון דער סאַמער פּאָעטישסטער פּאָעזיע.

ער האָט נישט געשטירצט און נישט געשטורעמט. ער האָט נאָר צו די אַלטע קלאַסישע פאָרמען צוגעגעבן נייע. זיין רום ווי אַ גרויסער פּאָעט, ווי אַ פּאָעט אין וועלט־מאָס, האָט ער דערגרייכט קודם־כל אַ דאַנק זיינע „קרי־מער סאָנעטן", אַ דאַנק דעם אויפלעבן פון דער אַלטער אַבסאָלוטער קלאַסי־שער פאָרם פון סאָנעט. אין זיי האָט ער דערגרייכט די סאַמע העכסטע פּאָ־עטישע הייכן, אין זיי און אין „פּאַן טאַדעוש".

די פּאָעטן פון דער פּוילישער פּאַרקנעכטער הויפּטשטאָט, פון וואַרשע, דאָרט ווו ס'איז געווען די פעסטונג פון די פּוילישע קלאַסיקער, האָבן דעם ווילנער ראָמאַנטיקער נישט אָנערקענט. זייער קאַמף מיט אים איז אָבער נישט געווען קיין קינסטלערישער, גיכער אַ פּאָליטישער און אַ סאָ־ציאַלער. מיצקעוויטשעס פאַרבונדנקייט מיטן פאָלק, כאָטש אַ ריין־פּאָע־טישע, זיין באַנוצן זיך מיט פאָלקס־לעגענדעס און אָבערגלויבנס, מיט די מקורות פון דער פּוילישער פאָלקס־שפּראַך, דאָס האָט זיי געאַרט, זיי, די אָבסקוראַנטן פון וואַרשעווער פּאָעטישן לאַגער, די בלינדע אויף די עלעמענטאַרסטע פאָלקס־נויטן, אַפילו אין אָנבליק פון דער אייגענער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע. דאָס האָט זיי געטריבן צו אַ קאַמף מיטן פּוילישן ראָמאַנטיקער פון דער ליטע. מיצקעוויטש האָט אַחוץ דעם גרויסן טאַלאַנט געהאַט גליק. זיינע קעגנער האָבן זיך אָפּט געטוישט. זיינע אָנהענגער זענען אים אָבער שטענדיק געבליבן געטריי.

צום מייסטן באַליבט צווישן די פּאָליאַקן, און צום מייסטן באַקאַנט אין דער וועלט איז מיצקעוויטש צוליב זיין עפּאָפּעע „פּאַן טאַדעוש". אַ געשיכטע פון דער שליאַכטע אין די יאָרן 1811—1812. דאָס איז אַ קליינע ראָמעאָ־ און יוליאַ־געשיכטע לויטן פּוילישן נוסח און אויף דער ליטווישער ערד. די עפּאָפּעע נעמט אויס און איז גרויס נישט צוליב איר אינטריגע, נישט צוליב אירע העלדן, וואָס זענען צום מייסטן קליינ־קעפּלדיקע עקשנים מיט קליינע השגות, מענטשן וואָס לעבן, אַפילו לויט יענע צייטן און באַגריפן, מיט אַן אַנאַכראָניש, אַ־היסטאָריש לעבן. די עפּאָפּעע איז נישט גרויס אַפילו צוליב אירע אינטערעסאַנטע געשטאַלטן, ווי דער גלח ראָבאַק, צי גענעראַל דאָמבראָווסקי, צי גאָר דער ייד יאַנקל צימבאַליסט. די עפּאָפּעע איז גרויס צוליב דער שיינקייט פון די געמאָלענע לאַנדשאַפטן. אַלץ וואָס איז דאָרט געמאָלן איז שיין בתכלית השאָנקייט. די בילדער, די פאַרבן, די קלאַנגען אוןווידערקלאַנגען פון דער געמאָלענער דאָרט מיט ווערטער נאַטור — פאַרשיכורן. אַלץ וואָס ווערט דאָרט געוויזן איז פּשוט און קלאָר און אויסטערליש שיין. די שאָנקייט ליגט אין דער פּלאַסטישקייט פון די בילדער, אין דעם וווּנדערלעך האַרמאָנישן צוקלייב פון פאַרבן און אין דער גאונישער פעיִקייט דאָס אַלץ אַרויסצוברענגען מיט ווערטער, מיט קלאַנגען, אין דרייצן־זילבנדיקע שורות.

אין דעם ים פּרטים איז דאָרט נישט פאַראַן דאָס מינדסטע, וואָס זאָל זיין איבעריק. אין דעם טויזנט־שלדיקן בילדער־אוצר חזרט זיך גאָרנישט איבער. אַלץ איז דאָרט איין גרויסע האַרמאָניע. אַלץ איז הערמעטישע פּאָעטישקייט, וואָס פאַר דעם איז צוליב דעם איז מיצקעוויטש געקומען אויף דער פּאָעטישער וועלט.

זיינע „קרימער סאָנעטן" און זיין „פּאַן טאַדעוש" זענען זיינע גרעסטע קינסטלערישע ווערק. זיי ווערן גערעכנט צווישן די גרעסטע פּאָעטישע ווערק אין דער וועלט־פּאָעזיע. זיי האָבן מיצקעוויטשן פאַרזיכערט אַ גאָר בכבודיק אָרט אויפן פּאַרנאַס פון דער וועלט־פּאָעזיע אויף אייביק.

*

צום סוף אַ פּאָר התנצלות־ווערטער: מיר האָבן בכוונה נישט באַרירט אין אונדזער עסיי די פראַגע: מיצקעוויטש און יידן. אַ טעמע, וואָס נאָך איר יאָגן זיך אַ סך אמתע און נאָך מער פאַלשע מיצקעוויטש־קענער. מיצקעוויטש, וואָס האָט נישט געהאַט קיין פעסטע און באַשטימטע שטעלונג לגבי זיין אייגן פאָלק און גורל, האָט עס אוודאי נישט געהאַט לגבי די יידן. מיצקעוויטש איז דער עיקר געווען אַ שטימונגס־מענטש. אַזוי ווי ער איז אין דער פּאָעזיע זיינער דער עיקר געווען אַ רעאַליסט, אַזוי איז ער אין פּאָליטישע ענינים געווען אין גאַנצן אַ פּאָעט. זיין יאַנקל צימבאַליסט פון „פּאַן טאַדעוש" איז אַ פּאָעטישע טראַנסקריפּציע פון אַ יידישן קרעטשמער, אַ פּוילישן פּאַטריאָט (אַזעלכע זענען דעמאָלט מן־הסתם געווען נישט איינער), וועלכן מיצקעוויטש האָט יאָ אָדער נישט געזען. מען קאָן ביי אים געפינען אויך אַנדערע מיינונגען און בילדער פון יידן.

נישט מיצקעוויטשעס ליבע צו דער שיינער געשטאַלט פון יאַנקל צימבאַליסט האָט בעסער געמאַכט די יידישע ביטערע מערכה אויף דער פּוילישער ערד, נישט זיינע שלעכטע מיינונגען האָבן שוין געקאָנט עפּעס ערגער מאַכן. פאַר אַ יידן, וואָס איז, ווען אַפילו נאָר טיילווייז, דערצויגן געוואָרן אויף דער פּוילישער קולטור און ליטעראַטור, איז אפשר גלייכער ביים היינטיקן טאָג וועגן דעם אַלעם נישט רעדן.

(„די צוקונפט", ניו־יאָרק, 1956)

# דער דיכטער פון ספערן [1]

(צום הונדערט און פופציקסטן געבוירן־יאָר)

יוליוש סלאָוואַצקי און דער עלטערער פון אים מיט עלף יאָר אַדאַם מיצקעוויטש זענען ביידע געווען פּוילישע ראָמאַנטיקער. ביידע געהערן צו דער תקופה פון דער גרויסער ראָמאַנטישער פּאָעזיע.

אָבער ווען מיצקעוויטש איז געגאַנגען אויפן הימל מיט ערדישע טריט, איז סלאָוואַצקי געגאַנגען אַפילו אויף דער ערד מיט הימלישע טריט. ווען מיצקעוויטש האָט געוואָלט דעם הימל אַראָפּברענגען אויף דער ערד, האָט סלאָוואַצקי די ערד געוואָלט אויפהייבן ביז צום הימל. דעריבער איז אויסגעקומען, אַז כאָטש דער ראָמאַנטיזם איז זיי ביידע געווען אַ בשותפותדיקער אַקס, האָבן זיי זיך געפונען אויף די אַנטקעגנגעזעצטע פּאָליוסן פון דעם אַקס „ווי צוויי זיך קעגנערישע געטער". אַזוי האָט סלאָוואַצקי באַצייכנט זיך און מיצקעוויטשן אין זיין ווונדערלעכער פּאָעמע בעניאָווסקי.

יוליוש סלאָוואַצקי איז געווען אַן אולטראַראָמאַנטיקער. אַ ראָמאַנטיקער בתוך ראָמאַנטיקער. נישט נאָר פּאָלקסמאָטיוון האָט ער אַריינגעבראַכט אין זיין פּאָעזיע, נאָר אויך הימלישע מאָטיוון. זיין פּאָעזיע איז פול מיט מלאכים און שרפים. ער אַליין איז געווען כולו פּאָעזיע.

בלויז ענגהאַרציקע און קליינקעפּלדיקע ליטעראַטור־קריטיקער קאָנען זען אין זיין פּאַרזאָרגן זיך מאַטעריעלע אומאָפּהענגיקייט אַ פּאַרמינערונג פון זיין פּאָעטישער גרויסקייט. פּונקט פאַרקערט, ער האָט זיך פּאַרזאָרגט מאַטעריעלע רו, בכדי צו קאָנען זיין נאָך פרייער, בכדי צו קאָנען זיין פון קיינעם און פון גאָרנישט אָפּהענגיק, ווי נאָר פון זיין פּאָעטישער מוזע. פּונקט ווי אַ חסיד נעמט נאָך אַ טרונק בראָנפן, בכדי זיך ענדגילטיק באַפרייען פון אַלץ וואָס שטייט אים אין וועג צו התפשטות הגשמיות.

[1] ספערע ווערט אָנגערופן דער גאַנצער הימלישער שטח, וואָס רינגלט אַרום דעם ערדקיילעך. פּראָפ. פישל שניאורסאָן האָט, פּאַררופנדיק זיך אויפן פּראָפ. פ. פ. שילדער, באַצייכנט מיטן טערמין ספערע (ספעריש) אַ פסיכישן צושטאַנד, וואָס גייט אַרויס פונעם גדר פון נאָרמאַלן באַוווסטזיין.

און ריכטיק זאָגט דער היינטצייטיקער באַקאַנטער פּוילישער דיכטער און עסייאיסט, יוליאַן פּשיבאָש, אַז קיינער פון די גרויסע פּוילישע שעפערס (אַחוץ שאָפּענען) איז נישט געווען אַזאַ אינטעגראַלער קינסטלער ווי סלאָ־וואַצקי. אַ דאַנק זיין מאַטעריעלער אומאָפּהענגיקייט, ווייל ער איז אין דעם פּרט געווען אין אַזאַ גליקלעכער לאַגע, האָט ער פון זיין אייגן לעבן גע־מאַכט אַ קינסטלעריש מייסטערווערק.

געבוירן (אין יאָר 1809) ביי אַ פאָטער, וואָס איז אין זיין צייט געווען אַ באַקאַנטער און געאַכטער פּסיידאָ־קלאַסישער פּאָעט און פּראָפעסאָר פאַר פּאָעזיע און דיקציע אויף דער ווילנער אוניווערסיטעט און ביי אַ מוטער מיט אַן אייגנאַרטיקער אינטעליגענץ, אַ פרוי וואָס האָט זיך געהאַלטן ווייט פון טאָג־טעגלעכע ענינים און געווען אַריינגעטאָן אין מוזיק און פּאָעזיע און אין לייענען פראַנצויזישע ראָמאַנען, — איז יוליוש סלאָוואַצקי פון קינדווייז אָן געוואַקסן אין אַן אַטמאָספער פון קונסט, פון ליטעראַטור און מוזיק. לייענען האָט זיך דער קליינער יוליוש סלאָוואַצקי געלערנט אויף די בעסטע מוסטערן פון דער פּוילישער קלאַסישער פּאָעזיע. אין זיינע „פראַגמענטן פון אַ טאָגבוך״ דערציילט ער, אַז ווען ער איז אַלט געווען אַכט יאָר האָט ער געמאַכט זיינע ערשטע פּאָעטישע פּרוּוון.

ווען סלאָוואַצקי איז אַלט געווען פינף יאָר איז אים דער פאָטער געשטאָרבן. ווען ער איז אַלט געווען ניין יאָר, האָט זיין מוטער אַ צווייט מאָל חתונה געהאַט פאַר דעם פּראָפעסאָר פון היגיענע אינעם ווילנער אוניווערסיטעט, ד״ר אויגוסט בעקי. ד״ר בעקי, פון אָפּשטאַם אַ פראַנצויז, איז ווייט געווען פון פּוילישן פּאַטריאָטיזם. אין דעם סאַלאָן, וועלכן ער און זיין פרוי, סאַלאָמעאַ סלאָוואַצקאַ־בעקי, האָבן געפירט, האָט געהערשט כמעט אויסשליסלעך די פראַנצויזישע שפּראַך. די אַטמאָספער איז דאָרט געווען אַ קינסטלערישע, אַ וועלטלעכע, אַ קאָסמאָפּאָליטישע.

ס׳געהער צו די משונהדיקע פּאַראַדאָקסן פון פּוילנס קולטור־געשיכטע, וואָס די צוויי גרעסטע פּוילישע דיכטער זענען נישט געווען פון פּוילן גופא, אַזוי צו זאָגן פון צענטראַלן פּוילן. איינער (מיצקעוויטש) איז געווען אַ ליטווינער און דער צווייטער (סלאָוואַצקי) אַ וואָלינער. אָבער אין דער צייט ווען מיצקעוויטשן האָט די דיכטערישע השגחה אויסדערוויילט צו זיין פּוילנס נאַציאָנאַלער דיכטער, איז סלאָוואַצקי געווען פּרעדיספּאָנירט צו זיין דורכויס אַן אוניווערסאַלער דיכטער.

די מוטער זיינע האָט אים פון די יינגסטע יאָרן אָן פאַרגליכן צו ביירהאַנען. אים אַליין איז דער דאָזיקער פאַרגלייך שטאַרק געפעלן געוואָרן. לויט זיין שטעלונג צו וועלט און מענטש, איז סלאָוואַצקי טאַקע געווען אַ ביירהאַניסט. אַפילו נאָך ווי אַ קינד אין דער שול האָט ער זיך געהאַלטן ווייט פון אַנדערע קינדער. ווען ער איז אונטערגעוואַקסן האָט ער נאָר געטרוימט פון איינזאַמקייט. אָבער דערווייל איז ער אין דער היים געווען אונטער דער אַפּוטרופּסות פון זיין מוטער און אונטער דער אויפזיכט פון זיינע צוויי שיינע שטיפשוועסטער, די טעכטער פון ד״ר בעקי. ערשט צו אַכצן יאָר האָט ער זיך דאָס ערשטע מאָל צעשיידט מיט דער מוטער.

נאָך סלאָוואַצקיס אוועקפאָרן קיין וואַרשע, ווען ער איז אַלט געווען צוואַנציק יאָר, האָט ער שוין זיין מוטער געזען נישט מער ווי איין מאָל, אַ יאָר פאַר זיין טויט. אָבער גאַנצע צוואַנציק יאָר איז ער געשטאַנען אין אַ כסדרדיקער פאַרבינדונג מיט איר דורך הונדערטער בריוו. אַ משונהדיקע פאַרבינדונג איז דאָס געווען! אַ געוואַלדיקע, אונטערטעניקע ליבע צו דער מוטער און אַ שטאַרקער ווילן זיך צו באַפרייען פון איר השפעה; ער האָט זיך גערעכנט מיט יעדן וואָרט אירס און כסדר מיט איר געשטרייט. געווען אַפילו אַ צייט ווען זי האָט געוואָלט קומען קיין איטאַליע אים זען און ער האָט זי אָפּגערעדט דערפון. ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז סלאָוואַצקי האָט נישט חתונה געהאַט און, ווי עמעצער האָט מרמז געווען, זאָל אים האָבן געווען פרעמד די ערדישע ליבע,[2] זענען די בריוו זיינע אַן אויסער־געוויינטלעך אינטערעסאַנט מאַטעריאַל פאַר אַ פּסיכאָאַנאַליטישער פאָרשונג אויף צו דערלערנען זיין פּסיכישע פערזענלעכקייט.[3]

[2] דער באַקאַנטער פּוילישער שריפטשטעלער און דראַמאַטורג אַדאָלף נאָוואַ־טשינסקי האָט וועגן דעם געשריבן אַ גרויסן עסיי אין די „וויאַדאָמאָשטשי ליטעראַצקיע״, — אַ זייער באַקאַנטע און אינטערעסאַנטע ליטעראַרישע וואָכנשריפט, וואָס איז דערשינען אין וואַרשע.

[3] פאַראַן וועגן די בריוו אַ גרויסע אַרבעט אין פּויליש פון דעם פּסיכאָאַנאַלי־טיקער דאָצ. ד״ר גוסטאַוו ביכאָווסקי. די באַמערקונגען נומער 2 און 3 זענען פון זכרון. איך האָב נישט פאַר זיך דעם מאַטעריאַל. דעריבער קאָן איך נישט אָנגעבן קיין גענויע ביבליאָגראַפישע דאַטעס.

*

ווי געזאָגט, איז סלאָוואַצקי געווען פּרעדיספּאָנירט צו זיין אַן אוני־ווערסאַלער דיכטער. און אין דעם איז געלעגן זיין טראַגעדיע. פּוילן האָט דעמאָלט נישט באַדאַרפט קיין אוניווערסאַלע, נאָר נאַציאָנאַלע דיכטער. די פּאָליאַקן, אַפילו די אינטעליגענץ, איז נאָך דעמאָלט געווען אַזוי פּראָווינ־ציעל, אַז זיי האָבן יעדן דיכטער, וואָס האָט געשריבן אויף אַ נאַציאָנאַלער טעמע, פאַררעכנט פאַר אַ נאַציאָנאַלן דיכטער. זיי האָבן נישט געוווּסט דעם סוד, אַז יעדעס פאָלק קאָן האָבן נאָר איין נאַציאָנאַלן דיכטער.

ווען סלאָוואַצקי האָט געשריבן זיינע ערשטע פּאָעמעס, צי פּאָעטישע ראָמאַנען, וואָס זענען געווען שטאַרק אונטער בייראָנס השפעה, איז שוין געווען לאַנג נאָך דער דריטער און ענדגילטיקער צעטיילונג פון פּוילן. אין וואַרשע, ווו דער דיכטער האָט דעמאָלט געאַרבעט ווי אַן אַפּליקאַנט אין פינאַנס־מיניסטעריום, האָט מען זיך שוין געגרייט צו אַן אויפשטאַנד קעגן רוסישן אָקופּאַנט (צו דעם אַזוי גערופענעם „נאָוועמבער־אויפשטאנד", פון יאָר 1831). צוויי וואָכן נאָך דעם ווי סלאָוואַצקי האָט איבערגעגעבן דער צענזור זיין ערשט בוך פּאָעזיע איז דער אויפשטאַנד אויסגעבראָכן.

סלאָוואַצקי האָט דעמאָלט אָנגעשריבן עטלעכע שוואַכע פּאַטריאָטישע לידער. און דווקא די לידער האָבן אים פאַרשאַפט פּאָעטישן רום. ווען ער האָט פאַרלאָזט פּוילן, גראַד דעמאָלט ווען דער אויפשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען, און איז אָנגעקומען קיין פּאַריז, האָבן אים די אָרטיקע פּאָליאַקן באַגעגנט ווי דעם דיכטער פון פּאַטריאָטישע לידער. דאַקעגן ווען ער האָט אין אַ יאָר אַרום אַרויסגעגעבן זיינע צוויי לידער־בענד, האָט זיי די פּוילישע עמיגראַציע אין פּאַריז אויפגענומען מיט אַן אַבסאָלוטן פאַרשווייגן.

און אין די דערשינענע צוויי בענד פּאָעזיע, וועלכע האָבן אנטהאַלטן אין זיך די פּאָעטישע שאַפונגען: „הוגאָ", „דער מאָנאַך", „דער אַראַבער", „יאַן ביעלעצקי", „די זשמייע" און די דראַמעס „מינדאָווע" און „מאַריאַ סטיואַרט" — זענען שוין געווען אָנזעעוודיק אַלע עלעמענטן פון סלאָוואַצקיס גרויסער פּאָעזיע. ער האָט שוין דעמאָלט פאַרמאָגט אַ וווּנדערלעכע שפּראַך, אַ שטאַרק אַנטוויקלטע ווערסיפיקאַציע־פעיִקייט, אַן אַבסטראַקטע בילדע־רישקייט. נישט בחינם האָט דער זייער אינטערעסאַנטער פּוילישער ליטע־

ראַטור־קענער פון עלטערן דור, איגנאַצי מאַטושעווסקי, געהאַלטן סלאָוואַצ־קין פאַר דעם פּרעקורסאָר, פאַר דעם פאָרגייער פון סימבאָליזם, פאַר דעם פאָטער פון דער מאָדערנער קונסט. (איגנאַצי מאַטושעווסקי — סלאָוואַצקי און די נייע קונסט).

מיצקעוויטש, וואָס סלאָוואַצקי האָט אים שטאַרק פאַרערט, האָט געזאָגט וועגן סלאָוואַצקיס פּאָעזיע, אַז זי איז ווי „אַ גרויסאַרטיקער טעמפּל אָן אַ גאָט". סלאָוואַצקין איז דער דאָזיקער מיצקעוויטשעס זאָג געפעלן געוואָרן. ער איז געווען אין איינקלאַנג מיט זיין, סלאָוואַצקיס, באַגרייפן פּאָעזיע. פריער דאַרף זי זיין שיין און ערשט דערנאָך דאַרף איר באַוווינען גאָט. פריער פאָרעם און דערנאָך אינהאַלט. סלאָוואַצקי האָט אָבער נישט פאָרויס־געפילט, אַז דער דאָזיקער זאָג וועגן זיין פּאָעזיע פון אַזאַ שוין באַרימטן און דורך דער גאַנצער פּוילישער עמיגראַציע פאַרערטן נאַציאָנאַלן דיכטער ווי מיצקעוויטש, איז אַ טויט־אורטייל אויף זיין פּאָעטישן רום, לכל הפּחות, ביים לעבן; אַז דאָס הייסט, אים איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָפּשניידן דעם וועג צו די הערצער פון די פּאָליאַקן, אַז ער האָט דערמיט פאַרלוירן די שאַנס אָנגענומען און פאַרשטאַנען צו ווערן דורך זיינע מיטצייטלער.

אַזוי לאַנג ווי פּוילן איז געווען אַן אומאָפּהענגיקע מלוכה, האָבן די פּאָליאַקן נישט געהאַט קיין נאַציאָנאַלן אינסטינקט. קאָן זיין אַז איר אוניע מיט ליטע, אויך דאָס וואָס פּוילן האָט געהאַט אין אירע גרענעצן אַזוי פיל נאַציאָנאַל־טעריטאָריאַלע מינדערהייטן; די השפּעותן פון פרעמדע קולטורן, דער עיקר פון דער פראַנצויזישער און איטאַליענישער, אויף דער פּוילישער אינטעליגענץ; דאָס וואָס אויפן פּוילישן טראָן זענען טייל מאָל געזעסן קעניגלעכע קינדער פון פרעמדע פעלקער; דער גאַנצער האנדל־וואַנדל אין פּוילן מיטן קעניגלעכן טראָן; דער פעאָדאַליזם וועלכער האָט געהערשט אין פּוילן נאָך דעמאָלט, ווען אין אייראָפּע האָבן שוין געקראַכט די אַבסאָ־לוטע מאָנאַרכיעס, דער דאָזיקער משונהדיקער פעאָדאַליזם, אין וועלכן נישט דער קעניג האָט זיך געהאַט זיינע וואַסאַלן, נאָר דער קעניג איז געווען אַ וואַסאַל ביי די מאַגנאַטן און זייערע נאָכשלעפּערס, די פאַראָרעמטע שליאַכטע, — אָט דאָס אַלץ און נאָך סיבות האָבן גורם געווען אַז די פּאָליאַקן האָבן נישט געהאַט קיין טיף נאַציאָנאַל געפיל און נישט אויסגעאַרבעט אין זיך קיין נאַציאָנאַלן אינסטינקט.

ערשט ווען פוילן האָט אָנגעהויבן פאַרלירן איר מלוכישע אומאָפּ־הענגיקייט, ווען מיטן פוילישן קעניג האָט אָפן רעגירט רוסלאַנד, האָט זיך אָנגעהויבן וועקן ביי די פּאָליאַקן אַ נאַציאָנאַל געפיל. נאָך דער צעטיילונג פון פוילן האָט זיך ביי זיי אָנגעהויבן פאַרמירן אַ נאַציאָנאַלער אינסטינקט, וואָס איז אייגנטלעך קיין מאָל קיין אמתער אינסטינקט נישט געוואָרן, נאָר פון איין זייט איז עס געווען אַ היפּערטראָפירט געפיל פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ, אגב, אַ דורך זיי שלעכט פאַרשטאַנענעם, און פון דער צווייטער זייט, אַ בענקשאַפט נישט אַזוי צו אַן אייגענער מלוכישער פאָרעם, ווי נאָך אַלטע טראַדיציעס, וועלכע האָבן אין זייער צייט פוילן קיין גרויס גוטס נישט געטאָן.

דאָך, ווי ס'זאָל נישט האָבן געווען: די פּאָליאַקן האָבן אָנגעהויבן פאָדערן פאַטריאָטיזם. קודם־כל האָט מען עס געפאָדערט פון וואָרט, ביי די וואָרט־קינסטלער, און דער עיקר — ביי די דיכטער. אַפילו די וווּנדער־לעכע עפּאָפּעע פון מיצקעוויטשן, „פּאַן טאַדעוש", איינס פון די שענסטע ווערק אין דער וועלט־פּאָעזיע, איז דורך דער פוילישער עמיגראַציע אין פראַנקרייך, צווישן וועלכער מיצקעוויטש האָט געלעבט און געווען טעטיק, אין אָנהייב נישט גוט אויפגענומען געוואָרן. די פּאָליאַקן האָבן געוואָלט הויכע ווערטער, אימפּראָוויזאַציעס און נביאותן און סתם פּאַטריאָטישע לידער. קיין קונסט האָבן זיי דעמאָלט נישט געזוכט.

פאַרשטייט זיך, אַז סלאָוואַצקיס געשליפענע פּאָעזיע איז דעמאָלט די פּאָליאַקן געווען ווייט און להלוטין פרעמד. און ווייל זי איז זיי געווען ווייט און פרעמד האָט זי געוועקט זייער כעס און שנאה.

כאָטש סלאָוואַצקי האָט אויך, און קודם־כל, ליב געהאַט הויכע ווער־טער, זענען דאָס געווען ווערטער פון אַ גאָר אַנדערער הויכקייט. נישט פון פּאַטריאָטישער נאָר פון ספערישער הויכקייט. נישטאָ אין זיין פּאָעזיע קיין שפּור פון אוטיליטאַריזם. זיין פּאָעזיע דינט צו קיינעם נישט אַחוץ צום גאָט פון פּאָעזיע. ער האָט געשטורעמט, געדונערט און געבליצט אין זיין פּאָעזיע. ער, דער פיזיש שוואַכער, האָט דווקא ליב געהאַט שטאַרקע העלדן, שטאַרקע פיזיש און מיט שטאַרקע כאַראַקטערן. לויט דער בייראָניסטישער מאָדע, זענען דאָס געווען רענעגאַטן, פאַרברעכער, מענטשן וואָס זענען געקומען אין קאָנפליקט מיט דער געזעלשאַפט צוליב פּערזענלעכע אומגליקן. ווי

בייראָן, האָט סלאָוואַצקי פאַרהערלעכט די איינזאַמקייט, דעם יחיד, און געשטעלט אים אין קאַמף מיט דער געזעלשאַפט. ווי אַ ראָמאַנטיקער, האָט סלאָוואַצקי ליב געהאַט שילדערן דעם אָריענטאַלישן פּייזאַזש: די אַטמאָספער — אַ הייסע, די וועגן — דורכגעברענטע פון דער זון, די מענטשלעכע יידנשאַפטן — גליאיקע, די געשעענישן — גרויזאַמע. ער איז געווען נאָך גאָר יונג און איז געגאַנגען אויף פּאָעטישע שטאָלצן, ליב געהאַט פּאָזע. אָבער, ווען עס איז אים אויסגעקומען באַשרייבן ליבע, ליבע צו אַ פרוי, איז דאָס שטענדיק אַן איידעלע ליבע. דאָ האָט ער זעלטן פּאָזירט. ס׳זענען אין זיינע ליבעס־באַשרייבונגען פאַראַן מער הימל ווי ערד, מער נשמה ווי גוף, מער בענקשאַפט ווי זינלעכקייט, אייגנטלעך איז עס נאָר שטענדיק טרוים און נישט קיין ווירקלעכקייט.

פאַר סלאָוואַצקין ווי פאַר אַ פּאָעט איז נאָר געווען איין ווירקלעכקייט, — די פּאָעטישע. ער איז מושפּע געוואָרן פון ליטעראַטור מער ווי פון דעם לעבן. ער האָט געגלייבט אין כוח פון פּאָעטישן וואָרט, אַז דאָס פּאָעטישע וואָרט קאָן באַווייזן ניסים. ער האָט געגלייבט אין פּאָעטישן נס, אין דעם נס וואָס הייסט: פּאָעזיע.

אַזאַ איז ער געווען, ווען ער האָט אין פּאַריז אַרויסגעגעבן זיינע צוויי ערשטע בענד פּאָעזיע. אַזאַ איז ער אויך געווען שפּעטער, ביזן סוף פון זיין לעבן. כאָטש אויף וועגן איז ער שוין אָפט מאָל געגאַנגען אַנדערע.

2

סלאָוואַצקי האָט שטענדיק געטרוימט וועגן אַ פּאָעטישן רום, וואָס זאָל זיין פאַרבונדן מיט דער אייביקייט, מיטן רום נאָכן טויט. דער רום ביים לעבן איז אים נישט אַזוי שטאַרק אָנגעגאַנגען... פון דעסטוועגן. פון דעסטוועגן האָט אים שטאַרק וויי געטאָן וואָס זיינע ערשטע צוויי בענד פּאָעזיע האָבן נישט אויסגענומען. אַפילו דער מוטער זיינער זענען זיי נישט געפעלן געוואָרן. אַפילו זי האָט מער געהאַלטן פון מיצקעוויטשן ווי פון אים.

דעמאָלט האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן אַ געוואַגטן און, אפשר אויך, פאַטאַלן טראָט. ער האָט באַשלאָסן צו ווערן אַ נאַציאָנאַלער דיכטער. ווען

ער האָט אַ יאָר נאָכן אַרויסגעבן די ערשטע צוויי בענד פּאָעזיע פאַר־עפנטלעכט דעם דריטן באַנד, האָט ער דאָרט אויך אַריינגענומען זיינע פּאַטריאָטישע לידער, וועלכע ער האָט געדרוקט אין וואַרשע.

דאָס איז געווען נאָך דעם ווי מיצקעוויטש איז געהאַט געקומען קיין פּאַריז, ווו די פּוילישע עמיגראַציע האָט אים אויפגענומען מיט גרויס פּאַראַד, אַרויסגעוויזן אים ליבע און פאַרערונג. סלאָוואַצקי, דער דיכטער וואָס האָט אַזוי באַזונגען איינזאַמקייט און אַזוי זי ליב געהאַט, האָט זיך פאַר דער איינזאַמקייט דערשראָקן. ער האָט געוואָלט מען זאָל אויך אים לייענען און קענען. ער האָט געגאַרט אַז די, פאַר וועלכע ער האָט זיך געמיט, זאָלן אים אָנערקענען. האָט ער געמאַכט דעם שריט. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון צו זיין אַן אוניווערסאַלער דיכטער און געוואָלט זיין נאָר און דורכויס אַ נאַציאָנאַלער דיכטער.

כאָטש ער אַליין האָט געשריבן, אַז די פראַגע צי פּאָעזיע איז נאַציאָנאַל ווערט נישט פאַרענטפערט מיט דעם, וואָס דער דיכטער באַזינגט אין זיינע פּאָעזיעס נאַציאָנאַלע געשעענישן; כאָטש ער אַליין האָט געשריבן, אַז נאַציאָנאַלע געשעענישן זענען נישט מער ווי דער לבוש, אונטער וועלכן מען דאַרף זוכן אַ נאַציאָנאַלע נשמה, האָט ער פון דעסטוועגן געגלייבט, אַז מיט זיינע פּאַטריאָטישע לידער און מיט זיין פּאָעמע „לאַמבראָ" וועט ער ווערן אַ נאַציאָנאַלער דיכטער. ס'איז דעמאָלט זיכער געווען ביי סלאָוואַצקין אַ מאָמענט פון גייסטיקער פאַרטונקלקייט, צוליב דעם פילן זיך איינזאַם. דאָס איז געווען ביי אים אַ גרויסע פּאָעטישע נפילה. ער איז דעמאָלט געהאַט אַריינגעפאַלן אין קטנות המוחין, ווי ס'וואָלט געזאָגט אַ בעל מקובל. כאָטש זיין פּאָעזיע איז ווייטער געבליבן די פּאָעזיע פון ספערן, זענען זיינע געדאַנקען געווען משונהדיקע בלאָנדזשע־נישן, און וואָס העכער עס זענען געווען די ספערן פון זיין פּאָעזיע, אַלץ פאַרפּלאָנטערטער זענען געוואָרן זיינע ערדישע וועגן. דערפאַר ווייל סלאָוואַצקי האָט, אונטערן דרוק פון דער אַזוי גערופענער עפנטלעכער מיינונג, געוואָלט פאַראייניקן הימל מיט ערד, איז ער אין אַ געוויסן זין דורכגעפאַלן, ווייל זיין פּאָעזיע איז געווען און איז שטענדיק און אייביק אַ דורכויס הימלישע.

נאָר איין מאָל איז אים געלונגען צו פאַראייניקן הימל מיט ערד און

אַרויס מיט אַ נצחון. דאָס איז געווען ווען ער האָט געשאַפן זיין וווּנדער־לעכע פּאָעמע „בעניאָווסקי“.

לאָמיר אָבער נישט פאַרלויפן די פאַקטן. דער אינהאַלט פון דער פּאָעמע „לאַמבראָ“ איז גענומען פון דער געשיכטע פון גריכנלאַנדס אויפשטאַנד פאַר איר מלוכהשער באַפרייונג (אין דער דאָזיקער באַפרייונג־מלחמה איז געפאַלן בייראָן). אין דער פּאָעמע האָט סלאָוואַצקי אָנגעבונדן מיט רמזים צו דעם נאָר־וואָס אַדורכגעפאַלענעם פּוילישן אויפשטאַנד. אָבער נישט „לאַמבראָ“ און נישט די פּאַטריאָטישע לידער, וועלכע ער האָט אַריינגענומען אין דריטן באַנד, האָבן איבערצייגט די פּאָליאַקן, אַז סלאָוואַצקי איז אַ נאַציאָנאַלער דיכטער. „לאַמבראָ“ איז נאָך אַלץ געווען צו בייראָניסטיש. ער, לאַמבראָ, איז טאַקע אַ נאַציאָנאַלער העלד, אָבער אַ ים־פּיראַט. די אינדיווידועלע איבערלעבונגען זיינע פאַרטונקלען אין דער פּאָעמע זיינע העלדישע מעשים לטובת זיין פאָלק. די פּאָליאַקן האָבן נישט מוחל געווען סלאָוואַצקין פאַר וואָס ער שרייבט מיט רמזים. זיין סימבאָליק איז זיי נישט געווען צום האַרץ און געמיט. זיי האָבן פאַרערט מיצקעוויטשעס גראָדליניקייט, קלאָרקייט. ער האָט געהאַט אַ געזונטן גייסט אין אַ געזונטן גוף. זיין פּשטות האָט צו זיי גערעדט. זיין פּאָעזיע איז געווען אַ קלאָרער אינהאַלט אין אַ קרישטאָלענער פאָרעם. אָבער סלאָוואַצקין האָבן זיי געהאַלטן פאַר אַ קראַנקן גייסט, פאַר אַ מענטש אָן אַ סאָציאַלן געפיל. כאָטש זיי האָבן נישט פאַרלייקנט די שיינקייטן פון זיין פּאָעזיע, האָבן זיי זי נישט געוואָלט.

אַפילו צו זיין שפּעטער (נאָך „לאַמבראָ“) אָנגעשריבן און פאַרעפנט־לעכט דראַמאַטיש ווערק „קאָרדיאַן“, דאָס ווערק וואָס איז דירעקט גע־ווידמעט דעם פּוילישן נאָוועמבער־אויפשטאַנד, אויך צו דער שאַפונג זענען די פּאָליאַקן געבליבן קאַלט. אַפילו דאָס ווערק וואָס האָט לויט סלאָוואַצקין געזאָלט זיין עפּאָכעמאַכנדיק אין זיין שאַפונג, געזאָלט דיס־טאַנסירן מיצקעוויטשן, וועלכער האָט שוין געהאַט פאַרעפנטלעכט זיין דריטן טייל „דזיאַדי“, דאָס ווערק, וואָס איז באמת גרויס, און אַ סך אידעען וואָס ווערן דאָרט אַרויסגעבערענגט זענען אומפאַרגלייכלעך דרייס־טער און רעוואָלוציאָנערער פון די, וואָס זענען פאַראַן אין דעם דריטן טייל „דזיאַדי“ — אַפילו דאָס ווערק („קאָרדיאַן“) האָט נישט אויסגענומען.

מען האָט ווידער גערעדט וועגן די פּאָעטישע שיינקייטן, וועלכע זענען פאַראַן אין „קאַרדיאַן”, מען האָט באַוווּנדערט די רייכקייט פון דער שפּראַך, די ריינקייט פון ריטעם, די שטאַרקייט פון אויסדרוק, אָבער מען האָט נישט געזאָגט דאָס, וואָס סלאָוואַצקי האָט אַזוי געגאַרט צו הערן, מען האָט נישט געזאָגט, אַז „קאַרדיאַן” האָט געמאַכט זיין מחבר פאַר אַ נאַציאָ־נאַלן פּוילישן דיכטער.

ס׳זעט אויס, ווי דער גורל וואָס האָט באַשטימט סלאָוואַצקין צו זיין אַן אוניווערסאַלער דיכטער, דער גורל וועלכן דער דיכטער האָט ווידער־שפּעניקט, האָט נקמה גענומען אין אים. זיין נקמה האָט דער גורל אויס־געפירט מיט די הענט פון די בלינדע ליטעראַטור־מבינים, וואָס האָבן אין יעדן פּאָעט, וואָס האָט געשריבן אויף נאַציאָנאַלע טעמעס, „געזען” אַ נאַציאָ־נאַלן דיכטער. נאָר אין סלאָוואַצקין האָבן זיי דאָס נישט געזען.

קאָן זיין, אַז די פּאָליאַקן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פּאָליטישע רייפקייט און נישט קיין נאַציאָנאַלן אינסטינקט, האָבן געהאַט אַ נאַציאָנאַלן קולטור־אינסטינקט. סוף־כל־סוף זענען די אַלע קליינע פּאָעטן פוילנס, וואָס האָבן געשריבן אויף נאַציאָנאַלע טעמעס, געבליבן נישט מער ווי קליינע פּאָעטן. דער איינציקער פּוילישער נאַציאָנאַלער פּאָעט איז: אַדאַם מיצקעוויטש. יוליוש סלאָוואַצקי איז געווען און וועט פאַרבלייבן דער געניאַלער פּוילישער פּאָעט, אָדער, ריכטיקער געזאָגט, דער גרויסער שעפער פון פּאָעטישע געניאַליטעטן.

טייל האָבן געהאַלטן, אַז „לאַמבראָ” און „קאַרדיאַן” זענען פּראָדוקטן פון סלאָוואַצקיס קנאה צו מיצקעוויטשן. זיי האָבן געהאַלטן, אַז סלאָוואַצקי איז אַזוי מקנא מיצקעוויטשן זיין טאַלאַנט, זיין פּאָעטישער גרויסקייט און רום, אַז ער גייט אים נאָך טריט ביי טריט. אין דער אמתן דערמאָנט „לאַמבראָ” מיצקעוויטשעס „קאָנראַד וואַלענראָד” און „קאַרדיאַן” דערמאָנט שוין גאָר שטאַרק זיין דריטן טייל „דזיאַדי”. אויך די פריערדיקע סלאָ־וואַצקיס שאַפונגען, ווי זיינע „סאָנעטן”, „שאַנפּאַרי” און אנדערע זענען טעמאַטיש זייער נאָענט מיצקעוויטשעס שאַפונגען. סלאָוואַצקי האָט אַפילו אָנגעהויבן שרייבן אַן אייגענעם „פּאַן טאַדעוש”. אָבער דאָס איז נישט בלויז פון קנאת סופרים.

אמת איז, אַז סלאָוואַצקי האָט שטאַרק פאַרערט מיצקעוויטשן ווי אַ

קינסטלער־פּאָעט. ער, דער הימלישער פּאָעט, איז פֿאַרבליפּט געוואָרן פֿון דער ערדישער שיינקייט פֿון מיצקעוויטשעס „פּאַן טאַדעוש". אָבער נישט נאָר מיצקעוויטשן איז ער טעמאַטיש נאָכגעגאַנגען. ער איז נאָכגעגאַנגען בייראָנען (און דווקא נישט בלויז טעמאַטיש), שילערן, און אויך ענגלישע, פֿראַנצויזישע און שפּאַנישע פּאָעטן. ווי געזאָגט, איז סלאָוואַצקי מער מושפּע געוואָרן פֿון ליטעראַטור ווי פֿון לעבן, מער פֿון דער „דיכטונג" ווי פֿון דער „וואַרהייט". ער איז אָנגערעגט געוואָרן פֿון געלייענטער לעקטור, אַריינגעבראַכט געוואָרן דורך איר אין שעפֿערישן טראַנס. דאָס איז געווען די סיבה וואָס ער איז טעמאַטיש געווען אַזוי נאָענט זיינע באַליבטע שעפֿער.

און נאָך עפּעס. אין דער קלאַסישער און אין דער גרויסער ראָמאַנטישער תּקופֿה איז די טעמע, דער סוזשעט געווען אַ בייזאַך, יעדן פֿאַלס נישט קיין עיקר, און מען האָט זיך עס אויסגעבאָרגט איינער ביים צווייטן. אין זיינע געשפּרעכן מיט עקערמאַנען זאָגט גערטע אַזוי: „ספּעציעל וואָרן איך פֿאַר אייגענע גרויסע דערפֿינדונגען... איך ראָט אַפֿילו זיך צו באַנוצן מיט שוין באַאַרבעטע קעגנשטאַנדן. וויפֿל מאָל האָט מען שוין נישט געשאַפֿן „איפֿי־געניע", און דאָך זענען זיי אַלע פֿאַרשידן. ווייל יעדער זעט און שטעלט אַוועק די זאַך אַנדערש, יעדער אויף זיין אופֿן".

ביי סלאָוואַצקין איז נישט געגאַנגען אין דעם „וואָס", נאָר אין דעם „ווי אַזוי". אייגנטלעך איז ער געווען דער ערשטער אין דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס האָט רעאַליזירט „קונסט לשם קונסט". ער איז דעריבער געווען אין די דעמאָלטיקע פּוילישע באַדינגונגען פֿאַרמשפּט אויף אייג־זאַמקייט. אָבער סלאָוואַצקי האָט די איינזאַמקייט נישט אויסגעהאַלטן. כאָטש איינזאַם איז ער פֿאַרבליבן. אין יאָר 1839 האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַרטיקל (אין „יונג־פּוילן") ווו ער שלאָגט זיך על־חטא. ער זאָגט דאָרט אַזוי: „מיינע ערשטע בענד פּאָעזיע זענען אָן אַ נשמה. מיין פֿאַנטאַזיע, יונג ווי אַ פֿלאַטערל, איז פֿאַרפֿירט געוואָרן פֿון דעם גלאַנץ, זון, פֿון די פֿאַרמען, ווען איך האָב זיי געשריבן. טעאַטראַלע שטאָלצן האָב איך אָנגע־טאָן אויף מיינע פֿיס, בכדי, זייענדיק נאָך אַ קינד, צוצוגעבן זיך וווקס. כ'האָב זיך צו ערשט געלאָזט דערקענען ווי אַ קינסטלער די מענטשן, וועלכע האָבן לחלוטין פֿון קיין קונסט נישט געטראַכט, זייענדיק פֿאַרנומען

מיט אַ וויכטיקערער און זייער טראַגישער זאַך. מיט מיינע צוויי ערשטע בענד האָב איך זיך אומגעבראַכט אויף דער גאַנצער צייט פון מיין לעבן, און איצט מוז איך זינגען אָן אַן אָפּקלאַנג, כאָטש כ׳זינג אַנדערש״.

סלאָוואַצקי, וואָס האָט געוואָלט באַהערשן דעם גאַנצן הימל, פון איין עק זיינעם ביזן צווייטן, האָט זיך סוף־כל־סוף מצמצם געווען בלויז צום פוילישן הימל. ער האָט שוין אַלע זיינע דיכטערישע כוחות געווידמעט פוילן און דעם פוילישן פאָלק. ווי טראַגיש דאָס זאָל נישט זיין, אָבער צו זיין רום ביים לעבן האָט עס אים נישט געהאָלפן. ס׳איז שווער צו זאָגן אויף וויפל דאָס מצמצם זיין זיך בלויז צום פוילישן הימל האָט אים געהאָלפן ווי אַ פּאָעט. ס׳קאָן גאָר זיין, אַז דאָס האָט אים ווי אַ פּאָעט געשאַט. ס׳קאָן זיין, אַז דאָס און אַנדערע סיבות (ווי, למשל, דער טאָוויאַ־ניזם, פון וועלכן סלאָוואַצקי האָט זיך אַ סך פריער באַפרייט ווי מיצקע־וויטש), האָבן אים געשאַט אין זיין פּאָעטישער שלימות, אָבער מיט זיינע באַזונדערע פּאָעטישע שאַפונגען איז ער זינט „קאָרדיאַן" געגאַנגען מחיל אל חיל. ווי אַ פּאָעטישע גאַנצקייט שטייגט מיצקעוויטש אָן שום ספק איבער סלאָוואַצקין, אָבער ווי אַ שעפער פון פּאָעטישע גאַנצקייטן שטייט אָפט מאָל סלאָוואַצקי העכער פון מיצקעוויטשן.

*

סוף יאָר 1834, אין דעם זעלבן יאָר ווען ער האָט פאַרעפנטלעכט זיין „קאָרדיאַן", און סלאָוואַצקי איז דעמאָלט אַלט געווען בסך־הכל פינף און צוואַנציק יאָר, האָט ער אָנגעשריבן אַחוץ אַנדערע זאַכן אויך די פאַנ־טאַסטישע טראַגעדיע „באַלאַדינאַ". ער האָט זיך נאָך דעמאָלט נישט געהאַט באַפרייט פון דעם דערדריקנדיקן געפיל פון איינזאַמקייט. דאָס דאָזיקע ווערק („באַלאַדינאַ") פון גרויסן פּאָעטישן אַרטיזם און פון גע־וואַלדיק רייכער פאַנטאַזיע, האָט סלאָוואַצקי געשאָנקען דעם איינציקן פריינד זיינעם פון צווישן די פוילישע דיכטער, דעם דעמאָלט איינציקן באַדייטנדיקן דיכטער און פּאָליאַק, וואָס האָט געהאַלטן סלאָוואַצקין פאַר אַ גרויסן דיכטער — זיגמונט קראַשינסקין. סלאָוואַצקי הייבט אָן זיין ווידמונג צו קראַשינסקין מיט אַן אַפּאָלאָג (פאַבל), וועלכן כ׳גיב דאָ איבער אין יידיש:

„אַן אַלטער און בלינדער האַרפֿן־שפּילער פֿון אינדזל סקיאָ איז געקומען צו די ברעגעס פֿון דעם ים דעם עגעישן. און דערהערנדיק דאָס געוואַלדיקע געבריל פֿון זיך ברעכנדיקע ים־כוואַליעס, האָט ער געמיינט, אַז דער רעש קומט פֿון דעם המון מענטשן, וואָס זענען זיך צונויפגעלאָפֿן זיינע ריטער־געזאַנגען צו הערן. האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אויף דער האַרפֿע און געזונגען פֿאַר דעם ליידיקן ברעג פֿון ים. — און ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער געשטוינט, וואָס קיין שום קול, קיין זיפֿץ, דעם מינדסטן אַפּלאַוז האָט זיין ליד נישט געוווּנען. געוואָרפֿן האָט ער די האַרפֿע אַוועק ווייט פֿון זיך, און די כוואַליעס, וועלכע דער זינגער האָט פֿאַר אַ מענטשן־המון גענומען, האָבן צוריקגעטראָגן זיין גאָלדן לידער־געצייג און עס אַוועקגעלייגט אים צופֿוסנס. און ס׳איז אַוועקגעגאַנגען פֿון זיין האַרפֿע דער טרויעריקער גריך נישט ווויסנדיק, אַז זיין שענסטער געזאַנג איז נישט אין מענטשלעכע הערצער, נאָר אין דער טיף פֿון די כוואַליעס פֿון דעם עגעישן ים געזונקען“.[4]

דאָס געפֿיל פֿון איינזאַמקייט און די יאוש־שטימונג, אַז זיין פּאָעטישע מי איז אַ בחינמדיקע, האָט סלאָוואַצקין נישט אָפּגעלאָזט. ער פֿאָרט עטלעכע מאָל אַוועק פֿון פּאַריז, ווו צווישן די פּוילישע עמיגראַנטן האָט געהערשט אַ פּאַרסמטע אַטמאָספֿער, פֿול מיט קריגערייען און אינטריגעס, און ווו דאָס ליטעראַרישע קליינוואַרג האָט געהאַלטן אין איין חנפֿענען מיצקע־וויטשן. ער פֿאָרט אַוועק פֿון דעם פּאַריז, ווו ער האָט, לויט זיין אייגענער רעלאַציע, נישט געהאַט קיין איין גוטע מינוט אַחוץ דער, אין וועלכער מען האָט אים פֿון דער דרוקעריי געבראַכט זיינע צוויי ערשטע בענד פּאָעזיע. ער בלייבט עטלעכע מאָל אויף לענגער אין דער שווייץ. דאָ שרייבט ער אָן זיין גרויסאַרטיקע פּאָעמע „אין דער שווייץ“. אויסערגע־וויינלעכע נאַטור־באַשרייבונגען זענען פֿאַראַן אין דער פּאָעמע, ווו דער פּאָעט דערזעט דאָס, וואָס איז אוממעגלעך צו זען און דערהערט דאָס וואָס עס איז אוממעגלעך צו הערן. ס׳דאַכט זיך אַז אַלץ וואָס אין דער

[4] אַלע איבערזעצונגען פֿון סלאָוואַצקין, פּראָזע און פּאָעזיע, וואָס געפֿינען זיך אין טעקסט פֿון דער אַרבעט, זענען געמאַכט געוואָרן דורך דעם מחבר פֿון דעם עסיי.

פּאָעמע איז נאָך פאַררעכנט פאַר נאַטור, געפינט זיך שוין אייגנטלעך אויף יענער זייט פון דער נאַטור. אַלץ איז געזען און געהערט מיט די סאַמע דינסטע שפּיצן פון די נערוון. און איבערגעגעבן איז אַלץ אין אַזאַ פאַנטאַסטישער ווונדערשפּראַך, וואָס אין דער גאַנצער פּוילישער ליטע־ראַטור איז נישטאָ אירס גלייכן. (ווען מען לייענט גרינטלעך איבער אַזעלכע שאַפונגען ווי „אין דער שווייץ", זעט מען פון וואַנען ס'האָבן זיך אין דער פּוילישער פּאָעזיע גענומען — סטאַף, לעשמיאַן און טובים). דאָרט שרייבט ער אויך אָן אין פּראָזע די טראַגעדיע „האַרשטינסקי". די טראַ־געדיע איז נישט קיין פאַרענדיקטע, אָבער זי איז איינע פון סלאָוואַצקיס שענסטע שאַפונגען. און נאָר מיט דעם „הכל תלוי במזל אפילו ספר תורה שבהיכל" קאָן מען אָננעמען דעם פּסק פון גורל, וואָס גראָד דאָס ווערק איז אַזוי ווייניק באַקאַנט.

צוויי יאָר האָט סלאָוואַצקי געוואַנדערט. ער פאָרט אין איטאַליע, פון דאָרט קיין גריכנלאַנד, פון דאָרט קיין מצרים און ארץ־ישראל. אויף דעם וועג האָט ער אָנגעשריבן אַ ריי לירישע לידער, צווישן זיי דעם באַקאַנטן „הימן ביים זון־אונטערגאַנג", וואָס ענדיקט זיך מיט אַ רעפרען: „ס'איז מיר אומעטיק, גאָט!". די לעצטע סטראָפע פונעם „הימן" קלינגט פּיל־ווייניק אַזוי:

אויף דעם אַזוי ריזיקן בויגן פון פאַרבן,
וואָס מלאכים דיינע האָבן אויפן הימל אויסגעשפּרייט,
וועלן ערגעץ־ווו נייע מענטשן, הונדערט יאָר נאָך מיר,
קוקן און שטאַרבן.
איידער מיין נישטיקייט מכניע געוועזן זיך האָט,
ס'איז מיר אומעטיק, גאָט!

די רייזע אויף מזרח, דאָס שטיין פּנים־אל־פּנים מיט די פּיראַמידן, דאָס ליגן אויפן קבר פון קריסטוסן האָט סלאָוואַצקין באַרויִקט, אַריינ־געבראַכט אין אים אַ ביסל הכנעה. אַ שפּור פון דעם קאָנען מיר שוין זען אין דער אויבן געבראַכטער סטראָפע, געשריבן נאָך פאַר זיין באַזוך אין ירושלים. אָבער דאָס זענען געווען נאָר צייטווייליקע געמיט־צושטאַנדן.

אויפן וועג, אין גריכנלאַנד, הייבט ער אָן שרייבן אין מייסטערהאַפטע פּערזן אַ טאָגבוך. דאָס טאָגבוך צו וועלכן סלאָוואַצקי האָט שפּעטער, אין פּאַריז, צוגעשריבן די פּאָעמע „אַגאַמעמנאָנס קבר״, איז אַרויס, ווי גאַנצע דריי פערטל פון זיינע שאַפונגען, ערשט נאָך זיין טויט, און מען האָט דעם טאָגבוך אַ נאָמען געגעבן „אַ רייזע אין הייליקן לאַנד דורך נעאַפּאָל״. דאָס טאָגבוך איז געהאַלטן אין בייראָניסטישן סטיל. ס׳איז דאָרט פאַראַן הומאָר און איראָניע און אָן אַ שיעור דיגרעסיעס און פּאָליטישע אַרויסזאָגונגען און אַנאַלאָגיעס צווישן דער געשיכטע פון פּוילן און גריכנלאַנד. ס׳שפּרודלט דאָרט מיט חכמה און מיט גרויס־פּאָעטישקייט. דאָך איז דאָס שענסטע אין דעם טאָגבוך די פּאָעמע „אַגאַמעמנאָנס קבר״.

פון דער דאָזיקער צייט שטאַמט אויך זיין פּאָעמע, געשריבן אין פּאָעטישער פּראָזע און געהאַלטן אין ביבלישן טאָן „אַנהעללי״. די פּאָעמע איז נישט נאָר אַ סימבאָלישע נאָר אויך אַ מיסטישע. און ס׳איז נישט קיין וווּנדער. שרייבנדיק אין אַ קאַטוילישן קלויסטער אין סיריע, נאָכן באַזוך אויף ישוס קבר, האָט זיך דער סוגעסטיווער סלאָוואַצקי געמוזט אונטערגעבן מיסטישע שטימונגען, כאָטש פון אָפּיציעלן קאַטאָליציזם איז ער גראָד דעמאָלט געווען ווייט. פון דעסטוועגן קאָן מען און מען דאַרף אין „אַנהעללי״ שוין זען אַ רמז אויף דער שפּעטערדיקער מיסטישער תקופה אין סלאָוואַצקיס שאַפן.

ווען ער קומט צוריק קיין פּאַריז, גיט ער אַרויס אַ גאַנצע ריי פּאָעטישע ווערק, בתוכם די דערמאָנטע פּאָעמע „אין דער שווייץ״, די פּאָעמע „דער פּאָטער פון די פּאַרפּעסטיקטע״, געשריבן אין אַ פּשוטן, רעאַלן, אָבער קלאַסישן סטיל. שפּעטער דערשיינט „אַנהעללי״. ער גיט אויך אַרויס אַ ריי ווינציקער געלונגענע זאַכן. ער שרייבט אַ סך. אָבער קיין דערפּאָלג האָט ער נישט. די קריטיק, און די קליקע אַרום מיצקעוויטשן רייסט אומברחמנותדיק אַרונטער אַלץ, וואָס סלאָוואַצקי פּאַרעפנטלעכט. אָנשטאָט רום, ברענגט אים זיין יעדעס נייע ווערק שפּאָט און חוזק.

און דאָ געשעט דאָס אומדערוואַרטע. סלאָוואַצקי דער הימלישער פּאָעט מאָביליזירט אַלע זיינע הימליש פּאָעטישע כוחות און גייט מיט זיי אַראָפּ אויף דער ערד, בכדי מיט זיי אָפּהאַלטן אַן ערדישן נצחון. ער שרייבט אָן זיין „בעניאָווסקי״. ער, דער פּאָעט פון ספערן, האָט זיין נצחון

איבער מענטשן אָפּגעהאַלטן אויף דער ערד. אָבער אַפילו זיין ערדישער נצחון איז אויך אַ הימלישער. ס׳איז דער נצחון פון פּאָעטישער גאונות, וואָס קאָן אומעטום זיגן, אויב דאָס כלי־זין מיט וועלכן ער באַנוצט זיך איז אמתע פּאָעזיע.

טייל האַלטן, אַז „בעניאָווסקי״ איז דאָס שענסטע און בעסטע וואָס סלאָוואַצקי האָט אָנגעשריבן. כאָטש אַפילו דאָ, אין דעם ווערק איז ער געווען פּאַרקוקט אין בייראָנען (אין זיין „דאָן זשואַן״), האַלטן אָבער טייל, אַז סלאָוואַצקי איז אין דעם ווערק איבערגעשטיגן זיין מייסטער. ס׳איז אַ סאַטירישער עפּאָס. אין דעם ווערק איז אַלץ פּאַראַן, וואָס דער פּאָעטישער אוצר פאַרמאָגט. אָבער דער עיקר פאַרבליפּט עס מיט דער רייכקייט פון קינסטלערישע איינדרוקן, פון וועלכע דאָס ווערק איז באַשאַפן געוואָרן און וועלכע דאָס ווערק רופט אַרויס ביי גוטע לייענער (די וואָס קאָנען נישט גוט לייענען פּאָעזיע — זאָלן זיך צו סלאָוואַצקין אַפילו נישט צורירן). די משונהדיקע לייכטקייט פון קאָנען אויסדריקן אין הויכן קינסטלערישן וואָרט אַלצדינג, וואָס די פּאָעטישע פאַנטאַזיע זאָגט דעם שעפער אונטער — איז ממש כישוף.

ס׳גייט מיר אין דעם, אַז דאָס בויגעוודיקע לשון
זאָל זאָגן אַלץ, וואָס ס׳טראַכט אויס דער קאָפּ.
און טייל מאָל זאָל עס זיין, ווי אַ בליץ, העל, שנעל,
און טייל מאָל אומעטיק, ווי אַ מדבר־געזאַנג,
און טייל מאָל, ווי אַ קלאָג פון אַ נימפע, ווייך,
און טייל מאָל שיין, ווי מלאכים־שפּראַך,
ס׳זאָל אַדורכשניידן אַלץ מיט די פליגל פון גייסט...[5]

[5] די פּאָעמע „בעניאָווסקי״ איז געשריבן אין אָקטאַוון, אין סטראָפעס פון אַכט עלף־זילבנדיקע שורות, ווו די ערשטע שורה גראַמט זיך מיט דער דריטער און פינפטער, די צווייטע — מיט דער פערטער און זעקסטער, און די זיבעטע שורה גראַמט זיך מיט דער אַכטער. איך האָב געגעבן אין ווייסן פערז אַ ווערטלעכע איבערזעצונג פון זיבן שורות פון אַ סטראָפע.

זאָגט סלאָוואַצקי אין אַ סטראָפע פון „בעניאָווסקי״, און נישט נאָר זאָגט ער אַזוי, נאָר אַזוי איז עס ביי אים. ער אַליין איז דער שענסטער און ער־לעכסטער אויספירער פון זיינע אייגענע פּאָעטישע צוואות.

די פּאָעמע „בעניאָווסקי״ איז די געשיכטע פון אַ שליאַכטשיץ, אַן אַוואַנטורע־זוכער, אַ פאַרשווענדער, וואָס איז פאַר חובות אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זיינע גיטער. משונהדיקע געשיכטעס געשען מיט דעם העלד און מיט די נעבן־העלדן פון דער פּאָעמע, סיי מענער און סיי פרויען. דאָס ווערק איז אויך אַ שטיק אויטאָביאָגראַפיע. מען קאָן נישט זאָגן אויטאָ־ביאָגראַפיע, ווייל סלאָוואַצקיס פּאָעזיע איז שטענדיק אַזוי רייך אין נעבן־עלעמענטן (רייך־פּאָעטישע), די קאָנסטרוקציעס פון זיינע פּאָעטישע ווערק זענען אָפט מאָל אַזוי אַנדערש פון די אָנגענומענע, אַפילו דורך די צעשווי־בערטע ראָמאַנטיקער, אַז זיי לאָזן זיך נישט אַריינפּאַסן אין קיין שום ראָם. איז אפשר דעריבער גלייכער צו זאָגן, אַז אין דער פּאָעמע זענען פאַראַן שטעלן, אין וועלכע סלאָוואַצקי רעדט וועגן זיך, וועגן זיין שאַפן, וועגן זיינע קעגנער, וועגן פּוילן און דער פּוילישער עמיגראַציע אין פראַנקרייך, וועגן די פּוילישע פּאַרטייען אין פּאַריז און וועגן זייערע פירער. אַן אַ שיעור איז דאָרט פאַראַן. ער רעכנט זיך אָפּ מיט אַ סך מענטשן און דערשיינונגען. ער רעכנט זיך שאַרף אָפּ מיט די קעגנער פון זיין פּאָעזיע, מיט דער בייזווי־ליקער ליטעראַרישער קליקע וואָס פאַרפאָלגט אים. אָבער צום שאַרפסטן רעכנט ער זיך אָפּ מיטן אָפּגאָט פון דער פּוילישער עמיגראַציע, מיט מיצ־קעוויטשן אַליין.

„בעניאָווסקי״ איז געשריבן מיט אַזוי פיל טעמפּעראַמענט, אַזוי פיל פּאָעטיש בלוט ריזלט אין דעם ווערק, אַז ס׳איז צו שטוינען, פון וואַנען קומט צו אַזאַ שוואַכן גוף אַזוי פיל גייסטיקער כוח. דאָס ווערק שטייט אויף דער העכסטער פּאָעטישער מדרגה. אַ ים מיט פּאָעזיע אַנטפּלעקט זיך פאַרן לייענער פון דער פּאָעמע. מ׳קאָן ממש שיכור ווערן פון דער פּאָע־טישער שאָנקייט פון דעם ווערק. די שפּראַך איז דאָ דערפירט צו דער העכסטער גרענעץ פון ווירטואָזיטעט. די פאָרעם, די גראַמען — אַלץ אויסנעמלעך. אַ פאַרשווענדערישע רייכקייט שלאָגט פון דער פּאָעמע. אַלץ איז דאָ געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט, ווי גאָט פון דער קונסט וואָלט דאָ אַליין אַלץ צוגעטיילט מיט זיין גרויס געגאָד.

נאָר פינף טײלן (אָדער געזאַנגען, װי דער פּאָעט אַלײן האָט עס אָנגערופן) פון „בעניאָװסקי״ האָט סלאָװאַצקי פאַרעפנטלעכט בײַ זײַן לעבן. אָבער דער רושם איז געװען אַ גרױסער. אַפילו זײַנע שאַרפסטע קעגנער האָבן דאָס מאָל געמוזט מודה זײַן, אַז זײ האָבן פאַר זיך אַ גרױסן דיכטער. געװען אַפילו שטימען, אַז „בעניאָװסקי״ שטײט העכער פון מיצקעװיטשעס „פּאַן טאַדעוש״. סלאָװאַצקיס נצחון איז געװען אַ פולשטענדיקער.

נאָר דער פּאָעט אַלײן איז פון זײַן נצחון נישט געבליבן צופרידן. ער, דער אומפשרהדיקער, ער, דער דיכטער פון ספערן, האָט געפילט אַז ער איז געגאַנגען אויף אַ פשרה; ער, דער הימלישער דיכטער, האָט געזען, אַז ער האָט געמוזט אַראָפּ אויף דער ערד, בכדי אָפּהאַלטן אַ פּאָעטישן נצחון; ער, װאָס האָט געזונגען נאָר פאַר אויסדערװײלטע, האָט געמוזט זײַן געזאַנג צופּאַסן צו די, װאָס האָבן זײַנע אַנדערע געזאַנגען נישט געקאָנט באַנעמען.

און ער שרײַבט אין אַ בריװ צו זײַן מוטער: „ס'איז מיר אומעטיק, װאָס כ'האָב געמוזט אַראָפּגײן פון מײַן פּיעדעסטאַל, בכדי ערשט דעמאָלט זאָל מען מיר מודה זײַן, אַז איך געפין זיך אויף אים״.

## 3

יוליוש סלאָװאַצקי איז געװען אַ פענאָמען פון פּאָעטישער שפע. אויפצושרײַבן טױזנט שורות איז בײַ אים נישט געװען פון די גאָר גרױסע געשעענישן. ס'איז געװען װי ער װאָלט נישט באַװעגט מיט דער פעדער, נאָר מיט פליגל. מיט דער דאָזיקער גאָט געבענטשטער שפע קאָן מען אים נאָר פאַרגלײַכן צו שעלין.

נישט שײַך דאָ אויסצורעכענען אַלץ װאָס סלאָװאַצקי האָט אָנגעשריבן, די אַלע פּאָעמעס, דראַמעס און לידער. נאָר אַ פערטל פון דעם װאָס ער האָט געשאַפן האָט ער פאַרעפנטלעכט בײַ זײַן קורצן, פערציק־יאָריקן לעבן, אָבער אַפילו דאָס האָט געװעקט קנאה בײַ דער קליקע אַרום מיצקעװיטשן. װײַל מיצקעװיטש האָט נאָך „פּאַן טאַדעוש״ גאָרנישט אָנגעשריבן, װאָס זאָל האָבן אַ קינסטלערישן װערט.

ס'איז בלי שום ספק אַז אין מיצקעװיטשעס פאַרשטומט װערן װי אַ

דיכטער, האָט אַ גרויסן חלק געהאַט דער טאָוויאַניזם, די נייע משיחישע פּילאָזאָפיע וועגן פּוילנס שליחות אין דער וועלט. דאָס דאָזיקע נייס האָט אַראָפּגעבראַכט פון פּוילן קיין פּאַריז דער האַלבער פּויער און פּערטל הײמיש־געבאַקענער פּילאָסאָף, אַנדזשעי טאָוויאַנסקי. פאַראַן אַזעלכע וואָס האַלטן, אַז טאָוויאַנסקי איז געווען אַן אַגענט פון דער צאַרישער אָכראַנע, געשיקט קיין פּאַריז, בכדי מבלבל צו זיין די מוחות פון די גייסטיקע פירער פון דער פּוילישער עמיגראַציע אין פראַנקרייך. מיר װעלן זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין דער פּלוגתא, צי ער איז יאָ געווען אַן אַגענט פון דער אָכראַנע, צי נישט. קיין צדיק־הדור איז ער זיכער נישט געווען. מיר דאַרפן נאָר דאָ אונטערשטרייכן, אַז סיי מיצקעוויטש און סיי סלאָוואַצקי זענען אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון טאָוויאַנסקין און זיין „לערע״.

סיי מיצקעוויטש און סיי סלאָוואַצקי האָבן געהאַט אַ צו קנאַפּע פילאָ־סאָפישע אויסבילדונג. דערפאַר זענען זיי אַזוי אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון דער פּסיידאָ־פילאָסאָפישער תורה פון טאָוויאַנסקין. דערפאַר האָט די תורה זײַנע זיי געקאָנט אַזוי פאַרכאַפּן. אָבער אין דער צייט ווען מיצקעוויטש האָט אָנגענומען אַלע דאָגמעס פון טאָוויאַניזם, משלים געווען מיטן היעראַרכיע־לייטער, וועלכן טאָוויאַנסקי האָט באַשטימט, האָט סלאָ־וואַצקי, וואָס איז געווען אָן אַן ערך ראַדיקאַלער, רעוואָלוציאָנערער און בכלל קליגער פון מיצקעוויטשן, באַלד נישט אָנגענומען אַלע דאָגמעס פון דער טאָוויאַניסטישער תורה, נישט משלים געווען מיט זיין איינגעשטעל־טער היעראַרכיע, און געענדיקט גיך אין גאַנצן איבערגעריסן מיט טאָוויאַנסקין און מיטן טאָוויאַניזם.

אָבער דער מיסטישער קערן, וועלכן סלאָוואַצקי האָט געהאַט אין זיך און אין זיין שאַפן (אַ סימן בולט — זיין פּאָעמע „אַנהעלליי״), איז דורכן טאָוויאַניזם זייער באַגײַסטיקט און פאַרשטאַרקט געוואָרן. סלאָוואַצקיס פּאָעטישע ווערק ווערן וואָס אַ מאָל מער באַהערשט פון מיסטיציזם. דער מיסטיציזם דערגייט און דערגרייכט דעם אַפּאָגעי אין זיין גרויסער נישט פאַרענדיקטער פּאָעמע: „דער גייסט — דער מלך״.

דאָ, אין דער פּאָעמע, קומען זיך צונויף אַלע וועלטן, ס׳פאַלן זיך צונויף אַלע הימלען, ים מיט טריקעניש ווערן איינס, ס׳לייזן זיך אויף און

ס׳ווערן פאַרווישט אַלע גרענעצן און באַריערעס צווישן לענדער און פעל־קער, און דאָס אַלץ דערפאַר, בכדי צו מאַכן אָרט פאַר דעם פוילן, וואָס סלאָוואַצקי זעט אין זיין וויזיע.

און דאָ ליגט דער אבן־נגף: פוילן. פאַרשטייט זיך, אַז אין קונסט, און אין פּאָעזיע דער עיקר, איז נישט וויכטיק די טעמע, נאָר ווי אַזוי עס איז געשריבן. און געשריבן איז די פּאָעמע מיט אַ שפּראַך אַן אין־סופיקער. סלאָוואַצקיס פּאָעטישע שפּראַך טראָגט אין זיך אומענדלעכע מעגלעכקייטן. די סימבאָלישע בילדערישקייט, וויזיאָנערישקייט און מוזיקאַלישקייט פון „דער גייסט — דער מלך״, איז נאָך אפשר העכער פון קונסט. און דאָך איז די טעמע אַ יש. ווען דו שלאָגסט זיך אַזוי פיל מאָל אָן אין פוילן, זאָל דאָס פוילן זיין נישט מער ווי אַ וויזיע, אַ מיסטישע זעונג, איז עס אָבער פאָרט אַ שטערונג. און נישט נאָר פאַר אַ ייד איז עס אַ שטערונג, נאָר כ׳גלייב, אַז פאַר אַ מאָדערנעם, וועלטלעכן פּאָליאַק — איז עס אויך אַזוי.

מען דאַרף שוין זיין דער ביז גאָר ראַפינירטער פּאָעזיע־לייענער, אַ לייענער — אַ קינסטלער, מען זאָל קאָנען ביי סלאָוואַצקין אָפּטיילן דאָס קינסטלערישע פון דעם אינהאַלטלעכן. אין דער פּאָעמע „דער גייסט — דער מלך״ איז דאָס לחלוטין אוממעגלעך, ווייל דאָ איז אַלץ אַ־מאַטעריעל, ריין מעטאַפיזיש.

סלאָוואַצקיס טראַגעדיע באַשטייט דאָ אין דעם, וואָס ער האָט זיך מצמצם געווען בלויז צום פוילישן הימל, ווען נאָך דעם „דורכפאַל״ מיט זיינע צוויי ערשטע בענד פּאָעזיע האָט ער געוואָלט ווערן אַ נאַציאָנאַלער דיכטער, געוואָלט געווינען לייענער פאַר זיינע ווערק. ער איז אָבער קיין נאַציאָנאַלער דיכטער נישט געוואָרן. ווייל יעדעס פאָלק האָט נאָר איין נאַציאָנאַלן דיכטער, און אין פוילן איז עס: אַדאַם מיצקעוויטש. סלאָוואַצקי האָט נישט נאָר נישט אויסגעברייטערט, נאָר פאַרשמעלערט דעם קרייז פון זיינע לייענער, ווייל ער האָט צוליב זיין טעמאַטיק זיך אָפּגעשניטן פון דער וועלט. יוליוש סלאָוואַצקי איז נישט קיין פוילישער נאַציאָנאַלער דיכטער, ער איז אויך נישט קיין אוניווערסאַלער דיכטער. ער איז אָבער אָן ספק דער גאון פון פּאָעזיע, דער גאון פון פּאָעטישע פּראָצעסן.

פאַראַן אַזעלכע וואָס האַלטן אַז „דער גייסט — דער מלך״ איז אַ פּראָ־דוקט פון פּאָעטישער פאַרווירונג. פאַראַן געלערנטע, ווי פּראָפ. י. ג. פּאַוולי־

קאָווסקי, וואָס האָבן אַ גאַנץ לעבן געווידמעט דער פאָרשונג און פאַרטייטשונג פון דער דאָזיקער פּאָעמע. טייל האַלטן, אַז „בעניאָווסקי" איז דאָס גרעסטע וואָס סלאָוואַצקי האָט געשאַפן, און טייל האַלטן אַז דאָס גרעסטע איז „דער גייסט — דער מלך". די דאָזיקע מחלוקה איז אָבער נישט קיין ווענזנטלעכע.

די פּאָעטישע גרויסקייט פון סלאָוואַצקין באַשטייט אין דעם, וואָס ער קאָן פלוצלונג איבעררעאַשן דעם לייענער מיט עפּעס אַזעלכעס, וואָס ער האָט נאָר וואָס אַרויסבאַקומען פון די פּאָעטישע טיפענישן. ער איז אַ פּאָעט — אַ טויכער, און מיט אַ מאָל טוט ער אַ שווים אויף מיט פּערל אין די הענט. און דאָס געשעט ביי אים שטענדיק, אַפילו אין די ערשטע זאַכן זיינע.

*

וואָס איז דער פענאָמען יוליוש סלאָוואַצקי פאַר דער פּוילישער פּאָעזיע און פאַר דער פּאָעזיע בכלל?

אין אַ שמועס וועגן דער גאָלדענער פּעריקלעס־עפּאָכע אין גריכנלאַנד, דער צייט פון הויכן אויפשטייג פון דער גריכישער, דער עיקר, דראַמאַטישער שאַפונג, פון גריכישן טעאַטער און פון דער געוואַלדיקער אַנטוויקלונג פון דער מוזיקאַלישסטער פון אַלע מוזיקאַלישע שפּראַכן אין דער וועלט: אַלט־גריכיש, האָט מיר מיינס אַ פריינד, אַן איטאַליענישער ייד, אַ בערגסאָניסט און אַ טעאַטראָלאָג געזאָגט, אַז די דאָזיקע עפּאָכע קאָן מען אַנדערש נישט אָנרופן ווי — גליק. פּשוט, ס'איז געשען דעמאָלט דעם גריכישן פאָלק אַ גליק.

פּונקט ווי עס קאָן אַ יחיד טרעפן אַ גליק, למשל: אַ גרויסע ליבע, אַ וווּנדערלעכע פרוי איז לעבן, אָדער פּשוטער, עמעצער קאָן מאַטעריעל באַגליקט ווערן, אַזוי קאָן אַ פאָלק אויך באַגליקט ווערן. אַ פאָלק קאָן אויך טרעפן אַ גליק.

כ'וויל זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין דער באַגרינדונג פון מיין פריינדס גליק־טעזע בנוגע דעם אַלט־גריכישן פאָלק. אָבער פאַר דער פּוילישער שפּראַך און פאַר דער פּוילישער פּאָעזיע איז סלאָוואַצקי זיכער געווען אַ גליק.

און דאָ קומט דער פּאַראַדאָקס. פאַראַן מענטשן וואָס ווילן נישט קיין גליק. זיי האָבן מורא פאַר גליק. גליק איז איראַציאָנעל, מחוץ לדרך הטבע. און פאַר דעם האָבן זיי מורא. גליק דערמאָנט זיי די אַנטיטעזע — אומ־גליק. מענטשן ווילן אַז אַלץ זאָל זיין לויט דער דרך־הטבע. שיין, גוט, און נאָרמאַל פליסנדיק. אָבער גליק ?...

די באַציִונג פון דער פוילישער אינטעליגענץ צו סלאָוואַצקיס פּאָעזיע איז די באַציִנג צו גליק. נישט אַלע מאָל וויל מען עס. מען האָט פאַר דעם מורא. מען וויל בעסער דעם רויִקן, האַרמאָנישן מיצקעוויטשן, ווו אַלץ איז אַזוי שיין ווי אין דער טבע, ווי אין דער נאַטור.

פאַראַן אָבער צייטן ווען די אינטעליגענץ די פוילישע לעכצט נאָך פּאָעטיש גליק, ווי דאָס איז געוועזן, למשל, נאָך דעם נאַטוראַליזם. דעמאָלט האָט מען אויפגעהויבן סלאָוואַצקין עד רום כל המעלות, צו דער הויכקייט פון אַ פּאָעטישן גאָט. פאַראַן אָבער צייטן ווען די אינטעליגענץ ווערט מיד פון זיינע הויכקייטן, אָדער מען מאַכט זי מיד מיט פאַרשידענע נידעריי־קייטן... קליינלעכקייטן... דעמאָלט בלייבט יוליוש סלאָוואַצקי, דער דיכטער פון די ספערן, ווידער אַליין מיט זיין קונסט. אָבער שוין נישט מער איינזאַם. מען לערנט אים אין די שולן, מען קען אים, מען דעקלאַמירט זיינע לירישע לידער, זיין פּאָעמע „אַגאַמעמנאָנס קבר". מען פירט אויף אין טעאַטער זיינע דראַמעס. און דאָך ?...

און דאָך איז דער גורל פון סלאָוואַצקין אַ טראַגישער. די וועלט איז פאַר אים כמעט פאַרשלאָסן. ווייל ער האָט זיין פּאָעזיע געווידמעט פוילן. ער האָט זיך אָפּגעשניטן פון דער וועלט און אירע פּראָבלעמען לטובת פוילן. די פוילישע פּאָעזיע האָט ער באַצירט מיט איידלשטיינער און מיט גינגאָלד. ער האָט דערהויבן די פוילישע שפּראַך מיט גאַנצע זיבן הימלען העכער ווי זי איז געוועזן אַפילו ביים גאָניאַלן מיצקעוויטש. אָבער אַפילו פוילן אַליין איז אויך נישט געוועזן און איז נישט אַלע מאָל פאַר אים און מיט אים. ער איז געוועזן אַ גרויסער פוילישער פּאַטריאָט, סלאָוואַצקי, אָבער זיינע אידעען וועגן דעם צוקונפטיקן פוילן זענען אין אָנהייב געוועזן אַנאַר־כיסטישע און דערנאָך ריין מיסטישע. יעדן פאַלס, קיין מאָל נישט צוגעפּאַסט צו פוילנס ווירקלעכקייט. און פון גרויסע פּאָעטן פאַרלאַנגט מען אויך געפיל פאַר ווירקלעכקייט. אַזאַ איז שוין זייער גורל...

ער איז געווען אַ בונטאַר, ווי בייראָן, ער האָט אָבער געשטאַמט פון לגמרי אַן אַנדערער סביבה, פון אַ פּראָווינציעלער סביבה. און די סביבה האָט אים דערדריקט. אויף זיין פּאָעטישן גורל, אויף זיינע פערציק יאָר לעבן און צוואַנציק לערך יאָר פּאָעטיש שאַפן, האָט מען אָנגעהאָנגען און עס האָט געשווערט זיין פאַרקנעכט פּאָטערלאַנד און די אַלע אינטערעסן, מיינסטנס קליינלעכע פון קליינע מענטשעלעך, וואָס זענען אויפגעוואַקסן אויף פּוילנס אומגליק ווי סמנדיקע שוואָמען.

סלאָוואַצקי האָט דאָס אַלץ נישט געוואָלט. ער האָט געקלאָגט אויפן גורל פון דער וועלט, אויף דער פאַרפאַלנקייט פונעם יחיד און אויף דער פאַרגענגלעכקייט פון דעם לעבן. ער האָט נישט געוואָלט די געזעלשאַפט, איר גאַנץ פירעכץ, מיט וועלכער דער יחיד שטייט אין אַ קאַמף. ער האָט נאָר געוואָלט איין זאַך: פּאָעזיע.

אין אַ בריוו צו זיין מוטער שרייבט ער: „איר זעט אַליין, אַז פאַר מיר איז נישטאָ קיין אַנדער וועג ווי די אומגליקלעכע פּאָעזיע. צי וועט מיך די דאָזיקע האָפענונג, די איינציקע האָפענונג אין מיין לעבן, פאַרפירן?״.

זי האָט אים נישט פאַרפירט. זי האָט אים דערפירט צו גאָר הויכע הויכקייטן. און דאָרט איז ער געבליבן אַ טראַגישער. ווי טראַגיש ס׳איז אַלץ, וואָס איז גרויס...

(„די גאָלדענע קייט״, נומ. 36, 1960)

# אויפן טויט פון אַ מייסטער

**Tak to było i tak się ziściło.**
**Taką pieśnią się dozieleniło.**
**I zielono, zielono w ojczyźnie,**
**W mojej pięknej ojczyźnie — polszczyźnie.**
Juljan Tuwim — Zieleń

אַזוי איז געווען און אַזוי איז געשען,
ס׳האָט מיט ליד, מיט ליד זיך דערגרינט.
און גרין איז אין פאָטערלאַנד, גרין,
אין מיין וואונדערלעך לאַנד — פויליש לשון.

1

מיטן טויט פון יוליאַן טובים, דעם באַרימטן פוילישן פּאָעט פון יידישער אָפּשטאַמונג, האָט די וועלט פון פּאָעזיע און די וועלט פון פּאָעטן פאַרלוירן אַ גרויסן מייסטער, אַ וווּנדערלעכן דערפינדער.

אַ זון פון יידישע טאַטע־מאַמע, אַ קינד פון דער אַמאָליקער „יידישער" פאַבריקשטאָט לאָדזש — דער שטאָט פון יידישער איניציאַטיוו און ענערגיע, פון דער אַמאָליקער „יידישער" שטאָט, וועלכע מ׳האָט גערופן „דער פּוילישער מאַנטשעסטער" — האָט יוליאַן טובים באַרייכערט די אַזוי אויך גענוג רייכע פּוילישע פּאָעזיע.

כ׳ווייס נישט אויף זיכער, צי איז ער טאַקע געווען דער גרעסטער פּוילישער דיכטער פון זיין דור — דעם דור, וואָס זיינע רייפע און מענע־רישע יאָרן זענען אויסגעפאַלן אויף דער קורצער תקופה פון די צוויי צענדליק יאָר צווישן די ביידע וועלט־מלחמות. יעדן פאַלס איז ער עס נישט געווען אין די ערשטע צען יאָר פון זיין זייער פּרוכטיקער פּאָעטישער שע־פערישקייט. אָבער ער איז בלי ספק געווען דער בעסטער פּוילישער פּאָעט פון יענער צייט. קיין גרויסע פּאָעטן האָט פּוילן אין דער צייט פון איר ווידערגעבורט, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ביז דער סעפּטעמבער־מפּלה (1939) — בכלל נישט פאַרמאָגט. גרויסע — געמיינט אין נאַציאָ־

נאָלן צי אין כּאַלקישן זין. נישט דאָ איז דאָס אָרט זיך אָפּצושטעלן אויף די סיבות.

געבוירן אַ ייד, געלעבט און דערצויגן ווי אַ נישט־ייד, געלערנט און געענדיקט אַ רוסישע מלוכה־גימנאַזיע — און זיך שטערבלעך (צי אומ־שטערבלעך) פאַרליבט אין דער פּוילישער שפּראַך. זי איז געוואָרן זיין אידעע־פיקס. פאַרקערט, ער איז געוואָרן דער שפּראַכס אידעע־פיקס, אויסדריקנדיק זיך פּאַראַדאָקסאַל. נישט די שפּראַך האָט אים פאַרפאָלגט, נאָר ער האָט די שפּראַך פאַרפאָלגט. ער האָט זי גענומען מיט כּוח, מיט געוואַלד. זי, די פּוילישע שפּראַך, האָט דערפילט זיין דיכטערישע, פּאָטענ־ציעלע קראַפט. הנאה געהאַט פון זיין דרייסטקייט און זיך געלאָזט פון אים באַהערשן.

ער האָט געזאַמלט די פּוילישע ווערטער, ווי אַן אוצר. ער האָט זיי גענומען פון אומעטום: פון הויף, פון גאַס, פון די פאַרשידנסטע מעשה־ביכלעך וועגן גזלנים און מכשפות. ער האָט זיי גענומען פון אָרעמקייט און רייכקייט, פון אַרבעטער און אַריסטאָקראַט, פון הימל און פון דער ערד, פון דער ריינסטער ראָמאַנטישער פּאָעזיע און פון ביכער וועגן טעכניק. אין דעם פּרט האָט ער געהאַט אַ ווונדערלעכע, כמעט העלזעערישע אינטו־יציע. ער האָט מערקווירדיק געניי אַרויסגעפילט און פאַרויסגעפילט, וואָס ער דאַרף פאַר זיך, פאַר זיין פּאָעטישער צוקונפט האָבן. און ווען ער איז געקומען צו דער פּאָעזיע ווי אַ זעלבשטענדיקער שאַפער — איז ער באַלד געוואָרן אַ וואָרטמייסטער, אַ ווירטואָז.

אַ ווירטואָז איז נישט בלויז דער, וואָס פירט מייסטעריש אויס זיין אויפגאַבע. אַ ווירטואָז דאַרף קודם־כל קענען דעם אינסטרומענט, מיט וועלכן ער באַנוצט זיך בכדי אויסצופירן זיין קינסטלערישע אויפגאַבע (כ׳האָב פיינט דאָס פּאָמפּעזע וואָרט: שליחות, וואָס מיט אים באַנוצן זיך אַזוי גערן און אַזוי אָפט קריטיקער־גראַפאָמאַנען). ס׳געהער צו די גוטע מידות פון יעדן פּאָעט, צי אַפילו פון יעדן פשוטן שריפטשטעלער, צו קענען דעם אינסטרומענט, די כלי, ד״ה די שפּראַך וואָס ער באַנוצט זי אין זיין שעפערישער אַרבעט. ביי טובימען איז דאָס קענען און דערקענען דעם שעפערישן אינסטרומענט נישט נאָר געווען אַ מידה, נאָר ביי אים איז דאָס געוואָרן אַן ענין פון מדרגה (צי מדרגות). ער האָט געהאַלטן, אַז

דער דיכטער דאַרף נישט נאָר געפינען דאָס געהעריקע וואָרט, וואָס זאָל זיין אַדעקוואַט צו זיין שטימונג און געפיל, נאָר אַז ער דאַרף אויך אַזעלכע ווערטער שאַפן. נייע געפילן דאַרפן נייע ווערטער, צי באַנייטע ווערטער, צי כאָטש נייע וואָרט־פאַרבינדונגען. געווען אַ צייט ווען ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס וואָרט אַליין איז אַ יש פאַר זיך, און אַחוץ דעם, וואָס עס סימבאָ־ליזירט מיט זיך איצט, איז עס אויך נאָך בכוח אַרויסצורופן נייע הרגשות, נייע שפּירונגען. דאָס וואָרט האָט ביי אים באַקומען דעם כּוח פון אַ שעפע־רישן גייסט. „אין אָנהייב איז געווען דאָס וואָרט". דער העראַקליטישער לאָגאָס האָט ביי אים אָנגענומען דעם באַטייט, וואָס ס'האָט אים צוגעשריבן דאָס קריסטנטום.

אָבער דערוויילע האָט ער נאָך וועגן דעם אַלעם קוים געאַנט. צוויי באַדייטנדיקע פּוילישע דיכטער פון פריערדיקן דור, צוויי גרויסמייסטערס פון דער פּוילישער פּאָעזיע, האָבן אים דעמאָלט אין זייער צויבערקרייז געהאַלטן. דאָס איז געווען: דער העלעניש־האַרמאָנישער לעאָפּאָלד סטאַף און דער, שפּעטער פאַרשטאָרבענער, דערפינדעריש־מוזיקאַלישער וווּנדער־לעכער פּאָעט, באָלעסלאַוו לעשמיאַן (לעסמאַן, אַ ייִד, אַ משומד, אַ זאַמאָש־טשער נאָטאַריוס). געשיצט, ריין אַבסטראַקט געמיינט, פון די דאָזיקע צוויי פּאָעטישע פּאַטראָנען, איז טובים אויף דער שוועל פון פּוילנס ווידערגע־בורט, נאָענט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, אָנגעקומען פון לאָדזש קיין וואַרשע.

2

אָבער נישט בלויז די צוויי אויבן דערמאָנטע פּוילישע פּאָעטן האָבן אים פאַטראָנירט. זיין אויער איז געווען כסדר וואַך, און גראָד דעמאָלט האָבן זיך אַ סך פּאָעטישע און פּסעוודאָ־פּאָעטישע ריכטונגען געטראָגן איבער דער וועלט, געזוכט פאַר זיך אַן אָרט און אָנזען. ס'האָט נאָך הויך אָפּגעקלונגען דער פוטוריסטישער מאַניפעסט פון צעשריגענעם איטאַ־ליענישן פּאָעט מאַרינעטי. מ'האָט געבראָכן מויערן, צעשטערט פּאָעטישע „באַסטיליעס".

אויף פּוילן, וואָס איז ביז דער באַפרייונג (נאָך דער ערשטער וועלט־

מלחמה) געווען נישט מער ווי דריי פראָווינצן פון דריי מלוכות, וואָס האָבן זי געהאַט אַנעקסירט, און איז דעריבער געווען גאָר שטאַרק פּראָווינציעל, האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אַלע מאָדערניזמען מיט איין מאָל. פוטוריזם מכל המינים, דאַדאַיזם, קוביזם, פאָרמיזם, אימאַזשיניזם אאַז״וו. דער דעמאָל־דיקער עקספּרעסיאָניסט, דער פיינער פּאָעט יוזעף וויטלין, אויך אַ ייד, האָט נאָך אַ סך שפּעטער געזאָגט: די פּוילישע נייע פּאָעזיע איז ווי אַ הינטיכע (סוקע), צוויי מאָל אין יאָר געבוירט זי יונגע. טובים האָט זיך נישט געלאָזט מיטרייסן פון קיין שום עקסטרעמקייט פון דעם מין. זיין פּאָעטישער אינסטינקט האָט אים אונטערגעזאָגט צו זיין מיט פּאָעזיע זייער אָפּגעהיט. אין אַ סך יאָרן אַרום האָט ער צום מחבר פון די שורות אין אַ שמועס וועגן פּאָעזיע געזאָגט: מיט דעם (מיט פּאָעזיע) — ווי מיט אַ ווייך איי. דערביי האָט ער צונויפגעלייגט פּאַמעלעך זיינע ביידע הענט, געמאַכט פון די דלאָניעס עפּעס אַזוינס, ווי אַ נעסט, און צאַרט און איידל מיט זיי געשאָקלט, געוויגט. טובים האָט גאָרנישט געהאַט אין זיך פון דער יידי־שער מענטאַליטעט. ער האָט נישט פאַרמאָגט די יידישע איבערגעשפּיצט־קייט. ער איז געווען נאַיוו, נאָר ווי אַ גוי קאָן עס זיין. אָבער אין הלכות פּאָעזיע איז ער געווען אַ פּאָעט אַ פּיקח, אַ חכם מחוכם. ער האָט געוווּסט ווי אַזוי זי איך זיך צו דערציען, אויפהאָדעווען און איר פאַרזיכערן פאַר־טיפטקייט און וווקס. כאָטש וואָס איז דאָס אַזוינס פּאָעזיע האָט ער, ווי אַלע גרויסע דיכטער, נישט געוווּסט (נאָר די קליינע דיכטער דאַכט זיך אויס אַז זיי ווייסן יאָ).

כאָטש ער איז געווען דעמאָלט אַ מאָדערניסט איז ער אָבער נישט געווען קיין פוטוריסט. פאַרשטייט זיך, אַז אויף וויפל „פוטורוס״ באַדייט צוקונפט, אויף אַזוי פיל האָט טובים געגלויבט, אַז זי געהער צו אים. וואָס צוקונפט? ווען צוקונפט? אויף דעם האָט ער קיין ענטפער נאָך נישט געהאַט. אָבער אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די וועלט איז פאַר אים צוגעגרייט און ער גייט זי איינעמען.

מען דאַרף נישט פאַרגעסן די באַזונדערע לאַגע, אין וועלכע פּוילן, און במילא אירע פּאָעטן, האָבן זיך דעמאָלט געפונען. דאָס לאַנד איז נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר קנעכטשאַפט באַפרייט געוואָרן פון פרעמדן יאָך. פאַרבאַהאַלטענע כוחות האָבן זיך אויפגעוועקט. אַ שפּאַר ביסל נידע־

ריקע אינסטינקטן האָבן זיך אין פּוילן צעבושעוועט. אָבער אויך נייע שעפערישע כוחות זענען געקומען צום וואָרט. אין איינעם אַזאַ טאָג פון דעם משונהדיקן „פרילינגס־ערוואַכען" איז זיך אַ קליינע גרופּע ביז גאָר טאַלענטירטע פּאָעטן צונויפגעקומען און געגרינדעט די צייטשריפט „סקאַ־מאַנדער" (די מיטגלידער פון דער גרופּע האָט מען דעריבער גערופן „סקאַ־מאַנדריטן"). דווקא דעם ייד טובים איז „צוגעפאַלן" אין אָנהייב די ראָל צו זיין דער אויסדריקער פון די פריידיקע געפילן, פון דעם ווילן צום לעבן, פון דער פרייד צו זיין, פון בלויז זיין. ער איז עס געווען דער שעפער פונעם פּוילישן וויטאַליזם. ער און אַ צווייטער „סקאַמאַנדריט", זיין געטרייער תלמיד, דער לעגיאָנער, קאַזשימיעזש וויעזשינסקי. (און דווקא ער, און נישט זיין רבי טובים, איז שפּעטער אויסגעקליבן געוואָרן אין דער פּוילי־שער אַקאַדעמיע פאַר ליטעראַטור).

אַחוץ די צוויי אויבן דערמאָנטע האָבן צו דער גרופּע געהערט: אַנטאָני סלאָנימסקי — אַן אינטעלעקטועלער דיכטער און שאַרפזיניקער, בייסנדי־קער פּובליציסט און דראַמאַטורג, ווייטער דער זייער סובטעלער פּאָעט יאַראָסלאַוו איוואַשקעוויטש, וועלכער האָט זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון דער דייטשער ליטעראַטור און איז אַפילו פאַררעכנט געוואָרן אַ צייט שפּעטער פאַר אַ תלמיד פון סטעפאַן געאָרגע און דער יינגסטער פּאַרטיפּטער, פּוילישסטער און קאַטוילישסטער פון צווישן זיי (נאָך דער ווייניק פּראָדוקטיווער) יאַן לעכאָן.

3

טובימס וויטאַליזם איז אָבער געקומען דורך אַ גוטן וועג. ער איז געקומען פונעם פּאַנטעיזם. אויב ער האָט געשריגן: „כ'וויל אַרויסוואַרפן פון זיך די נשמה, אָט דעם פּענכער פול מיט שרעק", איז עס געווען אויך דערפאַר, ווייל ער האָט סיי ווי סיי געפילט אין יעדן קעמערל פון גוף — נשמה. אויב ער האָט נישט געוואָלט בלייבן אייביק, זיין אייביק, איז עס דערפאַר, ווייל ער האָט געפילט אייביקייט אין יעדער פולער רגע. אויב ער האָט ליב געהאַט דאָס לעבן, האָט ער ליב געהאַט דאָס גאַנצע לעבן, אין אַלע זיינע פאָרמען, אַלעמענס לעבן. ער האָט ליב געהאַט אַלץ, וואָס

איז לעבעדיק און אַוודאי דעם לעבעדיקן מענטש. אַפילו פאַר טויט האָט ע׳ר געהאַט אַ פאַרענטפערונג. אַזוי פילן און טראַכטן האָט ער זיך „אויס־געלערנט״ ביים גרויסן זקן פון מאַנהעטן, ביי וואָלט וויטמאַן. אין זיין דעמאָלטיק פראָגראַם־ליד „פאָעזיע״ גיט טובים אָפּ כבוד דעם גרויסן זקן און זאָגט אַזוי: „האָט איר שוין געהערט אַזאַ געזאַנג: עס איז געקומען פון יענער זייט אָקעאַן, מיט אַ גרויסאַרטיקן שטראָם איז עס געשווומען פון מויל פון גרויבאָרדיקן זינגער. און איך, צום לויב פון מיין פאָטערלאַנד, פלאַנץ איבער די פרעמדע שפּראַכן אויף מיין היימישן בוים, אויף דעם קרעפטיקן פוילישן דעמב״.

צו דער ברייטקייט, רחבותדיקייט און אַלץ־אַרומנעמענדיקייט פון וואָלט וויטמאַן איז נאָך טובימען צוגעקומען די דרייסטקייט, שאַרפקייט פון דעם בשעתו עפּאָכע־מאַכנדיקן אַרטור רעמבאָ. טובימס „דיטיראַמב״ לכבוד דער פאַבריק־ און אַרבעטס־שטאָט לאָדזש איז געשריבן געוואָרן אונטער דער גאַנץ שטאַרקער השפעה פון רעמבאָ. דאָס זענען אָבער נישט געווען קיין פרעמדע השפעות, דאָס זענען השפעות וואָס זענען געוואָרן אייגן, ווי אייגן ס׳איז די לופט וועלכע מיר אָטעמען איין. ביי טובימען איז דאָס אַלץ געוואָרן פויליש, אַ דאַנק זיין ווונדערלעכן פויליש. ער האָט דאָס אַלץ פאַרטובימיזירט מיט זיין אייגענעם באמת גאָט געבענטשטן טאַלאַנט.

זיין פּאָעטישע לאַבאָראַטאָריע איז כסדר באַרייכערט געוואָרן. וואָס איז אין איר נישט געווען? שניידנדיקע בילדערישקייט, שלאָגיקע מעטאַ־פאָרן, וואָרטאינווענץ, וואָרטאויפטועץ און וואָרטאיינפאַלן, טריקן אַפילו. אָן אַ שיעור נעאָלאָגיזמען גראַטענע און באַחנטע. ווויל און שיין קלינגענדיקע ווערטערשפּילן, סתם ווערטערקלאַנגען, וואָס זענען בלויז מוזיק, און אין וועלכע ס׳זענען פאַראַן נישט בלויז פוילישע, נאָר אויך אַנדערע סלאַווישע (פאַן־סלאַווישע) וואָרט־עלעמענטן. כ׳מיין זיינע „וואָרט־געזאַנגען״ צו וועלכע ד׳ער באַרימטער פוילישער מאָדערנער קאָמפּאָזיטאָר, קאַראָל שימאַנאָווסקי, האָט געשאַפן מוזיק. ער איז אויך דער קענער און מייסטערישער איבער־זעצער פון דער רוסישער שפּראַך. ער זעצט דעמאָלט אויסערגעוויינטלעך געראָטן איבער מאַיאַקאָווסקין, הייבט אָן זיך דערנענטערן צו פּושקינס ווערק, בכדי זיי שפּעטער איבערצוזעצן. שוין אין זיינע סטודענטישע יאָרן, אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט, הייבט ער אָן איבערזעצן דעם אַלטן

עפּאָס — „דאָס וואָרט וועגן איגאָרס פּאָלק״, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין דער אַלט־צערקווער־סלאַווישער שפּראַך. די איבערזעצונג האָט ארויסגע־רופן אַנטציקונג און שטוינונג. ער זעצט אויך איבער פון פראַנצויזיש. ס׳באַווייזן זיך ביי אים אַ שלל נייע גראַמען, טייל „פּאַרבאַטענע״ אַפילו, ביי וועלכע מפונקים דרייען מיט דער נאָז (צי גאָר מיט די אויערן), אָבער ביי אים, ביי טובימען, אין זיין צונויפשטעל, אין זיין קאָמפּאָזיציע, זענען אַלע מודה, אַז זיי קלינגען אייגנאַרטיק און, דער עיקר, פּאַנגעריש און באַצווינ־געריש.

ס׳איז די צייט פון זיין עליה, פון זיין וווּקס. זיין ליד איז געוואָרן זיין סאַנקטואַריום, זיין קדשי־קדשים. ער האָט עס אָפּגעהיט, ווי ער וואָלט באַשוווירן געווען דאָס צו טאָן. אויב ס׳זענען פאַראַן באַשוווירענע דיכטער, ווי ס׳זענען אַמאָל געווען באַשוווירענע ריכטער, איז ער עס געווען. דאָס ליד איז געוואָרן זיין געוויסן און זיין פּסק־דין פאַר דער וועלט. און ס׳איז אַזוי אַרום אויך געוואָרן זיין גורל. ער האָט זיך דערפון נישט געקאָנט באַפרייען. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ געדיכטן נעפּל, שיכור פון ליד. ער האָט אָבער קיין מאָל נישט פאַרלוירן דעם קאָנטראָל איבערן ליד. ער האָט עס געהיטן פאַר צופעליקייטן, פאַר שטרויכלונגען. ער האָט זיך קיין מאָל נישט געצווונגען צו שרייבן לידער, האָט נישט זיך און נישט דאָס ליד באַצווונגען. זיין ליד פלעגט אָנוואַקסן פּאַמעלעך. ער איז געווען ווי אַ גוטער גערטנער אין זיין פּאָעזיע־גאָרטן, האָט קיין מאָל קיין ליד נישט אָפּגעריסן פאַר דער צייט, געלאָזט עס וואַקסן און דערוואַקסן. נאָר אויב ס׳איז שוין געוואַקסן, האָט ער עס געגנויט, עס זאָל וואַקסן שיין.

4

טובים האָט געהאַט אַ נייגונג צו גראָטעסק, צו קאַריקאַטור. געהאַט אַ גוטן חוש פאַר כאַראַקטער און סיטואַציע. אָבער אין זיין ליד איז עס נישט געווען סתם גראָטעסק, נאָר סורעאַליזם, אויב מען וויל דווקא האָבן אַ נאָמען פאַר דעם, וואָס הייסט נאָר אייגנטלעך פון שטענדיק און אויף אייביק דעם זעלביקן נאָמען: פּאָעזיע. גראָטעסק איז דאָ אַ סך אין זיין זייער גרויסער צאָל סאַטירישע, הומאָריסטישע און סתם לידער, וועלכע

ער האָט געשריבן אין משך פון צוואַנציק יאָר און זיי שפּעטער צוזאַמענגע־נומען אין אַ גרויסן באַנד, וואָס הייסט „דער יאַריד פון גראַמען". ער האָט אויך געשריבן מאָנאָלאָגן, סקעטשן, פּאַראָדיעס און לידלעך פאַר דעם גאָר פּאָפּולערן קליין־קונסט־טעאַטער אין וואַרשע „קווי פּראָ קוואָ".

די רעאַקציאָנערע קריטיק, וועלכע האָט נישט געקאָנט פאַרלייקענען טובימס גרויסן טאַלאַנט, זיין פּירנדיקע ראָל אין דער פּוילישער פּאָעזיע, האָט אים דאָס פאַרגעוואָרפן און געוואָלט אים פאַרקלענערן פאַר זיין שרייבן לידלעך. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, אַז אַפילו אין דעם פאַל איז אים געגאַנגען אין אָפּריניקן זיין ליד פון דעם פּאָלעמיש־פּובליציסטישן עלע־מענט, וואָס האָט זיך אויף אים, דעם זייער פיין־פילנדיקן, געוואָרפן און אָנגעוואָרפן.

די פּוילישע גנזעלשאַפט, אין אַלע אירע שיכטן, האָט גיך פאַרגעסן די לעקציע, וואָס די הונדערט און צוואַנציק יאָר קנעכטשאַפט און קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט האָבן איר געגעבן. די פּאָליאַקן האָבן באַלד אַרויפגעצויגן אויף זיך די אַלטע הויט, אונטער וועלכער אַלץ איז סיי ווי סיי פאַרבליבן ווי פריער. ס׳האָט זיך באַוויזן זייער פאַלשקייט, יעזויִטיזם, פּערפידיע, זייער תקיפות, גרויסקייט־מאַניע, פּוסטע גאווה, און טעמפּע עקשנות, דאָס דרייען מיט דער פּוסטער פראַזע ווי מיט די לאַנגע וואָנסעס. אָט די אַלע שיינע מידות, וואָס האָבן זיי, די ערשט נאָר־וואָס פאַרפאָלגטע, געמאַכט אַזוי אַכזריותדיק לגבי די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. טובים האָט געקעמפּט אַפילו אין זיין אָפּגעקליבן ליד מיט דעם דאָזיקן רעאַקציאָנערן ווילד־געוויקס. נאָך דער דערמאָרדונג פון ערשטן פּוילישן מלוכה־פּרעזידענט דורך אַ פאַנאַטישן שליח פון דער רעאַקציע, האָט טובים אָנגעשריבן זיין פּרעכטיק ליד „די לוויה פון פּרעזידענט נאַרוטאָוויטש", אין וועלכן ער משפּט די, וואָס האָבן געטראָגן „אַ צלם אויף דער ברוסט און אַ ברויניג אין קעשענע". נאָך פריער האָט ער אין זיין ליד „צו די גענעראַלער", וואָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן שטורעם אין דער פּוילישער, אַזוי גערופענער עפנטלעכער מיינונג, אָפּגעהוזקט פון דער אָנגעבלאָזנקייט פון אַ ליאַדע גענעראַלעכל, וואָס איז באַהאַנגען מיט מעדאַלן און וועמענס וואָרט און באַפעל ס׳טראָגט אין זיך טויט און פאַרלענדונג. ער האָט זיי קעגנגעשטעלט זיך, דעם באַשיידענעם פּאָעט, וואָס זיין וואָרט קלינגט העכער אָפּ, ווי זייערע באָמבעס און שראַפּנעלן. און ער פאַרענדיקט דאָס ליד:

בכן, הערט זשע אויף צו פֿאַרשטעלן זיך פֿאַר לייבן,
איר לעכערלעכע מענטשעלעך, באַהאַנגענע מיט מעדאַלן,
געדענקט, אַז דאָ זענען מיר, פֿאַרטראַכטע פֿאַרבייגייער,
מיר זענען דאָ געגעראַלן.

אַזוי אויך שפּעטער, ווען ער איז מכּלומרשט געווען אַן אָנהענגער פֿון דער „סאַנאַציע" (די הערשנדיקע גרופּע פֿון פּילסודסקיס חדר), ווען ער פֿלעגט פֿאַרבעטן ווערן צו אַלע אָפֿיציעלע אויפֿנאַמעס און פֿייערונגען, ווען ער איז געווען אין נאָענטער פֿריינדשאַפֿט מיט פּילסודסקיס ליבלינג, פּאָל־קאָווניק באָלעסלאַוו וויעניאַווא־דלוגאָשאָווסקי, דעם אמתן פּאָליאַק, דעם קליינעם דיכטער און גרויסן טרינקער — האָט ער אָנגעשריבן זיין פֿייערדיק אַנטי־מלחמה־ליד „צום פּשוטן מענטש", מיט וועלכן ער איז אַריין אין דער סאָוויעטישער אַנטאָלאָגיע פֿון רעוואָלוציאָנערער דיכטונג.

דער עיקר האָט טובים געקעמפֿט קעגן די מיאוסע פּוילישע מידות, די וואָס הייסן אויף פּויליש: „וואַרכאָלסטוואָ" און „קאָלטונסטוואָ" און וואָס אויף יידיש וועט דאָס באַדייטן: אומצופֿרידנקייט מיט אַלץ, פּוסטע טומ־לעריי, קליינקעפּלדיקייט, פֿאַרגליווערטקייט, עקשנות און פּוילישע אָנגעבלאָזנקייט, פֿאַנפֿאַראָנאַדע — אין זיינע בייסיקע סאַטירישע לידלעך. ער איז נישט געבליבן שולדיק קיין ענטפֿער אַלע מכּלומרשטע קריטיקער און קולטור־פֿאַרזאָרגער, וואָס האָבן אַזוי געציטערט, אַז די פּוילישע פּאָעזיע זאָל, חלילה, נישט טמא ווערן פֿון יידישן טאַלאַנט, און אַליין האָבן זיי מטמא געווען אַלץ, וואָס איז געווען ערלעך און שיין.

די ערנסטערע פּאָליאַקן, אַפֿילו די פֿון רעכטן לאַגער, האָבן טובימען געהאַלטן פֿאַר אַן ערשטקלאַסיקן פּאָעט. ס'איז נישט אמת, אַז מיינסטע פֿאַרערער האָט ער געהאַט צווישן יידן. די פּאָליאַקן, אַפֿילו די רעכטע, האָבן פֿונקט אַזוי פֿיל געלייענט טובימען ווי די יידן. זיי האָבן אָבער נישט געקאָנט מסכּים זיין, אַז ער איז אַן אמתער פּוילישער דיכטער. זיי האָבן אָנערקענט זיין גרויסן באַטייט ווי אַ דיכטער פֿון פּויליש אָבער נישט פֿון פּוילישקייט. פּוילישקייט האָט ביי זיי באַדייט קאַטוילישקייט. און כאָטש ער האָט געשריבן אַזעלכע לידער ווי „קריסטוס פֿון דער שטאָט", כאָטש זיי האָבן אַזעלכע לידער זיינע הויך געשעצט און אויך געגלייבט אין זיין

אויפריכטיקייט, אין זיין אמת, איז עס נאָך אַלץ נישט געווען קאַטויליש. ווייל קאַטוילישקייט איז נישט קיין זאַך פון אמונה, נאָר קודם־כל פון צוגעהעריקייט צו איר עדה. קאַטויליש איז נאָך נישט אַפילו דער, וואָס גלייבט אין אירע דאָגמעס, נאָר דער, וואָס געהערט צו דער רוימיש־קאַטוילישער קירך. און קיין קאַטויליקער איז טובים נישט געווען און האָט קיין מאָל נישט בדעה געהאַט צו זיין. זיין פּאָעטישער און מענטשלעכער שטאָלץ וואָלט דערצו קיין מאָל נישט דערלאָזט (די ביאָלאָגיש־ראַסיסטישע אַרגומענטאַציע קעגן טובימס פּוילישקייט מצד די עקסטרעם־רעכטע נעם איך בכלל נישט אין באַטראַכט).

טובים אַליין האָט שטאַרק געגלייבט אין זיין פּוילישקייט. ער האָט זיך געפילט אַ הונדערטפּראָצענטיקער פּוילישער דיכטער. נאָר אין יעדן געפיל, וואָס איז באַזירט אויף אמונה און נישט אויף אינסטינקט, רייסן זיך טייל מאָל אַריין ספיקות. אַפילו ביים סאַמע טיפסטן גלייביקן קומט אַ מאָל אַ רגע פון ספק. ער דאַרף נישט דווקא צווייפלען אין דעם, אין וואָס ער גלייבט, ס׳איז גענוג ער זאָל נאָר צווייפלען צי זיין גלויבן איז גענוג שטאַרק. טובימס ספקות אין זיין פּוילישקייט זענען געווען פון דעם אָ מין. און דאָס איז שוין גענוג געווען ער זאָל אונטערבאַוווסטזיניק האָבן אַ שטיקל יידן־קאָמפּלעקס, צי גאָר אַ פּאָליאַקן־קאָמפּלעקס. קאָן זיין, אַז דערפאַר האָט ער זיך אויסגעקליבן פאַר זיין פּאַטערלאַנד די שפּראַך („מיין וווּנדערלעך פּאַטערלאַנד — פּויליש”). כאָטש ער האָט אַזוי גוט געקענט און אַזוי שטאַרק ליב געהאַט דעם פּוילישן פּייזאַזש, די פּוילישע לאַנד־שאַפט, דאָס לאַנד גופא; כאָטש ער האָט אַזוי גוט און אַזוי ווייטיקלעך געקאָנט בענקען נאָך דעם לאַנד, ווי מיר זעען דאָס פון זיינע „פּוילישע בלו־מען”, געשריבן אין די יאָרן פון זיין גלות, — האָט ער דאָך זיין לעבנס־ליבע, די איינציקע און אייביקע געשאָנקען איר, דער פּוילישער שפּראַך. קאָן זיין אַז צוליב דער זעלבער סיבה האָט אויך דער פריער שוין דער־מאָנטער ווונדערלעכער פּוילישער פּאָעט, באָלעסלאַוו לעשמיאַן, וועמען טובים האָט טיטולירט: „זיין קעניגלעכע האָכהייט פּאָעזיע”, זיך אַזוי מיט אַלע פּאָעטישע חושים פאַרקניפּט און פאַרבונדן קודם־כל מיט דער פּויליי־שער שפּראַך און אַרויסגעזונגען פון איר די סאַמע פאַרבאָרגנסטע שיינקייטן אירע.

מען דאַרף אָבער מיט דעם אופן אינטערפּרעטירן טובימס צוגעבונדנ־קייט און ליבע צו דער שפּראַך נישט איבערטרייבן. די שפּראַך איז דאָס לאַנד פון יעדן פּאָעט, כאָטש זי מוז נישט ווערן זיין פאָטערלאַנד. ביי טובימען איז דאָס וואָרט־פּראָבלעם, פּונקט ווי אַ סך אַנדערע פּאָעטישע פּראָבלעמען, אויסגעוואַקסן און געשטעלט געוואָרן ברומו פון זיין פּאָעטי־שער וועלט דערפאַר, ווייל אַזאַ איז שוין געווען זיין טבע, זיין מהות אַלס פּאָעט, אַז אַלץ וואָס האָט אַ נאָענטן שייכות צו פּאָעזיע זאָל שטיין ברומו של עולמו. ער האָט געשריבן לידער צום וואָרט, תפילות צום וואָרט, אַ גאַנץ ביכל פּאָעזיע הייסט ביי אים „ווערטער אין בלוט"; ס'וועט נישט זיין קיין גוזמא אויב איך וועל זאָגן, אַז אין עטלעכע הונדערט לידער וואָס טובים האָט איבערגעלאָזט וועט איר זעלטן געפינען אַ ליד אָן אַן אָנדייט אויף דער פּאָעטישער פּראָבלעם: וואָרט. יעדער פּאָעט ווייס, אַז נאָר דורכן וואָרט און מיטן וואָרט קאָן זיין געפיל, בילד, געדאַנק — אויסגעלייזט ווערן. טובים האָט עס מער ווי אַלע אַנדערע געוווסט. אים, וועלכער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַ פּאָעט איז דער, וואָס „איז פאַרקוקט אין יענער זייט פון חושים און געדאַנקען", האָט אינטריגירט און גערייצט דער סוד פון וואָרט, פּונקט ווי ס'האָט אים, דעם מייסטער און באַהאַוונטן פּאָעט, געמאַטערט דער סוד פון לידער־געבורט.

ס'האָט אים כסדר באַאומרויִקט דער נס פון ליד־אויפקום. אָט דער נס, וואָס האָט אים ביי יעדן געבורט פון אַ ניי ליד אַזוי פיל מי און מאַטער געקאָסט. און דאָ געשעט דאָס זעלביקע וואָס מיטן וואָרט. אַ באַדייטנדיקע צאָל פון זיינע לידער זענען געווידמעט דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן נס־פּראָצעס. ער האָט אים זיך און אַנדערע געפּרווט פאַרטייטשן, אויסטייטשן, אויפ־קלערן און דערקלערן. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט (זיך און דעם לייענער) אין פאַרשידענע געשטאַלטן און ביי פאַרשידענע ווערקשטעלן. דאָ האָט ער זיך געוויזן ווי אַן אַלכעמיקער, דאָ ווי אַ פיזיאָלאָג, דאָ ווי אַ מאַטעמאַטיקער און דאָ ווי אַ סתם וואָרט־פאַנגער. ער האָט אַריינגעפירט זיינע לייענער אינעם לאַבירינט פון געפיל־ און ווערטער־פאַרבינדונגען. ער האָט זיי באַוויזן די אַנדערע זייט פון געפיל און געדאַנק. ער האָט ברייט געעפנט די טיר פון זיין פּאָעטישער לאַבאָראַטאָריע. ער האָט אויפגעדעקט די סודות, פון דער, אַזוי צו זאָגן, פּאָעטישער קיך. הונדערטער מיידלעך און בחורים

האָבן יאָרן־לאַנג געשריבן לידער אַ לאַ טובים. און פון הונדערטער איז כמעט קיינער נישט אַרויף אויפן פּאַרנאַס. ווייל ווי גוט זיי האָבן זיך נישט אויסגעלערנט ביי טובימען שרייבן לידער, האָט נאָך טובים אַלץ בעסער געשריבן פאַר זיי. דער מייסטער האָט שטענדיק איבערגעשטיגן זיינע תלמידים. יעדער פּאָעטישער אַקט און יעדער פּאָעטישער פאַקט איז איינמאַליק און יעדע איבערחזרונג איז איבעריק און שאַקירנדיק. אַפילו באַדייטנדיקע דיכטער פון זיין צייט האָבן זיך זעלטן געקאָנט באַפרייען פון זיין צו גרויסער השפעה. זיי האָבן אים געבענטשט און געשאָלטן. געבענטשט פאַר זיין אינספּירירנדיקן פּאָעטישן גייסט און געשאָלטן פאַר זיין קינסטלעריִשקייט, וואָס האָט באַצוווּנגען און פאַרקנעכט.

וועגן טובימס פּאָעטישער טעכניק זענען אין די האלב־ און פערטל־ און אַבסאָלוט־נישט־ליטעראַרישע קרייזן אַרומגעגאַנגען לעגענדעס. אמת איז, אַז ער האָט געהאַט אַ דיקן העפט (אַ ברוליאָן), אין וועלכן ער האָט מיט זיין ריינער און שיינער האַנטשריפט, מיט מאָן־אותיות פאַרשריבן איינפאַלן, בילדער, אַ שיינעם גראַם, אַ וואָרטשפּיל אאַז״וו. אין אַ פּאָעטישער עת־צרה פלעגט ער נישט זעלטן געניסן פון דעם אוצר. נישט אין איין ליד זיינס, וואָס קלינגט ווי פון איין מעטאַלענעם גאָס, איז עפּעס פאַראַן פון דעם, וואָס איז יאָרן־לאַנג געווען ערגעץ פאַרבאָרגן אין זיין העפט. טובים האָט געהאַלטן, אַז אַזוי ווי אַלע ווערטער קאָנען ווערן פּאָעזיע, אַזוי קאָנען אַלע וועגן פירן צו פּאָעזיע, אויב דער וואָס באַטרעט זיי, איז אַן אמתער פּאָעט.

טובים איז געווען אַ פּאָעט שטענדיק און אין אַלץ און אומעטום. אַלץ וואָס ער האָט געשריבן, אַפילו אַרטיקלען, עסייען, צי זיינע זאַכן וועגן כישוף און כישוף־מאַכער (פּוילישע), אַפילו זיין שיכורים־ווערטערבוך, אַלץ אָטעמט מיט פּאָעזיע. ווייל זיין אָטעם איז געווען אַ פּאָעטישער. ווייל זיין אָטעם איז געווען — פּאָעזיע. און ווען זיין פּאָעטישער אָטעם איז איבערגעהאַקט געוואָרן — האָט זיך אויך זיין מענטשלעכער אָטעם איבערגעריסן.

5

**שוין אין דער ערשטער צייט, אין זיין דיכטערישן אָנהייב, ווען ער איז געווען אַ וויטאַליסט, ווען ער האָט געלויבט און געיומטובט דאָס לעבן און דאָס זיין — קומען ביי טובימען אויף לידער פון טיפער פאַרטראַכט־קייט, פון לירישער פאַרטראָגנקייט, פון גרויסן דיכטערישן אומעט. פון דעם אומעט, וואָס איז די גאָלדגרוב פון אמתער פּאָעזיע. פון דיאָניזאָסן, דעם גאָט פון וויין און פרייד, האָט ער געפּאָדערט „איבערשטראָם, איבערוווקס, פייער און באַגייסטערונג" און אַליין האָט ער גאָר נישט איין מאָל געוואָלט אַנטלויפן קיין קוטנע צי קיין שעראַדז, גיין אין קרעטשמע, אַוועקזעצן זיך אין ווינקל און וויינען נאָך דעם וואָס וועט שוין צוריק נישט קומען.**

**וואָס האָט טובים ווי אַ פּאָעט געוואָלט? וואָס האָט ער פון דער וועלט און פון זיך פאַרלאַנגט? אַ ציל אָ ווייטן? אַ ציל אָ הויכן? ניין. זיין ציל איז שטענדיק געווען לעבן אים, נאָענט צו אים, ביי אים. אָט וואָס ער זאָגט אין זיין ליד „ציל":**

כ'האָב דאָס געזוכט אין בערלין, געזוכט אין פּאַריז און אין רוים,
און דאָס איז גאָר אונטערן פענצטער — אַ פּוילישער בוים.
געמיינט: ס'איז גרויסקייט, טואונגען, וואָס קאָנען עפּאָכעס מאַכן
און דאָס איז אַ דאָרפישער גאָרטן, — וואָס טוט מיט בלומען לאַכן.

**האָט ער געזוכט אַן אידעע? אידעע פאַר וועמען, פאַר וואָס? אָט וואָס ער זאָגט אין זיין ליד „אידעע":**

און דאָרט איז גאָרנישט, אַחוץ זאַך אַליין. נישט וואָרט, נישט געשעען,
נישט פּאָטער, נישט זון. דאָרט — אידעע.

**אידעע איז די זאַך אַליין. טובים האָט געזוכט אַ נייע „פּאָעטישע דער־קענטעניש־טעאָריע". אַלע זאַכן, אַלץ וואָס איז געווען אַרום אים, האָט זיך אויף זיין פּאָעטישער שפּירעוודיקייט מיט געוואַלד אָנגעוואָרפן. און ער האָט קיין זאַך נישט צוריקגעוואָרפן. ער האָט זיי נישט נעגירט, פאַרקערט. ער האָט זיי אַלע באַשטעטיקט. ער האָט גענומען די זאַכן, זיי צענומען אויף עלעמענטן און זיי אויף דאָס ניי צוזאַמענגעשטעלט, אויף דאָס ניי אַ נאָמען**

געגעבן. ער איז געווען אפשר דער קוואַדריליאָנסטער אדם־הראשון, אָבער אין זיין פּאָעטישן אופן, מיט זיין אופן — איז ער געווען דער ערשטער אדם־הראשון. ער האָט אַזוי טיף געוואָלט אַריינדרינגען און דורכדרינגען יעדער זאַך, אַזוי טיף געוואָלט דערקענען און קענען, ביז ער זאָל זיך מיט דער זאַך לגמרי אידענטיפיצירן. אַזוי זאָגט ער אין אַ ליד וועגן גראָז: כ׳וויל —

מען זאָל דיך און מיך
רופן מיט איין נאָמען;
אָדער ביידע — גראָז,
אָדער ביידע — טובים.

אָט דעם דאָזיקן פאַרלאַנג איז ער זיין גאַנץ פּאָעטיש לעבן נאָכגע־גאַנגען. ער איז געוואָרן טראַגיש. ער האָט געהאַט כסדר דאָס געפיל, אַז דאָס איז נאָך אַלץ נישט „דאָס״. נישט „דאָס״ האָט ער געוואָלט, נישט נאָר דאָס מיינט ער. נישט אַזוי דאַרף עס זיין. ס׳דאַרף אַזש אַזוי זיין, אַז ס׳זאָל אויפהערן זיין. ס׳דאַרף אַזוי זיין, אַז מען זאָל אַפילו קיין ווערטער נישט דאַרפן. אָט די ווערטער, פאַר וועלכע ער איז זיך גרייט געווען מקריב צו זיין. דאָס דאָזיקע פּאָעטישע געפיל האָט ער שוין געהאַט ביים שטעלן זיינע ערשטע פּאָעטישע טריט. דאָס דאָזיקע גרויסע פּאָעטישע געפיל איז ביי אים געגאַנגען קרעשטשענדאָ אין דער טיף (אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן). זיין העכסטע טיף האָט ער דערגרייכט אין זיינע לידער פון באַנד „ציגיינערישע ביבל״. דאָ איז שוין פּאָעטיש געפיל געוואָרן דער־פאַרונג. ער האָט געקוקט אויף אַלץ מיט אַ וואָלפישן בליק. ער האָט זיך פאַרטייעט ווי אַ טיגער. ער זעט שוין אַלץ מיט פאַרמאַכטע אויגן. דאָ, אין די לידער, זעט ער שוין מיט יענער זייט פון חוש־הראיה, דאָ גייען שוין די פילונגען און שפירונגען אויף די שפּיץ פינגער. די לידער פון „ציגיינערישע ביבל״ און אַ סך פון דעם, וואָס איז געקומען שפּעטער, טראָגן אויף זיך דעם חותם פון פּאָעטישער גרויסקייט.

ער האָט אָנגעהויבן קוקן אויף מענטשן, וואָס גייען פאַרביי דאָס לעבן און זאַכן, וואָס רירן קוים אָן אַלץ אַרום זיי, פריער מיט רחמנות, דערנאָך מיט פיינטשאַפט, מיט שנאה און אַפילו מיט עקל. ס׳וואָקסט דער תהום צווישן אים און דעם מענטשלעכן אַרום. ער זוכט פאַר זיך און פאַר זיין

ליד התבודדות. און ער, וואָס האָט געוואָלט זיין נישט מער ווי ultimus inter pares האָט איצט אויפגעזונגען זיין גרויסן ליד־פּראָטעסט, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער פון האָראַצי Odi profanum vulgus et arceo דאָס טראַגישע ליד פון געהויבענער איינזאַמקייט און פּאָעטישן אַריסטאָ־קראַטיזם און קעגן יעדער אייגענער אַפילו, און אַוודאי קעגן יעדער פרעמ־דער אָנגעוואָרפענער, „גלייכשאַלטונג".

אין די יונגע פּאָעטישע יאָרן האָט ער געגלייבט, אַז נאָר פּאָעטן ווייסן עפּעס פון דעם גרויסן סוד, וואָס איז אַרום אונדז. „אָן ביכער און אָן לערערס, נאָר אין שטומער פאַרטראַכטקייט, מיר, די איינציקע אויף דער וועלט, וואָס ווייסן דאָ עפּעס", זאָגט ער אין זיינס אַ ליד. שפּעטער האָט ער פאַרשטאַנען אַז נאָר די זאַך אַליין ווייסט דעם סוד פון איר זיין. דעם סוד קאָן מען נאָר דערקענען, ווען מען דרינגט אַריין און אַדורך די זאַך, ווען מען פאַרפלאָנ־טערט זיך אין איר ריטעם, אין איר אָטעם, ווען מען וואַרפט איר אָן דעם פּאָעטס אָטעם (אַז זאַכן, נישט נאָר געשעענישן, האָבן אַ ריטעם און אָטעם — געהער צו די פּאָעטישע אַנטדעקונגען). ווייל נאָר ריטעם, פּאָעטישער ריטעם, פּאָעטישער אָטעם — איז אמת. און אויסער פּאָעטישן אמת איז אַלץ „כאָאָס און גרויל און טויטע פוסטקייט".

טובים האָט געשריבן קורצע און טייל מאָל לענגערע לידער. קיין פּאָעמעס האָט ער נישט געשריבן. אין זיין ליד, וואָס הייסט „אָן ענטפער" — זאָגט ער אַזוי:

> ווי קום איך צו פּאָעמעס? איך כאָרכל אַ ליד קוים אויס
> פון צעשוידערטן גאָרגל, ציטערנדיק איבער יעדער וואָרט.

ערשט זייענדיק אין גלות, אין די יאָרן פון דער היטלער־מלחמה, האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אין ריאָ־דע־זשאַניירא (סוף 1940) און פאַרענדיקט אין ניו־יאָרק (אין יאָר 1944) אַ פּאָעמע פון קרוב ניין טויזנט שורות א. נ. „פּוילישע בלומען". די פּאָעמע, אויב מען זאָל זי נעמען פּאַבולאַריש, איז נישט קיין פאַרענדיקטע, זי איז אָבער אַ געענדיקטע. זי איז נישט גאַנץ אין איר געשילדערטער געשיכטע, זי איז אָבער גאַנץ אין איר פּאָעטישער שיינקייט. ווייל מען דורכויס, קאָן מען זאָגן, אַז דאָס בוך איז אַ ריי פּאָע־מעס, פאַרבונדענע צווישן זיך מיט איין פּאַבולע. און יעדע פּאָעמע איז אַ קונסטווערק און אַ מייסטערשטיק פאַר זיך. אַ געוואַלדיקע נאָסטאַלגיע

שלאָגט פון דעם בוך. אַ בענקשאַפט נאָך דעם, וואָס איז געווען און וועט שוין מער נישט זיין.

אָן אַ שיעור שטימונג איז דאָרט פאַראַן. פוילישער פייזאַזש און פוילישער כאַראַקטער ווערט מיט שניידנדיקער בולטקייט געוויזן און באַוויזן אין דער פּאָעמע. אַזעלכע שטעלן ווי דער ראַנדעוווּ פון דעם שפּעטערן דיכטער מיט זיין באַליבט מיידל; דער מאַניפעסט פון דעם קינדער־קיניג צו די באַלוטער יינגלעך (באַלוט — אַ קוואַרטאַל אין לאָדזש באַוווינט פון דער אָרעמקייט); דער פּיקניק פון די טעכטער פון די וועבער־מייסטער, אָדער זיין (טובימס) חשבון מיט דער פוילישער עמיגראַציע אין ריאָ — זענען פאַר זיך שלימותדיקע קונסטווערק. ווען מען אַרט עס, אַז דאָס ווערק איז פּאָבולאַריש נישט פאַרענדיקט, ווען ס'איז קינסטלעריש גאַנץ. ווען מען אַרט עס, אַז דער אפשר דורכן דיכטער אָנגעצייכנטער ציל איז נישט דערגרייכט געוואָרן — ווען יעדער טריט איז דאָ אַ ציל. די פון אונדז, וואָס האָבן אַמאָל נישט ליב געהאַט דאָס דאָזיקע געבענטשטע־פאַרשאָלטענע לאַנד, די וואָס האָבן נישט קיין אויער פאַרן ריטעם פון זיין שפּראַך, די וואָס האָבן מיט זיין קולטור קיין דירעקטן שייכות נישט געהאַט, וועלן זייער שווער, אָדער אפשר אין גאַנצן נישט קאָנען, אָפּשאַצן די פּאָעטישע דערגרייכונג און די פּאָעטישע ווערטן, וואָס די פּאָעמע „פוילישע בלומען" פאַרמאָגט אין זיך.

טובים האָט געבענקט נאָך פוילן, ער האָט שטענדיק געבענקט. ווען ער איז געווען נאָך גאַנץ יונג האָט ער געשריבן אין אַ ליד, וואָס הייסט „נסיעה":

און צוריקקומען מוז איך, איך מוז, מוז,
ווייל ס'איז ליגן, אַז פּאַטערלאַנד איז די וועלט,
פּאַטערלאַנד איז דער אומעטיקער הויף,
אויף וועלכן כ'האָב אַזוי פיל יאָרן געפּעלט.

און ער איז צוריקגעקומען. נישט אויף לאַנג. זאָל מיר דערלויבט זיין אַ וואָרט התנצלות. מיטן טויט פון יוליאַן טובים, איז ביי מיר, ווי מסתמא ביי אַ סך פון די, וואָס זענען אין גאַנצן אָדער טיילווייז דערצויגן געוואָרן אויף דער פוילישער קולטור, איבערגעריסן געוואָרן דער לעצטער לעבעדיקער פאָדעם מיט דעם, וואָס הייסט פוילן, צי פויליש, צי גאָר פוילישקייט.

## 6

טובים איז געווען פאַרליבט אין פּוילן און אין דער פּוילישער קולטור. ווען ער האָט גערעדט וועגן איר, וועגן איר עמאַנאַציע און צוציִונג־קראַפט, פלעגט ער מיט אַ גויישער באַוועגונג רייבן די הענט פאַר שמחה. אים האָבן באַרוישט און באַגייסטערט נישט נאָר די פּוילישע קלאַסיקער, נאָרווידן אַריינגערעכנט, נאָר אויך די הערלעכע פלעיאַדע וואָרטקינסטלער און מאָלער, מיט וועלכע פּוילן איז באַשאָנקען געוואָרן אין די לעצטע צענדליקער יאָרן פון נײַנצנטן יאָרהונדערט און אויך פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

וועגן יידן און יידישקייט האָט ער אַ סך מער געוווסט און פאַרשטאַנען ווי ער האָט דאָס געוואָלט וויסן און פאַרשטיין, און ווי ער האָט געוואָלט אַנדערע זאָלן וויסן אַז ער ווייסט און פאַרשטייט. יידן, און דער עיקר יידיש־קייט, האָט ער געזאָגט, זענען פאַר מיר ווי עפּעס אַ דזשונגל (איך זאָג נאָר דאָס, וואָס איך האָב אַליין פון אים געהערט). ער האָט פאַר יידישקייט פּשוט מורא געהאַט. ער האָט מורא געהאַט, זי זאָל אים נישט שאַדן צו זײַן פּוילישקייט, צו זײַן פּוילישער קינסטלערישער גאַנצקייט, וועלכע איז אים אָנגעקומען מיט גרויס מי און מאַטער.

פון דער יידישער סנאָביזירטער בורזשואַזיע און דעם קליינבירגערטום האָט ער געחוזקט און געשפּאָט אין זײַנע לידלעך און מאָנאָלאָגן, פּונקט ווי ער האָט געחוזקט פון דער פּוילישער פּוסטער גאווה און נאַציאָנאַלער מאַניאַקישקייט. ער האָט אָפּגעחוזקט פון די יידן, וואָס האָבן זיך סנאָבי־זירט אויף קונסט, קולטור און פּוילישקייט. ער האָט אָפּגעשפּאָט פון די יידן, וואָס זענען אים נאָכגעלאָפן און געשלונגען איטלעך וואָרט זײַנס מיט קעלבערנער התפּעלות, אַפילו די ווערטער וואָס זענען געווען פול מיט ביטול צו זיי.

טובים איז פון זײַנע ערשטע פּאָעטישע טריט געווען געוואָלדיק פּאָפּולער. ער האָט דערפון געחוזקט. ער האָט די נישט־געבעטענע פאַר־שפּרייטער פון זײַן רום געשמיסן מיט דער בייטש פון שפּאָט. ער איז בעצם געווען אַ באַשיידענער מענטש. זיך נישט עקספּאָנירט. זיך זייער זעלטן געוויזן עפנטלעך. ער האָט געטראָגן זײַן פּאָעטישע גדלות מיט גרויס

עניוות. ער איז אַלס קינסטלער געווען שטרענג צו זיך, אומברחמנותדיק שטרענג, אַסקעטיש ממש.

זיינע ערנסטע לידער האָט ער פאַר די יידן נישט געשריבן. אַמאָל האָט ער אָנגעשריבן אַ ליד: „די בערזיאַנער", איז עס שרעקלעך אין זיין נאַקעטער, דעמאַסקירנדיקער אמתדיקייט, אין זיין שניידנדיק־בילדערישער איבערצייגעוודיקייט. ס'איז אמת, אָבער ס'איז שרעקלעך. אַפילו אַזאַ אַנטי־סעמיט, ווי דער פוילישער קריטיקער און שריפטשטעלער, אַדאָלף נאָוואַ־טשינסקי, האָט געזאָגט אויף דעם ליד, אַז עס איז אַ מעכטיקער אַנטיסע־מיטישער אינוועקטיוו.

אַ מאָל האָט ער אונדז צוגעוואָרפן אַ האַלב סענטימענטאַל און האַלב טראַגיש ליד — „דאָס יידל" (זשידעק). ווען ער איז אין אַמעריקע, אין דער צייט פון מלחמה, געוווּר געוואָרן, וואָס איז געשען מיטן פוילישן יידנטום, האָט ער אָנגעשריבן זיין באַרימט געוואָרן אַרטיקל „מיר, פוילישע יידן", אין וועלכן דאָס שטאַרקסטע זענען די דריי ווערטער פון קאָפּ: מיר, פוילישע יידן. כ'מוז זאָגן, אַז די „עלעגיע פון די יידישע שטעטלעך", דאָס ליד, וואָס האָט אָנגעשריבן דער בן־משומד אַנטאָני סלאָנימסקי, פאַר־מאָגט מער געפיל און מיטגעפיל, מער ווייטיק, און אַפילו מער יידישן ווייטיק, ווי טובימס „מיר, פוילישע יידן", ווו ס'שלאָגט פון צייט צו צייט אַדורך אַ טראָציקער און אַן „איך־וועל־דיר־ווייזן"־טאָן, מיט וועלכן טובים פלעגט זיך אין זיינע יונגע יאָרן באַנוצן אין זיינע פובליציסטיש־פּאָליטישע לידער (וועגן טובימס באַציִונג צו די יידן נאָך זיין צוריקקומען קיין פוילן נאָך דער מלחמה, קאָן מען גאָרנישט זאָגן. ווייל דעמאָלט איז שוין געווען „גאָר עפּעס אַנדערש").

אַזאַ איז ער געווען. מען קאָן אויף דער פּאָעטישער השגחה קיין קשיות נישט פרעגן. און געווען איז ער, מוז מען קומען צום אויספיר, אַ וווּנדערלעכער דיכטער. זאָל אים דער זכות פון פּאָעזיע ביישטיין. דער הימל איז פאַר אַלע אמתע פּאָעטן דער זעלביקער. און די ערד? ביי פּאָעטן קאָן די ערד אויך זיין הימל, ווי הימל קאָן זיין ערד. ווי זאָגט טובים אין זיין ליד „נישטאָ קיין לאַנד":

הימל — דו היימערד מיינע!

(„די גאָלדענע קייט", נומער 18, 1954)